


אַרויסגעגעבן פֿונעם דאַווידזאָן בוך-קאָמיטעט, אונטער שעפֿטונג
פֿון די וואַרשעווער ברענטשעס 9, 147 און 309, און מיט דער
מיטהילף פֿון די ברענטשעס 132 און 170 אינ. אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק — 1943-4

## גדליה סאַנדלערן
## ראובן יוקלסאָנען
## משה קאַצן




### מיטגלידער פון ספּעציעלן בוך־קאָמיטעט

ש. אַלמאַזאָוו
מ. ל. אָלקין
איטשע אָפּנבערג
לינאַ אָזעראָוו
סאָרע לייע אייבראַמסאָן
י. ב. ביילין
הימען בלום (שיקאַגאָ)
ר. בראָנשטיין (פילאַ)
סאָניע בערמאַן
אַרן בערג
סאָלאָמאָן גאָלדמאַן
בען גודמאַן (טשעלסי)
מעקס דזשענקינס (פּיטסב)
גאָלדע דוביצקי
ג. האָכבערג (דעטרויט)
וויליאַם ווייגער

ראובן זאַלצמאַן
ראובן יוקלסאָן
מערי מערלין (שיקאַגאָ)
קאַלמען מאַרמאָר
נאַכמען מיידיל
מאָריס מאַרקוס
א. מאַנדלבוים
פּ. נאָוויק
טשאַרלז נעמעראָוו
געדאַליע סאַנדלער
מיני סמאָלער (לאָס אַנדזש)
פרידע סעגער (שיקאַגאָ)
שילעם סיטמאַן
י. פריד
אַווראָם פּאָרסייט
ש. פעלדמאַן

כאַים פּאָמען
ריילי פּיליצער (פּעטערסאָן)
מוישע קאַץ
טשאַרלז קעלבערג
טשאַרלז קליינפּילד (טשעלסי)
נ. ד. קאָרמאַן (פּילאַ)
סאָפיע קאָרסון
י. קאַציק (פּעטערסאָן)
גאָלדע קעספּין (שיקאַגאָ)
ד. קאַפּלאָוויטש (לאָס אַנדזש)
מאַקס שטיינבערג
אָסקאַר שניידערמאַן
סאָניע שניידער
ליליען שער
ג. שערמאַן
נ. שייפער (סעקרעטאַר)

# אינהאַלט פון דריטן באַנד



בילדער און וויניעטקעס — געצייכנט פון סעם ריינדאָרף.

# די לידער

אין דעם באַנד — פריי איבערזעצט פון מעכאַבער:





# דערקלערונג פון די אָרדן־ברענטשעס
# 9, 147 און 309.

מיר, די דריי וואַרשעווער (פּראַגער) ברענטשעס, 9, 147 און 309, פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, ווילן דאָ אויסנוצן די געלעגנהייט אויסצודריקן פאַר דער עפנטלעכקייט אונדזער גרויסע פרייד און צופרידנקייט איבער דעם וואָס אונדז איז געגעבן געוואָרן דער קאָוועד צו האָבן „שעפּסום“ איבער אָט דעם פּאָרליגנדיקן דריטן און לעצטן טייל פון דעם וויכטיקן און געשיכטלעכן אַנטי־מילכאָמע ווערק „איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער“ פון אונדזער לאַנדסמאַן און כאַווער כאַים מאַרגאָלעס־דאַווידזאָן; דאָס ווערק, פון וועלכן די ערשטע צוויי דערשינענע טיילן האָבן שוין ביז איצט אַרויסגערופן אַזאַ שטאַרקן אָנזען און גרויס לויב סיי מיצאַד דער קריטיק און סיי מיצאַד די לייענער.

אַפילע אין געוויינטלעכע, אין פרידלעך־רואיקע צייטן — ביי דעם ספּעציפיש־אומנאָרמאַלן צושטאַנד פון ניט האָבן קיין פאַרלאַג־וועזן — דאַרף דאָס דערשיינען פון אַ נייעם אידישן בוך זיין אַ יאָנטעוו ביי אַלע קולטור עלעמענטן, ביים גאַנצן אידישן פאָלק. און ווען עס האַנדלט זיך נאָך וועגן אַזאַ גרויס ווערק, וואָס דער קולטור־פאַרנעם דערפון איז שוין אַליין קימאַט אַ נעס צו באַווייזן — דאַרף עס אַוואַדע זיין אַ גרויסע פרייד ביי אַלעמען, צוזאַמען מיט אַ פאַרפליכטיקונג צו זען, אַז דאָס ווערק זאָל קריגן די געהעריקע ברייטע פאַרשפּרייטונג און טאָקע געלייענט ווערן פון דער גרעסטער צאָל לייענער...

אַ פשיטע שוין אין דער איצטיקער צייט, ווען דער גרעסטער דאַם־סוינע פון אונדזער אידישן פאָלק אין אונדזער לאַנגער מאַרטיר־געשיכטע — דער נאַציזם — האָט זיך פאַרנומען אונדז אויסצוראָטן, צו פאַרטיליקן אונדזערע לעבנס, אונדזער גייסט; פאַרניכטן אונדזער קולטור, וואָס מיר האָבן אָנגעזאַמלט דורך לאַנגע דורעס, און דערביי קאַסטרירן ביי אונדז די מעגלעכקייטן פאַר נייעם גייסטיקן שאַפן, פאַר נייע קולטורעלע דערגרייכונגען, — דאַרף איצט דאָס דערשיינען פון אַ נייעם אידישן בוך, וואָס איז אין עצעם שוין אַליין דער ווירדיקסטער ענטפער צו די קולטור־פאַרדאַרבער, — זיין בעעמעס אַ פאָלקס־יאָנטעוו אין פולסטן, אין העכערן זינען פון דעם וואָרט...

אין אָט דער ליכט האָבן מיר, די דריי ברענטשעס, מיט פרייד אָנגענומען דאָס „שעפּסום“, אין גלויבן, אַז ניט נאָר וועלן מיר טאָן דעם מאַקסימום לויט אונדזערע קויכעס צו זען, אַז דער אָפשלוס, — דער סיעם פון אָט דעם ווערק זאָל זיין אַ בעעמעס ווירדיקער יאָנטעוו, נאָר אַז דאָס ווערק זאָל אויך גרייכן די ברייטסטע מאַסן אידיש לייענער ניט בלויז אין די רייען פון אונדזערע ברענטשעס גופע, נאָר אויך אויסער זיי. מיר רופן אונדזערע שוועסטער אָרגאַניזאַציעס, די ברענטשעס פון אָרדן, ווי ביכלאַל די פּראָגרעסיווע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, צו פאַרשפּרייטן וואָס מער עקזעמפּליאַרן פון אָט דעם ווערק צווישן זייערע מיטגלידער. זאָל די אַקציע פון ברענגען דאָס ווערק צום לייענער שטיין אויף דער זעלבער קולטורעלער הויך ווי עס איז געווען די אַקציע פון שאַפן און עס אַרויסגעבן! זאָלן די רעזולטאַטן געבן דעם מעכאַבער פרישן מוט, נייע מעגלעכקייטן אויף אָנצוגיין ווייטער מיט זיינע ווערטפולע ליטעראַרישע אַרבעטן אויף צום באַרייכערן אונדזער פּראָגרעסיווע אידישע ליטעראַטור, אונדזער אידישע קולטור!...

מיר דריקן דערביי אויס אונדזער האָפנונג, אַז בעאייס אָט דאָס ווערק וועט גרייכן די עפנטלעכקייט, זאָל שוין דער נאַציזם־פאַשיזם — צוזאַמען מיט זייערע פירער

און גרינדער — ליגן צעשמעטערט פון די מעכטיקע קלעפּ פון די אַרמייען פון די אַלע פאַרייניקטע פרייהייטלעכע פעלקער, ווי דאָס האָט אָנגעהויבן די העלדישע רויטע אַרמיי פון דעם הערלעכן סאָוועטן פאַרבאַנד; אַז אַף די כורוועס פון דעם צעשמעטערטן נאַציזם זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אַ נײַע, אַ פרײַע דײַטשלאַנד, אין וועלכער די דערוואַכטע פאָלקס-מאַסן זאָלן בויען אַ פרידלעך, פרייהייטלעך לעבן, און אַן ערנסטן פאַרזוך אָפּצעווישן דעם מיעסן בלוטיקן שאַנד-פלעק פון פאַשיזם, וואָס האָט דאָס לאַנד זייערס (ווי אַלע אַרומיקע לענדער) געהאַט אַזוי ברוטאַל פאַרגוואַלטיקט...

מיר האָפן, אַז דעמלט וועלן זיי מיט ערנסטער פּראַצע און גוטן ווילן אויך אָפּצאָלן אונדזער אידישן פאָלק פאַר די בלוטיקע מאַסים וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגן אונדז אין די לעצטע עטלעכע פינצטערע מיטלאַלטער יאָרן...

פאַר בראַנטש 147:

שימען סאָלאָמאָן, אָרגאַנייזער
מאָריס ראָזנפעלד, פרעזידענט
טשאַרלז קאָלבערג, פינאַנץ סעקרעטאַר
איזראַאיל לעסין, קולטור דירעקטאָר
דאָוויד פעלקאָוויטש, ליטעראַטור אַגענט
איזידאָר מוסין, קולטור קאָמיסיע
בעני רײַזנער, וויצע פרעזידענט
הערבערט שנײַדער, סאָרגן פרייהייט דיר.
מעקס קאָהל, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר
סאָלאָמאָן גאָלדמאַן, ציוויל דעפענס דיר.
דזשעיקאָב גאָלדנקנאָפּ, שול דירעקטאָר
יעטאַ סאָלאָמאָן, פרויען קלוב דירעקטאָר
סעם האַמערשטיין, האָספּיטעלער.

פאַר בראַנטש 9:

דזשאָר שטשופּאַק, אָרגאַנייזער
דאָוויד מאָריס, פינאַנץ-סעקרעטאַר
כ' יאַבקאָ, קולטור דירעקטאָר
מערי פעלדמאַן, ליטעראַטור אַגענט
דזשאָר פרידמאַן, רעקאָרדינג סעקרעטאַר
א. אַקערמאַן, טרעזשורער
דזשאָר פעלי, פרעס-אַגענט
עני גאַרד } האָספּיטעלער
א. עסטערסאָן,
א. בערג
אַרן גערלאַק
נייטן האַלץ } עקזעקוטיווע מיטגלידער
ראָכל יאַבקאָ
ראָוז

פאַר בראַנטש 309:

סעם טוכמאַן, אָרגאַנייזער
דזשעק האָלץ, פאָרזיצער
לואיס פרענק, פינאַנץ סעקרעטאַר
פיליפּ פעדער, קולטור דירעקטאָר
הערי שערמאַן, ליטעראַטור אַגענט
לואיס שומאַן, קולטור קאָמיסיע
מעקס פעידדש, טרעזשורער
דאָוויד בונין, לאָאַן פאָנד דירעקטאָר
מעקס פאַרנעס, רעקאָרדינג סעקרעטאַר
אָסקאַר שניידער, האָספּיטעלער
דזשעני איוועוסקי
ציליע קאַסאָווער } עקזעקוטיווע מיטגלידער
ראָוז בעבטשוק
בעני גלעזער

# קאַפּיטל איינונדרייסיק

ויטן קאַלענדאַר איז שוין געווען ערעוו פּרילינג. לויט דער צוגרייטונג אינעם פאָלק — ניט ווייט פון פּאַסכע. אָבער אפן באַרג, וואו דער שטאַב פון אונדזער פאָלק איז געשטאַנען אף דער פּאָזיציע, האָט עס אויסגעזען ווי נאָך גאַנץ טיף אין ווינטער. דער שניי איז נאָך געלעגן טיף און פּוכיק אָנגעפּאַקט, און מיט אַזאַ פרישער גלאַנציקייט אפן אויבערפלאַך — אַקוראַט ווי ער וואָלט ערשט נעכטן געווען אַרויסגעפאַלן.

און ווי דער שניי אפן באַרג — אַזוי איז אויך אף אַלע סאָלדאַטן געווען אָנגעפּאַקט אַ שווערע געדריקטע מאָרע־שכוירע. די מידקייט פון דער מילכאָמע איז שוין געלעגן טיף איינגעקנאָדערט באַ יעדן אין די ביינער. דערצו נאָך האָבן די קלאַנגען, וועלכע זענען טאָג־טעגלעך אָנגעקומען פון לאַנד, פונעם טיל, אַריינגעטראָגן אַ שטאַרקע אויפרעגונג ביי אַלעמען אין די הערצער. די אומרועןן אין די אַרומיקע פאָלקן, וואָס אף אונדזער פראָנט, האָבן זיך אויך טאָג־טעגלעך געמערט. יאַטן האָבן זיך דעריבער געסוידעט צווישן זיך, געמורמלט און דערציילט וועגן אויסברוכן, דעזערטירערייען, עקזעקוציעס, און דאָס געהערטע — האָט מאַמעש געערגט און געצונדן די פאַנטאַזיע ביי אַלעמען.

אין מויעך האָט ניט אָפּגעלאָזט איין געדאַנק:

„אָ, עפּעס ניט בעכינעם האָט מען דאָך אַהער, אפן סאַמע פראָנט, צוגעשיקט אַ צאַרישע הויף־דאַמע מיט אַ גאַנצער סוויטע מיידלעך... ניט בעכינעם האָט מען צעטיילט קרייצן, מעדאַלן און מאַטאָנעס...‟

די טעג זענען געוואָרן אַזעלכע לאַנגע און אַזעלכע אומגעדולדיקע. עמעס, אויבנאויפיק זענען זיי געווען פּונקט ווי אַלע אַנדערע. טעג — צוזאַמענגעשטעלטע פון פירונצוואַנציקער שאָען; די שאָען, ווידער, — צונויפגעקנופּטע פון זעכציקער מינוטן. אָבער עפּעס זענען זיי איצט געווען אַזעלכע לאַנגע, אַזעלכע נודנע, אַזעלכע פיינלעך־קלעבעדיקע

און ציענדיקע, אַקוראַט ווי פּעך אין ווינטער...

דערצו נאָך האָט אונדז, שטאַב־סאָלדאַטן, שטאַרק פאַראינטריגירט, וואָס מען האָט גאָר פּלוצים מיטאַמאָל גענומען אַוועקשיקן אַ צאָל יאַטן סאַפּיאָרן פון אונדזער טעלעגראַף־קאָמאַנדע אין טיל אַריין, דאָרט צו גרינדן — ווי מען האָט געשמועסט — בייע סאַפּיאָרן פּאָלקן. דער כשאַד, אַז עס איז ניט צוליב דעם, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס מען האָט זיי, די טעלעגראַפיסטן, ניט אַוועקגעשיקט ווי אַ גרופּע, אַלע צוזאַמען און אינאיינעם, נאָר איינציקווייז. די יאַטן האָבן אַרויסגעזאָגט פאַרשידענע האַשאָרעס וועגן דעם, אָבער קיינער האָט אַף זיכער ניט געוואוסט מיט וואָס זיך דאָס צו דערקלערן.

אַז עפּעס קאָכט זיך אין טיל; אַז עפּעס קומט דאָרט פאָר — דאָס האָבן קימאַט אַלע באַגריפן, כאָטש קיינער האָט וועגן דעם ניט געוואַגט אָפן צו רעדן, — אַפילע ניט ביי אונדז אין דער קאָמאַנדע. די ביי־געשאַפענע געאָרגי־קאַוואַלערן, די ביי־מעדאַלירטע, ווי אויך די ביי־דערהויבענע בענדלדיקע כעוורע, און אַוואַדע יענע יאַטן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אַרומגעטראָגן מיט די געשענקטע מיידלשע פאָטאָגראַפיע־קאַרטלעך באַ זיך אין די שטיוול־כאָלעוועס, — זיי אַלע זענען אַרומגעגאַנגען עפּעס מיט אַזאַ פאַריסענער גאַיווע — נאָר ווי אָנגעבראָגעזטע — זינט די הויף דאַמע האָט זיי באַגליקט מיט די מאַטאָנעס, אַז מען האָט פּאָשעט מוירע געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן אין זייער געגנוואַרט. די אַנדערע יאַטן זענען דעריבער אַרומגעגאַנגען ווי דערשלאָגענע און אָפּהענטיקע. פיל זענען געוואָרן עפּעס אַזוי ווי אָפּגעשלאָסן אין זיך, צוריקגעהאַלטענע, און מיט שווייגנדיקע מאַכשאָוועס געגאַנגען דעם אייגענעם וועג. ניט זעלטן פלעגט מען אַזוי אָפּזיצן גאַנצע שאָען איינער אַליין, קוקן אַזוי אין דער אומבאַשטימטער ווייטקייט אַריין און שווייגן, שווייגן...

ווי אַ צוגאָב צו דעם אַלעמען, האָבן מיטאַמאָל גאָר אויפגעהערט אָנצוקומען בריוו פונעם טיל, פון די ווייטע היימען, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די געדריקטקייט. אין קאָמאַנדע האָבן יאַטן געקוקט אַף דאַווידאָוון און גרישונינען, ווי אין דערוואַרטונג, אַז זיי זאָלן אויפשטעכן די אייטערדיקע שווערקייט. אָבער אויך זיי האָבן געשוויגן.

גרישונין אַליין איז אַפּאָנים שוין געוואָרן אומגעדולדיק. ער איז אָפּטמאָל צוגעשטאַנען צו דאַווידאָוון מיט טאַינעס:

— הער, דאַווידשע, — האָט ער זיך בעסאָד פאַרקלאָגט פאַר אים, — וואָס וועט פאָרט זיין דער סאָף? איך רעכן, אַז עס איז שוין געקומען די צייט פון צו טאָן עפּעס און ניט אָפּקומען מיט רייד בלויז. זעסט דאָך, אַז די יאַטן זענען אומרואיק און אויפגערודערט. איך בין זיכער, אַז אַלע

זענען זיי איצט שוין גרייט צום טאָן, אויב עמעצער זאָל זיי באַר טאָן אַ רוף דערצו...

דאַווידאָוו איז אָבער ניט געווען איינשטימיק:

— זעסטו, ברודער, — האָט ער אים געענטפערט, — ווען עס וואָלט טאַקע געווען אַזוי ווי דו זאָגסט, וואָלט עס זיך שוין, פון זיך אַליין, אָנגעהויבן טאָן. ניין, אַפּאָנים, אַז די צייט פון רעדן און דערקלערן, איז נאָך דערווייל ניט אַריבער. און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דאָס רעדן, דאַרפסטו אויך ניט. וואָרים אָט נעם זיך אַליין, אַ שטייגער: נו, צי וואָלסטו דען איצט גרייט געווען אף צום טאָן עפּעס, ווען איך זאָל צו דיר ניט האָבן גערעדט פריער, דערקלערט און...

— אָבער, — האָט זיך גרישונין ווי געבעטן, — עס מוזן זיך דאָך פאָרט אַמאָל ענדיקן די רייד און אָנהויבן די טאַטן...

— ריכטיק. — איז דאַווידאָוו שוין געוואָרן ווייכער. — עס וועט זיך זיכער אָנהויבן. יאָ, ווען די ריכטיקע צייט וועט נאָר קומען, וועט עס — ווי פון זיך אַליין — אַ טרייב טאָן אָנצוהויבן צו טאָן וואָס עס וועט נאָר נויטיק זיין. געדענק, אַז רעוואָלוציעס מאַכן זיך ניט לויט קיין באַפעל פון אויבן, אָדער ווייל אַזוי ווילסטו, איך, צי נאָך אַ צאָל מענטשן, וואָס באַגרייפן די נויט דערפאַר. דאָס פאָלק גופא, אָט די וועלכע דאַרפן דורכפירן די רעוואָלוציע, זיי מוזן זיין גרייט צו דעם. יעדנפאַלס, עס דאַרף זיין אַזוי איינגעשטעלט און אַזוי אָרגאַניזירט, אַז עס זאָל זיך אָנהויבן אין אַלע פלעצער, אומעטום, אין דער זעלביקער צייט. מיר טאָרן ניט ריזיקירן מיט אַ צווייטן 1905, ברודער...

— הערסטו, — האָט גרישונין ניט אָפּגעלאָזט, — אָט דאָס זאָג איך דאָך טאַקע, אַז מען דאַרף זיין אָרגאַניזירט, קעדיי עס זאָל ניט בעאייס מאַיסע ווערן קיין פאַרלוירנקייט, צו אַלדע טייוול...

דאַווידאָוו האָט פאַרגיטיקנדיק געשמייכלט.

אַפּאָנים, אַז ביידע זענען טאַקע גערעכט געווען. וואָרים מיטאַמאָל, טאַקע באַר ווי פון זיך אַליין, האָט דאַווידאָוו געמאָלדן גרישונינען, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוזאַמענצורופן ערגעץ אַ גרופּע יאַטן פון דער מוזיק-קאָמאַנדע, פון די שרייבער, פון די סאַפּיאָרן און סטאַם אַ צאָל פאַרטרוילעכע כעוורע פונעם פאָלק, מיט וועמען מען קאָן זיכער זיין, זיך דורכרעדן מיט זיי און פון זיי טאַקע פראָבירן אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל גרייט זיין איבערצונעמען די פירערשאַפט אין פאָלק ווען דער געהעריקער מאָמענט וועט קומען.

אין קאָמאַנדע ביי אונדז זענען געווען עטלעכע אַזעלכע. אָבער צוגיין דירעקט צו זיי און זיי רופן, — איז דערווייל נאָך געווען צו

ריזיקאַליש און געפערלעך. יעדנפאַלס, האָט נאָך קיינער ניט געדאַרפט וויסן ווער עס שטייט היִנטער דעם און ווער עס איז שוין אין דעם. מען האָט דעריבער אויסגעאַרבעט אַזאַ מין סיסטעם: די נעמלעכע עטלעכע יאַטן, אף ווען מען האָט נאָר געהאַט אַן אויג, האָבן פּלוצים אין אַ פרימאָרגן געפונען בֿאַ זיך אין די שינעל־קעשענעס אַ קוויטעלע, אָן אַן אונטערשריפט, אין וועלכן מען האָט דעם בֿאַטרעפנדיקן געמאָלדן, אַז מען וויל זיך מיט אים דורכרעדן וועגן אַ וויכטיקן איניען און אַז...אויבֿ ער איז גרייט און ווייליק צו הערן ווי אַזוי מיר אַליין קאָנען צוהעלפן וואָס־גיכער צו פאַרענדיקן די מילכאָמע, זאָל ער — אין אַ בֿאַשטימטער צייט, בעאייס אַלע וועלן שוין ליגן אף די געלעגערס אף צום שלאָפן — מאַכן אַ בֿאַשטימטן צייכן, אונטערבֿרומען אַ געוויסן פּאַסאַזש פון אַ בֿאַקענטן מאַרש און דאַן...

פאַר עטלעכע יאַטן איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען אַ גרויסע איבֿעראַשונג און זיי האָבן פון צעטומלטקייט אַזש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיי האָבן אַפּאָנים געטראַכט, אַז דאָס איז עפשער אַזאַ פּאַסטקע און אַז עמעצער וויל זיי דאָ אונטערשטעלן אַ פיסל. אַפילע טשעריאַק, וועלכער איז געווען איינער פון די פאַרטרוילעכסטע, האָט זיך געהאַט שפעטער פאַרטרויט, אַז טכילעס האָט ער גערעכנט, אַז דאָס איז עפּעס אַ שפיצל מיצאַד עמעצן פון דער קאָמאַנדע און אַז ער האָט דעריבער בֿאַשלאָסן דאָס אינגאַנצן צו איגנאָרירן. דערנאָך, אָבער, ווען ער האָט בֿאַמערקט, אַז גרישונין — בעאייסן פאַרבייגיין דאַווידאָוון — האָט צו אים געמאַכט דעם זעלבן צייכן, האָט עס אים בֿאַרואיקט. צו דאַווידאָוון און גרישונינען האָט ער געהאַט גרויס צוטרוי, און ער האָט דעריבער, צו דער געהעריקער צייט געמאַכט דעם בֿאַשטימטן צייכן. ער האָט אָבער ניט געקאָנט בֿאַגרייפן, פאַר וואָס קיינער איז דערנאָך ניט צוגעקומען צו אים זיך דורכצורעדן, ווי עס איז געווען צוגעזאָגט אינעם קוויטל. ער איז דערפאַר שוין געווען קימאַט ווי איבערצייגט, אַז עס איז טאַקע ניט מער ווי אַ שפּאַס און אַז גרישונין האָט בלויז צופעליק אַזאַ צייכן געמאַכט. ער האָט זיך דעריבער געמאַכט ניט ווויסנדיק וועגן גאַנצן אייסיק און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן. אף צומאָרגנס, אָבער, האָט ער ווידעראַמאָל געפונען אַזאַ קוויטעלע בֿאַ זיך אין קעשענע. דאָסמאָל האָט מען אים שוין געלאָזט וויסן, אַז אין אַ בֿאַשטימטער צייט זאָל ער נעמען זיין וואַסער־פּליאַגע און אַוועקגיין נאָך וואַסער צום קוואַל, וואָס לעבן וועלדל, און דאָרט וועט מען אים שוין זאָגן וואו און וואָס...

אָבער ניט נאָר ער, נאָר יעדער איינער וועמען מען האָט גערופן, האָט ניט געוואוסט מער ווי דאָס. ערשט ווען מען איז צוגעקומען צום

קוואַל, אפן באַשטימטן פּלאַץ, און גענומען אָנגיסן די פליאַגע, — האָט זיך דאַן אונטערגערוקט אַ סאַפּיאָר — אויך מיט אַ פליאַגע, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן ביז דער פאָרויסיקער וועט פאַרטיק ווערן. ער האָט דערביי מיקלוימערשט גענומען רעדן צו יענעם וועגן דעם וואַלד און — ווי צופעליק — אַ מאַך געטאָן דעם געגעבענעם צייכן. און ערשט ווען יענער האָט אָפּגעענטפערט מיטן זעלבן צייכן, האָט דער סאַפּיאָר שטיל אַ מורמל געטאָן:

— קום!...

אַזוי האָט מען די פאַרבעטענע יאַטן איינציקווייז אַריינגעפירט אין דער סאַמע געדיכטקייט פונעם וועלדל, ניט ווייט פון וואַסער-קוואַל...

*****

**ווען** איך בין אָנגעקומען אף דעם באַשטימטן לײדיקן פּלאַץ צווישן די בוימער, האָב איך שוין דאָרט געפונען גרישר-נינען, סטעפּאַקינען און נאָך עטלעכע יאַטן. זיי אַלע — צוזאַמען אַרום אַ צוויי צענדליק — האָבן געשפּילט אין שנייעלעך. גלייך האָט מען אויך מיך אַריינגענומען אין דער שפּיל. צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע האָב איך געקייקלט שניי-קייקעלעך, פאַר אַ שניי-פיגור, וואָס אַנדערע יאַטן האָבן צונויפגעשטעלט. מיר האָבן דאָס געטאָן שטילערהייט און דערביי אַפילע קיין איינציק וואָרט ניט אויסגערעדט איינער צום אַנדערן. מיטאַמאָל האָט עמעצער באַוויזן מיט דער האַנט, אַז מען זאָל אויפהערן. אַלע האָבן זיך דאַן אַוועקגעשטעלט. אין אַ רעגע שפּעטער האָט זיך פון דער אַנדערער זייט וועלדל, פון דער סאַמע געדיכטקייט אַרויס, אַ רוק אַריין געטאָן צו אונדז אַן איינגעבויגענע פיגור מיט אַן אַריבערגע-האנגענעם שינעל אף זיך און מיטן קאָפּ זיינעם טיף פאַררוקט אינעם קאָלנער, אַזוי, אַז מען האָט קיין פּאָנים אינגאַנצן ניט אָנגעזען. בלויז אַ פּאָר שאַרף-דורכדרינגענדיקע אויגן, ווי פון אונטער אַ מאַסקע אַפּער, האָבן פאָרשנדיק אַ בליק פאַרביי געטאָן, בעאייס די פיגור איז פאַרביי-געגאַנגען. ער, דער אַריינגעקומענער, איז גלייך צוגעגאַנגען צו דער שניי-פיגור, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּאָנים צו דעם און — מיט אַ דינער שטימע, וועלכע מען האָט לייכט געקאָנט דערקענען, אַז זי איז אינמיסטן געענדערט — גענומען שעפּטשענדיק רעדן:

— ברידער, — האָט זיך געדאַכט ווי ער וואָלט גערעדט צו דער שניי-פיגור און ניט צו די יאַטן, — מיר זענען זיך צונויפגעקומען אָט אַהערצו, ווייל עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן זיך צונויפרעדן. מען

האָט אייך גערופן, ווייל איר האָט די זעלבע אינטערעסן וואָס מיר און ווייל איר דאַרפט וויסן וואָס עס קומט פאַר אין לאַנד, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט... איך וועל עס מאַכן גיך, ווייל מיר קאָנען ניט זיכער זיין ווער עס שטייט אף יענער זייט פון די בוימער. איך וויל אייך דעריבער איצט אינפאָרמירן, אַז אין לאַנד איז אומרואיק; אַז אונדזערע ברידער, דער אַרבעטער־קלאַס און די פּויערים, — די ציווילע לייט, האָבן זיך ענדלעך אָנגעהויבן אַ ריר צו טאָן. דאָס פינפטע יאָר האַלט ווידער ביים אָנקומען...דאָסמאָל, אָבער, שוין מיט מער דערפאַרונג און מער אַקשאָנעס, מיט מער ווילן און וויסן... אונדזערע ברידער אין טיל, — פונקט ווי מיר, סאָלדאַטן, דאָ אף די פראָנטן — זענען שוין מיד געוואָרן פון דער פאַרצויגענער און פאַרברעכערישער שפּיל — פון דער מילכאָמע, וואָס איז קעגן אונדזערע אייגענע אינטערעסן... אונדזערע ברידער און שוועסטער, טאַטעס, מאַמעס, ווייבער, — פאָדערן, עס זאָל גלייך נעמען אַ סאָף... זיי זענען גרייט צו קעמפן דערפאַר און זיך דערשלאָגן דערצו. זיי וואַרטן בלויז אף אונדזער ענטפער און אף אונדזער מיטהילף... זיי האָפן און דערוואַרטן, אַז מיר, די סאָלדאַטן, וועלכע זענען באַוואָפנט מיט געווער אין די הענט, זאָלן דאָסמאָל זיך מער ניט לאָזן פאַרנאַרן פון די רייכע באַהערשער און גיין אין קאַמף קעגן אייגענע ברידער, נאָר אַז מיר וועלן, פאַרקערט, שטיין צוזאַמען מיט זיי אין קאַמף אף אָפּצושטעלן די מילכאָמע און פאַר אַ בעסער לעבן... איך רוף אייך דאָ דעריבער איצט, ברידער מיינע, דערנידעריקטע און צעטראָטענע; איך רוף אייך, יעדן איינציקן, וואָס פאַרמאָגט נאָר דעם געוויסן פון זיין קלאַס און אַ דראַנג צום פאַרבעסערן אונדזער לעבן — צו פאַרייניקן זיך צווישן אונדז, קעדיי צו קאָנען ווערן די אָנפירער אין אָט דעם קאַמף דאָ, אף דער פּאָזיציע, ווען די שאָ וועט שלאָגן. טאָ לאָמיר זיך שוין איצט דאָ אָרגאַניזירן אין אַ קאָמפּאַקטער גרופּע, וואָס זאָל זיך פון צייט צו צייט צוזאַמענקומען און באַכפאָלגן דעם גאַנג פון דער באַפרייאונג־באַוועגונג אינעם לאַנד!... לאָמיר צוזאַמענגיין מיט אָט די געשעעניש, קעדיי דערנאָך ניט דאַרפן פאַרכאַפּט צו ווערן אין דער מיטאַמאָליקער אומגעריכטער סיטואַציע, דאָ, אפן ווייטן פראָנט...

ער איז אַ ווייל שטיל געבליבן און דערנאָך צוגעגעבן:

— און ווייסט איר, ברידער, אַז אונדזער באַטשאַלסטווע שפּירט שוין אויך דאָס אָנקומען פון די הייסע טעג און גרייט זיך דערצו... יאָ, אונדז איז באַוואוסט, אַז פונעם הויפּט־שטאַב פון דער קאַווקאַזער אַרמיי איז אָנגעקומען אַ געהיימע, שיפרירטע טעלעגראַמע צו באַטשאַלסטווע. אין איר האָט מען אויפגעפאָדערט אַלע קאָמאַנדירן, אַז זיי זאָלן גלייך זען

אַרויסצושיקן די סאַמע געטרייסטע און באַגלויבטסטע טעלעגראַפיסטן פון זייערע אָפּטיילונגען, קעדיי זיי צו באַזעצן — אַנשטאָט די ציווילע — אין די פאַרשידענע טעלעגראַף־קאָנטאָרן אויף די אייזנבאַן־סטאַנציעס... זיי, אונדזערע באַהערשער אין טיל, ווייסן, אַז אויף דער לאָיאַלקייט פון די ציווילע טעלעגראַפיסטן קאָנען זיי זיך ניט פאַרלאָזן אין אַזאַ צייט... זיי האָפן, אָבער, צו באַקומען לאָיאַלקייט, ניין, שטומע געהאָרכזאַמקייט, פון די מיליטערישע. באַטשאַלסטווע ווייסט גאַנץ גוט, אַז די ציווילע טעלעגראַפיסטן גיבן אַרויס די נויטיקע ידיעות צום רעוואָלטירנדיקן פאָלק, צו די סאָציאַליסטן... דערצו נאָך האָבן זיי מורא, אַז אין אַ ברענענדיקן מאָמענט, ווען זיי, באַטשאַלסטווע, וועט זיך צום שטאַרקסטן נויטיקן אין די טעלעגראַפיסטן, — וועלן יענע גאָר אינגאַנצן אַרויס אין סטרייק און אַוואַדע צושטיין צום פאָלק, צו די רעוואָלוציאָנערן... אָבער באַטשאַלסטווע מאַכט אַ טאָעס. אויך די סאָפּיאָרן־טעלעגראַפיסטן זענען קינדער פונעם פאָלק און זיי וועלן גיין וואו זיי דאַרפן גיין:

— צוזאַמען מיט זייערע ציווילע ברידער, מיטן פאָלק...

ער איז אַ ווייל ווידער שטיל געבליבן. מיר, יעדער איינער פון די פאַרזאַמלטע, האָבן זיך איבערגעקוקט, ווי אָנצוטאַפּן וואָסער ווירקונג די רייד האָבן געמאַכט אויף די אַנדערע. אַלע זענען געווען ערנסט און האָבן געשוויגן. דער רעדנער האָט ווידער ווי געשעפּטשעט:

— דאָס געבראַכטע איז געווען אַ קורצער איבערבליק וועגן די געשעענישן אינעם לאַנד און וועגן צושטאַנד פון דער מילכאָמע. דאָס לערנט אונדז, אַז מיר, פּראָנטאָוויקעס, דאַרפן איצט, מער ווי ווען ניט איז פריער, זיין אויף דער וואַך. מיר דאַרפן זיך דערקלערן גרייט, צו ווערן די וואָרט־זאָגער, די פירער פונעם פאָלק און עפשער אויך פון גאַנצן קאָרפּוס, ווען די שאָ וועט קומען. מיר וועלן זיך דאַרפן גרייטן צו קאָנען פירן אונדזערע ברידער־סאָלדאַטן אין קאַמף, ביז צו אַ זיג פאַרן גאַנצן האָרעפּאַשנעם פאָלק... נו... וואָס זשע, ברידער, איז אייער ענטפער?...וועלן מיר אויספילן דעם גרויסן כויוו, וואָס די צייט אַליין האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט?... זענען מיר גרייט דערצו?...

ער איז שטיל געבליבן. די פאַרזאַמלטע יאַטן האָבן אויך געשוויגן. אַפּאָנים, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס און ווי אַזוי צו ענטפערן. באַלד אָבער האָט דאַווידאָוו שטילערהייט אַ הויב אויף געטאָן זיין האַנט אינדערהויך, און די איבעריקע — ווי אין אַ צייכן, אַז מען גייט איין דערויף — האָבן אויך איינער נאָכן אַנדערן דאָס זעלבע געטאָן. דער רעדנער האָט זיך דאַן אַרומגעקוקט און צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— עס ווערט פאַרשטאַנען, ברידער, אַז דאָס־אָ, דער צוזאָג, איז

אַ שוואוע, צו שטיין צוזאַמען, צו האַלטן בעסאָד אונדזער איצטיקע באַגעגעניש און אַלע שפּעטערדיקע מעגלעכע צוזאַמענקומפטן, און — אין פאַל פון אַ דורכפאַל — זיך ניט אָפּצושרעקן, ניט אַרויסצוגעבן קיינעם פון דער גרופּע און אַוואַדע ניט די אָנפירער...

ווידער האָבן אַלע געהויבן די הענט אין אַ שטילער שוואוע.

באַלד נאָכדעם האָט דער רעדנער זיך אף גיך אַ רוק אַריין געטאָן אין וועלדל אַריין, צוריק אין זעלביקן פּלאַץ פונוואַנען ער איז פריער אָנגעקומען, און איז פאַרשוואונדן אין דער געדיכטקייט פון די בוימער. אַלע זענען געבליבן שטיין, ווי ניט וויסנדיק, צי מען מעג זיך שוין פאַנאַנדערגיין, אָדער צי מען דאַרף נאָך וואַרטן. אָבער נאָך איידער עמעצער האָט באַוויזן אַ פרעג צו טאָן אַפילע, האָט די פיגור — פּונקט אַזוי ווי פריער, אָן איינגעוויקלטער מיטן קאָפּ אין שינעל־קאָלנער — זיך צוריק באַוויזן פונעם וועלדל. ער האָט זיך גלייך אויסגעגלייכט, אַרונטערגעבויגן דעם קאָלנער, אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ און אַלעמען אַרומגעקוקט מיט שמייכלענדיקע אויגן. אַן איבעראַשנדיקע פרייד האָט זיך גלייך צעגאָסן אף אַלעמענס פּנימער, בעאייס מען האָט דערזען, אַז דאָס איז גאָר גריגאָריעוו, דער עלטסטער טעלעגראַפיסט. עס האָט אַ טייל יאַטן אַפילע געכידעשט, וואָס מען האָט זיך פריער ניט געכאַפּט, אַז דאָס איז געווען ער. עמעס, עפּעס איז נאָך אַלץ געווען מאָדנע, וואָס פריער, ביים רעדן, האָט ער — איינגעוויקלטערהייט אינעם קאָלנער — אויסגעזען פיל העכער און זיין שטימע איז אויך געווען אַנדערש: — אַ דינערע און צאַרטערע ווי גריגאָריעווס. ביי אַ צאָל יאַטן האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ זיכערקייט, אַז דער פריערדיקער רעדנער איז גאָר ניט געווען גריגאָריעוו, נאָר עמעץ אַנדערש, — עפּעס אַן אומבאַקענטער, וועמען גריגאָריעוו האָט בלויז פאַרביטן דאָרט, אין וועלדל, נאָך זיין צוריקציען זיך. אָבער ווער איז דער יענער? — דאָס האָט זיך קיינער ניט געקאָנט דערטראַכטן אַפילע. פרעגן ביי גריגאָריעוון, צי גאָר ביי דאַווידאָוון, אָדער גרישונינען, וועלכע האָבן עס אַוואַדע יאָ געוואוסט, — האָט קיינער ניט געוואַגט. יאַטן האָבן געוואוסט, אַז אף זיי ביידן קאָן מען זיך פאַרלאָזן און אַז אויב זיי שווייגן, איז מיסטאָמע בעסער ניט צו פרעגן אינגאַנצן...

סיי ווי סיי, קיין צופיל צייט אף צום טראַכטן וועגן דעם איז ניט געווען. באַלד האָט גריגאָריעוו אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט, שטום אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי באַווייזנדיק דערמיט, אַז מען זאָל זיך פאַנאַנדערגיין...

— שטיל און פאָרזיכטיק, — פּונקט אַזוי ווי מען איז אָנגעקומען, —

אַזוי האָבן זיך אַלע איינציקווייז אַרויסגערוקט פון דעם וועלדל און אַוועק צוריק יעדער אין זיין זעמליאַנקע אַריין. יעדער איינער איז זיך געגאַנגען זיין וועג, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָרניט פאָרגעקומען. מיט אָנשטרענגונג האָט מען קוים באַהערשט די שטורמישע פרייד, וואָס האָט אין האַרצן געקאָכט. לויט די גלאַנציקע אויגן, אָבער, וואָלט מען לייכט געקאָנט דערקענען די גרויסע האָפנונגען, וואָס האָבן איבערגעפילט די הערצער ביי אָט די יאַטן און איידעס געזאָגט, אַז זיי זענען גרייט פאַר גרויסע און וויכטיקע געשעענישן...

*****

**אפן** באַרג האָט פאַרשמעקט מיט פרילינג. אין די בייטאָגן איז שוין געווען גאַנץ וואַרעמלעך און דער שניי האָט זיך גענומען שמעלצן פון די זון-שטראַלן. מאַסן פריש-געבאַקענע בלאָט-קעלעך, וועלכע זענען איבער די נעכט פאַרצויגן געוואָרן מיט דינע אייז-הייטלעך, ווי גלאָז,— האָבן געקנאַקט אונטער די טריט און זיך צעשפריצט. פון די דערבייאיקע יונגע סאָסנע-וועלדלעך האָט פאַרשמעקט מיט זאַפטיק-געשמאַקע רייכעס פון זשיוויצע און סמאָלע. און כאָטש עס איז נאָך געווען אַ פּאָר וואָכן צו פּאַסכע, צום פרילינג, — האָט זיך שוין פונדעסטוועגן געפילט, אַז דער לאַגער, שווערער ווינטער, וואָס האָט אונדז אַזוי לאַנג געהאַלטן אין קלעם, הויבט שוין אָן צו ביסלעך אָפּצוטרעטן.

פונעם צעגייענדיקן שניי, האָבן זיך אומעטום, אין צווישן די בערג-שפּאַלטן, געצויגן פרישע טייכלעך. די וואַסער-שטראָמען האָבן זיך מיט אימפּעט געריסן באַרג-אַרונטער און דערביי פאַרגאָסן אונדזערע זעמליאַנקעס. די דורכגאַנגען, אינעווייניק, זענען געוואָרן פול מיט וואַסער. מיר האָבן געמוזט צעעפענען די טירן וואָס איןביידע זייטן זעמליאַנקע און — שטייענדיק אַזוי ביז איבער די קניען אין וואַסער — מיט לאָפּעטעס, עמערס און בעזימער, אַרויסגעשאַרט דאָס וואַסער פון די דורכגאַנגען אינדרויסן אַרויס...

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אונדזערע ערד-געלעגערס, וועלכע זענען — צוליב עקאָנאָמיע אין אַרבעט —געווען געמאַכט ניט אין דער ריכטיקער זייט, דער נידעריקערער, נאָר אין דער העכערער, וואו דאָס וואַסער האָט צום ערשטן דערגרייכט, זענען גלייך פאַרגאָסן געוואָרן. די ביסלעך שטרוי, וואָס מיר האָבן געהאַט אונטערגעבעט אף אונדזערע געלעגערס, ווי אויך די קאָלדרעס,— זענען דורכגעווייקט געוואָרן און

שלאָפן איז געווען אַן עמעסע אָפּקומעניש. מען האָט זיך געוואַלגערט אין דער קאַלטער נעץ און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס דער פרילינג איז שוין ניט ווייט, ווען מען וועט איינגאַנצן קאָנען פאַרלאָזן אָט די נאַסע זעמליאַנקעס און זיך ווידער קאָנען איינאָרדענען אין פּאַלאַטקעס, אַף דער פריי...

דערווייל, אָבער, האָבן מיר ניט נאָר געליטן פונעם וואַסער, וואָס האָט אַריינגעשטראָמט פון די בערג און פאַרפלייצט אונדזערע געלעגערס, נאָר אויך פון די לייז, וואָס זענען עפּעס נאָר ווי איבער די וואַרעמע ווערטערן באַזונדערס ווילד געוואָרן. בייטאָג, אין דער פאַרנומענקייט, — האָט מען זיי נאָך אַף אַזויפיל ניט געשפּירט. ביינאַכט, אָבער, איז די בייסעניש געוואָרן אַזוי שטאַרק, — מאַמעש ניט צום איבערטראָגן. אין סאַמע בעסטן שלאָף, ווי מיד מען זאָל האָבן געווען, האָבן זיי אונדז איבערגעוועקט, אַז מען האָט זיך געמוזט אויפזעצן און זיך אָפּראַטעווען פון דער פּיינלעכער בייסעניש. דאָס קרעכצן און וואַרפן זיך אין שלאָף איז אָנגעגאַנגען קעסיידער. יאַטן האָבן געשפּיגן און זיך געוואָרפן מיט טויטע קלאָלעס:

— אָט אַ פאַרשאָלטן לעבן, צו אַלדע טייוול!...

— אַ כאָלערע זאָל עס שטיקן. טאָמער איז דיר נאָך ווינציק אָט די איינע מילכאָמע, קעגן די טערקן, האָסטו נאָך אַ צווייטע!...

אונדזער גודמאַן, וועלכער איז אַלעמאָל געווען דערפינדעריש און פלעגט טאָמיד זיין דער ערשטער צו אָריענטירן זיך אין אַ נויט־פאַל, האָט אויך איצט, ווי מען האָט דערציילט, באַוויזן צו קריגן ביי עפּעס אַ ביי־אָנגעקומענעם „זאַפּאַסנעם" אַ „זיכער" מיטל קעגן די לייז, און אַפילע געמאַכט פאַר זיך אַזאַ זאַך, וואָס האָט — ווי ער האָט פאַרזיכערט אַלעמען — טאַקע געהאָלפן. אָבער צו מאַכן עס פאַר יעדן איינעם, איז סיי ווי געווען אומעגלעך. די הויפּט־מאַטעריאַלן דערצו, ווי ער האָט געזאָגט, רויע איי־ווייסלען, קוועקזילבער און קאַמפאָר, וואָס מען האָט געדאַרפט אַריינשטויסן אין אַ שטיקל שינעל־קרייקע, דאָס אָנצוטאָן אפן הוילן לייב, ווי אַ פּאַסיקל, — איז אומעגלעך געווען צום קריגן אפן פראָנט און, יעדנפאַלס, צו טייער, צו נוצן דערצו אַ טערמאָמעטער, ווי גודמאַן האָט פאַר זיך געקויפט ביים אַמבולאַטאָריע־פעלדשער...

סיי ווי סיי, יאַטן האָבן זיך באַציגן סקעפּטיש צו אָט דעם מיטל און אַזויאַרום איז פאַרלוירן געגאַנגען ווער ווייס וואָסער ווערטפולע דערפינדונג, וואָס האָט ניט זוכע געווען פולשטענדיק אויספּראָבירט, אָדער באַשטעטיקט צו ווערן אַפילע...

*****

**אומגעריכט** און צום ערשטן מאָל זינט מיר זענען אַרויס אפן פראָנט, איז צו אונדז פלוצים אָנגעקומען צו פליען אַן עראָפּלאַן. דאָס געראַיש און דער טומל וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אפן אַרום, האָט טכילעס אין שרעק אַרויסגעטריבן קימאַט אַלע סאָלדאַטן פון די זעמליאַנקעס אַרויס. וואָס אַזעלכעס עס איז אַן עראָפּלאַן, האָבן שוין דאָס ראָוו סאָלדאַטן ביי אונדז אפן פראָנט געהערט, כאָטש נאָך ניט אַלע האָבן געוואוסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס און ווי דאָס זעט אויס. יאַטן, וואָס זענען אָנגעקומען צו אונדז פונעם אייראָפּעאישן פראָנט, האָבן דערציילט כידושים. זיי האָבן אי מיט שרעק, אי מיט באַוואונדערונג, איבערגעגעבן, ווי אַזוי אָט די דאָזיקע פלי-מאַשינען זענען זיך דאָרט געפלויגן איבער זייערע קעפ און אַריבערגעפלויגן ווייט אַריבער דעם סוינעס פּאָזיציעס, קעדיי זיי אויסצושפּירן. דאָ, אָבער, ביי אונדז אפן טערקישן פראָנט, איז אַן עראָפּלאַן געווען מער ווי סטאַם אַ נייעס. עס איז געווען אַ בייז-וואונדער, אַ קישעף...

בעאייס דער עראָפּלאַן איז אָנגעקומען, האָבן יאַטן זיך געשטעלט אף דער גאַנצער ליניע ביז צו די טראַנשייען, האָבן געהאַלטן די קעפ פאַרריסן אין דער הויך און נאָכגעפאָלגט דאָס שוועבן פון אָט דער מאָדנער סטראַשידלע. דערביי האָבן זיי געכאַקרנט, געזאָגט ווידצן און אויסגעטייטשט אף זייער שטייגער מיינונגען וועגן דער מאַשין ביכלאַל און וועגן איר ווערט אין אַלגעמיין. אַ טייל יאַטן האָבן גאָר איינגאַנצן אויסגעלאַכט דעם איניען. אַנדערע ווידער האָבן געטיינעט, אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ ניט-גוטס, אַ פאַרשאָלטענע זאַך און עפשער גאָר אַ גילגול פון אַ פויגל. דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו האָט זיך אַפילע גענומען פרום ציילעמען און זיך געשוואוירן, אַז דאָס איז אַוואַדע דער סאַמע אַנטי-כריסט. ער האָט געטיינעט:

— מיין פּאָטערל, אָסיפּ גאַווריילאָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער דאָרט האָבן, האָט געפלעגט זאָגן, אַז אין מילכאָמע-צייט קומט דער אַנטי-כריסט צופליען פאַרשטעלטערהייט, קעדיי...

שפּעטער, אָבער, מיט עטלעכע מינוט, ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אפן פלאַץ וואָס לעבן דער שטאַב-קאַנצעלאַריע און זיך אַוועקגעשטעלט אף דער האַרטער ערד, און דערצו נאָך ווען יאַטן האָבן געזען עמעצן אַרויסשפּרינגען פון אים, — האָבן זיך אַ צאָל פון זיי שטאַרק דערשראָקן, זיך גענומען ציילעמען און זענען אַנטלאָפן צו זיך אין די זעמליאַנקעס אָדער טראַנשייען אַריין, קעדיי כאָלילע ניט

געניזעקט צו ווערן פון דעם „ביט־גוטן, פליענדיקן טייוול"...

צוביסלעך, אָבער, ווען די דרייסטערע פון זיי זענען צוריקגעקומען פון דער איינשטעלעניש צו באַטראַכטן די מאַשין פון דער נאָענט, און ווען זיי האָבן דערציילט, אַז די דאָזיקע פליענדיקע זאַך איז טאַקע אַן עמעסדיקע מאַשין, — אַן עראָפּלאַן, און ניט קיין טייוול, און אַז דער וואָס איז אַרויס פון דעם איז גאָר אַן אָפיציר, — האָבן ערשט דאַן אויך אַנדערע ריזיקירט און זענען מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט און מוירע צוגעטראָטן צו באַטראַכטן דאָס בייז־וואונדער פון דער נאָענט. זיי זענען שוין אָבער געווען צו שפּעט. אַרום דעם עראָפּלאַן זענען שוין געשטאַנען עטלעכע סאָלדאַטן, וואָס האָבן איך באַוואַכט און קיינעם נאָענט ניט צוגעלאָזט אַפילע. יאַטן האָבן זיך דעריבער אָפּגעשטעלט און פונוויטן אים גענומען אָפּשאַצן. אונדזער קאַטאַיעוו, אַ שטייגער, האָט דעם גאַנצן איניען געמאַכט צו גאָרניט:

— הער אַ מאַיסע, — האָט ער געזאָגט, — מען האָט דערציילט, אַז מענטשן קאָנען שוין פליען, האָב איך געמיינט, אַז מען האָט זיי געמאַכט אַזעלכע פליגל און... צום סאָף איז עס גאָר אַזאַ מאַשין... נו, אויב אַזוי, וואָס פאַר אַ קונץ איז עס?...

— אָט דאָס וואָס איך זאָג, — האָט אַרטיאָמאָוו צוגעגעבן, איז דאָס־אָ די פליענדיקע מאַכינע, וואָס מען האָט דערציילט אַנומלטן? עס איז דאָך אַ טויטע, אומריינע זאַך, היינט ווי קאָן עס גאָר פליען?...

— וועט עס טאַקע ניט פליען. — האָט אַ דריטער צוגעשטימט, — אַ זאַך, וואָס האָט ניט קיין נעשאָמע, קאָן ניט פליען...

— עס איז דאָך אָבער פאָרט געפלויגן. — האָט שוין אַ פערטער איבערגעשפּאַרט. — אָט איז עס דאָך אַהערגעקומען פליענדיק...

— דאָס האָט דער ווינט עס אַהערגעטראָגן. — האָט „וויעטער" אַ זאָג געטאָן מאַיסע מיירון. — אָט, פּונקט ווי אַ זעגל־שיף... די גאַנצע צאָרע איז נאָר, אַז... וואָס וועט זיין אויב אינמיטן פליען וועט ווערן אויס ווינט?... דאָס איז דאָך ניט קיין שיף, אַז זי זאָל דערווייל קאָנען בלייבן שטיין און וואַרטן... ניט אַזוי עפּשער?...

דאָס ראָוו יאַטן זענען אָבער געווען באַגייסטערט:

— וואָס טויגן מאַיסעס, אַז עס פליט דאָך פאָרט!...

שפּעטער איז דער קאָמאַנדיר אַליין — אַ שטאַרק־איינגעהילטער אין זיין גוואַלדענעם שאַל און אין אַ וואַרעמער בורקע — אַרויסגעקומען פון זיין זעמליאַנקע און זיך דערנענטערט צום עראָפּלאַן. ער האָט זיך באַגריסט מיטן אָפיציר, וועלכער איז פריער אַרויסגעקראָכן פון אים און — טאַקע מיט זיין הילף — גענומען אַריינקריכן. דער מאָטאָר פון

עראָפּלאַן האָט ווידער גענומען זשומען. באַלד האָט ער זיך אַ צעפּאָר געטאָן איבערן פּלאַץ, זיך גענומען אויפהויבן אין דער לופטן, איבער דער ערד, אָבער ניט גענוג הויך אַף צו קאָנען פליען און... ער האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט, שיער ניט איבערקערנדיק זיך דערביי...

נאָך עטלעכע פאַרזוכן אַזעלכע האָט זיך דער עראָפּלאַן ענדלעך אויפגעהויבן גענוג הויך און גענומען אַרומפליען איבער דעם פּלאַץ. ווידער האָבן די יאַטן פאַרריסן די קעפּ, געדרייט די העלדזער אין דער ריכטונג פונעם עראָפּלאַנס פליען, און געהאַלטן אַזוי לאַנג די קעפּ פאַרריסן, ביז ער איז פאַרשוואונדן פון זייערע אויגן.

אַרום אַ צען מינוט שפּעטער איז דער עראָפּלאַן צוריקגעקומען, זיך ווידער אַרונטערגעלאָזט און זיך אָפּגעשטעלט. אַ צאָל יונגערע אָפיצירן פונעם פּאָלק, וועלכע האָבן שוין באַוויזן זיך צו פאַרזאַמלען אַף דעם פּלאַץ, האָבן אַרומגערינגלט דעם קאָמאַנדיר, האָבן אים באַגריסט מיטן ערשטן מאָל פליען און אים אויסגעפרעגט ווי עס איז אים דערגאַנגען. יענער האָט עפּעס געענטפערט און איז — נאָר ווי אַ פאַרשיקערטער, געפירט פון צווי אָפיצירן — אַוועק צו זיך אין זעמליאַנקע אַריין...

שפּעטער אַביסל האָט דער עראָפּלאַן זיך ווידער גענומען גרייטן צום פליען און דאָסמאָל מיטגענומען מיט זיך דעם אַדיוטאַנט. אַזוי איז עס געגאַנגען יעדע פינף מינוט: אַרויפגעהויבן זיך מיט איינעם פון די שטאַב-אָפיצירן, אָפּגעפליגן עטלעכע מינוט ערגעץ אין דער ריכטונג פון טיל און זיך ווידער אַרונטערגעלאָזט, קעדיי אויפצונעמען אַ צווייטן אָפיציר אַף אַזאַ קורצער פלי-רייזע...

אַז די עטלעכע שטאַב אָפיצירן זענען זיך שוין געהאַט דורכגעפליגן, איז דער קאָמאַנדיר — וועלכער איז שוין, אַפּאָניב, געהאַט געקומען צו זיך פון דער פאַרשיקערטקייט — ווידער אַרויסגעקומען פון זעמליאַנקע. איצט האָט ער שוין געלאַכט און זיך געוויצלט. ער האָט צוגערופן אַ צאָל שרייבער פון קאַנצעלאַריע און פון די קאָמאַנדעס און סאָרגעלייגט, אַז ווער עס וויל מיטן אייגענעם גוטן ווילן דורכמאַכן די דערפאַרונג פון פליען, וועט עס קריגן. עס האָבן זיך אָבער געפונען גאַנץ ווינציק באַלאָנים דערויף. קוים אַ צענדליק פונעם גאַנצן שטאַב. דאָס ראָוו פון זיי זענען אָבער צוריקגעקומען קראַנקע, אויסגעמאָרעטע, מיט עפּעס אַ שווערער נודעניש אפן האַרצן און... מיט נאַסער וועש... זיי האָבן זיך געקאַטשעט באַם גיין באַכן אויסשטייגן, אַזוי אַז מען האָט זיי געדאַרפט צוהאַלטן זיי זאָלן ניט פאַלן. און יאַטן האָבן ערשט געהאַט איבער וואָס זיך צו וויצלען און צו לאַכן: זיי האָבן געכויזעקט:

— לויף, ברודער, און בייט איבער די אונטערהויזן!..

— האָסט געוואָלט זיין אַ מאַלעך און פליען, האָט מען דיר דאָרט באַוויזן, אַז ביסט אַ פּאָשעטער מענטש און...

יאַטן האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. בלויז איין דאַווידאָוו איז געבליבן ערנסט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— איך רעכן, ברידער, אַז אויב דער עראָפּלאַן וועט דעם מענטשן ניט מאַכן פאַר קיין מאַלעך, וועט ער אים פאַר אַ טייוול זיכער מאַכן. ס'איז פונקט ווי צו געבן דעם כאַזער אַ פּאָר הערנער...

אף צומאָרגנס איז אינעם באַפעל איבערן פּאָלק געווען געמאָלדן, אַז אַלע סאָלדאַטן, וועלכע וואָלטן וועלן פאָרן זיך לערנען אף צום ווערן לופט־פליער, — זאָלן זיך מעלדן אין דער פּאָלק־קאַנצעלאַריע, וואו זיי וועלן גלייך באַקומען צו דריי בענדלעך און געשיקט ווערן אין טיל, אין דער ספּעציעלער פלי־שול. ווי עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, זענען דערויף ביי אונדז געווען גאָר ווינציק באַלאָנים.

אין זעלבן טאָג נאָך איז דער עראָפּלאַן אָפּגעפלויגן צו אַ צווייטן פּאָלק דערביי, און ביי אונדז האָט מען אינגאַנצן ווי פאַרגעסן אין דער עקזיסטענץ פון עראָפּלאַנען ביכלאַל...

*****

**פונעם** פּאָלק האָט מען ווידער אַרויסגעשיקט אַ צאָל סאַפּיאָרן־טעלעגראַפיסטן אין טיל אַריין. אָפיציעל האָט עס אַלץ געהייסן, אַז מען נעמט זיי אַוועק אַלס אַ באַזע פאַר אַ בייעם סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן, אָנצופירן דאָרט מיט דער טעלעגראַף־אָפּטיילונג. מיר אָבער האָבן שוין איצט געוואוסט דעם עמעס און עס האָט אונדז טכילעס ווייי געטאָן, וואָס מען האָט ביי אונדז צוגענומען אַ צאָל גוטע יאַטן. ווי עס האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז עס גאָר געווען אַ טויווע פאַר אונדז. דורך זיי זענען באַלד אייגעשטעלט געוואָרן פאַרבינדונגען צווישן אונדזער גרופּע מיט די גרופּעס פון די אַנדערע, די דערבייאיקע פּאָלקן. אויך האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן צוצושיקן דירעקטע און גאַנץ־אויספירלעכע באַריכטן וועגן אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד. מיר האָבן זיך שוין איצט מער ניט געדאַרפט באַנוצן מיט די שווערע, שיפריוטע טעלעגראַמעס, וועלכע פלעגן אָנקומען פון מיליטער־שטאַב צום קאָמאַנדיר, און וועלכע די שרייבער פונעם שטאַב האָבן געדאַרפט מיט גרויס פאָרזיכט אַרויסקריגן און איבערלייענען.

די שווערע דיסציפּלין, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ שטיק צייט אינעם פּאָלק, איז עפּעס ווי פון זיך אַליין מיטאַמאָל און אומגעריכט לוידער

געוואָרן. דער קאָמאַנדיר האָט אָנגעהויבן באַכלאָזן די פּעסט־אָנגעצויגענע לייצעס, מיט וועלכע ער האָט די גאַנצע צייט אונדזער פּאָלק געהאַלטן. אַפילו ער אַליין איז אויך עפּעס אַזוי ווי אַנדערש געוואָרן. ביי די פֿאָרשטעלונגען אין טעאַטערל, בעת וואָס ער האָט געהאַלטן זיינע רעדעס, האָט ער שוין אָפּט אָנגעהויבן אַריינצוּוואַרפֿן פֿאַרשידענע לייכטע שפּאַסן און וויצן, פֿון וועלכע די סאָלדאַטן האָבן אָנגעקוואָלן. טיילמאָל האָט ער, אינצווישן די רייד, אויך איבערגעגעבן אַ שטיקל נייעס, וואָס ער וואָלט געוויינטלעך, מיט אַ צייט צוריק, ניט געוועזן דערציילט. איינמאָל איז ער געקומען מיט אַ נייעס, אַז אַמעריקע האַלט ביים אַריינטרעטן אין דער מילכאָמע אויף אונדזער צד, און אַז די דייטשן וועלן שוין דערפֿאַר אַליין זיכער כאַפּן אַ מאַפּאָלע. אַ צווייטמאָל האָט ער דערציילט, אַז קעמאַל־פּאַשאַ, דער הויפּט־קאָמאַנדיר פֿון דער טערקישער אַרמיי, האָט זיך געווענדט צו אונדזער הויפּט־קוואַרטיר מיט אַ פֿאָרשלאַג וועגן שליסן מיט זיי אַ סעפּעראַטן שאָלעם; אַז דאָס ווערט שוין פֿאַרהאַנדלט און אַז אינגיכן וועט מען אַוודאי הערן מער נייעס וועגן דעם...נאָך די דאָזיקע נייעסן האָט ער אָבער שטענדיק געמיטלעך צוגעגעבן, אַז ערשט דערפֿאַר טאַקע דאַרף מען זיך ערנסט אַ נעם טאָן צום קאַמף, מיט ביי ער אַקשאָנעס דערלאַנגען די סאָנים אַ טויט־קלאַפּ און פֿאַרענדיקן די מילכאָמע מיט אַ פֿולשטענדיקן זיג פֿאַר אונדז...

די דאָזיקע רעדעס זיינע — פֿול מיט שאָוויניזם און זעלבסט־לויב — האָבן טיילווייז טאַקע געהאַט אַ ווירקונג אויף די סאָלדאַטן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַפֿילו אָנגעהויבן גלויבן אין דער מעגלעכ־קייט פֿון אַ גיכן סאָף. עס איז דעריבער פֿאַר אונדזער גרופּע געוואָרן אַלץ שווערער און ריזיקאַלישער אָנצוגיין מיט דער אויפֿקלער־אַרבעט.

פֿונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויף דער געפֿאַר אַריינצופֿאַלן, אָדער אַזוי אַריינצוכאַפּן אַ טרוקענעם קלאַפּ פֿון אַ פּאַטריאָטיש־אויפֿגעבלאָזענעם יאַט, זענען מיר פֿאָרט — אומאויפֿהערלעך, כאָטש פֿאָרזיכטיק — אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט. ביסלעכווייז איז אונדז אַפֿילו שוין געלונגען אַריינצוציען אין דער גרופּע אונדזער גאַנצע קאָמאַנדע און דאָס אַליין האָט פֿיל פֿאַרלייכטערט די אַרבעט. מען האָט זיך אַצינד, לעכאָל־האַפּאָכעס, מער ניט געדאַרפֿט היטן פֿאַר אייגענע. עס איז שוין מער ניט געווען קיין געפֿאַר, אַז עמעצער פֿון זיי זאָל אַמאָל כאָלילע ניט אָפּטראָגן וואָס עס קומט פֿאָר ביי אונדז אין דער זעמליאַנקע און ווער עס איז פֿאַראַנטוואָרטלעך דערפֿאַר. אַ דאַנק דעם איז אונדז אין פֿאָלק געלונגען צו שאַפֿן אַ היפּשע גרופּע, וועלכע איז געווען גרייט אין אַ בויטיקער שאָ זיך צו שטעלן אויפֿן ערשטן רוף...

יעדן אָוונט איז אַן אַנדערער טייל פון אַט דער דאָזיקער גרופּע זיך צונויפגעקומען בײַ אונדז אין זעמליאַנקע זיך צו לערנען. מען האָט טאַקע מיקלוימערשט געהאַלטן קאָרטן אין די הענט און פּרעטענדירט, ווי מען וואָלט געשפּילט. אין דער עמעצן אַבער איז עס גאָר געווען אַ פאַרזאַמלונג, אָדער עפּעס אַ פּאָרטראַג. גרישאַ גריגאָריעוו, דאַווידאָוו און טיילמאָל אַפילע סטעפּאַקין, האָבן געהאַלטן לעקציעס און רעדעס. איינער האָט דערציילט ווי די צאַרישע רעגירונג שטיקט און דריקט דאָס אָרעמע אַרבעטער־פאָלק. אַ צווייטער האָט גערעדט וועגן דעם געבורט פון מילכאָמעכ ביכלאַל און פאַר וועמעס נוצן זיי ווערן געפירט ביפראַט. אַ דריטער האָט געמאָלן אַ בילד וועגן דער צוקונפט,— וועגן אַ צייט, ווען דאָס פאָלק אַליין וועט הערשן און עס וועלן שוין ניט זיין קיין אונטערדריקער און אונטערדריקטע, קיין מילכאָמעס און האַריגעס; ווען אַלע מענטשן וועלן לעבן גליקלעך און זיין פאַרזאָרגט מיט אַלעם וואָס זיי דאַרפן...נאָך די דאָזיקע רעדעס האָט מען געווייגטלעך פאָרגעלייענט די קאָמוניקאַציעס און טעלעגראַמעס, וועלכע מען האָט דערהאַלטן פון טיל דורך אונדזערע אָפּקאָמאַנדערירטע טעלעגראַפיסטן, און ביכלאַל אינפאָרמירט די פאַרזאַמלטע וועגן דעם גאַנג און אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אין טיל און אפן פראָנט...

אָט די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען זענען באַוואָרנט געוואָרן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, אַז מען זאָל כאָלילע ניט אַריינפאַלן. אַ כוץ דעם וואָס אַלע פאַרזאַמלטע האָבן געהאַלטן קאָרטן אין די הענט, אָדער אַזוי געזעסן בײַ אַ דאַמקע, צי איבער אַ שאַך־ברעטל,— זענען דערצו נאָך די טירן פון דער זעמליאַנקע פאַרשפּאַרט געוואָרן פון אינעווייניק מיט קלעצער, און עטלעכע פאַרטרויענסווערטע יאַטן האָבן געהאַלטן וואַך אינדרויסן. אויב זיי האָבן נאָר באַמערקט עמעצן אַן אומגעווינטשטן צוקומען נעענטער,— האָבן זיי גלייך געגעבן אַ געוויסן צייכן און די זעמליאַנקע איז טייקעף געוואָרן ניט צו דערקענען, וואָס עס איז דאָרט נאָר־וואָס בעעמעס געהאַט פאָרגעקומען...



# קאַפּיטל צווייונדרייסיק


ימאַט יעדן טאָג האָבן אונדזערע טעלעגראַפיסטן דערהאַלטן נייע און אָנרעגנדיקע ידיעות פון דעם טיל. אָט האָבן זיי אונדז דערציילט, אַז אין לאַנד גרייט מען זיך פיבערדיק צו אַ גענעראַל סטרייק; אָט איז אָנגעקומען אַ נייעס, אַז אין פעטערבורג זענען פיל אַרבעטער־פרויען, — מיט זייערע זויג־קינדער ביי די בריסטן, — מאַסנווייז אַרויסגעטראָטן אין אַ דעמאָנסטראַציע; אַז זיי זענען אַוועק צו די פאַרשידענע רעגירונג־הייזער, צו דער דומע און צום שפייז־מיניסטער, און האָבן געפאָדערט מען זאָל זיי שוין אַרויסגעבן ברויט און שפייז; אַז מען זאָל גלייך אָפּשטעלן די מילכאָמע און אַהיימלאָזן זייערע מענער, זין און פאָטערס. געהערט האָט מען, אָבער, אַז אָט די ראָזיקע דעמאָנסטראַנציעס זענען צעטריבן געוואָרן מיט גוואַלד און מיט קוילן, און אַז אַ צאָל פרויען זענען געפאַלן געהאַרגעטע און פאַרוואונדעטע. יעדע ניי־אָנגעקומענע טעלעגראַמע האָט דערציילט וועגן פאַרשטאַרקטע און שטורמדיקערע אַרויסטרעטונגען. אין יעדער נייעס האָט זיך געפילט אַן אָנזאָג וועגן דעם אָנקומען פון אַ ברויזנדיקער צייט...

מיטאַמאָל, אָבער, עפּעס באַר ווי דאַווקע דערפאַר וואָס מיר האָבן דערוואַרט פרישערע, אויספירלעכערע נייעס, זענען די פאַרבינדונגען — אין סאַמע ברען פון די געשעענישן — פלוצלונג ווי איבערגעריסן געוואָרן. אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט ערגעץ אין טיל בעקיוון איבערגעריסן די טעלעגראַף־דראָטן, אָדער גאָר אויסגעקוילעט די טעלעגראַפיסטן. גריגאָריעוו, דער עלטסטער פון די טעלעגראַפיסטן, איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און צעוויייטיקטער. ער האָט זיך אָפּט אַליין צוגעזעצט צום טעלעגראַף־אַפּאַראַט דעזשורעווען, אין דערוואַרטונג, טאָמער וועט פאָרט עפּעס אָנקומען. עטלעכע מאָל האָט ער געפּרואווט אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיטן טיל, אָבער עס איז אים ניט געלונגען. דאָס איז געווען אַזוי רעטעניש פאַר אונדז און, אין

דער זעלבֿער צייט פֿאַרדעכטיק. מען האָט זיך בעשום אויפֿן ניט געקאָנט דערטראַכטן, וואָס אַזוינס עס האָט געקאָנט געשען מיט אונדזערע יאַטן און פֿאַרוואָס זיי האָבן אונדז אויפֿגעהערט צו אינפֿאָרמירן. דער איבֿיען איז בײַ אונדז גאָר פֿאַרדעכטיק געווען. דערשלאָגענע, פֿאַרצווייפֿלטע האָט מען פֿאַררופֿן אַן ענגע פֿאַרזאַמלונג פֿון די אָנפֿירנדיקע יאַטן און זיך אַוועקגעזעצט צום באַטראַכטן וואָס צו טאָן. כעוורע האָבן פֿאָרגעשלאָגן פֿאַרשידענע פּלענער, אָבֿער קיין איינציקן וואָס זאָל האָבן אַ פּראַקטישן ווערט. עמעצער האָט פֿאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אַרויסשיקן אַ ספּעציעלן שליח צום צענטער, וועלכער זאָל זיך דאָרט שטעלן אין פֿאַרבינדונג מיט וועמען מען וועט דאַרפֿן און אַזויאַרום אויסגעפֿינען, וואָס עס הערט זיך. מען האָט אָבער דעם דאָזיקן פֿאָרשלאַג פֿאַרוואָרפֿן. עס איז קלאָר געווען, אַז ביז אַזאַ שליח וואָלט אַוועק און ביז ער וואָלט געקומען צוריק, וואָלט געדויערט אַ שטיקל צייט, און דאָס האָבן מיר זיך ניט געקאָנט פֿאַרגינען אין אַזאַ אָנגעצויגענער לאַגע...

די נאַכט איז שוין באַלד געווען אַריבער און מיר האָבן זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט קיין אייצע געבן. אַנטוישטע האָבן מיר זיך שוין געקליבן פֿאַנאַנדערצוגיין. די דרויסנדיקע ראַטן, — יענע, וואָס ניט פֿון אונדזער קאָמאַנדע, זענען שוין, ווי מען זאָגט עס, געשטאַנען מיט איין פֿוס אינדרויסן. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. איבער דער שטאַרק־אָנגעצויגענער, אויפֿגערעגטער שטימונג, וואָס האָט אַלעמען ווי אין קלעם געהאַלטן, — האָט קיינער ניט געהערט אַפֿילע, צי עס איז אָנגעגעבן געוואָרן דער באַשטימטער צייכן בעאייסן אָנקלאַפּן. עטלעכע יאַטן זענען אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך אין שרעק אַ לאָז געטאָן צו דער אַנדערער טיר, וועלכע איז זעלטן באַנוצט געוואָרן, און געוואָלט דאָרטאַרום אַרויס אינדרויסן. מיר — די איבעריקע — האָבן זיך גלייך צוריקגעכאַפּט צו די קאָרטן און זיך מיקלוימערשט פֿאַרטיפֿט אינעם שפּילן. דערווייל האָט זיך ווידער דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. דאָסמאָל האָט מען שוין דייטלעך געהערט דעם באַשטימטן צייכן און מען האָט מאַמעש פֿרייער אָפּגעאָטעמט. עמעצער האָט צוגענומען דעם קלאָץ, וואָס האָט צוגעשפּאַרט די טיר און זי פֿאָרזיכטיק צעעפֿנט...

*****

**אין** דער טיר פֿון זעמליאַנקע האָט זיך באַוויזן איינער פֿון אונדזערע דרויסנדיקע שאָמרים און — פֿאָרויס פֿון זיך — אַרייַנגעלאָזט דעם דעזשורנע־טעלעגראַפֿיסט, — ראָדיאָנאָוון. יענער —

וואָס כאָטש ער איז פונדערהיים געווען אַן אייזנבאַן־אַרבעטער, און דאָך, עפּעס מאָדנע, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בעקער, אי סיי צוליב זיין כאַראַקטעריסטישער רויטקייט און ליכטיקע האָר, פונקט ווי צוליב זיין קורץ־געוויקסיקער געפּאַקטקייט, — האָט זיך אַריינגעקאַטשעט. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו גריגאָריעוון און האָט — מיט אַ שיינענדיק־פריילעכן פּאָנים — דערלאַנגט עפּעס אַ פּאַפּירל. דערנאָך, גלייך ווי גריגאָריעוו האָט עס ביי אים צוגענומען, האָט ער, דער אַריינגעקומענער, פריילעך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, זיי גענומען רייבן איינע אין דער אַנדערער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ דערפרוירענער און — מיט גרויס היסלייווע ס— אַ ברום געטאָן צו אונדז:

— עך, מאַ, יאַטעלעך טייערינקע, האָב איך דאָס איצט געבראַכט אַ דעפּעשעלע גאַנעוו, איך זאָג אייך — אַ צאַצקעלע, אַז איר וועט פּאָשעט צעזעצט ווערן פון פרייד און איבעראַשונג, בענעמאָנעס!...

גריגאָריעוו — אַן אומגעדולדיקער — האָט מיט צעגליטע אויגן פלינק גענומען לויפן איבערן פּאַפּירל. ער האָט אַ הויב געטאָן זיין האַנט, וואָס האָט, אַפּאָנים, געמיינט, אַז מען זאָל אים ניט שטערן און אים לאָזן רואיק איבערלייענען. זיין פּאָנים האָט געשפּראָצט מיט אָנזעבאַרער איבעראַשונג און איז מיט יעדער רעגע געוואָרן אַלץ לויכטנדיקער. מיטאַמאָל, אָבער, האָבן זיך די קאָלירן ביי אים גענומען בייטן. ער איז געוואָרן בלאַסער. זיין האַנט איז שווער אַרונטערגעפאַלן און זיינע אויגן האָבן זיך דרינגלעכער און שטייפער איינגעגעסן אינעם פּאַפּירל. עס האָט אויסגעזען, אַז עפּעס גלויבט ער זיך ניט און אַז ער הויבט ווידער אָן צו לייענען פון סאַמע אָנהויב. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען אַנטרישט אין עפּעס. באַלד איז ער גאָר אינגאַנצן בלאַס געוואָרן. זיינע אויגן האָבן מיטאַמאָל פאַרלוירן דעם פריערדיקן גלאַנץ און באַקומען דעם אויסזען ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אין די לעכער. אַ טרויער — ווי אַ מיטאַמאָל־אָנגעוואַקסענע בילמע — האָט זיך גלייך פאַרצויגן איבער זיינע שטאַרע בליקן. ער האָט גענומען ציטערן מיט די ליפּן און פאָרכען מיט די נאָז־לעכער. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך גענומען אונטערוואַקלען און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט ער גאָר אינגאַנצן אומפאַלן...

צעשראָקענע האָבן אַלע געגאַפט אף אים און ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס אַזעלכעס עס האָט דאָרט געקאָנט זיין אין אָט דער דערהאַלטענער טעלעגראַמע, וואָס זאָל האָבן געמאַכט אף אים אַזאַ שווערע ווירקונג און ברענגען אַזאַ מיטאַמאָליקן איבערבייט. אַ שרעק — ווי מיט אַ שאַרף מעסער — האָט אין מויעך געריפּעט:

„ניט שוין זשע”, — האָט דער געדאַנק אַ ברען געטאָן, — „האָט זיך אַלץ ווידער פאַרענדיקט?... ניט שוין זשע איז אַלץ ווידער פאַרלוירן געגאַנגען, איידער עס איז נאָך אַפילו רעכט געבוירן געוואָרן?...”

קלאָר איז געווען איין זאַך: אַז די טעלעגראַמע איז ניט אַזאַ ווי מען האָט געהאָפט און דערוואַרט. עס האָט אָבער געכידעשט, פאַרוואָס דער דעזשורנע טעלעגראַפיסט, וואָס האָט די טעלעגראַמע אַריינגעבראַכט, איז, גאָר פאַרקערט, געווען האָפעדיק און פריילעך. אַלע האָבן זיך אַרומגעקוקט מיט אַ מין נייגעריקן פּיין אויף גריגאָריעוון, אָבער ער האָט געשוויגן.

מיטאַמאָל האָט ער, גריגאָריעוו, בייז אַ שטשירע געטאָן מיט זיינע געזונטע ווייסע ציין און איז צוגעגאַנגען צום דעזשורנע. ער האָט שווער אַרויפגעלייגט ביידע הענט צו יענעם אויף די אַקסלען, אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן אַריין און — מיט פאָרוואורף — אַזוי ווי יענער וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען — אַ וואָרף צו געטאָן:

— וואָס, צו אַלדע טייוול, איז עס מיט דיר אַזאַ גרויסע פרייד, ראַדיאָנאָוו?... דאָס איז דאָך, דער טייוול ווייסט וואָס!... ניט דאָס האָבן מיר דאָך דערוואַרט!...

ראַדיאָנאָוו האָט צעטומלט געקוקט אויף זיין עלטסטן און אַפּאָניט באַגריפן וואָס יענער מיינט אוי וויל פון אים. מיר האָבן געקוקט אויף זיי ביידן און באַקומען דעם איינדרוק, אַז עפּעס איז געשען מיט גריגאָריעוון. זיינע אויגן — איצט שוין אויסגעשטאַרטע — האָבן עפּעס אַזוי מאָדנע געפינקלט. זיינע ווייעס — אַרויפגעהויבענע — האָבן פּאָשעט געפּלאַטערט. מיר אַלע זענען געבליבן אַזוי ווי אָפּהענטיקע. גרישונין איז אָבער גלייך צוגעשפּרונגען צו גריגאַריעוון, אַ נעם געטאָן דאָס פּאַפּירל פון זיינע הענט אַרויס, איינדערגיך אַ קוק געטאָן אין דעם און — איבערגעבנדיק דאָס פּאַפּירל דאַווידאָוון — מיט אַן אויפגעלויכטן־פריילעכער מינע אויסגעשריגן:

— הער אַ מאַיסע, דאַווידשקע, לייען עס נאָר דו איבער!...

דאַווידאָוו האָט גענומען דאָס פּאַפּירל און פאַרשנדיק אַריינגעקוקט אין דעם. גרישונין איז דערווייל צוגעגאַנגען צו ראָדיאָנאָוון, אַזוי פריילעך אַרומגעפּאַדיעט אַרום אים און — אַריינדרוקנדיק זיין האַנט אין יענעמס — הײסלײווסדיק אַ זאָג געטאָן:

— אָט אַ מאָלאָדיעץ, ראָדיאָנאָוו!... דו האָסט דאָך איצט געבראַכט דאָס עמעסע שטיקל נייעס, ערן וואָרט!... ביסט דאָך ווערט דערפאַר אַ מעדאַל און אַ געאָרגי־קרייץ, בענעמאָנעס!...

ער איז אַוועק פון אים און צוריק צוגעגאַנגען צו גריגאָריעוון.

ער האָט אים אין דער שטיל עפּעס אַ זאָג געטאָן און דערביי געהויבן פֿאַרכידעשט מיט די פּלייצעס. באַלד האָט ער זיך ווידער אַ דריי אויס געטאָן צו דאַווידאָוון און קימאַט אויסגעשריגן:

— וואָס זשע האָסטו זיך איינגעגראָבן מיט דער נאָז אין דעם?... וואָס לייענסטו עס ניט איבער פֿאַר אַלעמען, אַז אַלע זאָלן הערן?...

דאַווידאָוו האָט צעשפּרייט אַ שמייכל אפֿן פּאָנים:

— נו גוט, יאַטעלעך, — האָט ער אויסגערופֿן, — הערט, אָט האָט איר די נייעס!... ס'איז אַ טעלעגראַמע פֿונעם צאַר און...

ס'איז שטיל געוואָרן. ער האָט גענומען לייענען אויף אַ קאָל:

— „צו מיינע ליבע, געטרייע אונטערטאַנען, צו מיין געליבטער אַרמיי!" — האָט דאַווידאָוו געצויגן די ווערטער פּאַמעלעך און ווי אין אומגלויבן, אָבער דערביי אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט באַזונדער, — „מיט גאָטס גענאָד, דערקלערן מיר, ניקאָלאַי דער צווייטער, — צאַר און אַלרוסלענדישער אימפּעראַטאָר, אַז צוליב דער זייער שווערער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט, וואָס איז די לעצטע צייט אויסגעפֿאַלן אויף אונדז פּערזענלעך, זענען מיר פֿיזיש צוזאַמענגעבראָכן... מיר געפֿינען דערפֿאַר פֿאַר צוועקמעסיק זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער הערשאַפֿט איבער אונדזער פֿאָלק און פֿאָטערלאַנד און דאָס אי־בער־גע־בן..."

דאַווידאָוו איז שטיין געבליבן. ער האָט אַ רייב געטאָן די אויגן און געקוקט אויף די אַרומשטייענדיקע יאַטן מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי ער חלומט ניט. אין אַ ווייל אַרום האָט ער ווידער — און דאָסמאָל נאָך געלאַסענער און צעצויגענער ווי פֿריער — גענומען קימאַט זילבעווייז לייענען ווייטער:

— „דאָס אי־בער־גע־בן... אין בע־סע־רע און אין גע־זונ־טע־רע הענט... דערביי דערקלערן מי־ר, אַז מיר צי־ען זיך צו־ריק, זאָ־גן זיך אָפּ, אויף שטענ־דיק... פֿון אַלע רעכטן אפֿן טראָן, סיי פֿאַר זיך און סיי פֿאַר אונדזער באַ־ליב־טן זון־רעש... אַלעק־סעי ני־קאָ־לאַיע־וויטש..."

דאַווידאָוו האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און איז אַנטשוויגן. אַ גרויסע, פֿינקלדיקע טרער האָט מיטאַמאָל אַרונטערגעקאַפּעט פֿון זיינס אַן אויג, און איז אַרונטערגעפֿאַלן אויף דעם פּאַפּירל מיט אַ טרוקענעם קלאַפּ. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט מיט דער דאָזיקער טרער — ווי מיט אַ שטעמפּל — באַשטעטיקט דאָס אָנגעשריבענע. דערנאָך האָט ער שאַרף אַ צי געטאָן דעם אָטעם, ווי צו באַהערשן זיך פֿון די אָנגעלאָפֿענע געפֿילן, און מיט פֿייכטע, טרערנדיקע אויגן, אַ קוק געטאָן אויף גריגאָריעוון, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פֿאַרטראַכטער, מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ. עס האָט אויסגעזען, אַז דערמיט האָט

ער געוואָלט אָנטאַפּן פּאַרוואָס גריגאָריעוו איז אַזוי אַנטוישט. יענער — ווי ער וואָלט דערפילט דאַווידאָווס בליק אויף זיך — האָט זיך פּלוצים אַ שאַרפן דריי אויס געטאָן צו אים, אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דעם פּאַפּירל און מיט ביטערקייט אַ ברום געטאָן:

— נו, לייען!... שטעל זיך ניט אָפּ און לייען ווייטער, וועסטו זיך אויך באַלד נעמען בידעשן!...

דאַווידאָוו האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, גענומען האַסטיקער לייענען:

— „אַלע ווייטערדיקע רעכטן אויפן טראָן גיבן מיר איבער אונדזער געליבטן ברודער, דעם גרויספירשט מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש... מיר האָפן, אַז ער — מיט גאָטס גענאָד און מיט זיין אייגענער פיאיקייט און כאָכמע — וועט זיין אימשטאַנד אַרויסצופירן דאָס לאַנד פון דער זייער שווערער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך, און וועט עס דערפירן צו אַ פולשטענדיקן ניצאָכן איבער אַלע אונדזערע סאָנים..."

גריגאָריעוו, וועלכער איז געשטאַנען ביז איצט אין דערוואַרטונג, האָט אַ שפּיזל דורך געטאָן דאַווידאָוון מיט זיינע בליקן, איז צוגעגאַנגען צו אים, געקלאַפּט מיט דער פויסט איבער דער דלאָניע און גאַנץ ביטער גענומען שניידן:

— נו, ווי געפעלט עס דיר?.. ווי געפעלט עס דיר איצט, העט?... ער, ער האָט איבערגעגעבן דעם טראָן — מיכאַאילן?!...

און האָט צעווייטיקט אַ לאַך געטאָן:

— איך וואָלט בלויז געוועזן אַ באַלן צו וויסן, וועמער עס איז דאָס איינגעגאַנגען אויף אַזאַ פשאָרע און אָנגענומען אַזאַ אויסבייט?...

ערשט איצט איז פאַר דער קאָמאַנדע קלאָר געוואָרן גריגאָריעווס קאַאָס און פאַרצווייפלונג. נאָך די איבערגעלייענטע לעצטע ווערטער פון דער טעלעגראַמע, זענען אַלע געבליבן שטיי׳ן ווי דערשלאָגענע און ניט געקאָנט באַגרייפן, צוליב וואָס עס איז טאַקע פאָרגעקומען אַזאַ אומבייט. גריגאָריעוו האָט ניט אויפגעהערט צו ברומען:

— און צוליב דעם־אָ האָט מען עס אַזויפיל יאָרן געקעמפט?.. אָט דערפאַר האָט מען עס אַזויפיל קאָרבאָנעס אָוועקגעגעבן, אַז אויף ניקאָלאַיס אָרט זאָל זיין אַ נייער צאַר, אַ נייער ראָמאַנאָוו, צו אַלדע טייוול?!...

גריגאָריעווס רייד האָבן ווי מיט שאַרפע מעסערס איבער די קעפּ געשניטן. אַלע זענען געוואָרן ווי צעקלעמט און פאַרטרויערט. אַפילע דאַווידאָוו אַליין איז אויך אויף אַ ווייל אַרונטער פון מוט. ער האָט אַזש געביסן אַ פויסט. בלויז איין גרישונין איז פאַרבליבן האָפעדיק און פריילעך פונקט ווי פריער. ער האָט געקוקט דאַ אויף איינעם, דאָ אויפן צווייטן, געהויבן מיט די אַקסלען און פאַרכידעשט געפרעגט:

— וואָס האָט איר עס איצט אַלע אַזוי אַרונטערגעלאָזט די נעז?... עס איז דאָך מיסטאָמע ניט געקומען גלאַט אַזוי פון הימל אַרונטער, צי ווייל אַזאַ גוטער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן באַ ניקאָלאַיען אין קאָפּ. לויט די יעדיעס, וואָס מיר האָבן באַקומען פריער, איז דאָך קלאָר, אַז דאָס פּאָלק האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אים און... דאָס האָט אים אַוואַדע געצוואונגען אָפּצודאַנקען...נו, און וועגן מיכאַאילן, — איז עס אַזוי: אויב מען האָט געקאָנט צווינגען ניקאָלאַיען, — אַן איינגעפונדעוועטן צאַר, — זיך אָפּצורוקן, וועט מען דאָך דאָס זעלבע אַוואַדע קאָנען טאָן אויך מיט מיכאַאילן און עפּשער נאָך לייכטער...ניט אַזוי?...

דאַווידאָוו האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן זיין אַרומגיין. ער האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אף גרישוניגען און זיך צעשמייכלט. עס האָט אויסגעזען, אַז די ווערטער, גרישונינס, האָבן אים אַליין איצט דערפירט צו אַ געדאַנק. ער איז דעריבער צוגעגאַנגען צו גריגאָריעוון, אים אַ טורקע געטאָן באַם אַקסל און — אַן אויפגעלעבטער — צו אים אַ זאָג געטאָן:

— הער נאָר, גריג, אַלטער הינער-פרעסער, וואָס האָסטו זיך עס טאַקע אַזוי אָנגעדראָדלט?...גרישונין איז דאָך בעעמעס גערעכט, ערן וואָרט!...עס איז דאָך קלאָר, אַז ניקאָלאַיס רעזיגנאַציע איז ניט אַזוי געקומען פון זיין גוטן ווילן און איז ניט סטאַם אַזוי זיך אַ שיינער זשעסט!...מיר ווערט שוין איצט אינגאַנצן קלאָר פאַרוואָס עס איז אין דער טעלעגראַמע פאַראַן אַזאַ שלוס...יאָ, איך...

גריגאָריעוו האָט טאַמעוואַטע געקוקט אף אים:

— און איך פאַרשטיי דאָ גאָרניט.— האָט ער געזאָגט. —אַדראַבע, זאָג דו מיר וואָס עס מיינט...

— איך גלויב,— האָט דאַווידאָוו געענטפערט, — אַז דאָס מיינט, אַז בעאייס מען האָט ניקאָלאַיען געצוואונגען אָפּצעדאַנקען, האָט ער, אַפּאָנים, ניט געקאָנט פויעלן באַ זיך צו מאַכן אַ סאָף פון אַלעם מיט איין צי פון דער פעדער. ער האָט, אַ סוואָרע, גערעכנט, אַז עס איז בעסער איבערצולאָזן עפּעס אַן אָפן פאָרטקעלע, כאָטש אַ שפּעלטעלע, דורך וועלכן ער זאָל זיך ווען עס איז עפּשער נאָכאַמאָל קאָנען צוריק אַריינכאַפּן... איך בין דעריבער זיכער, אַז וואָס שייך מיכאַאילן, וועט ער אויך היינט-מאָרגן — פּונקט ווי ניקאָלאַי,— זיך אויך אָפּזאָגן פון דער יערושע, מיין איך, פונעם טראָן, און...

ער האָט זיך ברייט צעלאַכט און צוגעגעבן:

— איך טראַכט בלויז, ווען ער, דער שפּאָגל-נייער צאַר, וועט דעמלט איבערגעבן, אָדער איבערשרייבן דעם הייליקן זיץ-פּלאַץ...

דאַווידאָווס פּאָשעטע, אָבער לאַגישע רייד, האָבן אַלעמען בּאַרואיקט און צופרידנגעשטעלט. אַפילע גריגאָריעוו איז אויך פרייליכער געוואָרן, כאָטש ער האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין אַרומדרייען. די גאַנצע קאָמאַנדע, אָבער, איז שוין געווען אויפגעלעבט. די אויגן בּיי אַלעמען האָבן געפינקלט און עס האָט זיך געפילט אַ פאַרלאַנג ווי צו נעמען שפּרינגען, שרייען און אַרויסלויפן אָנזאָגן אַלעמען וועגן דער גוטער בּשׂורה. גרישונין איז גאָר מונטער געוואָרן און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס זשע שוויגן מיר, כּעוורע?... לאָמיר כאָטש אַלע צוזאַמען אויסשרייען אַ הילכיקן „הוראַ"!... אַ־בּו־קאַ, אַלע אינאיינעם!...

ער איז שוין גרייט געווען אַ הויב צו טאָן אַ האַנט, צום בּאַווייזן אַז אַלע זאָלן אויסשרייען. אָבער דאַווידאָוו האָט זיך אַ ריס געטאָן אַף פּאָרויס און מיט וואַרפנדיקע הענט בּאַפוילן שוויגן. אַלע האָבן זיך דאַן צוריק צוגעזעצט און גענומען בּאַטראַכטן וואָס ווייטער צו טאָן און ווי אַזוי צו האַנדלען. עס איז בּאַשלאָסן געוואָרן, אַז ווייל דער אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע איז ניט אינגאַנצן קלאָר, זאָל מען דערווייל ניט מאַכן קיין איבעריקן טומל וועגן איר און אַפילע ניט אויסרעדן קיין וואָרט צו קיינעם, בּיז עס וועט ניט אָנקומען קיין מער אויספירלעכע נייעס. אַ כּוח דעם האָט עס סטאַם אויסגעזען אינטערעסאַנט, און טאַקע וויכטיק אויך, צו וואַרטן און זען, ווי אַזוי באַטשאַלסטווע גופא וועט דאָס בּרענגען און איבּערגעבּן צו די סאָלדאַטן...

גלייכצייטיק דערמיט איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ בּאַשלוס, אַז מיר זאָלן זיך ערשט איצט אַף אַן עמעס אָרועקשטעלן אַף דער וואַך און קוקן מיט אָפענע אויגן. עס איז בּיי אונדז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז אין פאַל באַטשאַלסטווע וועט פּאָרט פּרואוון בּאַהאַלטן די נייעס פון די סאָלדאַטן, אָדער עס פאַלש דערקלערן און אויסטייטשן, — זאָלן מיר דעמלט אַרויסטרעטן אָפן, דערציילן די יאַטן וועגן וואָס עס גייט דאָ און בּיכלאַל האַנדלען אָפן פּלאַן ווי עס וועט זיך פאָדערן...

דער בּאַשלוס צו שוויגן האָט אונדז מאַמעש געזונט געקאָסט. עס איז פּאָשעט שווער געווען זיך צו בּאַהערשן און צו שטיקן אין זיך די גרויסע פרייד, וואָס האָט זיך בּיי אַלעמען אַזוי ווי פון די הערצער געריסן. עס האָט זיך דאַווקע אַזוי געוואָלט רעדן צו עמעצן, זיין דער ערשטער צו דערציילן און צו טיילן זיך מיט דער גרויסער פרייד. און אין מויעך האָט דערווייל אַלץ ניט אויפגעהערט צו פּיקן:

„איז טאַקע עמעס,"— האָט אין די געדאַנקען געגריבּלט אַ פראַגע,

— „אַז אין רוסלאַנד איז שוין טאַקע ניטאָ מער קיין זעלבּסטהערשאַפט? הויבּן זיך שוין בּעמעס אָן פרייע, גליקלעכע טעג פאַר אַלעמען?..."

אַז אַלע אין קאָמאַנדע זענען געווען איבערפולט מיט צופרידנקייט, האָט מען געקאָנט זען אין דעם, וואָס כעוודע — פּאָשעט פּאַרפלייצט פון דער פרייד — האָבן אויסגעמעקט אַלע קריוודעס און ברויגזן, וואָס איינער האָט אַמאָל געהאַט צום צווייטן און מען האָט זיך פרייד-האַרציק אַרומגענומען און זיך צעקושט. אַפילע דאַווידאָוו, וועלכער איז שוין פאַר אַ צייט לאַנג ברויגעז געווען מיט סטעפּאַקינען, — איז מיטאַמאָל צוגעגאַנגען צו אים אין — צום ערשטן מאָל זינט מיר זענען אַרויס פון מערוו — אויסגעצויגן זיין האַנט צו אים, כאַווערישׂ אַ דריק געטאָן זיינע, זיך צעקושט מיט אים און פריידיק אַ זאָג געטאָן:

— נו, כאַווער סטעפּאַקין, מעגן מיר זיך, הייסט עס, שוין איצט אוואָדע באַגריסן מיט אונדזער זיג, מיט דער רעוואָלוציע!...

עס איז געווען אינטערעסאַנט צו מערקן, אַז אַפילע יענע יאַטן, וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט געמישט אין די „זאַכן", אָדער וואָס האָבן געהאַלטן, אַז וואָס-וואָס, נאָר דער צאַר, וואָס איז אַ געזאַלבטער פון גאָט אַליין, איז אומבאַפלעקט און הייליק, — אַפילע זיי זענען געוואָרן עפּעס אַזוי אַנדערש, אַזוי לעבעדיק-אויפגעהייטערט...

שטיל, אַזוי ווי געצאַמטע און געפּענטעטע לייבן, אַזוי זענען די טעלעגראַפיסטן, שרייבער, און די עטלעכע אַנדערע דרויסנדיקע יאַטן פון דער גרופּע, אַוועק צו זיך, אין זייערע זעמליאַנקעס אַריין. מיר, די וואָס פון קאָמאַנדע, זענען געבליבן זיצן ווי איינגעהילטע אין אַ פריידיק-איבערגעגנדיקן צושטאַנד. די גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך אַלע געדרייט אף די געלעגערס אין אומגעדולדיקער שלאָפלאָזיקייט און מיט נייגיר געוואַרט אפן מאָרגנדיקן גרויסן טאָג און אף נייע, ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען...

*****

**פּאַרפּרי,** בלויז עטלעכע טעג נאָכן דערהאַלטן פון דער טעלעגראַמע, זענען מיר, קימאַט אַלע, אַרויס אינדרויסן. אפן באַרג האָט אַלץ אויסגעזען ווי געוויינטלעך. די טעגלעכע רוטינע איז אָנגעגאַנגען ווי טאָמיד. סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט מיט דעם צוגרייטן די נייטיקע זאַכן פאַר דער קומענדיקער טעגלעכער פאַרשטע-לונג און מיטן אָפּקאָכן דעם מיטיק. אַלץ איז אָנגעגאַנגען מיט דער זעלביקער מאָנאָטאָנקייט. די שפּייז-קעסלען האָבן זיך גערויכערט און דער רייך האָט זיך פויל פאַנאַנדערגעשפּרייט אפן אַרום. דערביי האָבן יאַטן, מיט דער שטענדיקער פלעגמאַטישקייט, געשיילט קאַרטאָפל. ניט

ווייט פון זיי האָבן צוויי יאַטן פאַרענדיקט שינדן אַ וואַרעמען, באַר וואָס געקוילעטן שעפּס, פאַר דעם יאָנטעוודיקן מיטיק, וואָס די ביי-„גאַוועיעדיקע" ראָטע האָט געדאַרפט באַקומען. אַנדערע האָבן געהאַקט האָלץ און דערביי זיך אַזוי געלאַסן און פיל באַוועגט, פּונקט ווי דאָס גאַנצע לעבן זייערס וואָלט זיי שוין מער ניט ניכע געווען. ביי דעם אָבאָז-פּלאַץ זענען געשטאַנען עטלעכע פּאָלק-שמידן און האָבן אויספּאַראַכטן צעפּאַלענע וועגעלעך. אַנדערע האָבן געשמירט די וואָגנס מיט גרינער פּאַרב. אַ פּאַר קאַנצעלאַריע-שרייבער האָבן מיט געלאַסענע טריט שפּאַצירט פון קאַנצעלאַריע צו די אָפיצירישע זעמליאַנקעס, טראָגנדיק מיט זיך פּאַפּירן, מיסטאָמע דעם טעגלעכן באַפעל, אָף אונטערצושרייבן. איינער פון זיי, פּערווין,— אַ הויכער דאַרער יאַט און אַ מיטגליד פון אונדזער גרופּע, וועלכער איז געווען אַפּן וועג צום פּאָלק-קאָמאַנדיר, האָט שעלמיש צוגעוואונקען צו אונדז, וואָס האָט געקאָנט מיינען:

„אָט גיי איך עס איצט טאַקע צו אונדזער פּאָרעצל...טשיקאַווע צו זען, ווי ער וועט אויפנעמען די נייעס..."

עס איז געשטאַנען אַ שיינער, ניט זייער קאַלטער טאָג. די זון האָט געשיינט און אַפילע צו ביסלעך אונטערגעוואַרעמט. און ווען ניט דער בלענדנדיקער שניי, וואָס איז נאָך געלעגן אָף די אַרומיקע העכערע פּלעצער, וועלכע זענען קיינמאָל פון קיינעם ניט באַטראָטן געוואָרן,— וואָלט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַן עמעסן פרילינג-טאָג...

פאַרמיטיקצייט האָט פון די טראַנשייען, וואָס איבערן ראַנד פונעם באַרג, געהאַלטן אין אָנקומען די ראָטע, וועלכע האָט היינט געדאַרפט „גאַוועיען". די סאָלדאַטן—ווייל זיי האָבן נאָך גאָרניט געוואוסט וועגן קיין זאַך—האָבן מאַרשירט מיט געווינטלעך-ברייטע טריט אַפּן וועג צום קלויסטערל און, עפּעס נאָר ווי צום אָנשרעקן די טערקן אָף די פּאָזיציעס,— הילכיק געזונגען:

„עך, קאַלינע, און עך מאַלינע,
דו שוואַרץ-אויגיקע קאַטרינע,—
קאַלינע—דו פיין, מאַלינע—דו מיין!.."

באַלד האָבן זיך די קלויסטער-טירלעך צעעפנט און די סאָלדאַטן זענען אַריין אינעווייניק. די טפילע האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען. פון צייט צו צייט האָט זיך פון אינעווייניק, פונעם קלויסטערל אַרויס, אַ טראָג געטאָן אַ הייזעריק בלעקעצן פון דעם גאַלעך און דאָס קוויטשיקע געזאַנג פון דעם כאָר. די מאָנאָטאָנע טפילעס און געזאַנגען זענען געווען אַ בוילעטער קאָנטראַסט צו די פרייִדיקע געפילן, וועלכע האָבן אונדז געהאַט איבערפולט און באַהערשט...

ווי עס האָט אויסגעזען, האָט די יעדיע שוין יאָ געהאַט דערגרייכט צו די אָפיצירן פון יענער ראַטע. מען האָט דאָס געקאָנט דערקענען לויט זייער גאַנצער האַלטונג און אויפירונג. איינציקווייז און צו פּאָרלעך האָבן זיי זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעם קלויסטערל, זיך אומגעדולדיק אַרומגעדרייט איבערן פּלאַץ און, זיך קעסיידער אַרומקוקנדיק, זיך געשושקעט צווישן זיך, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן דערוואַרט עפּעס אַן אומאַנגענעמע זאַך. יעדע ווייל האָט זיך אַן אַנדערער פון זיי געטאָן אַ כאַפּ אַריין אין קאַנצעלאַריע, אָדער צו די טעלעגראַפיסטן אין דער זעמליאַנקע און — ווי מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט, — דאָרט געפּרואווט אַ שמעק אָן צו טאָן וועגן עפּעס נייעס...

זיי, די אָפיצירן, האָבן זיך אַרומגעדרייט נאָר ווי צעטראָגענע און נערוועז געענטפערט אפן סאַלוטירן פון פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן. פון זייערע צעטומלטע פּנימער האָט מען געקאָנט אַרונטערלייענען אַ פיינלעכע שרעק, וואָס האָט פון זיי ניט אָפּגעטראָטן. זיי האָבן פּאָשעט אויסגעמיטן אַ קוק צו טאָן אַ סאָלדאַט אין די אויגן אַריין...

און דאַווקע דערפאַר, וואָס זיי האָבן אונדז אַזוי אויסגעמיטן, — האָבן יאַטן ערשט בעקיוון געזוכט זיך אָנצוגעגענען מיט זייערע בליקן. אַ צאָל יאַטן זענען זיי אינמיטן צו עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען און דערביי זיי אומאויפהערלעך סאַלוטירט. מיר האָבן פּאָשעט געשטיקט אין זיך דאָס געלעכטער, וואָס האָט זיך געשפּאַרט פון אונדז, בעאייס זיי — אָפּענטפערנדיק אף אַ באַגריסונג — האָבן עפּעס אַזוי נאַריש־פאַרלוירן און לעקישעוואַטע געשמייכלט.

ענדלעך האָט זיך דאָס דאַוונען אינעם קלויסטערל פאַרענדיקט. די קלויסטער־טירן האָבן זיך ווידער צעעפנט און די סאָלדאַטן — צעפּאַרעטע און פאַרשוויצטע — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אף דער פרייער לופט אַרויס, איינגעצויגן די לויז־געמאַכטע פּאַסקעס און פאַרקנעפּלט די צעכראַסטעטע שינעלן, וואָס זיי האָבן אינעווייניק, אינעם קלויסטערל בעאייסן דאַוונען, לויז געמאַכט אף זיך, קעדיי צו קאָנען פרייער אָפּאָטעמען. זיי האָבן מיט דורכגעווייקטע טיכלעך געווישט די שווייסיקע פּנימער און — ווי מידע פערד — זיך צעלייגט אף דער פייכטער ערד. יאַטן האָבן ביגביירווע, אַז די אָפיצירן זאָלן עס ניט זען, פאַררויכערט מאַכאָרקע־ציגיירלעך, און געבלאָזן דעם רויך צו זיך, אין זייערע שינעל־אַרבל אַריין, קעדיי יענע זאָלן ניט זידלען און טאַקע נאָך באַשטראָפן...

גודמאַן, ווערלכער האָט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן אף אַ פּאָר גראָשן צו פאַרדינען, האָט אויך אין די פּאָרשטעלונגען געפונען אַ געלעגנהייט דערפאַר. ער האָט איינגעקויפט עטלעכע זעקלעך מיט ניס

ביי אַ פֿויער, אונטן, אינעם דאָרף, און דאָסמאָל — פּונקט ווי יעדן טאָג, בעאַייס די סאָלדאַטן זענען אַרויס פֿונעם קלויסטערל, אין דער־וואַרטונג מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין דער טעאַטער־זעמליאַנקע — זיך דערווייל געגומען צום געשעפט. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיטן זעקל ניס אױף די פּלייצעס און זיך אַוועקגעשטעלט אױפֿן פּלאַץ. דאַן האָט ער צעעפֿנט דעם זאַק, פֿאַרקאַטשעט די עפֿענונג און אָנגעשאָטן אַ צוויי פֿולע קאָנסערוון־בלעכלעך, וואָס ער האָט פֿון קעשענע אַרויסגענומען. די סאָלדאַטן — זשעדנע נאָך אַ נאַש — זענען אים באַפֿאַלן נאָר ווי די היישעריקן. זיי האָבן געקויפֿט צו בלעכלעך, אָדער צו צוויי ניס, דאָס אָנגעשאָטן צו זיך אין די שינעל־קעשענעס אַריין און עס איז אַוועק אַ ניס־קנאַקעריי. אין עטלעכע מינוטן אַרום איז גודמאַן שוין געשטאַנען מיט אַ ליידיקן זאַק און מיט אַ פֿולער קעשענע מאַטבייעס.

און כאָטש עס זענען געווען אַ צאָל סאָלדאַטן אין קאָמאַנדע, וואָס זענען מעקאַנע געווען גודמאַנען און זיי האָבן דאָס אויסגעדריקט דורך שטעך־ווערטלעך אױף זיין כעזשבן, ווי בּיכלאַל אױף אידן, — זענען אָבער די מערסטע געווען צופֿרידן. אָפֿט האָט עמעצער גערעדט מיט לויב:

— אָבער ווּעמען פֿון אייך וואָלט איינגעפֿאַלן אַזאַ זאַך צו טאָן? און ווער פֿון אייך וואָלט זיך ניט געפֿרילט אויפֿצושטיין אינמיטן דער נאַכט, אַרונטערגיין אין דאָרף און אַרויפֿצושלעפּן אױף זיך די שווערע זעק מיט ניס, און באַרג־אַרויף נאָך דערצו?...

און יאַטן האָבן צוגעשטימט. סיי ווי סיי, די ניס האָבן געשאַפֿן אַ יאָמטעוודיקע שטימונג ביי אַלעמען...

*****

**אפֿן** וועג, ביים סאַמע ראַנד פֿונעם באַרג, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַן אָנקומענדיקער רייטער. פֿונווייטן האָט מען געקענט ניט געקאָנט זען ווער דאָס איז. ער האָט אויסגעזען עפּעס אַזוי מאָדנע: אױפֿן קאָפּ זייגעם — עפּעס אַזוינס ווי אַ שניי־ווייסער טורבאַן — האָט פֿון דאָרט, אָנטקעגן די זון־שטראַלן, אויסגעזען ווי אַ שימערירנ־דיקע זילבערנע קרוין. אַזוי גיך, אָבער, ווי דער רייטער האָט זיך נאָר אַביסל דערנעענטערט, האָט עמעצער פֿון צווישן די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געוואַרט אױף אַריינגעלאָזט צו ווערן צו דער פֿאָרשטעלונג — שטילערהייט און ווי צו זיך אַליין — אַ שאַרף געטאָן:

— אוי, איך וואָלט געשוואוירן, יאַטעלעך, אַז דאָס איז ער אַליין, דע־פּאָלע־פּאָלסקי מיט די ביינער!...

— יאָ, בענעמאָנעס,— האָט אַ צווייטער צוגעשטימט, — דאָס איז ער, מיט אַ באַנדאַזש אַרום קאָפּ, דער טייוול האָט אים אָנגעטראָגן!...

דער נאָמען דע־פּאָלע־פּאָלסקי — כאָטש שטיל געמורמלט — האָט זיך גלייך פּאַנאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן פּלאַץ אַרום און מאַמעש אַ פּאַכעד אָנגעוואָרפן אױף דער ראָטע. די אָפיצירן האָבן זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן און מיט די הענט גענומען באַווייזן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן זיך אויפשטעלן. דער ראָטנע האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— זיבעטע ראָטע — אַכטונג!...

די סאָלדאַטן — צעוואָרפענע איבערן גאַנצן פּלאַץ — האָבן זיך האַסטיק אַ שטעל געטאָן אױף די פיס און אַזוי, ווי איינער האָט זיך נאָר געפונען, געבליבן וואַרטן, אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי זאָל זיך באַגריסן מיט זיי. ער, אָבער, צי ווייל ער איז געווען אפן וועג פון שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן פון זינט ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַ באָמבע, און איז דעריבער בייז געווען, אָדער עפשער גאָר צוליב עפּעס אַן אַנדער קאַפּריז זיינעם — האָט זיך ניט געוואָלט באַגריסן. ער האָט בלויז פונוייטן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס האָט געהייסן, אַז די סאָלדאַטן מעגן פאַרבלייבן רואיק און זיך צוריק אַוועקזעצן. אַליין האָט ער זיך אַפילע ניט אָפּגעשטעלט, נאָר איז אַוועק ווייטער, רייטנדיק אין דער ריכטונג צום קאָמאַנדירס זעמליאַנקע. מיטאַמאָל, אָבער, האָט ער דאָך איינגעהאַלטן דאָס פערד, זיך אָפּגעשטעלט, געמאַכט פון דער האַנט אַ שאָטן־דעכעלע איבער די אויגן און גענומען פאַרכידעשט קוקן אױף די צוויי ביידע, גרויסע זעמליאַנקעס, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעבויט אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט. אַ ווייל איז ער אַזוי געשטאַנען און אהינגעקוקט, און באַלד זיך פאַרקירעוועט אַהין, צו די זעמליאַנקעס. ער האָט עפּעס אַ פרעג געטאָן ביי איינעם פון די יונגע אָפיצירן און — באַקומענדיק אַן ענטפער — געמאַכט אַ פאַרוואונדערטע מינע אפן פּאָנים. דערנאָך האָט ער שטום אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, איז פלינק אַרונטערגעשפּרונגען פונעם פערד און דאָס איבערגעגעבן אַ סאָלדאַט, אַז יענער זאָל עס ערגעץ צובינדן. ער אַליין — ווי איינער, וואָס קאָן זיך ניט באַשליסן אין וועלכער זייט זיך צו פאַרנעמען, — האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט ברייט־פאַנאַנדערגעשפּרייטע פיס, און גלייכגילטיק גענומען באַטראַכטן די זעמליאַנקעס.

גייוועדיק — ווי זיין שטייגער איז געווען — האָט ער בעאייס דעם אַרויסגענומען זיין זילבערנע פּאַפּיראָסן־פּושקע פון אַ קעשענע, מיט וואוּיליונגערישקייט אָנגעקלאַפּט אַ פּאַפּיראָס אפן נאָגל, פאַררויכערט, און — מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט דאָ עמעצן די גרעסטע טויווע געטאָן

— מעכאַבעד געווען מיט פּאַפּיראָסן די אַרומשטייענדיקע אָפיצירן.

יענע האָבן פאַררויכערט, גערעדט צווישן זיך און געלאַכט. ער, דע-פּאָלע-פּאָלסקי, האָט קאָקעטירנדיק זשעסטיקולירט מיט די הענט און דערביי יעדע ווייל אָנגעוויזן אויף באַנדאַזשירטן קאָפּ, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך דאָ געהאַט צו באַרימען מיט זיינס אַ באַגאַנגענער גרויסער העלדישקייט. מיטאַמאָל — ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג דערמאַנט אין עפּעס — האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם ניט-דעררויכערטן פּאַפּיראָס צו דער ערד און זיך אַ לאָז געטאָן שפּאַנען צום קאָמאַנדירס זעמליאַנקע. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָפּצוגיין אַ וואָסערע צענדליק טריט אין יענער ריכטונג, האָט זיך פון ווייטן באַוויזן דער קאָמאַנדיר אַליין. ער האָט זיך געשלעפּט מיט די שווערע רומאַטישע פיס און געטיאָפּקעט מיט זיינע וואַלינקע-שטיוול איבער די שוין ערטערווייז צעליאַפּעטע און צעגאָסענע בלאָטקעלעך, נעענטער צו אונדז.

דע-פּאָלע-פּאָלסקי האָט אַ שטעל געטאָן עטלעכע ברייטע שפּרייזן, אַרונטערגעכאַפּט די ווייסע הענטשקע אַף אַ העלפּט, זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם קאָמאַנדיר און אים סאַלוטירט. יענער האָט אים באַגריסט מיט אַ האַנט-דרוק, זיך צוריקגעצויגן אַף אַ שפּאַן, אים באַטראַכט פון ווייטן, אָבער מיטאַמאָל האָט ער אים גאָר אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און — צוזאַמען מיט אים — גענומען צושפּאַצירן צו דער ראָטע.

דער ראָטנע האָט ווידער גערופן די סאָלדאַטן צו אַכטונג. דער קאָמאַנדיר — דערזעענדיק, אַז די ראָטע איז אויפגעשפּרונגען און אַז זי וואַרט אַף זיין באַגריסונג — האָט אַ הויב געטאָן זיין האַנט און, נאָך פונדערווייטנס צוגעוואָרפן זיין הייזעריקן אויסרוף:

— זייט געגריסט, ברידערלעך!...

די סאָלדאַטן האָבן, ווי געוויינטלעך, אָפּגעענטפערט און זיך גלייך גענומען צורוקן צום אַריינגאַנג פונעם טעאַטערל, קעדיי — ווען מען וועט אַריינלאָזן — צו קאָנען פאַרכאַפּן אַ בעסער פּלאַץ פאַר זיך.

דער קאָמאַנדיר איז פאַרבייגעגאַנגען. זיין פּאָנים איז געווען מיד און בלאַס. ער האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ צעפּייניקטער און אומרואיק-געשלאָפענער נאַכט. די קנייטשן אַף זיין שטערן און ביי די מויל-ווינקלען, האָט אויסגעזען, זענען געווען נאָך טיפער און שאַרפער ווי טאָמיד. ער האָט דאָסמאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גייענדיקער, גיפּסענער סטאַטוע — שטייף און טרוקן...

אין טעאַטער-זעמליאַנקע האָט מען גלייך צעעפנט די טירן. דער קאָמאַנדיר איז אַריין מיט די אָפיצירן און פאַרנומען פּלעצער אין דער ערשטער ריי. גלייך נאָך זיי האָבן די סאָלדאַטן — ווי פייל פון בויגן

— זיך אַריינגעריסן און פלינק זיך אַ וואָרף געטאָן אף צום פאַרכאַפּן פלעצער וואָס נעענטער צו דער סצענע. מיר — די מוזיקאַנטן — זענען אַריין שוין נאָך זיי אַלעמען און פאַרנומען אונדזערע ערטער, אינעם אויסגעגראָבענעם גרוב, ביים סאַמע ברעג פון דער בינע...

מיר — זיצנדיק אַנטקעגן די אָפיצירן — האָבן גאָר לייכט געקאָנט זען יעדע באַוועגונג זייערע און הערן יעדעס אויסגערעדטע וואָרט... עס איז אָבער נאָך ניט געווען וואָס צו זען און וואָס צו הערן. דער קאָמאַנדיר און — צוזאַמען מיט אים — די אָפיצירן, זענען נאָך געזעסן שטיל, שטייף און פאַרביסן. ערשט שפּעטער, ווען מען האָט אים פון דער בינע ראַפּאָרטירט, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק צום אָנהייבן, — האָט ער געגומען נערווירן און מיט אַן אָנגעבלאָזן פּאָנים אונדז אַ צייכן געגעבן, אַז מיר זאָלן עפּעס אויפשפּילן.

מיר האָבן אויפגעשפּילט אַ לעבעדיקן מאַרש, וואָס האָט זיך טויב צעקלונגען איבער דער זעמליאַנקע מיט אַ פאַרשטיקטן רעזאָנאַנס און אויפגעהייטערט די סאָלדאַטן. עס איז גלייך פרייליכער געוואָרן. די גאַז-לאָמפּן אין זעמליאַנקע, וואָס האָבן פריער גאַנץ טונקל געברענט, האָבן מיטאַמאָל — דורך אַ צי פון אַזאַ ספּעציעל-צוגעאַרבעטן, באַהאַלטענעם דראָט — זיך צעברענט ליכטיקער און העלער. די סאָלדאַטן האָבן מיט שטוינונג באַטראַכט דעם וואונדער און ניט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי עס איז ווי פון זיך אַליין אַזוי ליכטיקער געוואָרן. אף דער בינע האָט זיך דערווייל געטומלט. דורך דעם דינעם פאָרהאַנג האָבן זיך פאַרבייגע-טראָגן איילנדיקע פיס-טריט און מורמלערייען. שוואַרצע סילועטן — ווי שאָטנס — האָבן פאַרבייגעטאַנצט, אָפּשאָטנדיק אפן דינעם, דורכזיכטיקן לייוונט, פאַרשידענע פּאָזיציעס פון די וואָס אף יענער זייט. מען האָט זיך געגרייט אָנצופאַנגען שפּילן.

דע-פּאָלע-פּאָלסקי איז געזעסן לעבן קאָמאַנדיר און מיט אַ ברייטן שמייכל אים קעסיידער געכאַנפעט. ער האָט באַטראַכט יעדע קלייניקייט אין זעמליאַנקע און ניט אויפגעהערט לויבן דעם קאָמאַנדיר פאַר זיין אויפטו. ער האָט געשטשירעט מיט זיינע אויסערגעווייטלעך - ווייסע ציין און געלאַכט מיט אַ ברוסטיק געלעכטער:

— אָ, ניקאָלאַי סטעפּאַניטש, אייך קומט דאָך אַ מעדאַל דערפאַר, ערן וואָרט... אַ מעדאַל, אויב ניט אַ קרייץ טאַקע!...



# קאַפּיטל דרייונדרייסיק

די זיבעטע ראָטע איז געזעסן אין טעאַטער־זעמליאַנקע און געוואַרט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל זיך אָנפאַנגען. די סאָלדאַטן, וואָס דאָס ראָוו פון זיי איז ביכלאַל צום ערשטן מאָל געווען אין אַ טעאַטער, — האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט צו זען וואָס דאָס איז אַזעלכעס און אויף אַ קאָל זיך געטיילט צווישן זיך מיט די איינדרוקן.

ענדלעך האָט דער גלאָק אַ קלונג געטאָן און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן. עס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אַ בילד, אינסצענירט פון נעקראַסאָווס אַ ליד: „ביים שאַדכן". דער שאַדכן האָט זיך איבערגעזונגען מיט אַ באָכער און צוגעטאַנצט. עס איז צוגעגאַנגען אָט אַזוי:

שאַדכן: — „נוטקע! איך האָב מאַריעס און קאַטרינעס,
ניט קיין מיידן, — נאָר מאַלינעס;
קוק, באַטראַכט, און קלויב זיך אויס —
וועלכע ווילסטו, — זאָג מיר בלויז!" (טאַנץ)
באָכער: — „עך דו! איי דאַ מאַריע געפעלט מיר פיין,
שאַדכן מיר זי, שאַדכן מיין;
פלייש האָט זי אויף אירע ביינער,
קויכעס אויף צום האַקן שטיינער!" (טאַנץ)
שאַדכן: — „נוטקע! מאַכסט מיסטאם פון מיר לעצאָנעס:
מאַריע ד'געשטופלט — אַזש סאַקאָנעס...
נעם קאַטרינען בעסער. גלויב:
טריי וועט זי דיר זיין — אַ טויב!" (טאַנץ)
באָכער: — „טיפשעס! ס'איז אַ פּאָנים ניט קיין טיש,
שטופלען וואַרגן קיינעם ניש...
איי דאַ מאַריע געפעלט מיר פיין,
שאַדכן מיר זי, שאַדכן מיין!" (טאַנץ)...

דאָס איז די סאָלדאַטן אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז זיי האָבן אַפילע

פאַרגעסן דעם קאָמאַנדירס אָנוועזנהייט דאָ און גענומען אַזוי שטאַרק קוויטשען פון פרייד און פאַרגיטיקונג, אַז זיי האָבן מאַמעש שיער די זעמליאַנקע צעטראָגן מיט טופּעריַען.

דער קאָמאַנדיר, אָבער, איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ צעטראָגענער און נערווירטער. עס האָט אויסגעזען, אַז איצט איז אים עפּעס גאָרניט איינגעגאַנגען. ער האָט ניט גערעדט צו קיינעם פון די אָפיצירן און ניט באַוויזן דעם מינדסטן צייכן מיטן פּנים. נאָכן ערשטן אַקט האָט ער מיט אַ וואונק צוגערופן צו זיך זיין שטאַפּעט און אים אַרויפגעשיקט הינטער די קוליסן, דאָרט איבערצוגעבן, אַז מען זאָל נאָך דערווייל ניט אָנהויבן די שפּיל, ווייל ער וויל פריער עפּעס רעדן צו די סאָלדאַטן. באַלד, אָבער, ווי ער האָט זיך נאָר געהאַט אויפגעשטעלט אף צוצוגיין צום שמאָלן זייטיקן אַריינגאַנג, וואָס האָט געפירט צו דער בינע, האָט ער — ווי אַ מידער — זיך גלייך צוריק ארונטערגעלאָזט אף זיין פּלאַץ. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך מער ניט געקאָנט קיין ריר טאָן פונעם אָרט. ער האָט דעריבער גלייך אַרויפגעשיקט אף דער בינע אַ צווייטן שטאַפּעט, אָנזאָגנדיק דורך אים, אַז מען זאָל יאָ אָנגיין מיט דער פאָרשטעלונג און ניט וואַרטן אף אים. אויסגעזען האָט עס, אַז ער וועט שוין דאָסמאָל אינגאַנצן ניט רעדן. איינער פון אונדזערע יאַטן, — אַ קאָרנעטיסט, וועלנדיק ציען דעם קאָמאַנדירס אויפמערקזאַמקייט, קעדיי צו קאָנען באַטראַכטן דעם אויסדרוק אף זיין פּאָנים, האָט מיקלוימערשט אויסגעפּראָבירט זיין אינסטרומענט און אַ שפּיל געטאָן עטלעכע טענער פון עפּעס אַ מאַרש. דער קאָמאַנדיר — ווי אַן איבערגעשראָקענער — האָט זיך דערפון נערוועז אַ צאַפּל געטאָן און טייקעף אַרויפגעשיקט אף דער בינע אַ דריטן שטאַפּעט, אָנצוזאָגן, אַז מען זאָל יאָ וואַרטן אף אים און ניט אָנהויבן, ווייל ער גייט יאָ אַרויף רעדן עטלעכע ווערטער...

דעם קאָמאַנדירס גאַנצע האַלטונג און זיין נערווירן, האָט קלאָר באַוויזן, אַז אים איז שווער אַרויסצוקומען פאַר די סאָלדאַטן מיט דער נייעס. אָט איז ער מיטאַמאָל אומגעדולדיק געוואָרן און געהאַנדלט אַזוי ווי ער וואָלט שוין וואָס גיכער געוואָלט אַראָפּפּאַטערן פון זיך די שווערע מאַסע, וואָס איז געלעגן אף אים און אים ווי אין אַ שווערן קלעם געהאַלטן. אָט האָט זיך גאָר געדאַכט, אַז ער וויל עס אָפּלייגן און אָפּציִען, קעדיי אַזויאַרום עפּשער אינגאַנצן אויסמיידן צו רעדן וועגן אַ זאַך, וואָס איז פאַר אים זייער ניט אנגענעם.

מיטאַמאָל האָט ער זיך, אָבער, ווייזט אויס, פאָרט אָנגענומען מיט גענוג מוט. ער האָט זיך ראַפּטאָוונע אַ שטעל געטאָן, אויסגעגלייכט די פּלייצע און זיך אויסגעהוסט. דערנאָך האָט ער אַ בּרייטן שפּרייז

געטאָן צום טירל און — האַסטיק — ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז ער זאָל נאָך אַמאָל כאַראָטע קריגן, אָדער אַז עמעצער זאָל אים אַמאָל ניט צוריקהאַלטן — זיך פּלינק אַריינגעכאַפּט אינעם טירל פון דער בינע.

אין טעאַטערל איז גלייך געוואָרן אַן אָנגעצויגנקייט. אַלע האָבן איינגעהאַלטן די אָטעמס און מיט דערעך־ערעץ געוואַרט ביז ער וועט זיך באַווייזן. אונדז, מוזיקאַנטן, האָט דער נייגיר פּאַשעט געבערנט. מיר האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער הערן וואָס און ווי אַזוי ער וועט איצט רעדן. ענדלעך האָט זיך דער פּאָרהאַנג אויפגעהויבן און ער, — דער קאָמאַנדיר, — אַ וואַקלענדיקער און אַ ציטערנדיקער — איז אַרויס צום אַוואַנס, פאָרויס צום סאַמע ברעג פון דער בינע. מיר, זיצנדיק אינעם גרוב, האָרט לעבן דער ראַמפּ, האָבן מיט אָנשטרענגונג געקוקט אָף אים, נאָכגעפאָלגט יעדן באַוועג זיינעם, און — מיט גרויס אומגעדולד — אַלץ געוואַרט אָף זיין ערשטן וואָרט.

דער קאָמאַנדיר האָט אויפגעהויבן אַ האַנט. אין זעמליאַנקע איז געוואָרן אַ טויטע שטילקייט. ער האָט אָנגעהויבן רעדן:

— ברידערלעך! — האָט ער מיט אַ נערוועזער שטימע גיך אַ ברום געטאָן און איז גלייך אַנטשוויגן געוואָרן.

ער האָט אַ וויש געטאָן דעם שטערן, דערביי אומבאַוואוסטזיניק אַ טראָט געטאָן פאָרויס און איז שיער אַריבערגעטראָטן איבערן ברעג. ער האָט זיך אָבער גלייך צוריקגעכאַפּט, זיך אַ וואַקל געטאָן און, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרומגעקוקט צי ער שטייט פעסט, געגומען פּאָרזעצן:

— ברידערלעך, איך, אייער קאָמאַנדיר, וויל, אַזוי צו זאָגן, איצט רעדן צו אייך וועגן זייער אַן ערנסטן און וויכטיקן איניען... אָט די דאָזיקע זאַך, דאָס הייסט, דער דאָזיקער איניען, וואָס איך וויל צו אייך רעדן, איז, אַזוי צו זאָגן, טרויעריק ניט נאָר פאַר מיר, נאָר איז אויך אַ שווערער קלאַפּ פאַר אייך און פאַרן גאַנצן פּראַוואָסלאַוונעם, רוסישן פאָלק, פאַרן גאַנצן לאַנד, אַזוי צו זאָגן...

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און אַפילו ניט געקאָנט באַגרייפן וואוהין ער נעמט צילן. ער אַליין האָט, מאַשמאָעס, אויך ניט געוואוסט ווי אַזוי אַריינצוקריכן און אָנצוהויבן. ער האָט זיך ווידער אויסגעהוסט, אַ וויש געטאָן מיט צוויי פינגער איבער די ליפּן אַהין און צוריק און אַריינגענומען זיין גאָמבע אין דער האַנט אַריין. טראַכטנדיק פאַר יעדן וואָרט באַזונדער, איידער ער האָט עס אַרויסגערעדט, האָט ער — קימאַט שטאַמלדיק — פאָרגעזעצט:

— איז אָט וואָס, ברידערלעך...הייַנט, דאָס הייסט, די פאַרגאַנגענע נאַכט, אַזוי צו זאָגן, איז פון דער הויפּט־שטאָט, — פון פּעטערבורג,

כ'מיין...פון דער צאַרישער סטאַרוקע, אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן פון אונדזער אַלעמענס באַליבטן צאַר. און אין דער טעלעגראַמע, אינעם דאָזיקן באַפעל, אַזוי צו זאָגן...

ער האָט ווידער איבערגעהאַקט די רייד און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פונעם אַרבל און אָף שנעל גענומען ווישן דעם שווייס, וואָס האָט זיך אין גרויסע, דיקע טראָפּנס, באַזעצט אָף זיין אויסגעבלאַסטן פּאָנים. ער האָט נאָכאַמאָל גענומען רעדן, אָבער ווידעראַמאָל איבערגעבראָכן די שוין עטלעכע מאָל געזאָגטע ווערטער, און צום איקער אַלץ ניט צוגעקומען...

*****

**איבער** דער צייט, וואָס דער קאָמאַנדיר איז געשטאַנען און גערעדט, איז אין זעמליאַנקע שטילערהייט אַריינגעלאָפן איינער פון אונדזערע יאַטן,— אַ טעלעגראַפיסט. אין איילעניש האָט ער זיך פּאָרזיכטיק גערוקט ביי דער וואַנט און, ווען ער איז צוגעקומען צו אונדזער גרוב, האָט ער זייטיק אַריינגערוקט דאַווידאָוון אין האַנט אַריין אַ פּאַפּירל. דאַווידאָוו האָט גיך געכאַפּט אַ קוק אין דעם און זיך בּרייט צעשמייכלט. גלייך האָט ער די יאַטן אין גרוב געלאָזט וויסן, אַז דאָס איז אַ טעלעגראַמע פון צענטער, פון פּעטערבורג, אין וועלכער מען לאָזט וויסן, אַז אויך מיכאַאיל האָט זיך שוין אָפּגעזאָגט פונעם טראָן און אַז ער באַשטייט אים אָנצונעמען ניט פריער, ווי דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק— דורך אויסדערוויילטע פאַרטרעטער צו אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג— וועט דאָס באַשטימען און עס פאָדערן פון אים...

צופרידענע פון דער דאָזיקער יעדיע, האָבן אַלע פון קאָמאַנדע מאַמעש אויפגעלויכטן. באַ קיינעם פון אונדז איז שוין מער קיין סאָפּיק ניט געווען, אַז אין לאַנד איז איצט טאַקע פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע. מיכאַאילס אָפּזאָגן זיך פון טראָן, האָט באַשטעטיקט דאַווידאָווס פריער געזאָגטע מיינונג, אַז ניקאָלאַי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט מיט זיין גוטן ווילן. דער קלאָרער אָנדייט אין דער טעלעגראַמע, וועגן „פאָלקס-ווילן" און „גרינדונג-פאַרזאַמלונג", האָט קלאָר באַוויזן, אַז אין לאַנד שטייט שוין איצט ניט די פראַגע ווער עס זאָל זיין צאַר, נאָר צי עס זאָל גאָר זיין אַ צאַר ביכלאַל. דאָס האָט אויך דערפירט צום געדאַנק, אַז וועגן דעם וועלן נאָך אַוואַדע אָנגעפירט ווערן גאָר גרויסע קאַמפן אין לאַנד. דאַווידאָוו האָט געהאַט פאַרזיכערט, אַז דער רוסישער אַרבעטער-קלאַס און די פויערים— אויב זיי האָבן שוין יאָ אָנגעהויבן — וועלן זיי

שוין מער ניט שווייגן און זיך מער ניט לאָזן נאַרן. ווייל, — האָט ער אָנגעוויזן, — אויב עס איז נאָר געלונגען צו מאַכן דעם שווערן אָנהויב און צעטרייסלען דעם איינגעפעסטיקטן פונדאַמענט פון דער זעלבסט־הערשונג גופא, וועט מען זיך שוין אינמיטן ניט אָפּשטעלן...

— יאָ, — האָט ער איצט מיט זיכערקייט אַ מורמל געטאָן, און די יאָטן האָבן עס מער דערפילט ווי דערהערט, — איצט וועט מען זי שוין זיכער דערפירן ווייטער און באַפעסטיקן אַ זיג פאַרן אַרבעטער־קלאַס, פאַר די פּויערים און פאַרן פאָלק ביכלאַל...

מיר אַלע זענען געזעסן ווי אף הייסע קוילן. עס האָט זיך עפּעס פּלוצלונג דערפילט אַ באַגער אַרויסצולויפן פון דעם גרוב און פון דער זעמליאַנקע, זיך צוזאַמענקומען ערגעץ מיט די אַנדערע כעוורע פון אונדזער גרופּע און זיך דורכרעדן מיט זיי. דאָס איז אָבער געווען אומעגלעך. מיר האָבן געמוזט זיצן אפן פּלאַץ, הערן דעם קאָמאַנדירס פּלאַפּלערייען און זיין גרייט צו יעדער סעקונדע אף אַ באַפעל פון דער בינע אָנצופאַנגען שפּילן. מיר האָבן דעריבער, — זיצנדיק אַזוי אין גרוב, לעבן דער בינע — שטילערהייט דורכגעפירט אַ שנעלע באַראַטונג צווישן זיך און באַשלאָסן, אַז שוין, פון דער מינוט אָן, אָנהויבן צו פירן אונדזער אַרבעט מער אָפן און אַגרעסיוו. עס איז אויך געוואָרן פאַרשטאַנען, אַז דאַווידאָוו זאָל גלייך אַרויסטרעטן פאַר דער ראָטע און גאַנץ אָפן דערקלערן די סאָלדאַטן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

דער קאָמאַנדיר, בעאייסן רעדן צו די סאָלדאַטן, האָט דערווייל פון דער בינע געכאַפּט אַ צופעליקן בליק צו אונדז אין גרוב און באַמערקט, אַז מיר סוידען זיך. און באַגרייפנדיק, אַפּאָנים, אַז מיר ווייסן עפּעס, האָט ער גלייך פאַרלוירן דעם צוזאַמענבונד פון זיינע רייד און זיך גענומען פּלאָנטערן:

— איז ווי מען קאָן זען דערפון, ברידערלעך, — האָט ער שוין צום וויפלטן מאָל איבערגעכאַזערט, — איז אונדזער באַליבטער צאַר, ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש, שטאַרק קראַנק געוואָרן. אף זיין פּלאַץ וועט איצט געקרוינט ווערן אונדזער ליבער מיכאַאיל ניקאָלאַיעוויטש... כ׳מיין, ניקאָלאַי מיכאַילאָוויטש...ס׳הייסט, מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש... איך וויל דעריבער האָפן, אַז ער וועט מיט גאָטס גענאַד פירן דאָס לאַנד, ביז אונדזער צאַר ניקאָלאַי וועט צוריק געזונט ווערן און וועט ווידער קאָנען איבערנעמען די פירערשאַפט אין זיינע הענט אַריין...

ווי אַ שווערע מאַסע וואָלט אַרונטער פון זיינע פּלייצעס, האָט ער זיך אויסגעגלייכט, טיף אָפּגעאָטעמט און איז שטיל געבליבן. די סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן אויך אַלע געשוויגן. קיינער האָט זיך ניט

קיין באַוועג געטאָן. אַ שטילקייט — ווי מען וואָלט געשטאַנען אַרום אַ טויטן — האָט זיך פאַרצויגן איבער דער גאַנצער זעמליאַנקע. עפּעס איז אַזוי שטיל געווען, אַז עס האָט זיך געדאַכט, מען וועט פון אָט דער שטילקייט פאַרטויבט ווערן. די סאָלדאַטן זענען געזעסן אומבאַוועגלעך און האָבן מיט אויסגעשפּיצטע אויגן געקוקט אפן קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויסגעהוסט און ווידער גענומען רעדן. ער האָט ווידער איבערגעזאָגט דאָס געזעדטע און גערופן די סאָלדאַטן ניט צו פאַרלירן דעם מוט איבערן צאַרס קראַנקהייט:

— ער וועט, מיט גאָטס גענאָד, ווידער געזונט ווערן און...

דערווייל איז פונדרויסן אַריינגעלאָפן גריגאָריעוו. ער איז גלייך צוגעקומען צו אונדזער גרופּ, זיך צוגעבויגן צו דאַווידאָווען, און אים אין דער שטיל עפּעס אַ זאָג געטאָן. באַלד האָט ביי אונדז גענומען פון מויל צו מויל אַרומגיין אַ נייעס, אַז גריגאָריעוו האָט באַר וואָס דער־האַלטן אַ פּריוואַטע מעלדונג פון פּעטערבורג, אין וועלכער מען לאָזט אונדז וויסן די פּראָטים פון דער איבערקערעניש; וועגן ווי אַזוי די רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען; וועגן צאַרס דיסמיסיע; וועגן אַ צייטווייליקער רעגירונג, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן פון דער „דומע” און וועלכע וועט דאַרפן צונויפרופן אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג, קעדיי צו באַשטימען אַ רעגירונג־פאָרם פאַרן לאַנד, און נאָך אַנדערע נייעסן... געזעדט האָט מען, אַז אין דער זעלבער מעלדונג איז פאַראַן עפּעס אַן אָנווייזונג, צו באַשאַפן אף די ערטער פאָלק־קאָמיטעטן פון סאָלדאַטן, פאַרטרעטער פון די ראָטעס, אף אָנצופירן מיט דער אַרבעט אף צום געווינען די אַרמיי פאַר דער רעוואָלוציע...

די דאָזיקע מיטאַמאָליקע נייעס — ווייל אַזוי אויבנאויפיק און ווייל מיר האָבן זיך ניט געקאָנט צונויפרעדן — האָט אונדז פּאָשעט צערודערט. עמעצער פון קאָמאַנדע האָט פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גלייך פאַרלאָזן דעם גרוב און שוין צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג, קעדיי זיך געבנוי צו באַקענען מיטן אינהאַלט פון דער מעלדונג און אָננעמען די נויטיקע באַשלוסן. אָבער דאַווידאָוו און גרישובין זענען געווען קעגן דעם און געהייסן בלייבן זיצן אף די פּלעצער, טאָמער וועט נאָך אויסקומען פאַר אונדז עפּעס צו טאָן דאָ, אין דער זעמליאַנקע גופא.

דער קאָמאַנדיר האָט שוין געהאַט אָפּגערעדט. ער איז אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען אף דער בינע, אָנגעשפּאַרטערהייט אָן אַ טישל. עס האָט אויסגעזען, אַז ער זאַמלט צונויף זיינע געדאַנקען און טראַכט וואָס ווייטער צו טאָן. ער האָט זייטיק אַ קוק געטאָן צו אונדז און — לויט אונדזער האַלטונג — אַפּאָנים פאַרשטאַנען, אַז מיר וויסן אַ סאַך מער ווי

מיר האָבן געהערט פון אים. ער האָט מיטאַמאָל אַ באַפּייכט געטאָן זיינע פאַרטרוקנטע ליפּן, אַרויפגעצויגן אפן פּאָנים אַ באַצוואונגענעם שמייכל און, אַרויסטרעטנדיק פאָרויס, ווידער גענומען רעדן צו דער ראָטע:

— נו, איצט, ברידערלעך, — האָט ער מיט אַ געבראָכענער שטימע קימאַט ווי זיך געבעטן, — וועלן מיר דאַרפן נעמען אף זיך צו דינען געטריי אונדזער נייעם צאַר מיכאַאיל, אָט פּונקט ווי מיר האָבן געדינט אונדזער פריערדיקן צאַר ניקאָלאַי... אין די קומענדיקע טעג — אַזוי גיך ווי עס וועט נאָר אָנקומען אַ באַפעל פון פּעטערבורג — וועלן מיר מיסטאָמע דאַרפן אָפּגעבן אַ שוואוע צו אונדזער נייעם צאַר... און וואָס שייך אונדזער קראַנקן צאַר ניקאָלאַי, — וואָלט איך דאָ פאָרגעשלאָגן, אַז מיר אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ, אין זעמליאַנקע, זאָלן גלייך שיקן אַ טעלעגראַמע צו גאָט פאַרן גיכן געזונט ווערן פון זיין מאַיעסטעט און...

די ראָטע איז געזעסן ווי פאַרשטייפט. די סאָלדאַטן האָבן מאַמעש אויסגעזען ווי פאַרשטיינערט. דע־פאָלע־פאָלסקי — ווי דער העכסטער אָפיציר נאָכן קאָמאַנדיר — האָט אַפּאָנים אויפגעכאַפּט דעם קאָמאַנדירס רייד פאַר אַ סיגנאַל עפּעס צו טאָן. ער האָט זיך האַסטיק אַ שטעל אויף געטאָן אף די פיס, זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער ראָטע און, מיט זיין געוויינטלעך־קלינגענדיקער שטימע, אַ באַפעל געטאָן:

— ראָטע — אויפשטיין!... צו דער טפילע — היטלען אַרונטער!...

די ראָטע איז ראַפּטאָוונע אויפגעשפּרונגען. די סאָלדאַטן האָבן מיט ערפורכט אַרונטערגעכאַפּט די היטלען, — גרייטע אף אויסצופירן דעם דערוואַרטעטן באַפעל, אָנצוהויבן די טפילע. דעם קאָמאַנדיר האָט, זעט אויס, פאַרדראָסן דע־פאָלע־פאָלסקיס האַנדלונג. ער האָט אַוואַדע עפּעס אַנדערש אינזינען געהאַט. ער האָט קרום אַ קוק געטאָן אף יענעם און מיט דער האַנט באַוויזן, אַז ער זאָל נאָך אויסוואַרטן מיט דער טפילע. דערנאָך האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אונדזער גרוב:

— עפּשער, סאַוואָראָף, וואָלט געווען אַ סוואַרע, אַז...— און ביז זעענדיק סאַוואָראָפן זיך אויפשטעלן, ווי געוויינטלעך, — האָט ער זיך צוגעבויגן און איבערגעפרעגט: — האַ, סאַוואָראָף?...

סאַוואָראָף, אונדזער קאַפּעלמייסטער, וועלכער פלעגט געוויינטלעך ציטערן פאַרן קאָמאַנדיר און דעריבער אַלעמאָל אַליין אָנגעפירט מיטן אָרקעסטער ווען יענער איז נאָר געווען דערביי, — איז דאָסמאָל געווען בלויז אין אָנהויב, ביים ערשטן מאַרש, ווי זיך צו באַווייזן. אַזוי גיך אָבער ווי יענער, דער קאָמאַנדיר, איז נאָר אַרויף אף דער בינע, האָט ער, סאַוואָראָף, גלייך איבערגעגעבן דאָס שטעקעלע סטעפּאַקינען, זיך אַרויסגעכאַפּט פון זעמליאַנקע און איז — ווי מיר האָבן זיך שפּעטער

דערוואוסט — אַוועק שפּילן אַ קערטל צו איינעם פון די אָפיצירן.

סטעפּאַקין האָט זיך דעריבער אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— אייער הויך־וואויל־געבּירטיקייט, ער האָט באַקומען אַ קאָפּ־ווייטיק און איז אַוועק זיך צולייגן...

דער קאָמאַנדיר האָט אַ שעלמישן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איז עפּשער, מוזיקאַנטן, וואָלט געווען אַ יושער, אַז איידער מיר שטעלן זיך גאָט בעטן פאַרן געזונט פון אונדזער באַליבטן צאַר, זאָלט איר זיך גאָר דאָרט אויפהערן דורכצורעדן בעאייס אייער קאָמאַנדיר רעדט און בעסער אויפשפּילן „באָזשע צאַריאַ כראַני", איך מיין...דעם הימן פאַרן צאַר און פאָטערלאַנד, אַזוי צו זאָגן...

פונעם אומגעריכטן באַפעל זיינעם האָבן מיר אַזש אויפגעציטערט. מיר האָבן זיך גאָרניט געריכט אויף אַזאַ אויסגאַנג און דעריבער זיך ניט געהאַט פריער צונויפגערעדט וואָס צו טאָן אין אַזאַ פאַל. איין זאַך איז אונדז בלויז קלאָר געווען, אַז מיטן באַפעל צו שפּילן „באָזשע צאַריאַ כראַני", האָט דער קאָמאַנדיר אונדז געוואָלט אַ נעם טאָן אפן צימבל און אויסגעפינען וואָס מיר ווייסן. מיר האָבן זיך טאַקע פאַרלוירן אַ ווייל, גענומען קוקן איינער אפן צווייטן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דאַווידאָוו, אָבער, האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן און... ער איז אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ און אפן קאָל אַ זאָג געטאָן צום קאָמאַנדיר:

— אייער הויך־וואויל־געבּירטיקייט, ס'איז מער ניטאָ קיין צאַר אין רוסלאַנד און מיר וועלן דעריבער מער דעם צאַרישן הימן ניט שפּילן!

ווי אַ באָמבע וואָלט אויפגעריסן אין זעמליאַנקע, אַזוי האָבן איצט דאַווידאָווס פאַר ווערטער אויפגערודערט אַלעמען. דער קאָמאַנדיר און די אָפיצירן — נאָר ווי מען וואָלט זיי פּריטשמעלעט מיט עפּעס — זענען געוואָרן בלאַס און צעטומלט. אַ געמורמל האָט זיך דורכגעקייקלט דורך דער דערשטוינטער ראָטע. די סאָלדאַטן — ניט באַגרייפנדיק, וואָס עס איז געשען, — האָבן זיך, מאַמעש דערשראָקענע, איבערגעקוקט. בלויז דע־פּאָלע־פּאָלסקי — אַן אויפגעקאָכטער פון דאַווידאָווס „בּוצפעדיק"־דרייסטן ענטפער — האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו זיין רעוואָלווער און מיט בלוט אין די אויגן אים גענומען שלעפּן פונעם שיידל. אָבער אין דער זעלבער מינוט האָבן שוין אַלע יאַטן, וואָס אין גרוב, געהאַלטן זייערע רעוואָלווערן אויסגעשטעלט קעגן אים. דער קאָמאַנדיר, אַז ער האָט דאָס דערזען, האָט ער — אַ בלאַסער און ציטערנדיקער — אַ ווייז אָן געטאָן דע־פּאָלע־פּאָלסקין מיט אַ פינגער און שטרענג צוגעוואָרפן:

— זעצט זיך, זייט מויכל, צוריק אַוועק, פּאָלקאָווניק, און לאָזט מיך אַליין אָנפירן מיט מיינע געשעפטן!...

דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט זיך געריסלט און געבלאָזט. אויסגעזען האָט עס, אַז ער צעגערט, צי ער זאָל יאָ אויספירן דעם קאָמאַנדירס באַפעל, אָדער ניט. ענדלעך האָט ער, אַ פאַרשעמטער, זיך צוריקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ און אָפּגעלאָזט די האַנט פונעם רעוואָלווער...

*****

**אַ שווערע** אָנגעלאָדנקייט האָט זיך געשפּירט אין זעמליאַנקע, און אַ מורמלעריי האָט זיך דורכגעקייקלט צווישן די סאָלדאַטן. די מערהייט פון ראָטע איז געווען אומרואיק. עס האָט קלאָר אויסגעזען, אַז אויפן קאָמאַנדירס קלענצטער אויפפאָדערונג, וואָלטן זיך די סאָלדאַטן אַרויפגעוואָרפן אויף אונדז און פון אונדז אַ טעל געמאַכט. צום גליק, אָבער, האָבן זיי — קומענדיק „גאַזעיען" אין קלויסטער — ניט געהאַט קיין געווער מיט זיך און די געפאַר איז שוין דעריבער ניט אַזוי גרויס געווען...

פאַר אונדז איז פונדעסטוועגן קלאָר געווען, אַז מען דאַרף איצט האַנדלען קלוג און געשיקט. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז אַט די דאָזיקע רויע, פּאַטריאָטיש־אויפגעבלאָזענע יאַטן, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג בלינדערהייט אויסגעפּאָלגט אַלע אָפיצירישע באַפעלן, וועלן זיך אַליין ניט קאָנען אָריענטירן און פאַנאַנדערקלייבן אין די אומגעריכט־אָנגעלאָפענע געשעענישן; אַז זיי וועלן — אויב מען זאָל זיי נאָר הייסן — זיך אַ וואָרף טאָן אויף אונדז מיט די בלויזע הענט אַפילו. און כאָטש מיר, מיט אונדזערע רעוואָלווערן, וואָלטן אין אַזאַ פאַל מיסטאָמע לייכט געקאָנט באַזיגן די גאַנצע ראָטע, וואָלט עס אָבער דאָך געמוזט קומען צו בלוט־פאַרגיסונג, און דאָס — האָבן מיר זייער ניט געוואָלט...

דאַווידאָוו האָט דעריבער קוידעם־קאָל אַרויסגעשיקט צוויי פון אונדזערע יאַטן צו דער טיר פון זעמליאַנקע, אַז זיי זאָלן דאָרט, מיט די רעוואָלווערן אין די הענט, קיינעם ניט לאָזן אַרויסגיין פון דער זעמליאַנקע, און אַליין איז ער פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בינע, גרייט אָנצוהויבן רעדן צו די סאָלדאַטן. ער האָט אַ וואָרף צו געטאָן זיין רעוואָלווער צו איינעם פון אונדזערע אין גרוב אַריין און זיך אַוועקגעשטעלט האַרט און אין פאָרויס פון קאָמאַנדיר. דאָס האָט ער, ווייזט אויס, געטאָן בעקיוון, קעדיי ער זאָל געשיצט זיין, אין פאַל דע־פּאָלע־פּאָלסקין, אָדער אַן אַנדערן אָפיציר, זאָל זיך נאָך עפּשער פאַרגלוסטן אים מעכאַבעד צו זיין מיט אַ קויל פונוויטן. דאַן האָט ער אַ הויב געטאָן אַ האַנט איבערהויך און אויסגערופן:

— ברידער סאָלדאַטן, וועט איר מיך עפשער אויסהערן?...

אין זעמליאַנקע איז גלייך שטיל געוואָרן. דער געזשום איז ווי מיטאַמאָל איבערגעהאַקט געוואָרן, קיינער האָט אים אָבער ניט געענטפערט אף דער פראַגע. ער האָט ווידעראַמאָל אַ הויב געטאָן די האַנט:

— ברידער סאָלדאַטן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — בלויז עטלעכע ווערטער וויל איך אייך נאָר זאָגן. בלויז עטלעכע געציילטע ווערטער... איך וויל אייך דערקלערן, פאַרוואָס מיר, — מוזיקאַנטן — האָבן זיך איצט אָפגעזאָגט צו שפּילן דעם צאַרישן הימן. אָבער אײדער איך הויב אָן צו רעדן, מוז איך וויסן, צי איר ווילט מיך גאָר ביכלאַל אויסהערן!...

פון צווישן די סאָלדאַטן האָט זיך געהערט אַן אויסרוף:

— דערלאַנג אַהער, ברודער, דערלאַנג!...

דאָס איז געגנוג געווען, אַז אויך אַנדערע יאַטן זאָלן באַקומען מוט און עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן עטלעכע געמישטע אויסגעשרייען:

— אַרויס מיט לאָשן, לאַנדסמאַן!...

— אויב נאָר עפּעס רעכטס, — איז אַדראַבע, — רייב!...

— לייג עס אַרויס אפן טעלער, פּריינטעלע!...

בלויז אַן איינציקע שטימע האָט פון ערגעץ צווישן די יאַטן מיט אומצופרידנקייט אַ ברום געטאָן:

— אָ, ווער דאַרף עס הערן זיינע פלאָפּלערייען? נו, געהערט אַ כוצפּע פון אַ קלעזמערוק?... מען וואָלט אים פאַר אַזעלכענע רייד...

יענער האָט אָבער ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן. דאָרט, לעבן אים, האָבן זיך עטלעכע יאַטן אַ וואָרף געטאָן אף אים און, אינמיטן רעדן, אים מיט גוואַלד אַרונטערגעזעצט.

דאַווידאָוו — דערוואַרעמט און געשטאַרקט פון אָט די אויסרופן — האָט אַ ווייז געטאָן, אַז די סאָלדאַטן זאָלן זיך אַוועקזעצן און גלייך אָנגעפאַנגען רעדן:

— ברידער מיינע און כאַווירים, — האָט ער געדונערט, און עס איז פּאָשעט אַ וואונדער געווען פונוואַנען צו אים, דעם שטילן, קימאַט שעמעוודיקן יאַט, האָט זיך מיטאַמאָל דערנומען אַזאַ קרעפטיק-קלינגענדיקע שטימע. — דער וואונדער פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי געהאַנדלט, וועט פאַר אייך קלאָר ווערן, אַזוי גיך ווי עס וועט נאָר פאַר אייך קלאָר ווערן וואָס עס האָט ביכלאַל פּאַסירט... איר וועט זיך אויפהערן כידעשן, באַלד ווי איך וועל אייך דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין לאַנד!...יאָ, כאַווירים און ברידער, דאָס, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט דאָ נאָר-וואָס דערציילט, אַז דער צאַר איז קראַנק און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן, — איז בלויז די צווייטע העלפט ריכטיק... עמעס, עס קאָן

זיין, אַז דער קאָמאַנדיר — ווי אַן אָפיציר — האָט עפּשער אַנדערש ניט געקאָנט זאָגן... עס קאָן אויך עפּשער זיין, אַז ער אַליין ווייסט נאָך ניט מער ווי דאָס. מיר, אָבער, ווייסן שוין יאָ... מיר, די מוזיקאַנטן, און קאַנצעלאַריע־שרייבער, טעלעגראַפּיסטן, און נאָך עטלעכע, ווייסן שוין איצט וועגן זאַכן, וועלכע זענען נאָך אַפילו צום קאָמאַנדיר אָפיציעל ניט דערגאַנגען...איז אָט וועגן די דאָזיקע זאַכן וואָס מיר ווייסן שוין, וויל איך אייך איצט איבערגעבן...

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און פאָרגעזעצט:

— אייך, ברידער, איז אַוואַדע באַוואוסט, אַז מיט אַ צייט צוריק האָט מען פונעם פאָלק — פונקט ווי פון אַנדערע פאָלקן — אַוועקגעשיקט טעלעגראַפיסטן אין טיל... אָבער צו ווייסט איר כאָטש צוליב וואָס מען האָט עס געטאָן?... עמעס, געזאָגט האָט מען אונדז, אַז דאָס גייט מען פאָרמירן פון זיי נייע טעלעגראַף־אָפּטיילונגען. דאָס איז אָבער ניט עמעס...דער קאָמאַנדיר וועט עפּשער אַזוי גוט זיין און עס איצט אייך אויסזאָגן... ער וועט איצט עפּשער אויך באַשטעטיקן דאָס וואָס מיר האָבן געוואוסט און ווילן אייך איצט דערציילן, אַז געשיקט האָט מען אָט די טעלעגראַפיסטן דערפאַר, ווייל אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע אומרוען; ווייל דאָס רוסישע פאָלק האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן ברויט און אָפּצושטעלן די מילכאָמע... די טעלעגראַפיסטן, די ציווילע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די שטעט פון טיל און אויף די אייזנבאַן־סטאַנציעס, — זענען געשטאַנען מיטן פאָלק, — מיט אונדזערע אייגענע לייבלעכע ברידער און שוועסטער!... זיי האָבן צעשיקט די נייעסן איבערן גאַנצן לאַנד און דאָס האָט די רעגירונג, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט... מיט די סאַפּיאָרן־טעלעגראַפיסטן, האָט די רעגירונג געוואָלט פאַרהאַלטן דאָס, וואָס עס איז פאָרט געשען — די רעוואָלוציע!...עס האָט זיך איר אָבער ניט איינגעגעבן!... יאָ, אויך די אַוועקגעשיקטע סאָלדאַטן־טעלעגראַפיסטן, — אַז זיי האָבן דערזען ווי עס האַלט — זענען גלייך צוגעשטאַנען צום פאָלק. מיר האָבן די גאַנצע צייט באַקומען יעדיעס פון זיי. און טאַקע נאָר־וואָס האָבן מיר באַקומען אַ מעלדונג, וועגן וועלכער דער קאָמאַנדיר אַפילע ווייסט אויך ניט... אין דער דאָזיקער טעלעגראַמע...

דאַווידאָוו האָט אַ הויב געטאָן איבערן קאָפּ דאָס שטיקל איינגעלייגטע פּאַפּירל און דערמיט אַ פאָכע געטאָן אין דער לופט, אַז עס האָט זיך פונעם ווינטל אַזש פאָנאַנדערגעשפּרייט. דער קאָמאַנדיר — שטייענדיק הינטער אים — האָט פונדערווייטן געכומען אַריבערקוקן דערויף, דאָס געפּרואווט איבערלייענען און... באַלד אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. און דאַווידאָוו האָט ווייטער פאָרגעזעצט:

— די דאָזיקע טעלעגראַמע איז פון פעטערבורג...זי קומט פון דעם „בייעם" צאַר, פון מיכאַאילן אַליין. ריכטיקער — אין זיין נאָמען...

די ראָטע האָט זיך אַ רודער געטאָן. עס האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שטילער געזשום. יאַטן האָבן זיך איבערגעקוקט. און דאַווידאָוו...

— און אין אָט דער טעלעגראַמע, — האָט ער פאָרגעזעצט מיט אַ שמייכל, — לאָזט מען אונדז וויסן, אַז אויך מיכאַאיל זאָגט זיך שוין אָפּ פונעם טראָן. ער לאָזט וויסן, אַז ער וועט אים אָננעמען בלויז נאָכדעם ווי עס וועט צונויפגערופן ווערן אַ גרינדונג-פאַרזאַמלונג; ווען פאַר-טרעטער פונעם לאַנד וועלן עס פאָדערן פון אים און ניט פריער...

פלינק און מיט אַ ברייטן זשעסט האָט ער דאָס פאַפירל אַ דערלאַנג געטאָן דעם קאָמאַנדיר און געשמייכלט:

— איבערצייגט זיך, אייער הויך-וואויל-געבוירטיקייט!...

ווי אַן אויסגעהונגערטער צו שפּייז, אַזוי האָט דער קאָמאַנדיר זיך אַ כאַפּ געטאָן צום פאַפירל און זיך איינגעגראָבן אין דעם מיט זיינע אויגן. דאַווידאָוו האָט גלייך אַרויסגענומען אַ צווייט פאַפירל פון דער קעשענע, אויך אַ פאָכע געטאָן דערמיט אינדערהויך, איבערן קאָפּ, און ווייטער גערעדט:

— און אָט האָבן מיר באַקומען נאָך אַ טעלעגראַמע, ברידער. עמעס, די דאָזיקע טעלעגראַמע איז שוין ניט פון מיכאַאילן, כאָטש זי קומט אויך פון פעטערבורג. אין דער לאָזט מען אונדז אין קורצן וויסן די נייעס, אַז אין לאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע; אַז ניט צוליב קראַנקהייט האָט דער צאַר רעזיגנירט, נאָר אַז מען האָט אים, צוזאַמען מיט זיין רעגירונג, פּאָשעט געצוואונגען צו רעזיגנירן, אָדער פּראָסטער גערעדט, — פּאָשעט אַרונטערגעזעצט... יאָ, אַרונטערגעזעצט! — האָט ער אויסגעצויגן — און אָף זייער פּלאַץ איז דערווייל אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ציישווייליקע רעגירונג פון דומע-דעפּוטאַטן!... מען לאָזט אונדז אויך וויסן, אַז אינגיכן וועט צונויפגערופן ווערן אַ גרינדונג-פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט דאַרפן באַשטימען וואָס פאַר אַ סאָרט רעגירונג עס זאָל הערשן ביי אונדז אין רוסלאַנד: צי אַ מאָנאַרכיסטישע — ווי עס איז געווען פריער, מיט אַ צאַר אַ זעלבסטהערשער, מיט פריצים, גענעראַלן, פּריסטאַוועס, אוריאַדניקעס, סטראַזשניקעס, זשאַנדאַרן און נאָך אַזעלכע לאַפּיטוטן; אַ רעגירונג, וואָס זאָל ווייטער שאַלטעווען און וואַלטעווען איבערן אָרעמען אַרבעטער-פאָלק און פויערים, אָף אויסצוזויגן פון זיי די לעצטע טראָפּנס בלוט, ווי ביז איצט, אָדער...צי זאָל גאָר רוסלאַנד ווערן אַ פרייע רעפּובליק — ווי ביי לייטן...דאָס הייסט, אַ פריי לאַנד, מיט אַ פרייער רעגירונג. אַ לאַנד — אָן אַ צאַר, אָן טשינאָווניקעס, אָן

פּריציב, לייב־אייגנטימער, באַלעבאַטים, פּיאַווקעס; און אָן פּריסטאַוועס מיט זשאַנדאַרן...אַ לאַנד — אָן קנעכט, אָן אונטערדריקטע, אָן הונגער און הונגעריקע און... מיט איין וואָרט — אַ רעגירונג פונעם פאָלק און פאַרן פאָלק אַליין...אַ רעגירונג פון אונדזערע אייגענע מענטשן... פון מיר, פון אייך, און פון אַזעלכע, וועלכע מיר אַליין וועלן אויסוויילן פון צווישן זיך... ווי איר זעט, ברידער, שטייט שוין איצט ניט די פראַגע, צי זאָל ניקאָלאַי, אָדער מיכאַאיל זיין דער צאַר איבער אונדז, נאָר... צי זאָל גאָר ביכלאַל זיין אַ צאַר אין אונדזער לאַנד... דערפון קאָנט איר שוין איצט אַליין זען, אַז עס איז ניט אַזוי ווי מען וויל אונדז דאָ איינרעדן, אַז דער צאַר איז אַוועק, ווייל ער איז מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן,— נאָר ווייל דאָס רוסישע פאָלק איז ענדלעך געזונט געוואָרן און האָט שוין מער ניט געוואָלט טראָגן אף זיך דעם יאָך פון דער זעלבסטהערשונג; ווייל אונדזערע אייגענע ברידער און שוועסטער דאָרט, אינדערהיים, האָבן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ זאָג געטאָן: גענוג!...

דאַווידאָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן. די סאָלדאַטן, וועלכע זענען איבער דער גאַנצער צייט פון זיין רעדן געזעסן מיט אָפענע מיילער און ניט געוואַגט אַ שאָרך צו טאָן,— האָבן עפּעס אַזוי ווי טיף אָפּגעאָטעמט. דאָס האָט זיך מאַמעש געהערט, פונקט ווי געפילט. אַ ווייל שפּעטער האָט דאַווידאָוו גענומען פאָרזעצן:

— יאָ, ברידער מיינע און כאַוויירים, — האָט ער שוין דרייסטער און פעסטער גערעדט,— עס איז שוין מער קיין צווייפל ניטאָ, אַז די דעספּאָטיש־צאַרישע הערשאַפט איז טויט פאַר רוסלאַנד!... מיינט אָבער ניט, אַז אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען זיך צו באַפרייען פון דער רעגירונג, וואָס האָט אונדז דורעס לאַנג געמוטשעט און אונדז, קעגן אונדזערע ווילנס, געשיקט אף מילכאָמעס פאַר די אינטערעסן פון די פּריצים און רייכע לייט!...יאָ, די דאָזיקע רעגירונג עקזיסטירט שוין ניט מער!...די מאָס איז איבערפולט געוואָרן!... און פאַרגעסט ניט, אַז איבער דער צייט, וואָס מיר זענען געווען אף די פראָנטן און די רייכע זענען נאָך רייכער געוואָרן פון דער מילכאָמע, — האָבן דאָרט, אין דער היים, אונדזערע אייגענע און נאָענטע, געליטן הונגער און נויט... זיי האָבן עס אָבער שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן... זיי האָבן שוין ניט געוואָלט הונגערן מער... מאַסנווייז איז דאָס פאָלק אַרויס אף די גאַסן, געפאָדערט ברויט און אָפּצושטעלן די בלוט־פאַרגיסונגען; געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי צוריקגעבן אייך, זייערע מענער, זין און ברידער פון די שלאַכט־פעלדער... די אויסגעהונגערטע פרויען, מיט זייערע זויג־קינדער באַ די בריסטן, — זענען אַרויסגעגאַנגען און האָבן געפאָדערט,

אַז מען זאָל זיי געבן ברויט און פרידן...

ער האָט גענומען גאַליקער רעדן:

— אָבער אָנשטאָט ברויט, ברידער מיינע, האָט מען זיי געגעבן הייסן בליי; אָנשטאָט שאָלעם — אַ יונגן טויט!...יאָ, ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, איר הערט? — בלויז מיט עטלעכע טעג איידער דער צאַר האָט זיך מיט אַזאַ „גרויסמוטיקן" זשעסט אָפּגעזאָגט פונעם טראָן, קלוימערשט לעטויוועס זיין טייערן פאָלק, — האָט ער, טאַקע אַנטקעגן דעם זעלביקן טייערן פאָלק, אַרויסגעשיקט באַוואָפנטע קאָזאַקן, וואָס האָבן — אין זייער פינצטערער פאַרשקלאַפּונג און דורך דראָאונג אַליין דערשאָסן צו ווערן — געשאָסן אף אונדזערע ווייבער און שוועסטער, אף אונדזערע אויס-געהונגערטע קינדער און מאַמעס, אף אונדזערע ליידנדיקע ברידער און אייגענע!.. דאָס פאָלק האָט זיך געבעטן ביים צאַר: גיט אונדז כאָטש אַזעלכע מיניסטערן, וואָס זאָלן אונדז ניט באַגאַנווענען, ניט פאַראַטן; גיט אונדז אַ רעגירונג, וואָס זאָל אָפּגעבן אַ דין וועכעזשבן צום פאָלק פאַר אירע מאַיסים!...אָבער אנשטאָט דעם, האָט ער, דער צאַר, זיי גאָר געגעבן קוילן אין די קעפּ!... נו, איצט פרעג איך אייך, ברידער און כאַוויירים מיינע, האָבן מיר — נאָכדעם ווי דאָס איז געשען — געדאַרפט שפּילן „באָזשע צאַריאַ כראַני" — דעם צאַרישן הימן?...

— ניין! — האָט גלייך אַ דונער געטאָן אַן ענטפער פון פיל יאַטן און איז באַלד אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע אויסרופן:

— מאָלאָדצי, מוזיקאַנטן! זיכער ניט געדאַרפט שפּילן!...

— אָט ווי עס האַלט שוין דאָרט?!...

— ריכטיק געהאַנדלט, יאַטעלעך. ריכטיק ווי גאָלד!...

— בראַוואָ, רויטער, בראַוואָ!... אַ דאַנקעלע אַ גרויסן!...

*****

**די שטורמישע** אויסרופן פון די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהאַלטן אַ שטיקל צייט. אין זעמליאַנקע האָט זיך געטומלט ווי ביי אַ גרויסן יאָנטעוו. לויט דער פרייד און די רייד פון די יאַטן, איז זיכער געווען, אַז זיי האָבן פאַרשטאַנען און זענען געשטאַנען מיט אונדז. עס איז שוין זיכער געווען, אַז קיין געפאַר פאַר אַן אָנפאַל מיצאַד זיי, איז שוין מער ניט געווען. דאַווידאָוו האָט דערפילט די דאָזיקע זיכער-קייט און זיך געקליבן אַרונטערצוגיין פון דער בינע. ער האָט זיך אָבער, זעט אויס, דערמאַנט אין עפּעס און ווידער גענומען רעדן:

— איך וואָלט אייך, ברידער, איצט געקאָנט דערציילן זייער פיל

ווענן די סיבעס, וואָס האָבן דערפירט צו דער איצטיקער איבערקערעניש. איך וואָלט אייך געקאָנט דערציילן די געשיכטע וועגן דעם שווינדלערישן פּאָפּ ראַספּוטין, דעם שיקערן פּויער, וועלכער האָט פּאַר אַ שטיק צייט געפירט די גרענדע אינעם צאַרישן הויף און זיך פּאַשעט געשפּילט מיט אונדזערע לעבנס, ווי מיט שפּענדלעך... איך וואָלט געקאָנט דערציילן, וועגן דעם פּאַראַט און שפּיאָנאַזש פון אונדזער פריערדיקן קריגס־מיניסטער סוכאָמלינאָוון, וועלכער האָט גראָד סאַמע ערעוו דער מילכאָמע פּאַראָרדנט פּאַנאַנדערצעוואַרפן אונדזערע פעסטונגען אין די גרענעץ־געביטן, קעדיי צו געבן דעם סוינע אַ לייכטן שליט־וועגס צו אונדז אין לאַנד אַריין... איך וואָלט אייך געקאָנט דערציילן וועגן דעם, אַז גראָד בעאייס מיר פירן מילכאָמע מיט די דייטשן, האָט מען ביי אונדז באַשטימט אַ דייטש פאַר קריגס־מיניסטער...עס איז אָבער איצט ניט די צייט דערויף. מיר וועלן זיך נאָך דורכרעדן וועגן דעם ביי אַ צווייטער געלעגנהייט. דערווייל, אָבער, רוף איך אייך, ברידער, אַז איר זאָלט שטיין צוזאַמען מיט אונדז, מיטן פאָלק, קעדיי איינאייינעם צו דערפירן דאָס לאַנד צו פרייהייט און גליק פאַר אונדז אַלעמען!...

איבער דער צייט וואָס דאַווידאָוו האָט גערעדט, איז דער קאָמאַנדיר געזעסן אויף דער בינע, לעבן אַ טישל, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָנ־טערגעלאָזט און געשוויגן. אָבער באַלד ווי דאַווידאָוו איז נאָר שטיל געוואָרן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, מיט אַ שמייכעלע אַנטקעגנגעטראָגן דאַווידאָוון זיין האַנט און — גאַנץ העפלעך, כאָטש מיט אָנזעבאַרער ביטערקייט — אַ זאָג געטאָן צו אים:

— איר וועט מיר מויכל זיין, ע...אונטעראָפיציר... ווי איך זע, ביסטו, מיין איך, זייט איר, אַ קלוגער און גוט־אינפאָרמירטער באָכער. פאַרשטייט איר דאָך אַוואַדע, אַז ניט פון שלעכטקייט האָב איך געהאַנדלט אַזוי, נאָר... און אויב עס איז טאַקע אַלץ אַזוי ווי איר האָט דאָ איצט דערציילט, האָב איך גאָרניט צו אייך, פאַרוואָס איר האָט פריער ניט געוואָלט שפּילן דעם הימן. כאָטש צוריקגערעדט, וואָלט איר, בלויז צוליב אויספאָלגן מיין באַפעל, דעם באַפעל פון אייער קאָמאַנדיר, דאָס יאָ געדאַרפט טאָן. אָבער...לאָמיר פאַרגעסן וועגן דעם. איך בין אייך מויכל. איך האָף אָבער, אַז איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן, ווען איך וועל אייך איצט פאָרשלאָגן צו שפּילן דעם פראַנצויזישן הימן, ווי אַ צייכן פון פריינטשאַפט צו אונדזערע פאַרבינדעטע; אויף צו באַווייזן, אַז וואָס עס זאָל ניט האָבן פּאַסירט ביי אונדז אינעם לאַנד, זענען מיר גרייט אָנצוהאַלטן אונדזער קאָוועד און אונדזער וואָרט, און בלייבן צוזאַמען מיט זיי אין דעם קאַמף, ביז...

דאַווידאָוו האָט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל געטאָן, באַפרייט זיין האַנט פון קאָמאַנדירס און אַ וואונק געטאָן צו דער קאָמאַנדע, אַז מען זאָל זיך גרייטן אויפצושפּילן די מאַרסעלעזע. און בעאייס די יאַטן האָבן גענומען בלעטערן די נאָטן-ביכער, האָט ער, דאַווידאָוו, דערווייל מיט גלייכגילטיקער איראָניע, געלאָזן אַ זאָג געטאָן צום קאָמאַנדיר:

— אייער הויך-וואויל-געבירטיקייט, די דאָזיקע זאַך וועלן מיר יאָ שפּילן, אָבער ניט ווי אַ צייכן פון לאָיאַלקייט צו די פאַרבינדעטע, און אַוואַדע ניט פאַר אַ ווייטערדיקן שטיין מיט זיי אין דער מילכאָמע, נאָר ווי אַ צייכן פון דער רעוואָלוציע, ווי אַ הימן פאַר אונדזער נייער, יונגער רעפּובליק...

דער קאָמאַנדיר האָט געשוויגן. די אינסטרומענטן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן קעגן די העל-לויכטנדיקע גאַז-לאָמפּן און באַלד האָט איבער דער זעמליאַנקע אַ הילך געטאָן דער שאַלנדיקער סיגנאַל פון דער אַזוי זעלטן-געשפּילטער מאַרסעלעזע. און מאָדנע: כאָטש קיינער האָט וועגן דעם קיין וואָרט ניט געלאָזט פאַלן, איז די גאַנצע ראָטע — ווי איין מאַן — אויפגעשפּרונגען פון די פּלעצער און סאַלוטירט...

*****

**אינמיטן** דער פאַרשטעלונג איז צו אונדז אין זעמליאַנקע אַריינגעלאָפן פּעררוין. ער איז געווען דער עלטסטער שרייבער פון קאַנצעלאַריע און אַ מיטגליד פון אונדזער גרופּע. געווען איז ער זייער הויך און דין, מיט אַ פּאָר לאַנגע דאַרע פיס און מיט אַ לאַנגן דינעם האַלדז, נאָר ווי ביי אַ זשיראַפע. מיט עטלעכע שפּרייזן איז ער שוין געווען לעבן אונדז. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן גרוב, גערעדט אין דער שטיל וועגן עפּעס מיט גרישונינען און דערביי עפּעס אַזוי שטאַרק געוואָרפן מיט די לאַנגע הענט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די איבעריקע יאַטן פון דער גרופּע, — דורך דער צייט וואָס מיר זענען געווען פאַרנומען אינעם טעאַטערל — געהאַט אויף דער גיך אַ שטיקל באַראַטונג און דערקלערט די גאַנצע גרופּע פאַרן צייטווייליקן קאָמיטעט פון פּאָלק. זיי האָבן אויך באַשלאָסן, אַז אויב די ראָטע וועט נאָר אַרויסווייזן לאָיאַלקייט צו דער רעוואָלוציע און, אויב עס וועט נאָר זיין זיכער, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף די סאָלדאַטן, — זאָלן זיי גלייך איבערנעמען דעם קאַראַאול איבערן פּאָלק, ביז עס וועט קלאָר ווערן די שטעלונג פון אַלע איבעריקע ראָטעס פונעם פּאָלק...

גרישונין, וועלכער איז — לויט פּעררוינס מעלדונג — באַשטימט

געוואָרן פאַרן קאָמענדאַנט, האָט גלייך אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם שווערן באַס און איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בינע. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט דאַווידאָוון און יענער האָט זיך באַלד אַ ווענד געטאָן צו די סאָלדאַטן:

— און איצט, כאַווײרים, וועט צו אייך רעדן כאַווער פּערווין. איר קענט אים אַלע. ער איז איינער פונעם צייטווייליקן קאָמיטעט.

די סאָלדאַטן האָבן אַפּלאָדירט און פּערווין — מיט זיין גאַנצער הויך — האָט אַ בריטן שפּרייז געטאָן איבערן גרוב, אויך אַרויף אויף דער בינע און — מיט פּונקט אַזאַ דינינקער שטימע ווי ער אַליין איז געווען — גענומען רעדן:

— כאַווײרים סאָלדאַטן! — האָט ער אַ פּיסטשע געטאָן אויף אַ דינעם פאַלצעטל, — איר האָט שוין פון כאַווער דאַווידאָוון געהערט, אַז אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע!... איר דאַרפט אָבער וויסן, אַז די דאָזיקע רעוואָלוציע איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. מען קאָן זאָגן, אַז זי האָט זיך ערשט קוים אָנגעהויבן. יאָ, מען וועט ערשט דאַרפן גרינדן אַ רעפּובליק פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, אַ רעפּובליק, וואו אַלע מענטשן פונעם לאַנד וועלן זיין פריי. און דאָס צו דערגרייכן — איז ניט אַזוי לייכט!... צווישן די נעכטיקע הערשער זענען נאָך פאַראַן פיל אַזעלכע, וואָס וועלן זיך ניט וועלן אַזוי לייכט אונטערגעבן; וואָס וועלן זיך ניט וועלן אַזוי לייכט שיידן מיט זייערע פריערדיקע פּריווילעגיעס און וועלן מיט אַלע מיטלען אַוואַדע זוכן אַרויפצוצווינגען אויף אונדז אַ נייעם צאַר מיט דער אַלטער שקלאַפעריי. מיר וועלן דעריבער דאַרפן פאַרזיכטיק קוקן אין זייערע פינגער אַריין. מיר וועלן זיי דאַרפן היטן, אַז זיי זאָלן ניט פּראָבירן באַאייַנפלוסן יענע סאָלדאַטן, וועלכע וויסן נאָך גאָרניט וואָס אַזעלכעס עס איז דאָ פאָרגעקומען; וואָס אַזוינס עס איז אַ רעוואָלוציע און פאַר וועמעס נוצן זי איז. מיר וועלן אויך דאַרפן כאַפּן אַ קוק אויף יענע סאָלדאַטן גופא, ביז מיר וועלן זיי ניט האָבן אויפגעקלערט וועגן אַלעם, אַזוי ווי מען האָט אייך דאָ אַלץ דערקלערט. דערפאַר וויל דער קאָמיטעט אייך איצט שטעלן אַ פראַגע, און דאָס איז: צי זענט איר גרייט מיטצוהעלפן אין דער רעוואָלוציע?... זענט איר גרייט זי צו פאַרטיידיקן?...

— יאָ, מיר זענען גרייט!...זיכער!...— האָט זיך אַ שטורמישער ענטפער אַ שניט געטאָן איבער דער זעמליאַנקע פון אַלע זייטן.

פּערווין האָט צופרידן אַ רייב געטאָן די הענט:

— אויסגעצייכנט, כאַווײרים, זייער גוט!... דאַן וועט איר גלייך דאַרפן איבערנעמען דעם קאַראַאול אין פּאָלק אויף איבער נאַכט, ביז מיר

וועלן האָבן אַ געלעגנהייט זיך דורכצורעדן מיט די אַנדערע ראָטעס. די אינסטרוקציעס, וואָס צו טאָן, וועלכע פּאָסטנס צו פאַרנעמען און אף וואָס אַכטונג צו געבן,— וועט איר גלייך קריגן פון אונדזער כאַוועך גרישונינען, וועלכער איז פונעם צייטווייליקן קאָמיטעט באַשטימט געוואָרן פאַרן דערווייליקן קאָמענדאַנט איבערן פּאָלק. איך שלאָג דעריבער פאָר, אַז אַ האַלבע ראָטע אייערע זאָל שוין אַריבערלויפן צו זיך אין טראַנשייע, אַריבערברענגען אַהער דאָס געווער פאַר דער גאַנצער ראָטע, קעדיי צו קאָנען פאַרנעמען די פּאָסטנס אינעם קאַראַאול און אַזויאַרום דינען די רעוואָלוציע ווי געהעריק!...

עס האָט געדויערט עפּשער אַ מינוט בלויז און צוויי זוואָדן זענען אַוועק נאָכן געווער. די טעאַטער-שפּיל האָט מען שוין, באַטירלעך, ניט פאַרענדיקט. ניט עס איז עמעצן מער געלעגן אין זינען אָפּצוגעבן זיך דערמיט און ניט מען האָט געוואָלט דערלאָזן אויסצופירן. די נאַריש-באַליידיקנדיקע צוגעגרייטע שפּילן, מען האָט בלויז געדאַרפט געבן די סאָלדאַטן אָפּצועסן דעם צוגעגרייטן יאָנטעוודיקן מיטיק. די פאַרבליבענע יאַטן האָבן דעריבער דערווייל געגרייט די „טישן” און — אַזוי גיך ווי יענע האַלבע ראָטע איז צוריקגעקומען מיטן געווער — האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט, אף גיך אָפּגעכאַפּט דאָס עסן און זיך אויסגעשטעלט — גרייט צו גיין אין קאַראַאול אַריין.

גרישונין, וועלכער האָט איבער דער צייט זיך דורכגערעדט מיט די יאַטן, האָט פון צווישן דער ראָטע אויסגעקליבן עטלעכע באַקענטע אונטעראָפיצירן און פאָשעטע סאָלדאַטן, וועלכע ער האָט באַשטימט פאַר די קאַראַאול-פירער. ער האָט זיי דערקלערט די פליכטן און אויפגאַבן, זיי איבערגעגעבן דעם אַלטן פּאַראָל פונעם קאַראַאול, צוזאַמען מיט אַ נייעם און אָנגעגעבן די וויכטיקסטע פלעצער, וואָס דאַרפן אָפּגעהיט ווערן. בעשטיקע האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז אויסער די געוויינטלעכע פּאָסטנס, זאָלן זיי איבערהויפּט זען צו כאַפּן אַ בליק אף די אָפיצירישע זעמליאַנקעס, אויפפּאַסן אף די אָפיצירן און אף זייערע באַוועגונגען, און וועגן יעדער פאַרדעכטיקער דערשיינונג גלייך מעלדן דעם קאָמיטעט...



# קאַפּיטל פּירונדרייסיק

**א**ינדרויסן, בעאייס מיר זענען אַרויס פון דער זעמליאַנקע, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט אין אָוונט. אפן פלאַץ אַרום איז שוין גאַנץ פינצטער געווען. די לעוואָנע — אַ גרויסע און רויטע, האָט זיך געהאַלטן אין אַרויסהויבן פון צווישן די בערג-הויקערס. אַ רויטלעך-גרויע טונקלקייט האָט איינגעהילט דעם גאַנצן באַרג-פלאַך און מאָדנע שווערע שאָטנס זענען אַרומגעקראָכן. אַרום האָט אַלץ אויסגעזען עפּעס אַזוי סוידעסדיק-געהיים, אַזוי שטיל-פאַרטראַכט, — אַז עס האָט אַזש אָנגעוואָרפן אַ שווערע איימע. עס האָט זיך געפילט אַן אויסטערלישע אַנדערשקייט. גרופּקעס סאָלדאַטן פון די קאָמאַנדעס, וואָס אַרום שטאַב, זענען געשטאַנען לעבן די זעמליאַנקעס און האָבן גערעדט צווישן זיך וועגן דער בייעס, וואָס האָט זיך בליץ-שנעל צעטראָגן איבערן באַרג. עס זענען אַפילע אָנגעלאָפן איינצלנע סאָלדאַטן פון די ראָטעס, וואָס אף דער פראָנט-ליניע דערביי, קעדיי לעבן שטאַב דאָ, אויסצוגעפינען מער פּראָטים וועגן אַלעם. מען האָט נאָך, עמעס, גערעדט אינדערשטיל, ווי אין מוירע צו געטרויען דאָס אייגענע מויל. ביסלעכווייז זענען די גרופּקעס זיך שטילערהייט פאַנאַנדערגעגאַנגען. בלויז איין גרופּע איז געבליבן. איז איינער אַוועק, איז באַלד צוגעקומען אַ צווייטער. דאָרט, אין יענעם רעדל, האָבן סאָלדאַטן זיך געאַמפּערט און איבערגעשפּאַרט איינער דעם אַנדערן מיט פאַרשידענע סוואָרעס...

די לעוואָנע איז דערווייל אַרויף העכער אפן הימל. דער שניי אין דער ווייטנס, אף די בערג-שפּיצן, האָט אָפּגעשטראַלט מיט זילבער. די לעוואָנע איז געשוואומען גיך-גיך איבער די שוימיק-ווייסע, שיטערע וואָלקנדלעך, פונקט ווי זי וואָלט זיך געיאָגט אַ קוק צו טאָן, וואָס עס הערט זיך אף די פראָנטן און ווי אַזוי די סאָלדאַטן האָבן אויפגענומען די בייעס. און יאַטן האָבן גערעדט:

— אַז עפּעס גלויבט זיך עס גאָרניט. — האָט איינער געטייניט.

— איר וועט מיר דערציילן, אַז אָט ערשט נעכטן איז עס נאָך געווען אַזוי, און היינט, גאָר פלוצלונג...

— ריכטיק. — האָט אַ צווייטער צוגעבאַמקעט. — וואָס הייסט?... עפּעס נאָר ווי עס וואָלט פונעם הימל אַרונטערגעפאַלן...

— נו, מאָל זיך, אַז עס איז שוין גאָרניט אַזוי אומגעריכט! — האָט אַ דריטער, אויך ניט מיט גרויס זיכערקייט, איבערגעשלאָגן, — באַשער מיר דאָ, אױף דער פּאָזיציע, האָבן עס ניט געוואוסט...

— פונדעסטוועגן, — האָט דער צווייטער זיך אַלץ געדונגען, — אַז דאָרט איז דאָך פּאָרט אַלץ געווען אַזוי פעסט, אַזוי זיכער...

— עט, שוין גאָרניט אַזוי פעסט און שוין גאָרניט אַזוי זיכער, — האָט אַן אַנדערער אים מעוואַטל געמאַכט, — וואָרים וואָס מיינט עס דען ביכלאַל פעסט און זיכער, אויב ניט שטיקעס?... אַ סימען האָסטו דאָך, אַז ווען ס'פּאָלק האָט נאָר געוואָלט, איז מיט איין קלאַפּ און — אויס...

— יאָ, — האָט דער ערשטער נאָך אַלץ ניט אָפּגעלאָזט, — דאָס איז טאַקע ריכטיק. אָבער ערשט נעכטן, דאַכט זיך, איז דאָך נאָך אַלץ אַזוי וואויל און פיין געווען... אָט, די הויף־דאַמע, וועלכע איז געקומען אַהער, האָט דאָך דערציילט, אַז...

— הערסט אַ כאָכעם, — האָט אים יענער ווידער איבערגעשלאָגן, — אָט טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרט איז שוין ניט געווען אַזוי פויגלדיק, האָט מען אַהערגעשיקט די הויף־דאַמע מיט די נעקייוועס, קעדיי...

— אוי, ס'איז דאָך פונקט ווי באַ די פלישטים. — האָט דוקעל אַ זאָג געטאָן, — ווען עס איז זיי געגאַנגען שלעכט, — האָבן זיי אויך אונטערגעשיקט אַ נעקייווע... איין קלייניקייט — נעקייוועס!...

עס איז אָנגעגאַנגען דער צוויי־בענדלדיקער ציפּראָוויטש, — דער אידישער פאַרוואַלטער פונעם פּאָלק־קרעמל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זעמליאַנקע לעבן דער קאַנצעלאַריע. געגאַנגען איז ער מיט זיינע געוויינטלעכע געמאָסטענע טריט און געשמייכלט מיט די רויטע, אָנגע־בלאָזענע בעקלעך, ווי אַן אויסגעפּוצטע ליאַלקע. דערפאַר וואָס ער האָט פאַרנומען אַזאַ אַמט איבעם פּאָלק, איז ער טאָמיד געווען גרויסהאַלטע־ריש און האָט געבלאָזן פון זיך ווי אַן אינדיק. זעלטן ער זאָל אַפילע עמעצן ענטפערן מיט אַ גוט־יאָר אױף אַ גוט־מאָרגן, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט זיך אים ניט געלוינט פון דער געשעפט־זייט. צוליב די זייטיקע פאַרדינסטלעך, סיי באַם איינקויפן סכוירעס און סיי באַם פאַרקויפן זיי, האָט ער זיך פאַרגונען צו גיין גוט אָנגעטאָן. ער איז געווען קימאַט דער איינציקער אין פּאָלק — אַ כוץ די אָפיצירן — וואָס האָט געטראָגן איבערגענייטע, געפּאַסטע שטיוול און אַ ספּעציעל־גענייטן גוטן שינעל.

געהאַלטן האָט ער פון זיך — אַ וועלט. באַ יעדער געלעגנהייט פלעגט ער זיך באַרימען, אַז ער שטאַמט פון רייכע עלטערן, טוואָרע סאָכרים, און אַז ער האָט שטודירט אַף דאָקטאָר און... ווידער וועגן דעם, פאַרוואָס ער איז ניט געוואָרן קיין „וואָלנע-אָפּרעדעלאַיעשטשע”, איז — ווי ער אַליין האָט געפּלעגט זאָגן — ווייל ער האָט זיך דערפון אַליין אָפּגעזאָגט. ביי אונדז האָט מען געמורמלט, אַז געטאָן האָט ער דאָס דערפאַר, ווייל לויטן געזעץ מוז אַ פּריווילעגירטער דינען בלויז אין אַקטיוון מיליטער און ניט אין קיין קאָמאַנדע, — אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געוואָלט. אַ סימען, אַז אָן אָט דער קלאַסיפיקאַציע האָט ער טאַקע געדינט בלויז אין קאָמאַנדעס און איז ענדלעך געוואָרן קראָם-פאַרוואַלטער. ער — אַזוי ווי ער האָט נאָר דערזען דאָס רעדל, — איז צוגעגאַנגען, זיך אַ ווייל איינגעהערט וועגן וואָס מען רעדט דאָרט און — כאָטש ער איז געגאַנגען פונעם קרעמל, אָן אַ באַגריף וועגן די פּראָטים פונעם פאָרגעקומענעם — גלייך גענומען אַלעמען איבערשפּאַרן. ער האָט געטיינעט, אַז בעאייס ער איז נאָך געווען אַ גימנאַזיסט, איז ער שוין געווען אַ סאָציאַליסט און אַז ער ווייסט דעריבער וועגן רעוואָלוציע מער פון יעדן איינעם דאָ... ער האָט גלייך פאַרנומען דעם אויבן אָן אין דער גרופּע, גערעדט וועגן אַלעם מיט אַזאַ זיכערקייט, מייסע אויטאָריטעט, און דערדצו נאָך יעדן איינעם בוצפעדיק איבערגעשפּאַרט און אַפילע אויסגעזידלט:

— וואָרים וואָס ווייסט דו, כאַמולע איינער? — האָט ער אַ געשריי געטאָן אַף אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט אים, ציפּראָוויטשן, געזאָגט עפּעס, וואָס איז אים ניט געפעלן. — עפּשער ביים פּאַשען די כאַזיירים דאָרט, אין שטינקענדיקן דאָרף באַ זיך, האָסטו זיך אויסגעלערנט די דאָזיקע זאַכן?... נו, און וואָס אַזעלכעס עס איז רעוואָלוציע — ווייסטו?... און וואָס עס הייסט קאָנסטיטוציע — פאַרשטייסטו?... און וואָס עס באַטייט אַ גרינדונג-פאַרזאַמלונג — באַגרייפסטו?...

יענער, אַז ער האָט דערהערט אָט די נאָך קיינמאָל ניט-געהערטע ווערטער, האָט זיך דערפילט געפאַלן און זיך אָפּגערוקט...

דער פעלדפעבעל נאַזאַראָוו, וועמען מען האָט נאָר-וואָס געהאַט אַרונטערגענומען פון קאַראַאול און פאַרביטן מיט אַ פּאָשעטן סאָלדאַט, אָן אונטעראָפיציר פון דער זיבעטער ראָטע, — איז אָנגעגאַנגען עפּעס אַ ברויגעזער און אָנגעבלאָזענער, ווי אַן אָפיציר וואָלט אים אויסגעזידלט. ער איז געגאַנגען מיט שווערע טריט און מיטן קאָפּ טיף פאַרזונקען... די ברייטע פּלייצעס זענען געווען ווי איינגעהויקערט און די הענט — פאַרלייגטע אַף הינטן, פאַרשטעקט אין די שינעל-אַרבל אַריין. קיין רעוואָלווער האָט ער שוין ניט געהאַט מיט זיך. אַפּאָנים, אַז דער בייער

קאַראַאול האָט אים אַנטוואָפּנט. עמעצער האָט אים צוגערופן:

— הער פּעלדפעבעל,— האָט יענער ניט אָן שטאָך אַ זאָג געטאָן,
— איר ווייסט דאָך אַלץ. איז וואָס זאָגט איר עפּעס וועגן דער רעז?...

דער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און בייזער צוגעוואָרפן:

— אַן אויסגעטראַכטע זאַך. איר'ט זיך שפּעטער דערקונדיקן!...

ציפּראָוויטש האָט זיך אָנגעצונדן:

— נו־נו, אַזעלכע זאַכן טראַכט מען ניט אויס, הער פּעלדפעבעל. פאַר אַזעלכע אויסטראַכטענישן דערשיסט מען געוויינטלעך!...

— וואָס זשע,— האָט באַזאַראָוו, שוין האַבנדיק פאַרבייגעגאַנגען, אויסגעדרייט דעם קאָפּ און האָפערדיק צוגעוואָרפן,— וועט מען טאַקע דערשיסן... איי וועט מען נאָך דערשיסן!...

ציפּראָוויטש האָט זיך דערשראָקן. ער האָט אַ ציטער געטאָן און איז אַנטשוויגן געוואָרן. איינער פון דער גרופּע, אַ שטאַפּעט, וועלכער איז אַביסל פריער געהאַט צוגעקומען און הינטער זיך געפירט זיין פערד באַם ציימל,— האָט אומדרייסט אַ בורטשע געטאָן צו די אַרומיקע:

— און איך, ברידערלעך, מיין אויך אַזוי, אַז עס מוז זיין גאָרניט מיט גאָרניט. בלויז אַן אויסגעטראַכטע מאַיסע און...מען וואָלט, כ'לעבן, געדאַרפט דעם רויטן קלעזמערוק, מיט די איבעריקע כעווריע פון יענער כאַליאַסטרע, גוט אָנברעכן די ביינער דערפאַר און...

איינער פון די יאַטן איז צוגעשפּרונגען צו אים און מיט אַ פויסט גלייך קעגן פּאָנים — אַ וואָרן געטאָן:

— זאָג עס נאָר באָכאַמאָל, דו אייזל באַמאַכטער. נו, זאָג עס נאָר באָכאַמאָל, וועסטו גלייך דערפילן וואָס עס מיינט ברעכן ביינער!...

דער שטאַפּעט האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען, גענומען דאָס פערד און בורטשענדיק זיך אָפּגערוקט. די גרופּע האָט ווייטער גערעדט און זיך איבערגעשפּאַרט. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס כאָטש זיי האָבן יאָ געגלויבט, אַז עס איז עמעס, האָבן זיי פונדעסטוועגן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק; ניט דערצערענען באַטשאַלסטווע און זיך ניט מישן אינעם גאַנצן אייסיק. איינער פון זיי — אַ זאַפּאַסנער, — האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק און אַפּאַטיש אַ זאָג געטאָן:

— עס זאָל זיך נאָר דאָסמאָל כאָטש ניט אויסלאָזן ווי אין דעם פינפטן יאָר, אָדער ווי דאָ ניט לאַנג צוריק... איך מיין... אַזוי ווי פון דער געשיכטע מיט דע־פּאָלע־פּאָלסקין...עך,— האָט ער מיטאַמאָל אַ זיפץ געטאָן,— ווי מען האָט עס דערשאָסן די פיר יאַטן...

אָט די דערמאָנונג האָט אַרויסגערופן אַ טרויעריקע שטימונג באַ די יאַטן פון דער גרופּע. עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע זיפצן און עס

איז גלייך שטיל געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס האָט מיטאַמאָל אַרויפגעוואָרפן אַ פּאַכעד אַף אַלעמען און זיי האָבן טאַקע מוירע באַקומען ווייטער צו רעדן. זיי זענען בלויז געשטאַנען, געשוויגן און אין אַ ווייל אַרום זיך איינציקווייז פאַנאַנדערגעגאַנגען.

אפן באַרג איז געוואָרן ליידיק. די איינזאַמע לעוואָנע איז—ווי מיט אויסגעלאָשענע אויגן— געשוואומען צווישן די שיטערע ווייסע וואָלקנדלעך גאַנץ הויך אין הימל. דאָס וועלדל דערבּיי האָט זיך ווי געסוידעט מיט אַ פאַרבּייליפנדיק ווינטעלע. פון ערגעץ דערבּיי האָבן זיך דערטראָגן די טריט פון אַ קאַראַאול, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט און פון צייט צו צייט זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן אַ בּליק אין איינעם פון די נידעריק-איינגעגראָבענע פלאַכע פענצטער פון די אָפיצירישע זעמליאַנקעס. דאָ און דאָרט האָט פון אַזאַ פענצטערל אַרויסגעשיינט אַ שוואַכע, צאַנקענדיקע און אומרואיקע ליכט פון אַ קליינעם קעראָסין־לעמפּל. עס איז געווען שטיל אַרום און אַרום. דערפאַר, אָבער, האָט זיך בּיי אונדז אין דער זעמליאַנקע איצט געטומלט מער ווי אַלעמאָל. דער קאָמיטעט האָט געהאַט די ערשטע אָפענע ספּעציעלע זיצונג...

*****

**קימאַט** די גאַנצע נאַכט איז דער קאָמיטעט געזעסן און געהאַלטן אין אויסאַרבּעטן פאַרשידענע פּלענער פאַר דער ווייטערדיקער אַרבּעט. די ערשטע זאַך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז באַלד אינדערפרי זאָל מען אַרויסרופן דעם פּאָלק פון די טראַנשייען, דערקלערן פאַר די סאָלדאַטן די באַדייטונג פון די געשעעענישן און דערבּיי אויסגעפינען זייער שטעלונג צו דער רעוואָלוציע, קעדיי פעסטצושטעלן אף וויפל מען קאָן און מען מעג זיך פאַרלאָזן אף זיי...

אינמיטן נאַכט, אין סאַמע בּרען פון די דיסקוסיעס איבּער עטלעכע אומקלאָרע פּונקטן, איז אַרייַנגעלאָפן דער דעזשורנע טעלעגראַפיסט און געבּראַכט מיט זיך אַ נייע טעלעגראַמע. דאָסמאָל איז עס שוין געווען אַ מעלדונג פון דער נייער רעגירונג גופע, דאָס איז געווען אַ באַפעל, באַצייכנט מיט נומער איינס, אונטערגעשריבּן פון די דומע־דעפּוטאַטן ראָדזיאַנקאָ, מיליוקאָוו, ראָדיטשעוו און פירסט לוואָוו. אינעם באַפעל איז געזאָגט געוואָרן, אַז צוליב דער רעוואָלוציע, וואָס איז געוואָרן דורכגעפירט אין לאַנד, ווערט איינגעשטעלט דער פּרינציפּ פון „פרייהייט, גלייכהייט און בּרידערלעכקייט”; אַז אַלע רוסישע אונטערטאַנען ווערן דערקלערט פאַר פרייע און גלייכבּאַרעכטיקטע בּירגער; אַז די סאָלדאַטן

ווערן אַנערקענט פאַר גלייכבאַרעכטיקט צוגלייך מיט די אָפיצירן. און דערפאַר — האָט זיך אינעם באַפעל ווייטער געזאָגט — ווערט אין דער אַרמיי, פון איין זייט, אָפּגעשאַפט דאָס טיטולירן און אַדרעסירן, וואָס סאָלדאַטן האָבן געמוזט באַנוצן אין זייערע ווענדונגען און ענטפערס צו די אָפיצירן און, פון דער אַנדערער זייט, דאָס אומווירדיקע און דערנידעריקנדיקע באַנעמען זיך מיט דער גראָבער ווענדונג „דו״, וואָס די אָפיצירן האָבן באַנוצט צו סאָלדאַטן...

דער אינהאַלט פון אָט דער טעלעגראַמע האָט מאַמעש אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פרייד ביי קימאַט אַלע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט און ביי אַלע איבעריקע יאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זעמליאַנקע און געהערט פאָרלייענען די נייעס. דער איינציקער, וואָס איז ניט געווען צופרידן, — איז געווען גריגאָריעוו. ווען מען האָט אים געפרעגט די סיבע דערפון, האָט ער אַפּאַטיש אַ דריי געטאָן מיט די ליפּן, געכאַפּט אַ קוק אין פּאַפּירל און פעסט אַ זאָג געטאָן:

— מיר געפעלן ניט די נעמען!... איך האָב ניט קיין צוטרוי צו די דאָזיקע מענטשן. אַ כשאַד האָב איך, אַז מיט אָט דעם באַפעל וויל מען אונדז אין זאַק אַריינבאַרן; מיקלוימערשט צואוואַרפן אַ לעקעכל די סאָלדאַטן, קעדיי עס זאָל דערנאָך לייכטער זיין איינצוגעבן סאַם... איך רעכן, אַז מען וועט דאַרפן גוט נאָכקוקן, וואָס עס געפינט זיך באַ זיי אין די אַרבל...קיין צווייפל, אַז דאָ איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס...

דאַווידאָוו האָט אים איבערגעשלאָגן:

— נאַרישקייטן, אַלטער היִנער-פּרעסער, נאַרישקייטן!... און איך גלויב, אַז דאָס האָבן זיי ניט געטאָן גלאַט אַזוי זיך, מיטן גוטן ווילן, אָדער פון פיינקייט וועגן...דאָס, זעט אויס, איז אַרויפגעצוואונגען אויף זיי געוואָרן פונעם פאָלק און פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאָלפן מאַכן די רעוואָלוציע און...

— פאַרוואָס זשע זענען דאָ ניט אונטערגעשריבן קיין סאָלדאַטן? — איז גריגאָריעוו ניט אָפּגעטראָטן, — פאַרוואָס זענען קיין פאַרטרעטער פון פאָלק ניט אַריין אין דער ציוויליקער רעגירונג, האַ?...

קיינער האָט אויף דער דאָזיקער פראַגע ניט געענטפערט. פאַר אַלעמען איז דאָס געווען אַן אומקלאָרער איניען. גרישונין האָט געקוקט דאָ אויף דאַווידאָוון, דאָ אויף גריגאָריעוון, און פאַרלוירן אַ פרעג געטאָן:

— אָבער מיר נעמען דאָך יאָ אָן די דאָזיקע טעלעגראַמע מיט דער מעלדונג? מיר ווייזן דאָך ניט צוריק די נייע איינשטעלונג, האַ?...

און באַלד דרייסטער צוגעגעבן:

— עס שאַדט דאָך ניט וואָס עס קומט פון זיי, ניט אַזוי?...

דאַווידאָוו האָט אַ לאַך געטאָן:

— נו, זיכער, אויב עס איז נאָר פאַרן פאָלקס טויווע וועגן און פאַר דעם נוצן פון דער רעוואָלוציע,— וועלן מיר אַפילע זייערע ציין און שקורעס אויך נעמען...

אַלע האָבן זיך פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט...

*****

**אינדערפרי**, באַלד נאָכדעם ווי דער קאָמאַנדיר האָט באַקומען אַ קאָפּיע פון דער טעלעגראַמע, דעם אַזוי־גערופענעם „באַפעל נומער 1", אָף אונטערצושרייבן פאַרן טעגלעכן פאָלק־באַפעל, — האָט ער אַריינגעשיקט זיין שטאַפּעט צו אונדז און געלאָזט וויסן, אַז ער וויל זיך דורכרעדן מיטן קאָמיטעט. מיר האָבן זיך דורכגערעדט אָף דער גיך און באַשלאָסן אים איינצולאַדן צו דער זיצונג אין טעאַטער־זעמליאַנקע, קעדיי צו הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

אַביסל שפּעטער איז דער קאָמאַנדיר אַריינגעקומען. מען האָט אים פאַרבעטן זיצן און פאָרגעלייגט, ער זאָל זאָגן וואָס ער וויל.

— ווי איר ווייסט, ברידערלעך,— האָט ער גענומען פּערלען זייבע ווערטער, אין אויסרעכענונג, אפּאָנים, צו מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק, — ווי איר ווייסט, בין איך פּערזענלעך אַלעמאָל געווען אַ ליבעראַלער מענטש. איך... איך בעט אייך דעריבער מיך ניט צו באַטראַכטן פאַר אַ סוינע, כאָלילע, נאָר פאַר אַן אייגענעם, — אַ נאָענטן און...

ער האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און פאַרטרויט, אַז ער איז אַן אַלטער, פאַרבאָרגענער מיטגליד אין דער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי „קאַ־דע"*) און — ווי אַזעלכער — פריער געגלויבט אין אַ מין באַשרענקטער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, אָפּן שטייגער פון ענגלאַנד, אָדער דייטשלאַנד, לעמאָשל, טאַקע מיט אַ צאַר, נאָר...

— איצט, אָבער,— האָט ער מיט אַ געמאַכטן פּאַטאָס צוגעגעבן,— איצט האָבן מיך די לעצטע געשעענישן איבערצייגט, אַז די מאָנאַרכיע אין רוסלאַנד — פּונקט ווי אומעטום — האָט שוין אָפּגעלעבט איר צייט און דאַרף פאַרביטן ווערן מיט אַ פאָלקס־רעפּובליק, אַזאַ, לעמאָשל, ווי אין פראַנקרייך, מיט אינטעליגענטע פאָלקס־פאַרטרעטער,— דערוויילטע פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג; אַז עס זאָל הערשן פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, מיט יוישער פאַר אַלעמען...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

*) איניציאַלן „ק — ד" פאַר: קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטיע.

— און איך מוז זיך דאָ מודיע זיין פאַר אייך,— האָט ער ביטערע פאַרשנדיק אַ מורמל געטאָן,— אַז איך זע די באַזע דערפאַר אין דעם איצטיקן פערסאָנאַל פון דער ציישווייליקער רעגירונג, ווען איך זאָג צו אין אייער געגנוואַרט צו דינען געטריי און איבערגעבן...

און קעדיי צו איבערציגן דעם קאָמיטעט אין דער ערנסטקייט פון זיינע רייד,— האָט ער פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל גלייך אַרויסרופן דעם פאָלק פון די טראַנשייען און אַרויסגעבן די סאָלדאַטן אַ שוואוע דער נייער אָרדנונג און צו דער ציישווייליקער רעגירונג.

דעם קאָמאַנדירס פאָרשלאַג וועגן אַ שוואוע, האָט אַרויסגערופן אַ הייסע דיסקוסיע. דאַווידאָוו איז געווען דער ערשטער צום רעדן קעגן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס איז פריצייטיק, און דערביי דערמאַנט דעם קאָמאַנדיר, אַז ערשט מיט אַ טאָג פריער האָט ער גאַנץ אַנדערש געהאַנדלט און זיך ניט אַזוי געאיילט מיט שוואועס:

— ווי קומט עס,— האָט ער שאַרף איראָניזירט,— וואָס אָט ערשט נעכטן, ווען עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז מען וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ שוואוע מיכאַאילן, וואָס האָט אויך געמיינט דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער שוואוע צו ניקאָלייען,— האָט איר עס געפּרואווט אָפּציען און דערביי פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אָפּוואַרטן ביז עס וועט אָנקומען אויספירלעכע נייעס, אָדער כאָטש אַ באַפעל אַזאַ?...איז עס ניט אַמאָל דערפאַר, וואָס איר האָט מורע, אַז דאָס פאָלק וועט אויך די רעגירונג ניט וועלן?...

דער קאָמאַנדיר, האָט מען געזען, איז רויט געוואָרן. ער האָט זיך גענומען דריייען און פאַרענטפערן, אַז דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דעמלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ נייעם צאַר אנשטאָט דעם פריערדיקן, האָט ער זיך ניט געוואָלט איילן צום שווערן. איצט אָבער, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ ליבעראַלער רעגירונג, דאַרף מען דאָס, פאַרשטייט זיך, מאַכן וואָס גיכער און...

— אַ נייע, יונגע רעגירונג, ספּעציעל אַ רעוואָלוציאָנערע,— האָט ער אין פאַטאָס גענומען געבן צו פאַרשטיין,— דאַרף האָבן דעם פאָלקס שוואוע ווי לופט!...אַ שוואוע גיט פּרעסטיזש דער רעגירונג און זי ווייסט דעמלט, אַז זי האָט זיך אויף וועמען אָנצושפּאַרן; אַז זי...

סטעפּאַקין, פּערווין און נאָך עטלעכע יאָטן פון קאָמיטעט, האָבן געהאַלטן מיטן קאָמאַנדיר, אַז מען מוז וואָס גיכער געבן דעם פאָלק אַ שוואוע. סטעפּאַקין האָט גאָר געאַרבעט מאַיסים:

אַ שוואוע,— האָט ער געשריגן,— בינט דאָך צו צו עפּעס און פאָדערט פון אַלעמען פאַראַנטוואָרטלעכקייט...אַ שוואוע וועט דאָך עפּעס פאַרפליכטן צו פאַרטיידיקן די רעגירונג, אין פאַל פון...נו...

גריגאָריעוו האָט אָפּגעענטפערט, זאָגנדיק, אַז כאָטש עס איז טאַקע עמעס, אַז די צייטווייליקע רעגירונג — ווי יעדע רעגירונג — בויטיקט זיך אין דעם צוטרוי פון פאָלק און דאַרף האָבן אַף וועמען זיך אָנצו־שפּאַרן,— איז אָבער דערווייל די סיטואַציע אַזאַ, וואָס עס איז אַפילע ניט באַוואוסט, צי זי האָט גאָר ביכלאַל פאַרדינט אַזאַ צוטרוי...

— פאַרדינט? — איז פּערווין אויפגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער און גענומען קווייטשען אַף זיין שפּיציקן פאַלצעטל,— ביי אייך איז נאָך פאַראַן אַ פראַגע, צי זי האָט עס פאַרדינט?... נו, און די טעלעגראַמע נומער איינס?... כ'מיין...— די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס זי האָט אונדז שוין געגעבן,— דאָס מיינט נאָך גאָרניט פאַר אייך?...

גרישונין, וועלכער איז געווען פאָרזיצער, האָט אַ קלונג געטאָן מיט אַ לעפל אין אַ קעסעלע אַריין און געבעטן פּערווינען, אַז ער זאָל ניט איבערשלאָגן ווען עמעצער רעדט, און אַז ער זאָל בעטן אַ וואָרט, אויב ער וויל עפּעס אויסזעצן. צו גריגאָריעוון האָט ער געזאָגט:

— גייט אָן, כאַוועך גריגאָריעוו, זאָגט וואָס איר האָט צו זאָגן!...

גריגאָריעוו האָט זיך אַ דריי געטאָן, געוואָרפן אַ בייזן בליק אַף פּערווינען און פאָרגעזעצט:

— ניין, כאַוועך פּערווין, דאָס באַווייזט גאָרניט. טאַקע אַבסאָלוט גאָרניט.— האָט ער שאַרף אַ טייטל געטאָן מיט אַ פינגער אַף יענעם און צוגעגעבן:— דערווייל ווייסן מיר בלויז איין זאַך; אַז די צייטווייליקע רעגירונג,— ווי זי איז צונויפגעשטעלט, באַשטייט פון לויטער פּריצים, פאַבריקאַנטן, לאַנד־באַזיצער און פירשטן, בלויז פון מענטשן, וועלכע זענען נאָך ערשט נעכטן געווען געשוואוירענע, געטרייע מאָנאַרכיסטן און, אין בעסטן פאַל — פאַרעווע און צעקראָכענע „קאַ־דעטן", אָדער קלוימערשטע ליבעראַלן. צו געבן פולמאַכט אַזאַ רעגירונג איצט, וואָלט געהייסן...און ווידער,— האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן און איבערגעשלאָגן זיינע אייגענע רייד,— ווייסן מיר סטאַם ניט אַף וואָסערע קויכעס זי שפּאַרט זיך אָן, אַף וועמען זי שטיצט זיך. מיר ווייסן ניט וואוהין זי גייט און וואָס זי וויל. אָט, מיר ווייסן דאָך אַפילע נאָך ניט וואָס איר שטעלונג איז אין דער פראַגע וועגן דער מילכאָמע...

גרישונין האָט אַפּאָנים פאַרגעסן, אַז ער איז דער פאָרזיצער און האָט זיך איראָניש פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אָהאָ, ברודער גריגאָריעוו, דאָס ווייסן מיר שוין דאַווקע יאָ אַקוראַט!... וואָרים וואָס קאָן מען דען דערוואַרטן פון פּריצים און פון קניאַזן?...קלאָר, אַז וועלף ציען אַלעמאָל אין וואַלד אַריין...

— און אַ כוץ דעם,— האָט גריגאָריעוו פאָרגעזעצט, — איז נאָך

אַ פראַגע, צו וואָס אַזאַ איילעניש ביכלאַל?... נאָך אַ טאָג, אָדער צוויי צו וואַרטן, וועט גאָרניט קאַליע מאַכן. נישקאָשע, עס וועט קיינעם ניט שאַטן, אַז מיר וועלן דערווייל קריגן אַביסל מער אינפאָרמאַציע און...

— און איך, כאַווײדימלעך, — האָט ראָדיאָנאָוו, דער טעלעגראַפיסט, בעאייס ער האָט באַקומען דאָס וואָרט, געגומען רעדן און דערביי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי צו מאַכן אַן אויסגלייך צווישן ביידע צדאָדים, — איך פאַרשטיי ביכלאַל ניט צוליב וואָס מען רייסט זיך אַזוי איבער אַ גאָרניט. אַז מיר גייט ניט אין לעבן, צי יאָ שוואַרע, צי ניט שוואַרע... און אַז יאָ אַ שוואַרע — איז וואָס?... וואָרים וואָס מיינט דען איבגאַנצן אַ שוואַרע? — גאָרניט מיט גאָרניט. נו, אַדראַבע טייערינקע, איך פרעג אייך: צוליב וואָס דאָס אַרומרייסן זיך?...

ער האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט און דערביי געוואָרפן שמייכלעך סיי צו דאַווידאָוון, סיי צו סטעפּאַקינען און סיי צום קאָמאַנדיר. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט זאָגן:

„אַ־יאָ, איך בין אַ פיינער, פרידלעכער מענטש?...”

סטעפּאַקין האָט ווידער גענומען רעדן:

— וואָס האָט איר עפּעס אַזוי מורא פאַר אַ שוואַרע? — האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען, — וואָרים וואָס איז עס דען?... ראָדיאָנאָוו האָט טאַקע ריכטיק אָנגעוויזן: אַ שוואַרע איז בלויז אַ פאָרמאַליטעט, פון וועלכער מען קאָן זיך טאָמיד אָפּוואַרפן... אָט, — האָט ער געשריגן און דערביי אַפּאָנים פאַרגעסן וואָס ער האָט פריער געזאָגט, — אָט האָבן מיר דאָך אַמאָל געגעבן אַ שוואַרע דעם צאַר. האָט עס דען אונדז געשטערט, ווען עס איז נויטיק געוואָרן, זיך אָפּצוזאָגן פון איר?...

— דאָס איז ריכטיק! — האָט פּעטרווין אויסגעשריגן און שטאַרק אַפּלאָדירט, — ריכטיק ווי גאָלד!...

מען האָט די פראַגע גענומען אויף צום אָפּשטימען. גרישוטין האָט אָפּגעציילט פיר אַרויפגעהויבענע הענט פאַר אָפּגעבן די שוואַרע, דריי — און זיינע, די פערטע — קעגן. איין ראָדיאָנאָוו האָט זיך איבגאַנצן אָפּגעהאַלטן פון צו שטימען.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אומבאַקוועם געדרייט און געבעטן, אַז מען זאָל נאָכאַמאָל איבערשטימען. דערביי האָט ער שטייף געקוקט אויף ראָדיאָנאָוון און שאַרף באַטאָנט, אַז אין אַזאַ וויכטיקער פראַגע דאַרף יעדער איינער שטימען. מען האָט אים צוליב געטאָן, אָבער עס האָט אַלץ ניט געהאָלפן. צו קיין אויסגלייך איז מען ניט געקומען. עס איז דע־ריבער געבליבן, אַז מען זאָל די גאַנצע פראַגע איבערגעבן דעם פאָלק גופא און זאָלן די סאָלדאַטן אַליין באַשטימען וועגן דעם...

צוליב דעם איז גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ באַפעל איבער דעם פּאָלק, צו די טראַנשייען, אַז די ראָטעס זאָלן נאָך דעם זעלבן טאָג, אין אַ באַשטימטער שאָ, אַרויסקומען און זיך פאַרזאַמלען אפן פּלאַץ, וואָס לעבן דער שטאַב־קאַנצעלאַריע...

*****

**אַרום** מיטיקצייט האָבן די ראָטעס אָנגעהויבן זיך רירן פון זייערע פּאָזיציעס. און קעדיי אויפצופאַסן אפן פּראָנט, האָט יעדע ראָטע איבערגעלאָזט באַ זיך אין דער טראַנשייע בלויז צו עטלעכע סאָלדאַטן, אָף צו האַלטן וואַך. דער פּאָלק האָט מאַרשירט אין איילעניש. עס איז קלאָר געווען, אַז די סאָלדאַטן זענען זייער גערן געווען אויסצוהערן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. די יעדיע וועגן דער איבערקערעניש איז צו זיי אָנגעקומען אומקלאָר און פאַרנעפּלט. די יאַטן, וועלכע זענען צופעליק געהאַט געווען באַם שטאַב און האָבן דאָ און דאָרט אויפגעכאַפּט אַ צופעליק וואָרט,— האָבן עס אין פאַרשידענע וואַריאַציעס און — מערסטנס גאָר אַנדערש — איבערדערציילט. מען האָט בלויז געוואוסט, אַז אין לאַנד איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש. דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" האָבן יאַטן נאָך מוירע געהאַט אַרויסצורעדן. קיינער האָט נאָך אָף קלאָר ניט געוואוסט, ווער, וואָס און ווען. אַפילע די קלענערע אָפיצירן פון די ראָטעס,— זיי האָבן נאָך אויך קימאַט ווי ניט געוואוסט פיל מער ווי דאָס, וואָס זיי האָבן געלייענט אין באַפעל איבערן פּאָלק: אַ קאָפּיע פון דער ערשטער מעלדונג, אַז דער צאַר איז קראַנק געוואָרן און האָט איבערגעגעבן דעם טראָן מיכאַאילן. דאָס, וואָס די זיבעטע ראָטע איז מיט אַן אָוונט פריער— באַלד ווי זי האָט זיך דערוואוסט וועגן אַלעם— גלייך אַוועק אין קאַראַאול און ניט צוריק אין טראַנשייע,— האָט גוירעם געווען, אַז די נייעס זאָל נאָך דערווייל ניט אַזוי קלאָר האָבן דערגאַנגען צום פּאָלק...

מיט שאַרפן אומגעדולד אָף די פּעניִמער האָבן די סאָלדאַטן זיך אָף גיך צעשטעלט אין אַ קאָלאָנע, לעבן דער קאַנצעלאַריע. באַלד זענען אַרויס אַלע ביין מיטגלידער פון קאָמיטעט און זיך געשטעלט אין אַ זייט. מען האָט געשיקט נאָכן קאָמאַנדיר. ער — אַזוי גיך ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן אין דער טיר פון זיין זעמליאַנקע — האָט נאָך פון ווייטן צוגעוואָרפן די געווייִנטלעכע באַגריסונג:

— געגריסט, ברידערלעך!...

די סאָלדאַטן האָבן נאָך וועגן דער לעצטער טעלעגראַמע איבגאַנצן

ניט געוואוסט, פּונקט ווי זיי האָבּן נאָך ניט געוואוסט וועגן אַנדערע זאַכן. דער טעגלעכער באַפעל איז נאָך יענעם טאָג ניט געהאַט צעשיקט געוואָרן איבער די ראָטעס. קיינער האָט זיך אַפילו ניט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז צום לעצטן מאָל, וואָס עס קומט אויס אַזוי צו ענטפערן. דער פּאָלק האָט, דעריבּער,— געהאַקט ווי שטענדיק — אָפּגעענטפערט:

— מיר ווינטשן געזונט, אייער הויך-וואויל-געבּירטיקייט!...

דער קאָמאַנדיר האָט אומבּאַקוועם אַ שמייכל געטאָן און זיך דערבּיי צערויטלט. מען האָט געזען, אַז ער האָט זיך געפילט געקווענקלט אין געגנוואָרט פונעם דערבּיי-שטייענדיקן קאָמיטעט. ער האָט זיך אָבּער געמאַכט ניט-ווייסנדיק און איז בּעענטער צוגעגאַנגען:

— בּרידערלעך,— האָט ער מיט אַ שמייכל הויך אויסגעשריגן,— אייגנטלעך וואָלט איך, אייער קאָמאַנדיר, אַזוי צו זאָגן, אייך איצט געדאַרפט דערציילן וועגן וואָס מען האָט אייך גערופן אַהער און וועגן וואָס עס האַנדלט זיך בּיכלאַל. איך גלויבּ אָבּער, אַז עס וועט זיין פיל וויכטיקער, ווען דאָס וועט אייך דערציילן ניט איך, נאָר...

ער האָט אָפּגעווישט דעם שוויס, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַ גאָס געטאָן פון זיין פּאָנים און פאַרגעזעצט:

— דאָסמאָל, בּרידערלעך, וועט צו אייך רעדן איינער פון אייך, אַ פּאָשעטער סאָלדאַט, אַזוי צו זאָגן. איך פאָדער אייך דעריבּער אויף, ספּעציעל די הערן אָפיצירן, אַז איר זאָלט זיך אויפמערקזאַם צוהערן צו דעם וואָס ער האָט אייך צו זאָגן און ניט שפּרינגען כאָלילע פון דער הויט איבּער אומדערוואַרטע און עפּשער אויך אומאַנגענעמע רייד. איר זאָלט געדענקען, אַז דער דאָזיקער סאָלדאַט, וואָס וועט רעדן צו אייך, איז דער, אַזוי צו זאָגן, איצטיקער בּייער קאָמענדאַנט פונעם פּאָלק און דעריבּער...דעריבּער — האָט ער איבּערגעבּיסן דעם טאָן פון זיינע רייד — האָבּ איך דעם גרויסן פאַרגעניגן איצט פאָרצושטעלן פאַר אייך דעם בּייעם קאָמענדאַנט, אונטעראָפיציר גרישונין...

די סאָלדאַטן זענען געשטאַנען שטייף-אָנגעצויגן און זיך אַפילו קיין באַוועג ניט געטאָן. מען האָט מיט גאָרניט געקאָנט דערקענען וואָס פאַר אַ ווירקונג דעם קאָמאַנדירס רייד האָט געמאַכט אויף זיי. גרישונין האָט געמאַכט עטלעכע בּרייטע שפּרייזן פאָרויס און — אין ציטערניש, אוואַדע דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען בּיי אים דאָס ערשטע מאָל צו רעדן פאַר אַ גאַנצן פּאָלק — אָנגעהויבּן:

— בּרידער און כאַווײרים! — האָט ער אַ דונער געטאָן מיט זיין פעסטער, אָבּער וואַקלענדיקער שטימע,— איידער איך הויבּ אָן רעדן צו אייך, וויל איך אייך דאָ אָנזאָגן, אַז אונדזער לאַנד, רוסלאַנד, איז

שוין איצט פריי!..איך וויל אייך, דעריבער, פריער פון אַלעם באַגריסן, ווי פרייע בירגער פון דעם נייעם, פרייען רוסלאַנד. און מיט גרויס פרייד שריי איך דערפאַר איצט אויס צו אייך, ברידער מיינע, זאָל לעבן דאָס פרייע רוסלאַנד!...זאָל לעבן די פרייהייט!...

פון גרויס איבעראַשונג האָט דער פאָלק געשוויגן. בלויז דאָ און דאָרט האָבן עטלעכע סאָלדאַטן ווי אומדרייסט אַ ברום געטאָן אַ שטילן „הוראַ” און זענען גלייך — דערזעענדיק, אַז די איבעריקע שווייגן, — אַליין אויך אַנטשוויגן געוואָרן.

גרישונין האָט טיף איינגעאָטעמט אין זיך און גענומען רעדן. אין קורצן האָט ער איבערגעגעבן וועגן דער פאָרגעקומענער רעוואָלוציע, ווי אַזוי און פון וועמען זי איז געמאַכט געוואָרן, און דערקלערט, אַז דערוויילע, ביז עס וועט צונויפגערופן ווערן אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג, וואָס וועט דאַרפן באַשטימען וואָס עס זאָל זיין ווייטער, איז באַשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקע רעגירונג און אַז...

— יאָ, ברידער, — האָט ער מיטאַמאָל אַ דערהויבענער אויסגערופן, — שוין ניטאָ מער קיין צאַר און קיין זעלבסטהערשונג אין רוסלאַנד! אַ פרייע רעפּובליק איז דערקלערט געוואָרן! פרייע מענטשן זענען מיר איצט — פרייע בירגער!...באַגרייפט איר וואָס דאָס מיינט?!...

ער האָט אַ ווייַע געטאָן מיט אַ פּאַפּירל אינדערהויך און זיך גלייך גענומען פאָרצולייענען דעם אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע. פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָט ער דערקלערט די באַדייטונג דערפון און געזאָגט אַז יעדער איינער דאַרף זיך איצט פאַרטראַכטן וועגן דער וויכטיקייט פון דער רעוואָלוציע און מוז זיך פאַרפליכטן אָפּצוהיטן די געוואונענע פרייהייטן מיט אַלע מעגלעכע קויכעס:

— זי איז פאַר אונדזערטוועגן! — האָט ער אויסגעשריגן, — און מיר דאַרפן זי אַפילע מיטן אייגענעם בלוט פאַרטיידיקן!...

פאַר אַ ווייל, האָט עס אויסגעזען, זענען אַלע סאָלדאַטן געבליבן שטיין ווי פאַרשמעלעט און באַוועגלאָז. באַלד האָבן זיי גענומען קוקן אויף זייערע אָפיצירן, ווי אין דערוואַרטונג, אַז יענע זאָלן באַשטעטיקן גרישונינס רייד. דערביי האָט זיך אין די רייען אָנגעהויבן אַ שטילער געמורמל. איינער מיטן אַנדערן האָט זיך גענומען איבעררעדן, ווי צום איבערצייגן זיך, צי יענע האָבן אויך אַזוי געהערט. גרישונין האָט דאַן אַ הויב געטאָן זיין האַנט, געבעטן, אַז מען זאָל זיך באַרואיקן און אים אויסהערן ווייטער.

דער פאָלק איז שטיל געבליבן. גרישונין האָט דאַן דערקלערט די סאָלדאַטן צוליב וואָס מען האָט זיי אַרויסגערופן; איבערגעגעבן וועגן

די צוויי באַזונדערע מיינונגען פון די קאָמיטעט־מיטגלידער און גלייך — אָן איבעריקע רייד — געגעבן דאָס וואָרט צו איינעם און צום אַנדערן פון די צדאָדים. יענע האָבן פאָרגעלייגט זייערע טאַינעס און מאָטיוון; גערעדט מיט פייער און איבערגעכאַזערט קימאַט דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן גערעדט ביי דער זיצונג פונעם קאָמיטעט.

דער קאָמאַנדיר האָט אויך גערעדט. ער האָט גערופן די סאָלדאַטן, זיי זאָלן באַווייזן, אַז זיי זענען אַן אָרגאַניזירטע אַרמיי, דורך שטימען פאַר יאָ אָפּצוגעבן די שוואָרע:

— דאָס גאַנצע לאַנד קוקט איצט אַף אייך אין דערוואַרטונג,— האָט ער אויסדעקלאַמירט אַפן טעאַטער־שטייגער.— דאָס איז אַ היסטאָרישער מאָמענט, וואָס וועט אַנטשיידן דעם גורל פון אונדזער ליבן לאַנד אויך אַף ווייטער!...וועט איר אַנטוישן דעם גלויבן אין אייך?!...

סטעפּאַקין און פּערווין האָבן געשטיצט דעם קאָמאַנדירס אַפּיל און אַף זייער אייגענעם אויפן גערופן די סאָלדאַטן צו שטימען „יאָ"...

דער לעצטער פון די רעדנער איז געווען דאַווידאָוו. ער האָט דאַן אָנגעוויזן, אַז אָפּצוגעבן אַ שוואָרע דער צייטווייליקער רעגירונג שוין, איידער עס איז אַפּילע קלאָר געוואָרן איר שטעלונג צו דער מילכאָמע, איז פּונקט ווי אָפּצוגעבן אַ שוואָרע אַף אָנצוהאַלטן די מילכאָמע, וואָס ווערט געפירט קעגן דעם ווילן פון די מאַסן און פאַר די אינטערעסן פון אַ הייפעלע אַוואַנטיוריסטן־קאַפּיטאַליסטן. ער האָט אויך גערעדט וועגן דער רעוואָלוציע גופע, וועגן די קאַמפן און וועגן דער גרויסער צאָל קאָרבאָנעס וואָס זי האָט צוגענומען. מיט אַ ציטער אין זיין שטימע, האָט ער געמאָלן בילדער פון די טליעס, קאַטאָרגעס, טפיסעס, פאַרשי־קונגען, פּייניקונגען און דערשיסונגען, וועלכע האָבן צוגענומען מאַסן לעבנס פון יענע קעמפער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער רעוואָלוציע און פאַר דער באַפרייאונג פונעם גאַנצן פאָלק...

— אָבער אָט די אַלע קאָרבאָנעס, — האָט ער ביים סאָף הילכיק אויסגערופן,— זענען דאָך ניט פאַרפאַלן געוואָרן אומזיסט!... זיי האָבן אונדז, דעם פאָלק, דאָך געבראַכט פרייהייט!... דאָ, אָבער, אין דער פאַרברעכערישער מילכאָמע, זענען אַלע קאָרבאָנעס, וואָס מיר ברענגען, בלויז פאַרן נוצן פון די רייכע און פּאָמיעסטשיקעס, — פאַר די, וואָס ווערן נאָך רייכער פון אונדזער פאַרגאָסענעם בלוט!...

דער פאָלק איז געשטאַנען שטיל און אומבאַוועגלעך,— עפּעס נאָר ווי היפּנאָטיזירט. די סאָלדאַטן — אָנגעצויגענע און שטייפע, — האָבן איינגעהאַלטן זייערע אָטעמס און זיך גאַנץ אויפמערקזאַם איינגעהערט אין דאַווידאָווס רייד. ער האָט פאַרענדיקט:

— געדענקט זשע, כאַווײרים, אַז באַלד, ווען איר וועט שטימען, צי מיר זאָלן אָפּגעבן אַ שוואַרע דער צייטווייליקער רעגירונג,— זאָלט איר דערבײַ אײַנזינען האָבן, אַז אַ שוואַרע וועט צוגלייך אויך זײַן אַ גוטהייסונג אָנצוגיין ווײַטער מיט דער מילכאָמע!...

נאָך דאַווידאָוון איז גרישונין ווידער אַרויס אין פּאָרויס. ער האָט דערקלערט די סאָלדאַטן, אַז אין פאַרבינדונג מיט דער דערהאַלטענער טעלעגראַמע און די באַקומענע רעכטן, זאָל מען זיך ניט שרעקן פאַר קיינעם און שטימען פריי, ווי מען רעכנט אַז עס איז ריכטיק.

ער האָט זיך אויסגעהוסט און הויך אויסגערופן:

— נו, כאַווײרים, ווער פון אײַך עס איז פאַר אָפּגעבן די שוואַרע דער צייטווייליקער רעגירונג שוין איצט, זאָל אויפהויבן די ביקס!...

דער פּאָלק האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן. גרישונין האָט דאַן ווידער אויסגערופן:

— און איצט, כאַווײרים, ווער פון אײַך איז קעגן אַ שוואַרע?...

ווי אַ ריזיקע כוואַליע וואָלט זיך אַ טראָג געטאָן, אַזוי האָבן זיך קימאַט אַלע ביקסן פאַראַמאָל אַ הויב געטאָן אין דער הויך און דערבײַ באַגלייט געוואָרן פון אַ שטורמישן „ניין", וואָס איז זיך צעפאַלן מיט הילכיקע עכאָס איבערן גאַנצן באַרג.

גרישונין האָט צופרידן אַ קוק געטאָן אַרום זיך, געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט, צום קאָמאַנדיר און צו די איבעריקע יאַטן פון דער געגנערישער גרופּע, און זיך געווענדט צו די סאָלדאַטן:

— נו, איצט, כאַווײרים, אַז איר האָט שוין אָפּגעשטימט, ווען מיר אַלע צוזאַמען אויסשרייען אַ מאַכטיקן „הוראַ" פאַר אַ באַלדיקן שאָלעם. איז אַלע צוזאַמען — זאָל לעבן אַ באַלדיקער שאָלעם!...

דער פּאָלק האָט אונטערגעכאַפּט זײַן אויסרוף מיט אַ דויערנדיקן „הוראַ" געשריי, וואָס האָט זיך צעטראָגן פאַר עטלעכע מינוטן צייט און געקלונגען אין דער לופט מיט אַ ברויזנדיקער פרייד...

גרישונין האָט געפאָכעט מיט דער האַנט, אַז מען זאָל אויפהערן און עס איז גלייך שטיל געוואָרן.

— נו, כאַווײרים,— האָט דאַן גרישונין צופרידן געשמייכלט,— איר האָט שוין אָפּגעשטימט. איר האָט באַוויזן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז איר זענט קעגן דעם קריג, און דאָס איז גוט. דאָס צייגט, אַז מיר ווייסן וואָס מיר ווילן און אַז מיר זענען גרייט דאָס אָפן אַרויסצוזאָגן. דאָרט, אָבער, כ'מיין, די צייטווייליקע רעגירונג, וואָס זי דענקט וועגן דעם,— ווייסן מיר ניט. ניין, קיינער ווייסט עס ניט!... דאָס וועט ערשט דאַרפן קלאָר ווערן. לויט אַלע סימאָנים, אָבער, זעט

עס אויס, אַז זי איז פּונקט קעגן דעם וואָס מיר ווילן. ס'איז זיכער, אַז עס וועט זיך נאָך פאָדערן אַ גרויסער קאַמף, קעדיי זיך דאַט צו דערשלאָגן. דעריבער איז אונדזער רוף צו אייך, כאַווײרים, שטייט אַף דער וואַך!... לאָמיר זיך אַלע פאַרייניקן אין איין בונד!... לאָמיר אַלע לאָזן וויסן דער ציטווייליקער רעגירונג וועגן אונדזער פעסטן ווילן און קאַטעגאָריש פאָדערן פון איר, אַז זי זאָל גלייך מאַכן אַ סאָף פון דער מילכאָמע און אָפּשטעלן דאָס אומזיניקע בלוט-פאַרגיסונג!...

דאָסמאָל איז דער הוראַ-געשריי געוואָרן אַזוי שטורעמדיק, אַז עס איז פּאָשעט שווער געווען איינצושטיין אַף אַן אָרט. די ערד האָט זיך מאַמעש געוויגט אונטער די פיס, ווי פון אַן ערד-ציטערניש...

עס איז שוין ניט געווען דער מינדסטער צווייפל, אַז די סאָלדאַטן האָבן פאַרשטאַנען. קלאָר איז געווען, אַז דאַווידאָווס רייד און גרישוניגס אויסרופן זענען געווען דער עמעסער ווילן-אויסדרוק פון די סאָלדאַטן אינעם פּאָלק. זייערע ווערטער זענען געווען די פאַרקערפּערונג פון די שטילע האָפענונגען, וואָס די סאָלדאַטן האָבן — אויס מוירע פאַר דער נאַטשאַלסטווע — אַזאַ לאַנגע צייט געהאַט טיף באַגראָבן באַ זיך אין די געדאַנקען, און דאָס ניט געוואַגט אָפן אַרויסצוזאָגן...

*****

**דער** באַגריף, אַז מען איז שוין טאַקע פריי; אַז מען קאָן שוין אָפן אַרויסזאָגן אַן אייגענע מיינונג, און אַז מען קאָן שוין אַפילו פאָדערן,— האָט זיך אין איין רעגע אַ הויב געטאָן צו דער מאַדרייגע פון באַוואוסטזיין ביי אַלעמען. יעדער איינער — האָט עס אויסגעזען — האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין און באַגרייפן, אַז ער איז אַ מענטש מיט אַלעמען צוגליך. די פריערדיקע אונטערדריקטע עמאָציעס זענען מיטאַמאָל— ווי פריגעלאָזטע כאַיעס פון אַ שטיג — פרייגעלאָזט געוואָרן און, ווי פריגעלאָזטע, זיך מאַמעש צווילדעוועט. אויסגעדריקט האָט עס זיך אין אומאויפהערלעכע הוראַ-געשרייען, אויסגעמישטע מיט געלעכטער, טרערן און אַפילו געוויין. צוליב דער גרויסער פרייד, וואָס האָט מיטאַמאָל די יאַטן אַרומגעכאַפּט, האָבן זיי גענומען פּאַטשן מיט די הענט און טופּען מיט די פיס ווי קינדער. יאַטן האָבן געוואָרפן די היטלען אינדערהויך, געפייפט און געהיקעט. אַנדערע האָבן געברומט, געטאַנצט און געשפּרונגען. פיל האָבן זיך צעזונגען און צעיובלט. אַ טייל יאַטן האָבן זיך גאָר צעוויינט און זיך געוואָרפן צו די אַנדערע אַף די העלדזער. איינער האָט זיך געקושט מיט אַ צווייטן און האַרציק ביי

אים מעכילע געבעטן פאַר דער מעגלעכסט קלענצטער אַוולע, וואָס ער איז עפשער אַמאָל אומבאַוואוסטזיניק קעגן אים באַגאַנגען. די פרייד האָט אַלעמען מאַמעש נאָר ווי פאַרשיקערט.

ערשט איצט האָט מען קלאָר געקאָנט זען דעם כילעק צווישן אַן עמעסער פרייד און אַ געצוואונגענער — אַזאַ, וואָס סאָלדאַטן האָבן אַמאָל אַרויסגעוויזן בעאייס די סמאָטרס, פּאַראַדן, מאַניפעסטאַציעס און אַפילע פאַרווײַלונגען. די געשרייען האָבן זיך געטראָגן פון די סאַמע טיפעניש פון די הערצער און האָבן וויבּרירט מיט גלויבּן און האָפנונג און גליק. דערביי האָבן זיך די געשרייען געצויגן אַ צייט לאַנג און געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די סאָלדאַטן וואָלטן דערמיט געוואָלט איינשלינגען אין זיך די אייביקייט. און טאָמער האָט עמעצער פון די יאַטן נאָכגעלאָזט אף אַ רעגע דאָס מיטשרייען, קעדיי דעם אָטעם איבּערצוכאַפּן, — האָט ער עס באַלד מיט באַנייטע קויכעס ווידער אונטערגעכאַפּט און אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי דער אָטעם האָט אים נאָר געסטייעט...

שפּעטער, איידער מען האָט זיך געקליבּן צו פאַנאַנדערלאָזן דעם פאָלק, האָט גרישונין געמאָלדן, אַז וועגן אַלע מעגלעכע אומצופרידנ־קייטן און קלאַגן, וועגן מעגלעכע באַליידיקונגען און קריוודעס מיצאַד די אָפיצירן, אָדער מיספאַרשטייעניש, וואָס וועלן מיסטאָמע פאָרקומען, זאָל מען זיך ווענדן צו אים פערזענלעך און ער — ווי דער קאָמענדאַנט — וועט שוין אַלץ באַזאָרגן און אויסגלייכן. דערנאָך האָט ער פלוצים אַ כאַפּ געטאָן די קאַראַבינקע, וואָס ער האָט פון זינט דער לעצטער נאַכט געטראָגן אף אַ רימען איבּערן אַקסל, זי אַ הויב געטאָן אין דער הויך, איבּערן קאָפּ און, מיט אַ פעסטער שטימע, אויסגערופן:

— כאַוויירים, די איינציקע שוואַרע, וואָס מיר מעגן און וועלן יאָ איצט אָפּגעבּן, איז די פאָלגנדיקע: מיר שווערן, אַז די דאָזיקע בּיקס, וועלכע האָט בּיז איצט פאַרטיידיקט דאָס לאַנד קעגן אומבאַוואוסטע און קלוימערשטע סאָנים, פאַר די אינטערעסן פון אַ צאַר, אַ זעלבּסטהערשער און אַ דעספּאָט; פאַר די אינטערעסן פון פריצים און גוטבאַזיצער, — יאָט די בּיקס זאָל פון היינט און ווייטער בלויז דינען צו פאַרטיידיקן אונדזערע אייגענע לעבּנס און אינטערעסן!...

און צוגעגעבן:

— זאָל די דאָזיקע בּיקס אויך זיין אַ וואָרנונג צו יענע סאָנים, וואָס וועלן זיך נאָך אַוואַדע פּרואוון שטעלן אין אונדזער וועג אף צו בּויען אַ פריי לאַנד און וועלן מאַכן אַ פאַרזוך צוריק אַוועקצושטעלן איבּער אונדז אַ צאַר, אָדער אַזאַ רעגירונג, וואָס וועט וועלן גיין אין צאַרס פיס־טריט!... זאָל די זעלבּיקע בּיקס אויך זיין אַ וואָרנונג צו

יענע, וואָס וועלן אונדז נאָך פראווון צווינגען ווייטער צו פאַרגיסן אונדזער בלוט און דאָס בלוט פון אונדזערע ברידער אַרבעטער און די פויערים פון אַנדערע לענדער, אין דער פאַרברעכערישער מילכאָמע.

ער האָט נאָכאַמאָל אַ הויב געטאָן די קאַראַבינקע און ווידעראַמאָל, אָבער נאָך הילכיקער ווי פריער, אויסגערופן:

— סאָ לאָמיר זשע איצט, כאַווירים, צוליב דער רעוואָלוציע און אונדזער ניי-געבוירענער פרייהייט, אויסשרייען אַ האַרציקן הוראַ!...

גלייך האָט זיך אַ הויב געטאָן אַ וואַלד מיט ביקסן איבער די קעפ פון די אויסגעשטעלטע רייען און פון אַלעמענס מיילער האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ לאַנגער, מאַכטיק-צעצויגענער אָפּרוף:

— הו-רא-אַ-אַ-אַ!...

גרישונין האָט אויסגעוואַרט אַ ווייל, ביז עס איז געוואָרן אַביסל איינגעשטילט, און ווידער אויסגערופן:

— זאָל לעבן דער באַפרייטער סאָלדאַט!...

ווידער האָט אַ שטורמישער הוראַ-געשריי אונטערגעכאַפּט זיין רוף.

אַזוי איז אַוועק קעסיידער. נאָך יעדן אויסרוף, וואָס גרישונין האָט אַ וואָרף געטאָן, האָבן די סאָלדאַטן אַ הויב געטאָן די ביקסן איבער די קעפּ און אונטערגעכאַפּט מיט אַ נייעם הוראַ-געשריי, וואָס האָט זיך מיט יעדן מאָל געהויבן אַלץ העכער און שטורמישער, און זיך געצויגן אַלץ לענגער און דויערהאַפטיקער. איבערן באַרג האָבן זיך צעטראָגן די קלינגענדיקע עכאָס פון די פריידיקע אויסרופן, וועלכע האָבן זיך אַזוי ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איין גרויסן שטורעם:

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!...

— הו-רא-אַ!...

— נידער מיט דער מילכאָמע!...

— הו-רא-אַ-אַ-אַ!...

— זאָל לעבן דאָס נייע, פרייע רוסלאַנד!...

— הו-רא-אַ-אַ-אַ-אַ!...

— אַרונטער מיטן צאַר און דער זעלבסטהערשונג!...

— הו-רא-אַ-אַ-אַ-אַ-אַ-אַ!...

— לאַנג לעבן זאָל די רוסלענדישע רעפּובליק!...

— הו-רא-אַ-אַ-אַ!.. הו-רא-אַ-אַ-אַ-אַ!...הו-רא-אַ-אַ-אַ!...



# קאַפיטל פינפונדרייסיק

**עטלעכע** טעג זענען פאַרביי זינט די ערשטע טעלעגראַמע איז אָנגעקומען פון דער ציטשווייליקער רעגירונג. איבער דער צייט זענען אָנגעקומען נאָך אַנדערע דעקלאַראַציעס און באַפעלן. די ערשטע אומקלאָרקייט איז שוין געווען אַריבער. די רעוואָלוציע איז שוין ביי אַלעמען געווען אַ פאַקט. קימאַט אַלע סאָלדאַטן האָבן זי שוין אָנגענומען פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך. אַפילו די יאַטן, וואָס האָבן פריער קיינמאָל ניט געוואוסט, אָדער פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזעלכעס, האָבן גאַנץ געמיטלעך גענומען רעדן וועגן רעוואָלוציע, ווי וועגן אַן אייגענעם, באַקענטן איניען. מען האָט קעסיידער קאָמענטירט איבער די נייע ווערטער און אומבאַקענטע טערמינען, און נאָכאַנאַנד דיסקוטירט די באַפעלן און דעקלאַראַציעט, וואָס זענען אָנגעקומען פון צענטער. באַ יעדער געלעגנהייט, וואו עס האָבן זיך נאָר אָנגעטראָפן צוויי סאָלדאַטן, איז דאָס ערשטע געווען — רעוואָלוציע...

גערעדט האָבן אַלע. סיי די, וועלכע האָבן יאָ עפּעס פאַרשטאַנען, און סיי יענע, וואָס האָבן גאָרניט געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אומעטום זענען געשטאַנען סאָלדאַטן־גרופּקעס, אָדער צו פּאָרלעך און געשמועסט. איינער האָט עס דערקלערט דעם אַנדערן. אָפט — אין אַזאַ אייגנאַרטיקן, פאָלקסטימלעכן שטייגער און אין אַ פּאָשעטער טאָג־טעגלעכער שפּראַך. ס'ראָוו — מיט אַ פּרימיטיוו־קאָמישער אויסטייטשונג:

— אָט, פאַרשטייסטו מיך, ברודערל, — האָט ערגעץ אַ סאָלדאַט, אין געשפּרעך מיט אַ צווייטן, געפּרואווט דערקלערן דעם איניען, — דאָס־אָ, ווי מען רופט עס, די לעוואָרוציע, איז, זעט אויס, אַ גאַנץ פיינע זאַך. אַזאַ זאַך, ווי לעמאָשל, וואָס זאָל איך דיר זאָגן?... ווי אין אַ גוטער באַלעבאַטישקייט אַ גוטע, מעלקנדיקע בהיימע, מיט גרויסע, אָנגעפילטע אייטערס — מיט מילך. אַזויפיל מילך, וואָס איז גענוג ניט נאָר פאַרן גאַנצן הויזגעזינט אַליין, נאָר אַפילו אַף איבערצובלייבן און... דער

איקער, ברודער, איז אָבער: מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום דער בעהיימע, מיין איך, אַרום דער לעוואָרוציע... יאָ־יאָ, פאַר־שטייסט?... וועסטו נאָר וויסן ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום איר, — וועסטו דאַן באַקומען אַ סאַך מילך. וועסטו זי אָבער ניט אָפּהיטן, — אָ, דאַן ברודערל, וועלן זיך אונטעררוקן אַזעלכע הינטישע זין, מיט כאַזערשע לאַפּעס, וואָס וועלן דיר דיין בעהיימע אָנשטופּן אַ פולן בויך מיט סאַם־גראָזן און אַנדערע פּאַסקודסטווע. און אַנשטאָט גוטער מילך, — וועסטו דעמלט, ברודערקע, באַקומען, זיי מיר מויכל, פּאַשעטע... נו, אָט דאָס זעלביקע, פאַרשטייסטו מיך, איז מיט דער־אָ, מיט דער לעוואָרוציע — מיין איך... מען דאַרף זי גוט אָפּהיטן! איי־איי דאַרף מען זי אָפּהיטן!... אָט, איך האָב אַנומלטן אַליין געהערט פון די־אָ, ווי רופט מען זיי, די סיציליסטן פון קאָמיטעט, אַז עס זענען נאָך פאַראַן אַ סאַך צויגישע זין, וואָס וועלן זי פּרואוון פאַרפּאַסקודען און... יאָ־יאָ...

דער צוהערער, אַ רואיק באָכערל, וואָס האָט, סיי מיטן אויסדרוק און סיי מיט זיין האַלטונג, אויסגעזען טאַמעוואַטע און פלעגמאַטיש — האָט די גאַנצע צייט — האַלטנדיק לעבן די ליפּן אַ האַלב־פאַרוויקלט ציגייערל, גרייט צום פאַרקלעפּן — געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אַפן דערציילער און געשוויגן. ענדלעך האָט ער באַנעצט דאָס פּאַפּיר־ברעגל מיט דער צונג און אין עקסטאַז גענומען רעדן:

— יע־ע, עס זעט טאַקע אויס, אַז די דאַזיקע, ווי מען רופט עס, די כליעבאָרוציע, איז אַ גאָר וואַזשנע אייסיק... און אויב זי וועט נאָר ברענגען פרייקייט פאַר נאַש־בראַט, איז אַוואַדע ווערט אַלץ מיטאַנאַנדער. כ'וואָלט עפּשער, כ'לעבן, גאָר געדאַרפט לאָזן אַהיימשרייבן אַ בריוו צו דער באַבע מיינער, אַז זי זאָל אויך וויסן וועגן דעם און זיך טאַקע אויך פרייען. אַ כוץ דעם, זאָל זי טאַקע אויך וויסן ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום דער דאַזיקער, ווי רופט מען זי, דער כליעבאָרוציע...

ער האָט פאַררויכערט דאָס ציגייערל, מעכאַבעד געווען דעם צווייטן מיט אַביסל מאַכאָרקע און — צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — זיך ווייטער איינגעהערט אין יענעמס רייד...

אף אַן אַנדער פלאַץ, אַביסל שפּעטער, זענען אַנדערע צוויי יאַטן — זיצנדיק אַפן ברעג פון אַ זעמליאַנקע־דעכל — געווען פאַרטאָן אין אַן ענלעכן שמועס:

— און איצט, פאַרשטייסטו מיך, — האָט איינער איינגעטיינעט צום צווייטן, — איצט, אַז עס איז שוין געקומען די רעוואָלוציע, וועט שוין מער ניט זיין קיין זעלבסטהערשונג, נאָר אַ רעסט־פּובליקע!... נו, דו פאַרשטייסט... עס וועט זיין, ווי זאָל איך דיר זאָגן, נו... עס וועט זיין

פרייקייט, סלאָבאָדע...פאַרשטייסט, עס וועלן מער ניט זיין קיין פריצים און קיין פאַראָבקעס...מען וועט שוין מער ניט דאַרפן האָרעווען פאַר פרעמדע און אַליין האָבן אַ קרענק...אַלע, יעדער פויערל, וועט האָבן אַן אייגן שטיקל פעלד פאַר זיך, אַן אייגענע בעהיימע און...

— אַזוי? — האָט דער צווייטער, אין איבעראַשונג, זיך געקראַצט אין קאַרק און באַאיוו אונטערגעברומט, — זען, זעט עס טאַקע אויס גאַנץ גוט...כ'מיין...אַז עס מאַניעט...אַלעמאַי זאָל איך לייגן?... די הויפט־זאַך, אָבער, ברודערל, איז וועגן דעם צאַר...איך מיין...אַז מען זאָל כאָטש איצט אַוועקשטעלן עפּעס אַ גוטן צאַר איבער אונדז; מיט אַ גוטער באַטשאַלסטווע, — אָט אַזעלכע, וואָס זאָלן האָבן איינזעעניש מיטן פּראָסטן, אָרעמען פאָלק, — אָט וואָס!...

דער ערשטער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי אַן אָפּגעבריטער:

— שויטע! — האָט ער זיך גענומען בייזערן, — אַזאַ אָ, ווי מען רופט עס, אַ רעספּ־פּובליקע, האָט אינגאַנצן ניט קיין צאַר, באַר...

— אינגאַנצן ניט קיין צאַר? — האָט דער צווייטער איבערגעשלאָגן, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן. — וואָס הייסט?...נו, און ווער וועט אַכטונג געבן אָפן לאַנד?...ווער וועט עס פירן?...ווער וועט איינמאָנען די שטייערן און...ביכלאַל, אָן אַ צאַר וועט דאָך זיין עפּעס אַזוי פריקרע, אַזוי מאָדנע...אָן אַ צאַר גאָר? — פכע!...

דער ערשטער האָט זיך צעלאַכט:

— ביסט, זע איך, טאַטעלע, שוין אַ פאַרפאַלענער, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן! — האָט ער, ווי אין אַנטוישונג, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — אַ פאַרפאַלענער, אַזש מיט די שטיוול צוזאַמען, און דו וועסט שוין, זעט אויס, אַזוי פאַרבלייבן אַ טיפּעש דאָס גאַנצע לעבן...

יענער האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען:

— אָבער דאָס לאַנד קאָן דאָך פאָרט ניט אָנגיין אָט אַזוי זיך, — האָט ער געטייַנעט קימאַט מיט טרערן אין די אויגן, ווי עס וואָלט אים דאָ געשטאַנען ווער ווייסט וואָס צו פאַרלירן, — עס מוז דאָך פאָרט זיין עמעצער, וואָס זאָל...כ'מיין...עפּעס אַזאַ, וואָס...אַנדערש, נו... ווער ווייסט וואָס עס קאָן פּאַסירן, כ'מיין...אָן אַ צאַר גאָר — פכע!...

— אָ, עס וועט שוין זיין רעכט. — האָט דער ערשטער גענומען אים געבן צו פאַרשטיין, — אָט, זאָל זיך נאָר איינשטעלן עפּעס אַזאַ גוטע רעספּ־פּובליקע, וועט זי דעמלט, צוזאַמען מיט דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, שוין מיסטאָמע אַכטונג געבן אויף אַלעם...

— אָ־האָ! הייסט עס דאָך, אַז ס'וועט יאָ זיין עמעצער, וואָס זאָל פירן. — האָט דער צווייטער שוין מיט ניצאָכן אויסגעשריגן, — רוף עס

צאַר, אָדער אַפּילע ווי דו רופסט עס — אַ רע־פּובליקע, — אַז אין עצעם גענומען, וועט עס דאָך יאָ זיין אַ קאַזנאַ, כ׳מיין, אַ רעגירונג...

אַזעלכע רייד האָבן זיך געהערט אויף טריט און שריט. און כאָטש זיי זענען געווען פּרימיטיוו, קאָמיש און — וואָס נאָך ערגער — אומוויסנדיק, — האָבן זיי, די רייד, דאָך באַוויזן, אַז יאַטן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער איבערקערעניש און געזוכט אויסצוגעפינען וואָס דאָס מיינט. אַפּילע יענע יאַטן, וועלכע האָבן אַמאָל געהאַט געגלויבט יעדעס וואָרט, וואָס די פעלדפעבלען האָבן מיט זיי געהאַט אין „סלאָוועסנאָסט״ געלערנט, און גערעכנט, אַז דאָס איז די גרעסטע טוגנט, — האָבן גאָר מיטאַמאָל, עפּעס ווי מענטשן, בײַ וועמען די אויגן וואַלטן זיך פּלוצלונג געעפנט נאָך אַ געבוירענער בלינדקייט — גענומען זוכן ענטפערס אויף די אַלע פראַגעס, וועלכע זענען פאַר זיי אינגאַנצן אומקלאָר געווען...

ניט געקוקט אויף דעם גרויסן אומוויסן צווישן די סאָלדאַטן, האָבן פונדעסטוועגן זיך געפונען פיל יאַטן, וועלכע האָבן זיך צו ביסלעך יאָ אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוקלייבן אין די אַלע געשעענישן און אַפּילע שוין געקענט אָנווייזן דעם אונטערשיד צווישן אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע און אַ באַגרענעצטער — אַ קאָנסטיטוציאָנעלער; צווישן אַ ריין בורזשואַזער רעפּובליק און אַ פאָלקישער. פיל יאַטן האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן רעוואָלוציע, רעפּובליק, מאָנאַרכיע, קאָנסטיטוציע, גרינדונג־פאַרזאַמלונג, עקספּלואַטאַציע, בורזשואַזיע, דעמאָקראַטיע, קאָמונע, אַנאַרכיע, און נאָך אַזעלכע פּאָליטישע טערמינען און באַגריפן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל פריער ניט געהערט, — פּונקט ווי וועגן היימישע, אַלטעגלעכע זאַכן, מיט וועלכע זיי זענען שוין יאָרן לאַנג באַקענט געווען. קוקנדיק אויף זיי, הערנדיק זייערע רייד, האָט זיך ניט געגלייבט גלויבן, אַז דאָס זענען די זעלבע פאַרגרעבטע, אומגעלערנטע דאָרף־פּויערים וועלכע זענען ערשט נעכטן אַזוי פאַרשקלאַפט און פאַרפינצטערט געווען...

אַלץ איז עפּעס מיטאַמאָל גאָר אַזוי אַנדערש געוואָרן. די אויגן בײַ אַלעמען האָבן געגלאַנצט מיט מאָדנע פייערלעך. די שטימעס האָבן עפּעס אַזוי מעלאָדיש־פרייילעך געקלונגען. דער גאַנג איז געוואָרן לעבעדיק־זיכערער. אַפּילע די רייד — קליגערע...עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אַלע, אַלע זענען עפּעס ווי דורך אַ נעס טראַנספאָרמירט געוואָרן אין נייע מענטשן, — מיט העכערע, פיינערע באַגריפן, — אין בעסערע, אין האַרציקערע, אַזעלכע ווי זיי וואָלטן, דאַכט זיך, געדאַרפט זיין; אַזוי ווי די נאַטור גופא האָט זיי באַשאַפן, אָן דעם צומיש פון שלעכטקייט. עס איז מאַמעש גוט געוואָרן אויפן האַרצן צו קוקן אויף זיי...

*****

**בלויז** עטלעכע טעג נאָך דער איבערקערעניש, און קימאַט אַלעמען פונעם פאָלק האָט אַרומגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג זיך צו נעמען לערנען, הערן און זיך דערוויסן וועגן יעדער זאַך, וואָס האָט נאָר געהאַט צו טאָן מיט דער רעוואָלוציע. ס׳ראָוו יאַטן האָבן זיך פּאָשעט געריסן צו הערן אַ וואָרט וועגן דעם. ניט איין פאַרברענטער קאָרטן־שפּילער האָט פאַרוואָרפן די קאָרטן און איז געקומען צו אונדז אין דער זעמליאַנקע אַריין, צו הערן וואָס און וועגן וואָס מען רעדט...

אַלע זענען, זעט אויס, מיט לייב און לעבן געווען מיט און פאַר דער רעוואָלוציע. אַפילו יענע, וואָס האָבן אַמאָל געגלויבט, אַז רעוואָלוציאָנערן און זאַבאַסטאָוושטשיקעס זענען סאָנים פונעם לאַנד און מען דאַרף זיי אויסראָטן,— אַפילו זיי זענען גאָר אַנדערש געוואָרן. מיט אַ מין איראָס־האַקאָוועד האָבן סאָלדאַטן געקוקט אויף דאַווידאָוון, גריגאָריעוון, גרישונינען, סטעפּאַקינען און נאָך אַנדערע אָנפירער, ווי אויף גרויסע, וויכטיקע און געלערנטע מענטשן, און זענען געווען גרייט געווען אויף זייערס אַ וואָרט אַפילו אין פייער צו גיין. אַפילו יענע, וואָס האָבן נאָך אויף קלאָר ניט באַנומען, וואָס אַזוינס עס איז רעוואָלוציע און אַ רעפּובליק, — האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פאַרן פאָלקס טויווע וועגן... קימאַט אַלע האָבן זיי באַגריפן, אַז די רעוואָלוציע איז אַזאַ מין אויצער, וואָס דאַרף אָפּגעהיטן ווערן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג; וואָס מען דאַרף פאַרטיידיקן מיט די ציין און נעגל, אַפילו גיין אין אַ בייער מילכאָמע, אויב מען וועט דאַרפן, נאָר זי, אָט די דאָזיקע רעוואָלוציע, שוין מער פון די הענט ניט אַרויסלאָזן...

קוקנדיק אויף אָט די יאַטן, וואָס האָבן די געשעענישן אַזוי ברייט אויפגענומען און אַזוי פייערלעך נאָכגעפאָלגט די פירער, — איז אפן געדאַנק געקומען די פראַגע, וואָס אַזעלכעס איז עס פאָרט געווען דער הויפּט־פאַקטאָר אויף צו שאַפן אַזאַ גיכע ענדערונג? עס איז דאָך שווער געווען צו באַשטימען, ווי אַזוי די זעלביקע אונטערדריקטע יאַטן, וואָס האָבן יאָרן לאַנג באַקומען איינגעהאַמערט אין די מויכעס אַריין, אַז די רעוואָלוציע דאַרף ווערן פאַרהאַסט און רעוואָלוציאָנערן — דערשאָסן,— זענען מיטאַמאָל געוואָרן אַזעלכע הייסע אָנהענגער און איבערגעגעבענע פריינט. פונקט אַזוי איז אויך שווער געווען צו באַשטימען, ווי אַזוי זיי, די זעלבע יאַטן, וואָס האָבן מיטן גאַנצן האַרצן געגלויבט, וואָס מען האָט זיי געלערנט, אַז דער צאַר אויף דער ערד איז פונקט אַזוי הייליק ווי גאָט אין הימל,— האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן אייננצוזען, אַז

דאָס איז געווען אַ פּאַשעטער שווינדלערישער ליגן. זיי האָבן זיך גאָר גענומען אויסלאַכן פונעם צאַר, פון די גאַלאָכים און פון אַלע זייערע מעשאָרסים. קיין שום צווייפל ניט, אַז דער הויפּט־שטויס איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן דערזען, אַז בלויז אַ טאָג, אָדער צוויי נאָכדעם ווי מען האָט געמאַכט די רעוואָלוציע און אַרונטערגעזעצט דעם צאַר, איז נאַטשאַלסטווע מיטאַמאָל געוואָרן עפּעס אַזוי ווי מענטשלעכער און מער שוין ניט געזידלט, אָדער זיי באַליידיקט אַזוי ווי פריער. די סאָלדאַטן האָבן, אָן צווייפל, איינגעזען, אַז בלויז די רעוואָלוציע האָט מעגלעך געמאַכט אַזאַ זאַך, ווי דעם באַפעל נומער איינס, וועלכער האָט זיי, די סאָלדאַטן, מיטאַמאָל דערקלערט פאַר גלייכבאַרעכטיקטע מענטשן און האָט אָפּגעשאַפט די אַמאָליקע מיעסע און באַליידיקנדיקע באַציאונגען מיצאַד די אָפיצירן צו זיי...

איין זאַך איז אָבער זיכער געווען, אַז די גרעסטע ווירקונג אויף די סאָלדאַטן, זיי זאָלן אָנהויבן איינזען דעם עמעס, — זענען פאָרט געווען דאַווידאָווס און גריגאָריעווס אויפקלערונגען, פּונקט אַזוי ווי גרישוניס פייערדיקע אויסרופן, וועלכע האָבן אַלעמען עפּעס נאָר ווי אָנגעצונדן... די סאָלדאַטן האָבן מאַמעש דערפילט, אַז אָט די־אָ יאַטן זענען געגעבן; אַז זיי ווייסן בעסער און אַז מען דאַרף זיך דעריבער צוהערן צו זיי. צווישן זיך האָבן כעוורע געהאַלטן אין איין רעדן:

— ווען ניט זיי, די סיציליסטן, וואָלטן מיר דאָך נאָך ביז היינט געלעבט ווי בעהיימעס און ניט געוואוסט אַפילע וואָס דאָס איז...

און באַלד זענען זיי איבערגעגאַנגען וועגן דער רעוואָלוציע:

— עך, ברידערלעך טייערינקע, — האָט איינער, געדירט קימאַט ביז טרערן, ניט אויפגעהערט רעדן, — זי, די רעוואָלוציע, איז דאָך עפּעס אַזאַ טייערע זאַך, וואָס איך קאָן עס אַפילע ניט אַרויסזאָגן...

— אַז איך זאָג אייך, טאַטעלעך, — האָט אַן עלטערער סאָלדאַט צוגעגעבן, — עס איז דאָך מאַמעש גאָטס וואונדער, אָט די רעוואָלוציע. עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט פּלוצלונג אויפגעשטאַנען טכיעס האַמייסים, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן!...

— עמעס, — האָט אַן אַנדערער צוגעשטימט, — איך אַליין פיל זיך אויך עפּעס ווי ביי־געבוירן. די פרייד, זאָג איך אייך, איז ביי מיר אַזוי גרויס, אָט אַקוראַט ווי דעמלט, בעאייס איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טאַם פון אַ מיידלס קוש... יאָ, עפּעס איז מיר אַזוי גוט, אַזוי מעכאַיעדיק גוט, אַז איך ווייס אַליין ניט ווי דאָס אָנצורופן... עס פילט זיך נאָר ווי צו כאַפּן אַ טעבצל, ערן וואָרט!... הערט נאָר, הערט אַ מאַיסע: פרייע, פרייע מענטשן זענען מיר דאָך איצט! צי ווייסט איר

כאָטש וואָס דאָס מיינט?... פרייע מענטשן, אַ רועך זאָל עס נעמען!...

— און באַרעכנט נאָר איבמיסטן,— האָט אַ דריטער מיט שטאַרקן פּאַטאָס צוגעגעבן,—באַרעכנט נאָר: אויב זי, די רעוואָלוציע, האָט אין בלויז עטלעכע טעג אונדז געקאָנט געבן אַזעלכעצע רעכטן און אונדז באַפרייט פון קנעכטשאַפט, איז דאָך מעגלעך, אַז...

— אויב אַזוי,— האָט אַ פערטער זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן פּונקט ווי ער וואָלט זיך נאָר־וואָס דערטראַכט צו דעם,— אויב עס וועט אַזוי ווייטער אָנגיין, איז דאָך עפשער מעגלעך, אַז מיר זאָלן זיך נאָך גאָר איבגיכן דערשלאָגן צו אַ שאָלעם אויך און...

— אַהיימפאָרן צו ווייב און קינד, צו טאַטע־מאַמע און צוריק אין היימישן דאָרף אַריין...— האָבן אַנדערע אָנגעהויבן צו פאַנטאַזירן.

אַז זי, אָט די רעוואָלוציע, קאָן טאַקע אַלץ באַווייזן,— איז געווען זיכער יעדער איינער. און געגלויבט האָבן זיי אַלע, אַז דאָס וואָס די רעוואָלוציע האָט ביז איצט געבראַכט, איז ערשט בלויז דער אָנהויב; אַז זי וועט ערשט ברענגען נאָך און נאָך גוטע זאַכן...

נאָך מער: פיל יאַטן האָבן שוין אַפילע אָנגעהויבן באַגרייפן, אַז דער קאָמאַנדיר, כאָטש ער האָט לעצטנס גענומען רעדן אַזעלכע זיסע רייד און איז געוואָרן גאָר פריינטלעך צו די סאָלדאַטן,— איז ער דאָך ניט מער ווי אַ באַהאַלטענער סוינע און מען טאָר אים דעריבער ניט טרויען. אַ סימען האָבן זיי געהאַט אין דעם, וואָס ער, דער קאָמאַנדיר, האָט ביי אַ זיצונג פונעם קאָמיטעט געהאַט געזאָגט, אַז דער באַפעל נומער איינס, כאָטש ער מעג זיך זיין גאַנץ יושערדיק און מענטשלעך, איז ער אָבער דאָך שעדלעך, ווייל ער גראָבט אונטער דעם סאַמע הויפּט־יעסאָד פון דער אַרמיי — די דיסציפּלין. די סאָלדאַטן האָבן טאַקע דעריבער באַגריפן, אַז אויב עס וואָלט נאָר געווען געוועזן אין דעם קאָמאַנדיר, וואָלט ער דעם דאָזיקן באַפעל זיכער געווען צוריקגערופן און עפשער נאָך צוריק אַרויפגעזעצט אַ צאַר איבערן לאַנד...

און נאָך עפּעס, וואָס איז עפשער דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע וועגן דעם ערלעכן, אָפנהאַרציקן רוסישן מענטשן, וועגן דעם פּאָשעטן פּויער, איז געווען דער פאַקט: וואָס העכער עס איז ביי די סאָלדאַטן געוואַקסן דער באַוואוסטזיין פאַר דער רעוואָלוציע, אַלץ מער האָבן זיי זיך ניט געקאָנט מויכל זיין, פאַרוואָס זיי האָבן אַזאַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט הערן פון איר. אויפריכטיק, מיט עמעס־צעווייטיקטן ערנסט, האָבן יאַטן זיך אויסגערעדט די הערצער איינער פאַרן אַנדערן:

— עך־מאַ!— האָט טערמאַקאָוו, לעמאָשל, געזאָגט,— אַ טראַכט צו טאָן, אַז עמעץ אַנדערש האָט עס גערופט מאַכן פאַר אונדז!...

— יאָ, עס איז טאַקע אַ שאַנד, וואָס מיר האָבן זיך אַזוי לאַנג געלאָזט נאַרן. — האָט קאַטאַיעוו ווי אַלעמען אויסגערעדט.— אַ שאַנד...

— און ניט געוואָלט הערן קיינעם, וואָס איז געקומען רעדן צו אונדז וועגן אונדזער אייגענער טיורע וועגן,— האָט „וויעטער” גלייך אונטערגעכאַפּט,— מיר האָבן זיי נאָך פאַרטריבן ווי אַ בייזן ווינט...

— עך־עך,— האָט דוקעל אין בענגשאַפט אַ זיפץ געטאָן,— ווען מיר וואָלטן זיך אָבער יאָ צוגעהערט, וואָלטן מיר דאָך שוין איצט ווער ווייסט ווי ווייט געהאַלטן און עפשער וואָלט גאָר קיין מילכאָמע...

— דאָס איז ריכטיק! — האָבן אונטערגעכאַפּט די אַנדערע, די וואָס פלעגן געווייַנטלעך ניט נעמען קיין אנטייל אין די רייד, נאָר בלויז שטענדיק צוגעשטימט, — זיכער וואָלט קיין מילכאָמע ניט געווען...עס פאַרדריסט טאַקע איצט פאַרוואָס מען האָט ניט געוואָלט הערן...

טשעריאַק, דער פּויקער פון דער קאָמאַנדע, האָט עס געפּרואווט דערקלערן אף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער:

— מיר,— האָט ער געזאָגט צו אַ גרופּע סאָלדאַטן, וועלכע זענען, ווי געווייַנטלעך, צוגעקומען צו אונדזער זעמליאַנקע צו הערן נייעס,— מיר זענען געגליכן צו יענע נאַרישע קינדער, וואָס ווערן דערצויגן פון אַ שלעכטער און אַ קאַרגער שטיף־מוטער. און כאָטש דער פאָטער האָט אין שטוב איבערגעלאָזט סלאָיעס איינגעמאַכטס און אַנדערע גוטע זאַכן פאַר די קינדער, וויל אָבער ניט די שטיף־מאַמע, אַז די קינדער זאָלן עפּעס געניסן דערפון. אַלץ וויל זי נאָר פאַר זיך אַליין... זי שרעקט דעריבער די קינדער און זאָגט זיי אָן, אַז זיי זאָלן זיך ניט דערוועגן צורירן צו די דאָזיקע זאַכן, ווייל...ווייל עס איז אַזאַ סאַם. נו, די נאַרישע קינדער שרעקן זיך טאַקע. און זי, די שטיף־מאַמע, פרעסט אַזויאַרום אַלץ אַליין אויף און ווערט געזונטער און גרעבער, בעאייס די קינדער ווערן שוואַכער און מאָגערער... צווישן זיי זענען אָבער פאַראַן אַ פּאָר קלוגע קינדער. זיי קוקן זיך פאָרזיכטיק צו און, ווען זיי זעען, אַז עס פאַרשאַט ניט דער שטיף־מאַמען,— ריזיקירן זיי אויך צו ביסלעך... זיי שטעקן קוידעם צו אַ פינגער, טוען פאַוואָליִנקע אַ לעק מיט דער שפּיץ צונג און דערוויסן זיך אַזויאַרום,— אַז ניט קיין סאַם איז עס, נאָר טאַקע גוטע און געשמאַקע איינגעמאַכטס... מיר, אָבער, די נאַרישע, ניט נאָר גלויבן מיר דער שטיף־מאַמען, און האָבן מוירע צו פאַרזוכן, נאָר מיר וואַרפן זיך נאָך שלאָגן אף די אייגענע ברידערלעך, וואָס פּרואוון אונדז אויסזאָגן דעם עמעס... און מאָרנע: דאָס טוען מיר, כאָטש מיר ווייסן אַליין גאַנץ גוט, אַז די שטיף־מאַמע איז אַ פאַלשע און שלעכטע, און כאָטש מיר שפּירן דערביי, אַז דאָס

אייגענע האַרץ גייט מאַמעש אויס נאָך אַביסל איינגעמאַכטס...

די סאָלדאַטן אַרום האָבן צוגעסמאַטשקעט מיט די ליפּן, געשאָקלט מיט די קעפּ און אין פאַרגיטיקונג — צוגעוואָרפן:

— לאָמיך שוין אַזאַ יאָר האָבן ווי געזעכט ער איז!...

— יאָ, איך ווייס, כ'האָב אַליין געהאַט אַ שטיק־מאַמען. האָט זי טאַקע שטענדיק...

— נו, אַ מוזיקאַנטעלע גאַנעוו!...ווי ער ווייסט עס דיר אַלץ אַזוי געבני און גוט צו דערקלערן — אַ מעכאַיע!...

— און איך זאָג אייך, אַז עס איז גוט אַזוי פאַר אונדז. — האָט איינער פון די יאַטן אַ זאָג געטאָן. — מיר, אויב מיר זענען געווען אַזעלכע יאָלדן, — האָבן ניט פאַרדינט בעסער. זיך אַזוי לאַנג געלאָזט נאַרן פון די יאַם־קאָטערס, אין זייערע מאַמעס אַריין!...

און כאָטש די פרייד איז גרויס געווען ביי אַלעמען, זענען דאָך די סאָלדאַטן אַרומגעגאַנגען מיט געבויגענע קעפּ, ווי פאַרשעמטע און דערשלאָגענע. אין זייערע אויגן האָט זיך געזען אַ מין ווייטיק און פאַרדראָס, אַזאַ ווי עס זעט זיך געוויינטלעך בײַ מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באַגרייפן, אַז זיי זענען לאַנג גענאַרט און באַשווינדלט געוואָרן. אין זייערע רייד האָט זיך געשפּירט דער פּיין פון באַאַוולטע און אויסגעכויזעקטע, נאָר אַזעלכע וואָס ווילן זיך מער ניט לאָזן נאַרן.

און פונקט ווי צו פאַרגיטיקן די דאָזיקע אַוולע, וואָס זיי זענען אַזויפיל יאָרן באַגאַנגען קעגן דער רעוואָלוציע און קעגן זיך אַליין, קעדיי אַרונטערצוװאַשן פון זיך די דאָזיקע כאַרפּע, — האָבן קימאַט אַלע סאָלדאַטן פונעם פּאָלק געזוכט אַ געלעגנהייט צו טאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל באַווייזן, אַז איצט זענען זיי שוין מיט לייב און לעבן פאַר דער רעוואָלוציע און אַז זיי זענען גרייט זי צו פאַרטיידיקן מיט אַלע זייערע קויכעס און מעגלעכקייטן...

פיל יאַטן האָבן זיך דעריבער פרייוויליק פאַרשריבן צו דינען אין די ספּעציעלע רעוואָלוציאָנערע קאַראַאולן פונעם פּאָלק. אַנדערע האָבן אָנגעבאָטן דעם פּאָלק־קאָמיטעט, אַז מען זאָל זיי געבן וואָסער ניט איז אַרבעט, אַבי נאָר צו העלפן מיט עפּעס. אַלע זענען זיי גרייט געווען אַף אויסצופירן דעם מינדסטן באַפעל און אַפילו זיך שלאָגן אפן ערשטן רוף פונעם קאָמיטעט...

שפּעטער, אַז יאַטן האָבן דערזען די אַרויסגעהאַנגענע רויטע פאָן איבער אונדזער זעמליאַנקע און איבער דער קאַנצעלאַריע; אַז זיי האָבן דערזען די רויטע אָרעם־בענדער ביי די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט און זיך דערוואוסט, אַז רויט איז די קאָליר פון דער רעוואָלוציע, —

האָבן זיי געזוכט זיך אַליין אויך אויסצופּוצן אין רויטן, קעדיי כּאָטש אַזויאַרום זיך צו אידענטיפיצירן מיט איר. זיי האָבן זיך דאַן אַ וואָרף געטאָן אף די רויטע פענדלעך פון זייערע ראָטע־סיגנאַליסטן,— צעריסן די רויטע צייג אף שטיקלעך און מיט דעם באַצויגן זייערע פּאַסיק־בּלעכן און היטל־קאָקאַרדעס. אַנדערע האָבן גאָר אַרויסגעהאנגען קליינע רויטע פענדלעך איבער זייערע זעמליאַנקעס און טראַנשייען, און האָבן אַפילע אויפגעשריבן אַליין־צוגעטראַכטע לאָזונגען אף זיי. איין ראָטע האָט פון אַזעלכע קליינע פענדלעך צוזאַמענגעניייט גאָר אַ גרויסע פאָן און מיט גאַנץ גרויסע ווערטער אויפגעשריבן: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע״. די דאָזיקע פאָן האָבן זיי באַפעסטיקט מיט שטעקנס אין דער ערד, לעבן דער טראַנשייע און מיטן פּאָנים צו די טערקן. אין די אָוונטן האָבן זיך פון די זעמליאַנקעס און טראַנשייען געטראָגן הילכיקע געזאַנגען. אָבער דאָס זענען שוין מער ניט געווען די אַמאָליקע סאָלדאַטישע לידער. איצט האָבן די סאָלדאַטן זיך געלערנט זינגען די מאַרסעלעזע, דעם אינטער־נאַציאָנאַל, און נאָך אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס זענען אַזוי ווי מיטאַמאָל— קיינער האָט אַפילע ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי און פון וואַנען— באַקענט געוואָרן אפן באַרג, צווישן די סאָלדאַטן...

*****

**אַקוראַט** ווי גרויסע, געדיכטע רעגנס, זענען גוירעם אף טייכן זיך צו הויבן ביז זיי גייען אַרויס פון זייערע ברעגן, — פּונקט אַזוי האָט די רעוואָלוציע אַ הויב געטאָן די אָנגעפלאָסענע פרייד ביי די סאָלדאַטן אפן פראָנט. און פּונקט ווי די געהויבענע וואַסערן — זוכנדיק אַן אָפּגאַנג — פאַרפלייצן די ערד אַרום זיך און שווענקען דערביי אַרונטער אַלץ וואָס טרעפט זיך אין זייער וועג — אַזוי האָבן די אויפגעוואַכטע עמאָציעס געזוכט אַן אויסגאַנג פאַר זיך און דערביי סטיכיש אַרונטערגעשווענקט אַלץ, וואָס איז באַר, לויט זייערע באַגריפן, געשטאַנען אין וועג פון דערגרייכן פולע פרייהייט.

דער צאָרן צום צאַר און צו דער זעלבסטהערשונג, איז בּאַ די יאַטן אַזוי גרויס געווען, אַז זיי האָבן געזוכט פאַרשידענע וועגן ווי דאָס אַרויסצעווייזן. און ווייל זיי האָבן דעם קאַאַס ניט געקאָנט אויסלאָזן צום צאַר גופע, האָבן זיי דאָס אויסגעדריקט צו יעדער זאַך וואָס האָט זיי באַר דערמאַנט אין אים. די מעדאַלן, וואָס די יאַטן פון צוועלפטן און דרייצנטן יאָר האָבן אַמאָל געהאַט אַרויסגעקראָגן לעקאָוועד דעם דריי־הונדערט־יאָריקן יובּיליי פון ראָמאַנאָוו־הויז, און אף וועלכע עס זענען

געווען אויסגעקוועטשט דעם צאַרס פּאַרצוף, — האָבן זיי סטאַם פּאַרוואָרפן. אַפּילע יענע מעדאַלן, וואָס יאַטן האָבן געהאַט באַקומען פּאַר פּאַרשידענע מינים אויסצייכענונגען און וועלכע האָבן נאָר געהאַט דעם צאַרס צורע אף זיך, — האָבן זיי צעקראַצט און צעריבן. אַנדערע האָבן אַפּילע מיט שאַרפע מעסערלעך אויסגעקראַצט די אויגן פונעם צאַרס פּאָנים אף די רובלדיקע און האַלב־רובלדיקע מאַטבייעס, וואָס זענען נאָר צו זיי אונטער די הענט געקומען. קימאַט יעדער אייגער האָט געזוכט עפּעס אַ ניי מיטל ווי אויסצומעקן דעם מינדסטן זייכער פון צאַריזם באַ זיך...

פאָרמען פון אויסצודריקן דעם אָנגעזאַמלטן האַס צום געוועזענעם צאַריזם, — זענען געווען פּאַרשידענע. דאָס ראָוו זענען זיי דערפונדן געוואָרן בעאייסן זיצן אף די סאַניטאַר־גריבער, וואָס האָבן זיך געפונען אפן באַרג, ניט ווייט פון דער פּאָזיציע, און באַם סאַמע ברעג פון גאָר אַ יונגן, אָבער גאַנץ געדיכטן סאָסנע־וועלדל.

דאָס זיצן אף די סאַניטאַר־גריבער איז ביכלאַל באַ סאָלדאַטן טאָמיד געווען ווי אַ ריטואַל. דאָרט האָט מען שטענדיק גערעדט וועגן פּאָליטיק און פּאַנטאַזירט וועגן שאָלעם. אָבער מער פון אַלץ האָט מען זיך דאָרט געוויצלט וועגן פּאַפּיר, וואָס איז אפן פראָנט געווען מאַמעש מיט גאָלד צוגלייך. צו צען און מער יאַטן איז מען — ווי פייגל אף צווייגן — געזעסן הענגענדיק אינדערלופט, אף די קלעצער, וועלכע זענען געווען אַריבערגעלייגט איבער די גריבער, און מען האָט דאָרט געוואָרפן טריטע קלאָלעס אף וואָס די וועלט שטייט. אָפט האָט אייגער ביי אַ צווייטן געשנאָרעט אַ שטיקל פּאַפּיר און זיך באַנוצט מיט דעם קלענצטן פּיצל. אַזעלכן, וואָס האָט עס געהאַט מיט זיך, האָט מען פּאָשעט מעקאַנע געווען ווי מיטן גרעסטן גליק. עס איז שווער צו גלויבן, אַז אָט אַזאַ קלייניקייט זאָל ווען עס איז קאָנען שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע...

די ערשטע טעג נאָך דער רעוואָלוציע, איז באַ די סאַניטאַר־גריבער געווען גאָר פריילעך. דאָרט האָט מען געהערט נייעס, גערעדט רעכילעס און סטאַם אויסגעטראַכט פּאַרשידענע שפּיצלעך. אָבער וואָס און וועגן וואָס מען זאָל ניט געווען רעדן, — אויסגעלאָזט האָט עס זיך אָבער שטענדיק מיט דער זעלבער זאַך — פּאַפּיר...

אונדזער אייגענער קאַטאַיעוו, וועלכער איז געווען אַ וויצלינג און האָט טאָמיד געקאָנט אַרויסקריכן פון דער ערגסטער לאַגע, האָט איינמאָל געלייזט דעם פּראָבלעם אף אַן אייגנאַרטיקן אויפן. ער, בעאייסן זיצן צווישן אַ גרופּע יאַטן איבערן גרוב, האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער האָט פּאַרגעסן זיך צו פּאַרגרייטן מיט דעם נויטיקן פּאַפּיר. ער האָט דאַן, ווי אַ פּאַרלוירענער, גענומען בעטן באַ זיינע שכיינים, אַז

עמעצער זאָל אים לייען אַ שטיקל און — אַז ער האָט עס ניט באַקומען — האָט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַ מאָדנע קרייע געטאָן און:

— עך, איר טייוואָלים באַמאַכטע, אַז ניט גוט זאָל אייך ווערן! — האָט ער אָט געזידלט און אָט געבעטן, — איך וועל זיך דאָך ניט קאָנען אויפהויבן פון דאַנען...איך...און דאָס־אָ איז עס די „ברידערלעכקייט", וואָס מען זאָגט, אַז די רעוואָלוציע האָט איינגעשטעלט?...

און ווייל ער איז געווען אין אַזאַ נעבעכדיקער פאַרלעגנהייט, — האָבן ערשט די אַרומיקע יאַטן אָנגעקוואָלן און געלאַכט. יעדער איינער האָט צוגעוואָרפן עפּעס אַן אַנדער כאָכמעלע, אָדער אַ וויצל:

— ברוך דאָס העמדל, כאַווערל. — האָט איינער מיט געלעכטער אים צוגעוואָרפן, — אין אַ בויט־פאַל איז עס פּונקט אַזוי גוט און...

— וואָס זשע, — האָט אַ צווייטער כויזעק געמאַכט, — אַז מען האָט ניט, באַגייט מען זיך...

קאַטאַיעוו האָט זיך בייז אַרומגעקוקט און — אַ פאַרלוירענער — גענומען טראַכטן וואָס צו טאָן. אין פאַרצווייפלונג האָט ער פון זיין שטיקול־כאָליעווע אַרויסגענומען זיין זעלנעריש ביכל און עס גענומען דורכבלעטערן, אין האָפנונג צו געפינען אין דעם עפּעס אַ פריי בלעטל, וואָס ער זאָל קאָנען אַרויסרייסן. ער איז אָבער געבליבן אַנטוישט. אַלע בלעטלעך זענען געווען פאַרנומענע אָדער וויכטיקע. אף איינעם איז געווען פאַרשריבן די אַרויסבאַקומענע סכירעס, וואָס ער האָט געמוזט האָבן; אף אַ צווייטן — די קליידער און שטיול; אף אַ דריטן — אַלע באַלוינונגען און נאָך אַנדערע געשעענישן אינעם זעלנערישן לעבן. ער האָט זיך פאָשעט ניט געקאָנט קיין אייצע געבן. ענדלעך איז ער אַזוי צוגעקומען צום פאָדערבלעטל, אף וועלכן עס איז מיט רייכע פאַרבן געווען אויסגעמאָלן דעם צאַרס פאָרטרעט. ער האָט געטראַכט אַ ווייל, דאָס אויסגעריסן און, אַפּאָנים קעדיי זיך מוט צו שאַפן, — שפּאַסיק און מיט געלעכטער אַ זאָג געטאָן צו די דערביי־זיצנדיקע יאַטן:

— עמעס, עס איז טאַקע אַביסל צו האַרטלעך, ברידערלעך, אָבער... אַזוי איז דאָך אויך געווען אונדזער לעבן בעאייס ער איז געווען דער צאַר איבער אונדז. ניט אַזוי עפשער?...

פאַר אַ ווייל זענען די אַרומיקע יאַטן געבליבן זיצן ווי געפּלעפטע. אַפּאָנים, אַז דאָס איז געווען אַביסל צו געוואַגט. באַלד, אָבער, האָבן זיי אַלע, איינער נאָכן אַנדערן, אָנגעהויבן שמייכלען און — צי עמעצער פון זיי האָט יאָ געהאַט פאַפּיר מיט זיך, אָדער ניט — ווי לעשעם מיצווע אויך גענומען אַרויסרייסן די צאַרישע פאָרטרעטלעך פון זייערע ביכלעך און געטאָן אַזוי ווי קאַטאַיעוו. דערביי האָט איינער פון זיי — ווי צום

באַרעכטיקן זיך — פּאַטעטיש אויסגערופן:

— נישקאָשע, יאַטן, דריי־הונדערט יאָר האָט ער— פּונקט ווי זיינע טאַטעס און זיידעס,— געפּאַסקודעט אויף אונדז, מעגן מיר דאָך אים איצט כאָטש איינמאָל אָפּצאָלן דערפאַר... וואָס זאָגט איר?...

צווישן כעוורע איז אויסגעבראָכן אַ פריש געלעכטער:

— דאָס איז דיר ריכטיק געזאָגט!...עמעס!...

אונטערגעוואַרעמט פון די באַמערקונגען, האָט ערשט קאַטאַיעוו דאָס דאָזיקע פּאָרטרעטל—שוין אַן אויסגעשמירטס — צוגעטשעפּעט צו עפּעס אַ בוימל דערלעבן און זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט:

— זאָל ער שטיין דאָ אַ קאַפּיטשקע אויף קאַראַאול!... האַ, ווי מיינט איר, יאַטן?... איך רעכן, אַז ער האָט זיך פאַרדינט דעם קאָוועד...

די דאָזיקע געשיכטע איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַלע סאָלדאַטן אויפן באַרג. און—צי מען האָט יאָ געדאַרפט, אָדער ניט — עס איז געוואָרן אַ געלאַף צו די גריבער פון אַלע זייטן... אין ווינציקער ווי אַ שאָ צייט זענען קימאַט אַלע ביימלעך אַרום די סאַניטאַר־גריבער געווען באַהאַנגען מיט אויסגעשמירטע צאַרישע פּאָרטרעטלעך...

*****

**די פרייד** איבער דער באַפרייאונג און, צוזאַמען מיט דעם, אויך דער קאַאָס אויף די נעכטיקע אונטערדריקער— איז ביז גאָר גרויס געווען. די אָפיצירן פונעם פּאָלק האָבן עס טאַקע גאַנץ גוט געפילט און האָבן זיך דעריבער גאַנצע טעג ניט באַוויזן אינדרויסן... און כאָטש דער קאָמיטעט האָט שאַרף אויפגעפאָדערט די סאָלדאַטן, אַז מען זאָל זיך פאַרהאַלטן צו די אָפיצירן מיט רעוואָלוציאָנערער ווירדע, און האַנדלען ווי עס פּאַסט פאַר באַפרייטע מענטשן,— האָבן דאָך מאַסן סאָלדאַטן ניט געקאָנט באַהערשן זייערע עמאָציעס. אויף פאַרשידענע וועגן האָבן זיי געזוכט ווי זיך נוקעם צו זיין אין זייערע אָפיצירן, — די נעכטיקע פייניקער. ספּעציעל האָבן זיי זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט יענע אָפיצירן, וועלכע האָבן פריער, פאַר דער רעוואָלוציע, אָן שום איינזעעניש און אָן שום יורישער, זיי געפּלעגט באַליידיקן און קימאַט פאַר גאָרניט באַשטראָפן אויף רעכטס און אויף לינקס...

ספּאָנטאַן האָבן זיך צווישן די סאָלדאַטן אויסגעאַרבעט פאַרשידענע וועגן ווי צו דערגיין די יאָרן פון אַזעלכע אָפיצירן. מיט יעדערן פון זיי האָבן יאַטן גאַנץ אַנדערש געהאַנדלט. איז דער אָפיציר געווען אַזאַ, וואָס פלעגט גראָב און געמיין זידלען,— האָבן יאַטן זיך צונויפגענומען

אין גרופּעס און, אין יענעמס געגנוואַרט, גענומען קלוימערשט זידלען אײנער דעם אַנדערן, נוצנדיק דערבײ דעם אָפיצירס באַליבטע קלאָלעס און זידלערײען. געטאָן האָבן זײ דאָס אָבער מיט גענוג שטאָך, אַז דער אָפיציר זאָל פאַרשטײן, אַז דאָס מײנט מען אים. ווידער יענע אָפיצירן, וואָס פלעגן באַשטראָפן פאַר ניט ריכטיק סאַלוטירן, — האָט מען גאָר אויסגעמוטשעט. יאַטן האָבן אָרגאַניזירט אַ מאַרש אַרום אָט דעם אָפיציר און, פאַרבײגײענדיק, אים אומאויפהערלעך סאַלוטירט, אַז יענעם האָט אַזש די האַנט גענומען ווײ טאָן פונעם קעסײדערדיקן אָפּענטפערן...

אָבער די פּאָפּולערסטע נעקאָמע איז פאָרט געווען די, בעאײס יאַטן האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט יענע אָפיצירן, וועלכע פלעגן באַשטראָפן די סאָלדאַטן פאַר כאַפּן זײ רויכערן אין זײער געגנוואַרט. אַז יאַטן האָבן אַזעלכן געפּאַקט אינדרויסן, האָבן זײ מאַסנווײז פאַררויכערט צו גראָבע מאַכאָרקע-ציגײערלעך, זיך שטאַרק פאַרצויגן, און — פאַרבײגײענדיק יענעם — אים געבלאָזן דעם רויך קימאַט גלײך אין די אויגן אַרײַן...

פון די דאָזיקע האַנדלונגען האָבן די אָפיצירן — באַטירלעך — זיך שטאַרק באַליידיקט. עטלעכע פון זײ זענען טאַקע אַװעק אין קאָמיטעט און אײדל, מיט אַ טאָן פון באַליידיקטער אומשולד, זיך פאַרקלאָגט פאַר גרישונינען און געבעטן, אַז ער זאָל עפּעס טאָן ווענגן דעם:

— עס איז דאָך מאַמעש אומדערהערט! — האָבן זײ געשריגן, — עס איז דאָך באַליידיקנדיק, גאָרניט מאַיסע סאָלדאַטן!...

גרישונין האָט, געוויינטלעך, אויפמערקזאַם אויסגעהערט די טײנעס פון די אָפיצירן און דערבײ, ווי מען האָט עס געקאָנט זען, פאַרביסן מיט די צײן דעם שמײכל, וואָס האָט זיך איבער גוואַלד און אַקשאָנעסדיק געריסן אויף זײנע ליפּן אַרויף. נאָכדעם ווי זײ זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן באַקלאָגן זיך, האָט ער, גרישונין, זיך אויפגעשטעלט און גאַנץ קאַלט זײ אָפּגעענטפערט:

— איך ווײס, מײנע ליבע הערן אָפיצירן, אַז דאָס איז אַן אַוולע. איך ווײס עס. אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן דערצו?... אַדראַבע, זאָגט איר אַלײן, וואָס זאָלן מיר זײ טאָן?...

די אָפיצירן האָבן געשוויגן. גרישונין האָט פאָרגעזעצט:

— זאָלן מיר זײ עפּשער שטעלן אויף לאַנגע שאָען אונטער ביקס, אַזוי ווי איר פלעגט עס טאָן?... זאָלן מיר זײ עפּשער פאַרשיקן אין טורמע, אין דיסציפּלינאַר באַטאַליאָן, אָדער עפּשער זײ גאָר דערשיסן דערפאַר?... נו, אַדראַבע, זאָגט איר אַלײן, מיר הערן אײך...

די אָפיצירן האָבן זיך גענומען קווענקלען:

— אָ, כאָלילע, כאַווער קאָמענדאַנט, ניט דאָס...איר פאַרשטײט דאָך

אַוואַדע, אַז מיר זענען ניט אַהערגעקומען צו בעטן, אַז איר זאָלט זיי באַשטראָפן. מיר ווילן נאָר, אַז... איר פאַרשטייט... אָנזאָגן זיי מיט דעם האַרבן וואָרט און... אייך וועלן זיי דאָך זיכער הערן...

גרישונין האָט אָן אומגעדולדיקער אַרומגעשפרייזט איבער דער זעמליאַנקע. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, שאַרף אַ קוק געטאָן די אָפיצירן אין די פּענימער אַריין און גענומען רעדן:

— אָנזאָגן? — גאַנץ גוט! מיר וועלן עס טאָן! זיכער וועלן מיר עס טאָן. אָבער וואָס וועט אַרויסקומען דערפון? וועט עס דען העלפן? פאַרגעסט ניט, הערן אָפיצירן, אַז דאָס איז אַ סטיכישער פּראָצעס, ווי מען רופט עס אין אייערע קרייזן, — אַ פּראָצעס, וועלכן איר אַליין האָט יאָרן צוגעגרייט און געשאַפן; אַ פּראָצעס — אין וועלכן איר אַליין טאַקע זענט שולדיק... יאָ־יאָ, — האָט ער, זעענדיק ווי די אָפיצירן שטייען און וואונדערן זיך, אַ זאָג געטאָן, — באַרעכנט נאָר אַליין, מיינע ליבע הערן: גאַנצע דריי־הונדערט יאָר האָט איר, אונטער אייערע שטיוול, געהאַלטן איינגעקוועטשט דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק... און דאָס פאָלק — ווי אַן איינגעקוועטשטע שטאָלענע ספּרוזשינע — האָט די גאַנצע צייט זיך געריסן צו באַפרייען פון אונטער אייערע פיס, פון אונטער אייער דרוק. יאָ, פעסט האָט איר געדריקט די דאָזיקע ספּרוזשינע; שטאַרק האָט איר זי געהאַלטן איינגעקוועטשט... איר אַליין האָט גאַנץ גוט געוואוסט און מוירע געהאַט, אַז אויב עס זאָל דער דאָזיקער ספּרוזשינע ווען עס איז געלינגען זיך צו באַפרייען; אַז אויב זי זאָל זיך אַמאָל פאָרט קאָנען אַרויסרייסן פון אונטער אייערע פיס און פון אונטער אייער שווערן שטיוול, — וועט עס אַזוי גלאַט ניט אָפּגיין און עפּעס וועט מוזן געשען. און וואָס גרעסער די מוירע איז געוואַקסן ביי אייך, — אַלץ שטאַרקער האָט איר זי געדריקט... און איצט...

ער האָט אַ צעשפּרייט געטאָן די הענט און אָנגעגאַנגען:

— און איצט, ליבע הערן, ווי איר זעט אַליין, האָט עס פאָרט געטראָפן, אַז די נעמלעכע ספּרוזשינע — מיסטאָמע דערפאַר, וואָס זי איז שוין אַביסל צו שטאַרק אונטערדריקט געוואָרן פון אייך און פון אייער גלייכן — האָט סאָף קאָל סאָף צוזאַמענגענומען אַלע אירע קויכעס, איינגעשפּאַנט איר גאַנצע ענערגיע, האָט זיך אַ ריס אַרויס געטאָן פון אונטער אייערע שטיוול און זיך פאָרט באַפרייט... וואָס זשע ווילט איר, מיינע הערן?... איז דען ניט נאַטירלעך, אַז אַזאַ שטאַרקע ספּרוזשינע, אַזאַ מאַכטיקע ספּרוזשינע, ווי עס איז דאָס רוסישע פאָלק, נאָכדעם ווי זי איז פאַר אַזאַ לאַנגער צייט געווען צוגעדריקט און איינגעקוועטשט, זאָל איצט — בעאייסן באַפרייען זיך פון אונטערן דרוק — אַ ריס טאָן

מיטן גאַנצן קויעך, ניט אַזוי ווי דאָס האָט זיך אייך געוואָלט און ניט אַזוי ווי עס איז באַקוועם פאַר אייך?...היינט וואָס קאָן מען טאָן קעגן דעם?...איך בעט אייך, זאָגט וואָס זאָל מען טאָן?...

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגערוט אַ ווייל און פאַרענדיקט:

— און מיר שיינט, מיינע הערן אָפיצירן, אַז איר דאַרפט גאָר זיין שטאַרק צופרידן, וואָס אָט די ספּרוזשינע אָט — בעאייס דעם באַפרייען זיך — אייערע קעפּ ביכלאַל ניט אַראָפּגעהאַקט פון אייך...

די אָפיצירן האָבן זיך, מאַשמאָעס, דערפילט אומבאַקוועם. זיי האָבן זיך עפּעס אַזוי ווי איינגעהויקערט און זענען — מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ, ווי פאַרשעמטע — אַוועק צוריק צו זיך אין די זעמליאַנקעס אַריין, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן ווי מייז אין די לעכער...

נאָך זייער אַוועקגיין איז גרישונין פונדעסטוועגן אַרויסגעגאַנגען צו די סאָלדאַטן, וועלכע זענען געקומען הערן וואָס עס וועט געשען, און ער האָט זיי גענומען אויסרעדן:

— ניין, כאַווײרים, — האָט ער זיי געשטראָפט, — אַזוי דאַרף מען ניט טאָן. אַזוי טאָר מען ניט טאָן. דאָס איז ניט דער ריכטיקער וועג. פאַרקערט: איר דאַרפט באַווייזן די אָפיצירן, אַז איר זענט בעסער און גרויסמוטיקער פון זיי. איר דאַרפט זיי באַווייזן, אַז איר יאָגט זיך ניט נאָך קליינלעכער נעקאָמע. פירט זיך אויף אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן, פאַר באַפרייטע מענטשן!...

עטלעכע יאַטן זענען אָבער אומצופרידן געווען פון גרישונינס שטראָף־רייד. איינער האָט בייז אַ קוק געטאָן אויף גרישונינען און — באַם אָפּגיין — מיט גרינגשעצונג אַ ברום געטאָן צו די איבעריקע:

— אזאַ מוזיקאַנט אַ גאָרנישט... אַזאַ שטשור... הערט נאָר: גאָר אַ גאַנצער צאַר געוואָרן איבער אונדז... וואָרים ווער האָט עס גאָר אים געגעבן אַ רעכט אונדז צו שטראָפן און זאָגן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט?... געהערט אַ כוצפּע... דאַכט זיך, אַז מיר האָבן איצט אַ רעוואָלוציע מיט פרייהייט און מיר דאַרפן באַ קיינעם ניט אָנפרעגן, וואָס מיר מעגן יאָ טאָן און וואָס מיר טאָרן ניט...

אַפּאָנים, אָבער, אַז די אַנדערע סאָלדאַטן זענען ווייט ניט מאַסקים געווען מיט אָט די כוצפּעדיקע רייד. זיי האָבן זיך צעבייזערט און גוט אָנגעזידלט דעם טומלער. אַ פּאָר יאַטן האָבן זיך אַפילע אַ וואָרף געטאָן צו אים מיט די פויסטן און, מיט עטלעכע קלעפּ, אים דאָס מויל פאַרמאַכט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גערודער. צום גליק האָט זיך אָבער גרישונין גלייך אַריינגעמישט. ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס קריגערײ און געלאַסן, מיט אַ קילן געמיט, אַ זאָג געטאָן צו יענעם סאָלדאַט:

— יאָ, ברודערל, ביסט טאַקע גערעכט... מיר האָבן טאַקע איצט פרייהייט...אָבער זעסטו, דאָס מיינט נאָך ניט, אַז יעדער איינער וואָס האָט נאָר אַביסל כיישיק און געזונטע הענט, מעג דיר איצט פאַרפאָרן אין דער נאַרישער צורע אַריין. פאַרשטייסטו מיך, מיט אַזאַ שטייגער פרייהייט ווי דוווילסט, וואָלסטו שוין איצט, ווי דו קאָנסט אַליין זען, מיט קיין גאַנצע ביינער ניט אַוועק פון דאַנען...

יענער, אַ פאַרשעמטער, האָט זיך אף גיך אָפגערוקט אָן אַ זייט און גענומען האַסטיק אַוועקגיין. די אַרומיקע יאַטן האָבן אים נאָכבאַגלייט מיט אַ הילכיק געלעכטער און מיט קאָמישע אויסרופן, ביז ער איז ענדלעך פאַרשוואונדן. און ווי צו פאַרגיטיקן גרישוניגען פאַר דער באַליידיקונג, אויסגערופן אַ הילכיקן „הוראַ”-געשריי פאַר אים.

גרישונין האָט זיי באַדאַנקט פאַר דעם צוטרוי און זיי געבעטן זיך פאַנאַנדערצוגיין. ער האָט געזאָגט:

— היט אָפּ די ענערגיע אייערע. איר וועט זי דאַרפן האָבן אף וויכטיקערע זאַכן ווי אָט די קליינלעכקייטן...

די סאָלדאַטן האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערגיין און, ווי פון זיך אַליין, האָט זיך אַ טראָג געטאָן זייער אָפגייענדיק געזאַנג:

„פיינטלעכע שטורעמס ווייען אַרום אונדז;
פינצטערע קויכעס דריקן אונדז שווער;
קעמפן מיט סאָנים מיר'ן זיך לאָזן —
מיר'ן קיין שקלאַפן זיין שוין ניט מער!
שטאָלץ מיר'ן טראָגן אונדזערע פאָנען, —
פאָנען פון קאַמף פאַרן אַרבעטער פאָלק;
פעלקער באַפרייען פון אונטערדריקונג, —
בויען אַ וועלט פון פרייהייט און טאָלק...
צום קאַמף — גערעכטן, —
קעגן דעם שלעכטן;
מאַרש, מאַרש, פאָרויס,
אַרבעטער פאָלק!” (נאָכאַמאָל)

דאָס ליד האָט אַזש אַרויסגערופן פרייד־טרערן אין די אויגן...



# קאַפּיטל זעקסונדרייסיק



צוליב גרישונינס שנעלע און אָפט גאַנץ קלוגע האַנדלונגען, פּונקט ווי צוליב זיינע טרעפלעכע ווערטלעך און, צו דער זעלבער צייט, גוטהאַרציקע און כאַוועדרשע באַנעמונגען צו יעדן, — איז ער גיך שטאַרק באַליבט געוואָרן אינעם פאָלק. זיין נאָמען איז באַ די סאָלדאַטן קימאַט ווי פאַרהייליקט געוואָרן. און אַז עמעצער האָט גערעדט וועגן אים, איז עס געווען מיט איראַס-האַקאָוועד און אַכטונג. עס איז פּאַשעט דערגאַנגען דערצו, אַז יאַטן זענען גרייט געווען אַף זיינס אַ וואָרט, אַף זיינס אַ וואונק, צו טאָן אַלץ וואָס ער וועט נאָר הייסן. און כאָטש עס איז אַלעמען באַוואוסט געווען, אַז גריגאָריעוו מיט דאַווידאָוון, און ניט גרישונין, זענען די הויפּט-טוער און פירער פונעם קאָמיטעט, — האָבן פונדעסטוועגן זיך אַלע געווענדט מיט זייערע טאַינעס און פראַגעס נאָר צו אים. צו אים האָבן אַלע געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי. מיט אים האָבן זיך אַלע געפילט פּאַשעטער און באַסירלעכער. פאַר אים האָבן זיך אַלע געפילט פריי אויסצוגיסן די פאַרביטערטע הערצער און ברענגען זייערע פאַרשידענע קריוודעס.

און קריוודעס זענען דאַן געווען גאָר אַ סאַך. יעדע ווייל — אַן אַנדער מיספאַרשטייעניש, וואָס האָט געדאַרפט אויסגעגליכן ווערן. און ניט נאָר קריוודעס צווישן די סאָלדאַטן און נאַטשאַלסטווע, אָדער פאַר-קערט, נאָר אויך צווישן סאָלדאַטן גופא, צווישן איינעם און אַ צווייטן. די רעוואָלוציע האָט געבראַכט מיט זיך סיי ערנסטע און סיי קאָמישע אינצידענטן, וואָס מען האָט גיך געדאַרפט דערליידיקן און אויסגלייכן. און ווען ניט גרישונין, מיט זיינע שנעלע און לאָגישע האַנדלונגען, וואָלטן זיך פיל פּאַסירונגען געענדיקט מיט בלוט-פאַרגיסונגען...

אַפּאַנים, אַז די סאָלדאַטן האָבן זיך אַף אַן עמעס אויפגעהערט צו שרעקן פאַר נאַטשאַלסטווע און — ווען עס איז נאָר געווען אַ קריוודע — זיך מער ניט באַקלאָגט, ווי דער געזעץ אין דער אַרמיי איז געווען, צו

זייער סאַמע דירעקטן אונטעראָפּיציר, אַז יענער זאָל עס דערלייגן העכער, נאָר זיי זענען געקומען גלייך צו גרישונינען...

אָט איז אָנגעקומען אַ דעלעגאַציע פון אַ געוויסער ראָטע איבעם פּאָלק, וואָס האָט זיך באַקלאָגט, אַז זייער ראָטע האָט שוין פאַר אַ צייט לאַנג ניט באַקומען קיין שטיוול, בעת אַלע אַנדערע ראָטעס האָבן דאָס יאָ באַקומען. גרישונין האָט באַלד געשיקט נאָכן אָבאָז־פּאַרוואַלטער און געזען, אַז די ראָטע זאָל די שטיוול גלייך באַקומען. דערביי האָט ער יענעם גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט, אַז אַזעלכע זאַכן זאָלן באַכאַמאָל ניט פּאַסירן, סיידן ער וויל ווערן איבערגעגעבן צו אַ קריגס־געריכט פאַר פאַרשאַכלעוועון רעגירונגס־פאַרמעגן.

אַ דעלעגאַציע פון אַן אַנדערער ראָטע האָט זיך ווידער באַקלאָגט, אַז בעת אַנדערע ראָטעס באַקומען טעגלעך צו דריי שטיקלעך צוקער און צו עטלעכע זאָלאָטניקעס סאַלע אף אַ סאָלדאַט, באַקומען זיי אָבער בלויז צו צוויי שטיקלעך צוקער און אָפטמאָל — גאָר קיין סאַלע ניט.

גרישונין האָט גלייך געשיקט רופן דעם פעלדפעבעל און דעם קאַפּטענאַרמוס פון יענער ראָטע און זיי געפרעגט וואָס זיי האָבן צו זאָגן וועגן דעם. דער פעלדפעבעל האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרכידעשטער און געטיינעט, אַז ער ווייסט פון גאָרניט; אַז דערמיט האָט צו טאָן דער קאַפּטענאַרמוס פון ראָטע, וועלכער קריגט די פּראָדוקטן אין אָבאָז און...

יענער, דער קאַפּטענאַרמוס, — אַן אויסגעפּאַשעטער און פעסטער, גאָרניט ווי אַ סאָלדאַט פון דער פּאָזיציע — האָט מאַמעש געציטערט:

— איך, — האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען, טייַנעבדיק, — איך אַליין קאָן גאָרניט פאַרשטיין וואָס דאָ טוט זיך. דאַכט זיך, אַז ווען איך קריג אַרויס דעם צוקער פון אָבאָז, צייל איך אויס יעדעס שטיקעלע באַזונדער און אַלץ קומט אויס ריכטיק — צו דריי שטיקלעך אף יעדן סאָלדאַט. אָבער אַז עס קומט צום אַרויסגעבן, פעלט מיר אַלעמאָל אויס. אַזוי אויך וועגן דער סאַלע. דאַכט זיך גוט אָפּגעוואויגן, אָבער... עס מאַכט מיך מאַמעש מעשוגע. איך האָב שוין אַפילע עטוואָס פאַרקלענערט די פּאָרציעס, אָבער עס העלפט ניט. אף איין טאָג פעלט מיר אויס...

גרישונין האָט ווידער געשיקט נאָכן אָבאָז־פּאַרוואַלטער. ער האָט באַכגעקוקט און דורכגעזוכט אינעם בוך, וואו עס איז געווען פאַרשריבן יעדע זאַך, וואָס יענער האָט אַרויסגעגעבן די ראָטעס; געזען אַפילע די אונטערשריפטן, און אַלץ האָט דאָרט געשטימט. יענער האָט דעריבער אָנגעשטעלט אַ באַליידיקטע מינע און געטייַנעט:

— איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזען. ווען מען זאָל מיר זאָגן, אַז עס פעלט אַ פונט צוויי, וואָלט איך נאָך געקאָנט באַגרייפן. אָבער אָט

אַזויפיל... זיכער ווערט עס פאַרלוירן צווישן מיר און די סאָלדאַטן...

דאָס איז געבוג געווען, אַז עס זאָל אַרויסגערופן ווערן אַ שטאַרקע קריגערײַ. דער פעלדפעבעל מיטן קאַפּטענאַרמוס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגן דעם אָבאָז־פאַרוואַלטער מיט די פויסטן:

— ווילסט זאָגן, — האָט דער ערשטער געשריגן, — אַז מיר נעמען עס פאַר זיך, אָדער פאַרקויפן עס, דו הינטישער זון אַזעלכער!...

— וואָרים איזב צו פאַרקויפן, — האָט דער צווייטער איראָניש אַ שטאָך געטאָן, — האָסטו דאָך מער געלעגנהייטן ווי מיר... דו האָסט דאָך וועגעלעך און קומסט אָפּט אין די דערפער אַריין... אונדז קאָנסטו אָבער ניט כוישעד זיין, אַז מיר פאַרקויפן עס עמעצן, אָדער...

גרישונין האָט שמייכלענדיק גענומען באַרואיקן די דריי:

— רואיק, כאַווירימלעך, רואיק. קריגערייען וועלן דאָך ניט לעזן די פראַגע. מען דאַרף בעסער צוזאַמען געפינען דעם לאָך און...

גרישונין איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט אַ ווייל. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ שטעל אויף געטאָן און געפרעגט:

— און וואו, איך בעט אייך, האַלט איר די באַקומענע פּראָדוקטן איידער איר פאַרטיילט זיי צווישן די סאָלדאַטן?...

— וואָס הייסט וואו? — האָט דער קאַפּטענאַרמוס איבערגעפרעגט, — איך האָב אַ ספּעציעלן גרוב לעבן דער טראַנשייע און...

גרישונין האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַזוי זשע רעדט!... הייסט עס, אַז איר האָט פּאָשעט מער עסערס ביי זיך, ווי די צאָל פּאָרציעס וועלכע איר באַקומט...

יענע האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין. גרישונין האָט פאָרגעזעצט:

— ס'איז אַזוי: אָדער איר וועט דאַרפן איבערציילן די שטשורעס אין אייער שפּייז־סקלאַד און זיי אַרויפשטעלן אפן שפּייז־צעטל, קעדיי אויך פאַר זיי צו באַקומען די געהעריקע פּאָרציעס, אָדער... איר וועט דאַרפן געפינען אַ מער זיכערן פּלאַץ אף צו האַלטן די פּראָדוקטן, וואָס איר קריגט פאַר די סאָלדאַטן. שפּייזן די שטשורעס אפן רעכנונג פון די סאָלדאַטן, וועל איך בעאיין אויפן ניט דערלויבן...

דער פעלדפעבעל מיטן קאַפּטענאַרמוס זענען אַוועק פאַרשעמטע און מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ. די סאָלדאַטן אַרום האָבן שטאַרק געלאַכט און אַפּלאָדירט גרישונינען...

אָבער נאָך איידער גרישונין האָט באַוויזן אָפּצורוען זיך פון איין זאַך, איז באַלד קאַפּויערגעקומען אַ צווייטע. איינער, שוין אַ מער־ערנסטער אינצידענט, וואָס האָט זיך טאַקע שיער ניט געענדיקט מיט בלוט־פאַרגיסונג, האָט פּאַסירט עטוואָס שפּעטער...

עס איז געווען באַלד נאָכדעם ווי די ראָטע-סאָלדאַטן האָבן דערזען די רויטע פענער איבער די שטאַב-זעמליאַנקעס און די רויט-באַצויגענע קאָקאַרדעס און פאַסיק-שנאָלן באַ די שטאַב-יאַטן, האָבן זיי דאָס, גאַנץ באַטירלעך, אויך געוואָלט האָבן באַ זיך. עס איז אָבער ניט געווען קיין גענוג רויטע צייג, עס זאָל קלעקן פאַר אַלעמען. וואו נאָר עפעס אַ סיגנאַל-פענדל — איז עס שוין געווען צעפאַסעוועט. און פאַרדעקן די קאָקאַרדעס מיט די פאַסיק-שנאָלן, האָט יעדער איינער דאַווקע שטאַרק געוואָלט. איז עמעצן פון זיי איינגעפאַלן, אַז אַזוי ווי אינעם אָבאָז זענען זיכער פאַראַן גענוג אַלטע דריי-קאָלירנדיקע נאַציאָנאַלע פענער, קאָן מען אַרונטעררייסן פון זיי די רויטע פאַסן, וועלכע מען קאָן נוצן פאַר דעם צוועק. זענען זיי אַוועק צו גרישונינען און אים דערציילט וועגן דעם. ער האָט זיי געגעבן אַ פאַפירל צום הויפט-קאַפטענאַרמוס פון פאָלק, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַ צענדליק אַלטע פענער...

דער הויפט-קאַפטענאַרמוס, — אַן אַלטער, צעקנייטשטער אָפיצירל, מיט אַ קרום קעפל, בלאַסע, איינגעפאַלענע באַקן און מיט אַ פלאַטשיק-רויטער נאָז, וואָס איז געווען צעלייגט איבערן פאָנים ווי אַ שטיק רוי פלייש, — אַז ער האָט דערהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט מאָדנע אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפער, עפעס אַזוי ווי עס וואָלט דורך אים דורכגעלאָפן אַן עלעקטרישער שטראָם. ער האָט אָנגעטאָן די פענסנע אפן שפיץ פונעם פליישל, איז דורכגעלאָפן דאָס פאַפירל פון אויבן ביז אַרונטער עטלעכע מאָל און זיך גענומען קווענקלען:

— עך, גאָט דו ביינער! — האָט ער געפאָנפעט מיט אַ שטימע, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ קלאַרנעט אף די נידעריקע טענער, פאַרבייטנדיק געוויסע קלאַנגען מיט אַנדערע, — איך קאָן דאָך דאָס ניט טאָן!... איך קאָן דאָך אייך ניט אַרויסגעבן קיין פענער אָן באַפעל און אונטערשריפט פון עפעס אַ, כ'וויס... אַ פאָשעטן סאָלדאַט דאָרט... גאָט דו ביינער! אף דערויף בוז איך האָבן אַן אונטערשריפט פונעם פאָלק-קאָמאַנדיר און... ווייל... נו, טאָנער ווי אַ זאַך נאַכט זיך און... איר פאַרשטייט?... וואָס וועל איך טאָן, גאָט דו ביינער, אויב עס וועט זיך צוריק איינשטעלן?... כ'ביין... נו, אויב עס וועט צוריק איינגעשטעלט ווערן די סאַרישע באַכט און איך וועל דענלט דאַרפן האָבן יעדן שטיקל פאָן?... איז וועגן, גאָט דו ביינער, וועט נעם דענלט סינבלען דערפאַר, אייער, ווי הייסט ער עס דאָרטן, גרישונימען, סי ניך, אַ?...

די יאַטן, כאָטש עס האָט זיך זיי געגלוסט פאַנאַנדערלאַכן פון זיין פאָנפעוואַטער אויסשפראַך, — זענען מאַמעש אָנגעצונדן געוואָרן פון דעם ענטפער זיינעם. זיין גרינגשעצונג איבער גרישונינען האָט זיי פאָשעט

אויפגעשטורעמט. זיינע רייד וועגן דעם מעגלעכן צוריקקער פון דער צאַרישער מאַכט — האָט זיי אויפגעקאָכט. זיי האָבן אָנגעהויבן טומלען. עטלעכע יאַטן האָבן גענומען שרייען און זידלען. אַ פּאָר הייס-בלוטיקע יאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קעגן אָפּיציר און אים מאַמעש געוואָלט צערייסן אויף שטיקער. עס האָט שיער געהאַלטן ביי אַ געשלעג. יענער האָט זיך פאַרטיידיקט מיט זיין רעוואָלווער און געדראָעט צו דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט צוגיין נעענטער צו אים. איינער פון די יאַטן איז דעריבער פלינק אַריבערגעלאָפן צו גרישונין אין זעמליאַנקע און אים איבערגעגעבן וועגן דעם געשעענעם. גרישונין האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן אַהינצו און קוידעם-קאָל גענומען באַרואיקן די אויפגערעגטע סאָלדאַטן. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום צעשראָקענעם אָפּיציר, אים טראָציק דורכגעגומען און מיט אַ קאַלטן שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— וואַרפט נאָר אַוועק דאָס שפּייערל, טייערינקער, ווייל איר וועט אונדז סיי ווי ניט אָפּשרעקן דערמיט!...גיט עס נאָר אַהער, איידער איך האַק עס אַרויס פון אייער כאָשעווער לאַפּקעלע!... און דינגט זיך ניט, גיט אַרויס די פּענער, ווי מען האָט געפּאָדערט, איידער מיר נעמען זיי אַליין!...נו, און וועגן דעם וואָס איר האָט מוירע, אַז טאָמער וועט די צאַרישע מאַכט זיך אומקערן און איך וועלן דאַן אויספעלן צאַרישע פּענער,— זאָג איך אייך צו, אַז דעמלט וועלן מיר שוין דאָס באַזאָרגן פאַר אייך. יאָ-יאָ, אַז עס וועט נאָר האַלטן דערביי, וועט דעמלט זיין גענוג כאַזערישע בלוט פון אָט אַזעלכע קנעכטישע נעשאָמעס ווי אייער גלייכן, אין וועלכן איר וועט קאָנען איינטונקען פּאַשעטע ווייסע לייוונט און דאָס אויף רויט באַפאַרבן. יעדנפאַלס, איז אַצינד נאָך סיי ווי גאָר פריצייטיק צו זאָרגן וועגן דעם און... יאָ, איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז דערצו וועט שוין מער קיינמאָל ניט קומען...

דער אָפּיציר, וועלכער איז ביז גרישונינס אָנקומען, געשטאַנען אַזוי פעסט באַ זיך און ניט געוואָלט נאָכגעבן,— האָט מיטאַמאָל,— הערנדיק גרישונינס וואָרנונג — אינגאַנצן קאַפּיטולירט. ער איז געוואָרן בלאַס ווי אַ מעס און גענומען ציטערן ווי אַ בלאַט אין ווינט. ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם רעוואָלווער פון דער האַנט, זיך גענומען צאַפּלען מיט די הענט און פיס, געוואָרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן און געבעטן:

— הע...הער כאַווער קאָנעמדאַנט,— האָט ער געשטאַמלט,— איך, גאָט דו ביינער! איך, כע-כע-כע, איך בין דאָך גאָרניט אויסן געווען, ערן וואָרט...איך, פאַרשטייט איר ניך, האָב דאָך נאָר געשפּאַסט אַזוי... יאָ-יאָ...עס פאַרשטייט זיך, כע-כע-כע, אַז איר קאָנט זיך מענען אַזויפיל פּענער וויפל איר ווילט נאָר אַליין...וואָרין, גאָט דו ביינער, צו וואָס

קאָן איך זיי דען דאַרפֿן, כע־כע־כע?!...

ער האָט אָנגעוויזן וואו, אין וועלכן אָבאָז־וועגעלע, די פֿענער זענען געלעגן איינגעפּאַקט, און אַליין איז ער אַלץ געשטאַנען אין איין ציטערניש, שטום צוקוקנדיק ווי די סאָלדאַטן האָבן אַרונטערגעריסן די רויטע פּאַסן פֿון זיי. ביסלעכווייז האָט ער זיך גענומען אָפּרוקן אַף הינטערווייילעכץ, שטילערהייט, מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן, זיך געצייילעמט און געהאַלטן אין איין אונטערמורמלען:

— אַ דאַנק דיר, גאָט דו ביינער, אַבי איך האָב ווי געהעריק מיין פֿליכט געטאָן!...אַבי איך האָב ערנהאַפֿטיק פֿאַרטיידיקט זיין קאָוועד און געקעמפֿט וויפֿל איך האָב נאָר קויכעס געהאַט!...נו, איצט זענען ביינע הענט און ניין געוויסן ריין...וואָרין איך בין דאָך ניט בעכויעוו זיך אַנטקעגנצושטעלן ווען עס האַלט באַ גוואַלד...

יאַטן האָבן דערהערט זיין געמורמל, אויפֿגעכאַפּט די ווערטער און געקוקט מיט כויזעק אַף אים. פֿריידיקע האָבן זיי ווייטער געהאַלטן אין אַרונטעררייסן די רויטע פּאַסן פֿון די פֿענער און — וואַרפֿנדיק צוריק די געבליבענע וויים־בלויע שטיקער — איראָניש צוגעוואָרפֿן:

— הערי איר, ציטערדיקע שמאַטע, אָט נאָט אייך אייערע פֿענער און באַהאַלט זיי!...זיי וועלן אייך נאָך עפּשער צונוץ קומען, ווען איר וועט זיך קלויבן צו באַגעגענען אייער נייעם צאַר!... מיט די שמאַטעס וועט איר קאָנען באַווייזן, אַז די הענט זענען ניט אויסגעשמירט און...

פֿאַרטיק געוואָרן מיט די פֿענער, האָבן די יאַטן זיך אַ לאָז געטאָן מיט געלעכטער און געזאַנג, פֿאָכענדיק דערביי מיט די שטיקער רויטע צייג איבערן גאַנצן וועג. דאָס געזאַנג — אַ הילכיקס און היימלעכס — האָט אָפּגעקלונגען אפֿן גאַנצן אַרום:

„דרייסטע, כאַווירים, געגאַנגען, —
מוטיק באַפֿעסטיקט צום שטרייט;
פֿאָרויס מיט פֿאָן און געזאַנגען, —
רייסן פֿון שקלאַפֿן די קייט!...
מיר פֿונעם פֿאָלק אַלע שטאַמען, —
קינדער פֿון אַרבעטער־קלאַס;
לאָמיר זשע אַלע צוזאַמען
שטורמען דעם בלוטיקן האַס!...
לאַנג אונדז אין קייטן געהאַלטן;
לאַנג האָט אונדז הונגער געשטיקט, —
טויט צו די שוואַרצע געשטאַלטן!...
פֿרייהייט האָט אונדז שוין באַגליקט!...“

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז קימאַט אַלץ אפן באַרג עפּעס אַזוי ווי איינגעטונקען געוואָרן אין רויטן. פון אַלע זעמליאַנקע-דעכלעך און טירן, פון אַלע טראַנשייע אַריינגאַנגען, האָבן אַרונטערגעווייעט רויטע, שטאָלצע פענער און לענטעס מיט לעבעדיקע אויפשריפטן:

„זאָל לעבן די פרייהייט!..."

„זאָל לעבן די רעוואָלוציע!..."

„זאָל לעבן די רוסלענדישע רעפּובליק!..."

*****

**איידער** עס איז נאָך איינגעשטילט געוואָרן באַ די סאָלדאַטן דער קאַאַס מיט דער אויפרעגונג איבער דער האַלטונג פון דעם אָפיציר וועגן די פענער, איז ביי אונדז אינעם פּאָלק פאָרגעקומען אַ צווייטער טראַגי-קאָמישער פּאַל. און כאָטש אויבנאויף האָט עס טאַקע געקאָנט אויסזען ווי אַ באַרישקייט, — האָט עס זיך דאָך ווידער שיער נית פאַרענדיקט מיט אומזיסטיקער בלוט-פאַרגיסונג.

איינעם, אַ שמיד פון דער אָבאָז-קאָמאַנדע, האָט זיך פלוצים, — מאַשמאָעס לעקאָוועד דער רעוואָלוציע, — פאַרגלוסט אַ הוליע צו טאָן. ער האָט אָפּאָנים געוואָלט פּראַווען דעם פינף-טאָגיקן יובילײ פון דער נייער רוסלענדישער רעפּובליק. האָט ער ערגעץ באַ זיך אין אָבאָז דערטאַפּט אַ קליינעם אישאַק און אים — פונקט ווי זיך אַליין — אויסגעפּוצט מיט אַ רויטן שלייף און מיט רויטע לענטעס. דאַן האָט ער גענומען זיין מאַנדאָלין, זיך אַוועקגעזעצט רייטנדיק אפן אישאַק און — שפּילנדיק די מאַרסעלעזע — זיך אַוועקגעלאָזט איבערן באַרג, צוזינגענדיק:

„מיר זאָגן אָפּ זיך פון דער וועלט, דער אַלטער,
און ווישן אָפּ זיך דעם שטויב פון די פיס;
מיר דאַרפן ניט קיין גאָלד'ענע געשטאַלטן, —
ס'איז צאַריזם אונדז דערווידער, מיעס...
מירן גיין צווישן ליידנדע ברידער,
צום פאַרהונגערטן פּאָלק מירן גיין, —
און צוזאַמען אַנטקעגן רעגירער
אינעם קאַמף ביזן זיג מיר'ן שטיין...
דערוואַך, הויב זיך אויף, אָ דו אַרבעטער מאַן,
און קעגן דעם פיינט, מיט שטורעם אַרויס;
מיט זיכערן גאַנג און מיט שטאָלצן שפּאַן, —
פאָרויס, פאָרויס, פאָרויס!..."

ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין וועלדל אַריין, אפן וועג צו דעם דערבייאיקן שכיינעסדיקן פּאָלק, וואו ער האָט געהאַט זיינס אַ פריינט, צו וועמען ער האָט זיך געקליבן צו גאַסט. מיטאַמאָל, ניט ווייט פונעם וועלדל, האָט ער זיך אָנגעגעגנט מיטן שטאַבס־קאַפּיטאַן מעדאָטשקין. יענער — אַן אומגעלומפּערט־הויכער אָפיציר,— וועלכער האָט זיך אַזש איבערגעבויגן איבער דער הויכקייט — איז געווען אף זיין וועג צוריק פונעם אַרעסט־הויז אינעם וועלדל, וואו ער איז געהאַט אָפּגעזעסן אַכט טעג פון די פופצן, וואָס דער פּאָלק־קאָמאַנדיר האָט אים צוגעטיילט און וועלכע ער איז געגאַנגען אָפּזיצן בלויז דריי טעג פאַר דער יעדיע וועגן דער רעוואָלוציע. די שטראָף האָט ער דאָסמאָל באַקומען דערפאַר, וואָס ער — אין גרויס פרייד, וואָס מען האָט אים, ענדלעך, נאָך אַ לאַנגער צייט דערהויבן צום ראַנג פון שטאַבס־קאַפּיטאַן, — האָט זיך אָנגעשיקערט און איז אַ פריידיקער אַרומגעלאָפן איבערן באַרג, קושנדיק זיך מיט יעדן פון די אָנגעגעגנטע סאָלדאַטן. די באַפרייאונג פונעם אַרעסט־הויז איז אייגנטלעך געקומען בלויז אַ דאַנק גרישונינען, דעם נייעם פּאָלק־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט געבעטן דעם קאָמאַנדיר דאָס צו פאַראָרדענען. און כאָטש מעדאָטשקין איז אַרויס פון אַרעסט מיט עטלעכע טעג פאַר דער אָפּגעזעסענער צייט, זענען אָבער די אָפּגעזעסענע עטלעכע טעג אויך געווען אַ פאַרזען, מאַכמעס אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האָט גרישונין פאָשעט פאַרגעסן וועגן דעם איניען.

געווען איז ער, דער דאָזיקער מעדאָטשקין, אַ גוטמוטיקער יאַט, וואָס האָט זיך טאָמיד געוויצלט מיט די סאָלדאַטן, אָפטמאָל זיך אַפילע פריי געזידלט פונקט ווי זיי, אָבער דערפאַר קיינמאָל קיינעם פון זיי ניט באַשטראָפט פאַר ניט סאַלוטירן, אָדער פאַר ענלעכע אַזעלכע קליינע פאַרברעכנס. סאָלדאַטן האָבן אים דעריבער שטאַרק ליב געהאַט. אָבער דערפאַר האָט באַטשאַלסטווע אים שוין גאָר פיינט געהאַט און זיך מאַמעש געשטיקט מיט אים. גערעדט האָט מען ביי אונדז אין פּאָלק, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ פּאָשעטער סאָלדאַט, אַ פּויער, נאָר וועלכער איז — פאַר עטלעכע העלדישע אַקציעס אין דער מילכאָמע מיט יאַפּאַן — דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון פּראַפּאָרשטשיק — דער סאַמע נידעריקסטן ראַנג אין דער רוסישער אַרמיי. ער, צופרידן פון אָט דער דערהויבונג, האָט דאַן באַשלאָסן צו מאַכן דאָס מיליטער־דינסט פאַר זיין קאַריערע און איז אַזוי פאַרבליבן דינען נאָך דער באַשטימטער צייט. אָבער פון דעמלט אָן — אַ צייט פון דרייצן יאָר — איז ער קוים דערקראָכן ביז צום ראַנג פון שטאַבס־קאַפּיטאַן... קלאָר, אַז העכערע באַטשאַלסטווע האָט אים ניט דערלאָזן וואַקסן צוליב זיין פּויערשן אָפּשטאַם...

איצט, בעאייסן זיצן אינעם אַרעסט־הויז, האָט מעדאָטשקין מיסטאָמע קימאַט ווי ביט געהערט וועגן דער פּאָרגעקומענער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, אַ כוץ עפּשער בלויז דאָס, אַז דער צאַר איז מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן און אַז זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען מיכאַאיל,— אַלץ אַזוי ווי עס איז דעמלט געווען געמאָלדן אינעם באַפעל איבערן פּאָלק. דאָס איז ער איצט געווען אָפּן וועג צום פּאָלק־קאָמאַנדיר, זיך צו מעלדן פאַר אים, ווי עס האָט זיך געפאָדערט, און אים, אַגעוו, דאַנקען פאַר באַפרייען אים פריער ווי פון דעם באַשטימטן טערמין. אַ פאַרטראַכטער, מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ, האָט ער געשפּרייזט מיט זיינע לאַנגע פיס, טראַכטנדיק וועגן דער סיבע פון זיין פּריצייטיקער באַפרייאונג:

„סיידן דער נייער צאַר האָט אַרויסגעגעבן אַן אַמנעסטיע" — האָט ער געמורמלט צו זיך,—„אָדער עפּשער איז דער קאָמאַנדיר פּלוצים..."

מיטאַמאָל האָט אים אין די אויערן אַזוי ווי אַ גרילץ געטאָן עפּעס גאָר אומגעוויינטלעכס. ער האָט אַ הויב אויף געטאָן דעם קאָפּ, דערזען דעם אין רויטן־אויסגעפּוצטן אישאַקל און דערהערט ווי די מאַנדאלין האָט אויסגעשפּילט די מעלאָדיע פון דער מאַרסעלעזע, וועלכע איז גע־ווען פאַרבאָטן אין דער אַרמיי, נאָר איז געשפּילט געוואָרן בלויז אין אויסערגעוויינטלעך־זעלטענע פאַלן לעקאָוועד פראַנקרייך. מעדאָטשקין, אַז ער האָט דערהערט די מעלאָדיע,— איז געוואָרן מער דערשראָקן ווי אויפגעציטערט. ווי אַן אָפיציר — גלויבנדיק, אַז ער האָט דאָ דערטאַפּט עמעצע קראַמאָלע—האָט עס געהאַלטן פאַר זיין פליכט אויסצופאָרשן דעם איניען און אָפּן פּלאַץ כאָטש מאַכן אַן אויסרייד דעם שולדיקן אין דעם. ער האָט דערפאַר קוידעם־קאָל, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַ שאָט געטאָן מיט אַ גוט־מוטיקער דריי־גאָרנדיקער רוסישער קלאָלע:

— העי, דו, עק מאַרינירטער, אין דיין מאַמעס בעשאָמע אַריין!— וואָס איז דאָס פאַר אַ געשיכטע, צו שפּילן דאָס־אָ, ווי רופט מען עס? אַ־נו־קאַ,— האָט ער אַ רוף געטאָן דעם אָבאָזניק,— קום נאָר אָקאָרשט אַהער, טאַטעלע, און לאָמיך נאָר זען דיין אידיאָטישע צורעו!...

דעם אָבאָזניק איז גאָרניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז יענער ווייסט נאָך גאָרניט וועגן דער רעוואָלוציע. ער איז זיכער געווען בײַ זיך, אַז ער, מעדאָטשקין, צוליב זיין שטענדיקער און געוויינטלעכער גוטמוטיקייט, שפּאַסט עס בלויז אַזוי זיך, צוליב פאַרגעניגן. ער, דער אָבאָזניק, האָט דעריבער גלייכגילטיק געקוקט אויף מעדאָטשקינען, נאָך העכער זיך צעלאָזט מיט דער מאַנדאלין און לאַכנדיק אויסגערופן:

— נידער מיטן צאַר!... זאָל לעבן די רעוואָלוציע!...

זיין געלעכטער, אָבער, און איבערהויפּט דער אויסרוף, האָט נאָך

מער אויפגערעגט מעדאָטשקינען. ער האָט אף דאָס ניי אָנגעהויבן צו זידלען און שרייען, און — זעענדיק, אַז יענער הערט נאָך אַלץ ניט אויף צו שפּילן די פאַרבאָטענע מעלאָדיע, האָט ער,— אַפּאָנים קעדיי אים איבערצושרעקן,— אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט געהאַט אַרויסגעקראָגן באַם באַפרייט ווערן פון אַרעסט־הויז, און אויסגעשאָסן אין דער לופט, גלייך איבער יענעמס קאָפּ:

— וואָס זשע מייננסטו מיט זיך, דו באַמאַכטער הינטער־ביילעק?— האָט ער אויפגערעגט געשריגן,— האָסט ניט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט, צי וואָס?...האָסט עפשער פאַרגעסן, אַז עס איז מילכאָמע־צייט און אַז פאַר ניט אויספאָלגן אַ באַפעל, אָדער נאָך כויזעק מאַכן פון אַן אָפיציר, קאָן איך דיך גלייך אפן פלאַץ דערשיסן און...

מעדאָטשקינס האַנדלונג און זיינע האַרבע רייד, האָבן דעם סאָלדאַט ווי פרישמעלעט. אים איז אויסגעקומען, אַז עפּעס איז אַוואַדע געשען מיטן אָפיציר; אַז ער איז אַפּאָנים גאָר מעשוגע געוואָרן און אַז ער וועט אים נאָך טאַקע אף אַן עמעס דערשיסן. ער איז דעריבער פלינק אַ שפּרונג אַרונטער געטאָן פונעם אישאַקל, יועלכעס איז געבליבן שטיין צעשראָקן, און אַליין — ווי אָן אַ נעשאָמע — האָט ער זיך האַסטיק געלאָזט לויפן צו גרישונינען, אים צו מעלדן וועגן פאָרגעקומענעם...

גרישונין האָט אים אויסגעהערט, נאָכגעטראַכט אַ ווייל און גלייך געשיקט נאָך מעדאָטשקינען. יענער— וועלכער האָט זיך שוין דערווייל דערוואוסט וועגן דער רעוואָלוציע און אַז גאָר גרישונין, דער נייער קאָמענדאַנט, און ניט דער פּאָלק־קאָמאַנדיר, האָט געהאַט צו טאָן מיט זיין באַפרייאונג פונעם אַרעסט,— איז אָן קווענקלעניש צוגעגאַנגען. אין אַ פּאָשעטן, אָפנהאַרציקן טאָן, האָט ער גרישונינען איבערגעגעבן וואָס און ווי אַזוי אַלץ איז פאָרגעקומען און זיך דערביי געשוואוירן, אַז ער האָט אַפילע גאָרניט געוואוסט וועגן דער איבערקערעניש. קימאַט מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן, מען זאָל אים מויכל זיין:

— איך בעט אייך נעמען אין אַכט, כאַווער קאָמענדאַנט,— האָט ער ערנסט און אויפריכטיק גערעדט,— אַז מיין רעקאָרד פאַר די פיל יאָרן וואָס איך בין אָפיציר, באַווייזט, אַז איך האָב קיינמאָל ניט באַליידיקט אָדער באַשטראָפט קיין סאָלדאַט. נו, טאַקע בעעמעס, דער טייוול זאָל מיך נעמען, ווי און פון וואַנען האָב איך געקאָנט וויסן, אַז...

גרישונין האָט געלאַכט און אים דערציילט וועגן אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען בעאייס ער איז געזעסן אַן אַרעסטירטער. מעדאָטשקין האָט אויפמערקזאַם געשלונגען זיינע רייד. די אויגן ביי אים האָבן מאַמעש געגלאַנצט מיט אַ צופרידן פייערל און ער האָט יעדע ווייל אַלץ געזוכט

זיך צו פֿאַרענטפֿערן. גרישונין האָט גוטמוטיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אים געפּרוּווט בארויקן:

— אַז עס לוינט ניט רעדן, קאַפּיטאַן... עס לוינט ניט...

— אָ, ניט קאַפּיטאַן, נאָר שטאַבּס־קאַפּיטאַן, כאַווער קאָמענדאַנט, — האָט אים מעדאָטשקין פֿאָרזיכטיק איבערגעשלאָגן, — זיך קוים־קוים דערלעבט צו דעם, און איר... איר שפּאַסט מיסטאָמע, כע־כע־כע...

— נישקאָשע, — האָט גרישונין, ווי אַ פֿאַקט, מיט זיכערקייט אים פֿאַרגיטיקט, — איר וועט נאָך זיין ביי אונדז ניט נאָר אַ קאַפּיטאַן, נאָר אַפּילע אַ פּאָלקאָווניק און עפּשער נאָך גענעראַל... אָ, מיר ווייסן גאַנץ גוט ווער און וואָס איר זענט און... דעם עמעס געזאָגט, ליגן מיר אַף אייך גאָר גרויסע האָפֿנונגען, אַז ווען מען וועט דאַרפֿן...

מעדאָטשקין, אין טרערן, האָט געדריקט גרישונינס האַנט:

— אָ, גאָט...איך...— האָט ער געשטאַמלט פֿון דער פֿרייד, וואָס האָט אים באַוועלטיקט, — איך... אַ... גע־נע־ראַל?... איך וויל, איר זאָלט מיך פֿאַרשטיין, כאַווער קאָמענדאַנט... איך, אויב איך האָב, ע, אַזויפֿיל יאָרן געטריי געדינט דעם צאַר, וואָס איז מיר פֿרעמד געווען און וואו מען האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ פֿרעמדן, פֿאַר אַ פּאָשעטן פּויער, וואָלט איך דאָך איצט, כ'מיין... איך בעט אייך, עס זאָל קלאָר זיין, אַז...

אומגעלומפּערט, אַזוי ווי טאָמיד, האָט ער אַ סאַלוטיר געטאָן צו גרישונינען, זיך שאַרף אויסגעדרייט, אָנגעקלאַפּט איינעם אין אַנדערן מיט זיינע גרויסע, זעלנערישע שטיוול און איז אַוועק. אַזוי גיך ווי ער איז אַרויס, האָט גרישונין זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זיין פּלאַץ און איז צוגעגאַנגען צום אָבאָז־שמיד, וועלכן ער האָט געהייסן וואַרטן אין דער זעמליאַנקע. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אַף יענעמס אַקסל און טרוקן, אָבער פֿריינטלעך, אים אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט געהערט, כאַווער?... נאָכאַמאָל זאָלט איר זיין אַביסל פֿאָרזיכטיקער... גוט וואָס איר האָט זיך דאָסמאָל אָנגעטראָפֿן אַף דעם גוטמוטיקן מעדאַטשקינען, דעם פּאָשעטן יאַט, וועלכער האָט געשאָסן איבער אייער קאָפּ. וואָס וואָלט איר אָבער געטאָן, ווען דאָס וואָלט גאָר געווען, נו, דע־פֿאָלע־פֿאָלסקי?... פֿון זיינע הענט וואָלט איר דאָך קיין לעבעדיקער זיכער ניט אַרויס. ניט אַזוי, האַ?..יאָ...נו, און אַ כּוץ דעם, ברודערל טייערער, אַ כּוץ דעם, איז ניט אַזויאַרום דערהויבט מען עס בּיכלאַל די רעוואָלוציע, איר פֿאַרשטייט?...

יענער איז אַ שווייגנדיקער, מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און אַ פֿאַרשעמטער, שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען...

*****

**עבדלעך** האָבן זיך די אַלע מיספאַרשטייענישן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די ערשטע טעג נאָך דער רעוואָלוציע, ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינשטילן און ווידער האָט זיך געגומען צוריק איינשטעלן דאָס נאָרמאַלע פּראָנט-לעבן אַזוי ווי פריער. די פאַרשידענע אַנדערשדיקייטן, וואָס די רעוואָלוציע האָט געבראַכט מיט זיך, זענען געוואָרן אַזוי פּאָשעט און פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט זיך גאָר געקאָנט אויסדאַכטן, ווי עס וואָלט שוין געווען אַזוי פון לאַנגע יאָרן. אַפילע די ווענדונגען צו די אָפיצירן—אָנשטאָט דעם סאַלוטירן און טיטולירן,— זענען געוואָרן באַפעסטיקט, אַז עס איז זיך שוין שווער געווען צום גלויבן, עס זאָל אַמאָל האָבן אַנדערש געווען. נאָך אַ לאַנגן איבעררייס האָבן ווידער אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון טיל. מאָסן סאָלדאַטן האָבן באַקומען יעדיעס פון זייערע היימען, אין וועלכע מען האָט זיי באַגריסט מיט דער רעוואָלוציע און אָנגעפרעגט, צי זיי ווייסן ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן. אַפּאָנים, אַז פונקט ווי מען האָט ביי אונדז אפן פּראָנט געגלויבט, אַז אין טיל ווייסט מען זיכער ווען און וואָס, האָט מען דאָרט, אין די דערפער, גערעכנט, אַז דאָ ביי אונדז מוז מען עס אַוואַדע וויסן. אָבער סיי דאָ און סיי דאָרט איז די איינציקע פראַגע געווען:

„ווען וועט מען שוין הערן אָט די גוטע בסורע?...”

סאָלדאַטן זענען דעריבער אַרומגעגאַנגען מיט האָפנונגען, אַז היינט מאָרגן וועט אָנקומען אַ מעלדונג פון דער צייטווייליקער רעגירונג, אַז עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די שאָלעם-פאַרהאַנדלונגען, אָדער עפשער גאָר אַ יעדיע, אַז עס איז שוין שאָלעם, צוזאַמען מיט אַ באַפעל, גלייך צו פאַרלאָזן די ווייטע שלאַכט-פעלדער אף די פראָנטן און זיך אומקערן יעדער צוריק צו זיין היים און פאַמיליע...

אָבער וויפל מען האָט ניט געהאָפט אף אָט דער געגאַרטער בסורע, איז די צייט דערווייל געגאַנגען און מען איז אַלץ געבליבן באַם האָפן. עמעס, פון דער צייטווייליקער רעגירונג זענען קימאַט טאָג-טעגלעך אָנגעקומען טעלעגראַמעס, באַפעלן און מעלדונגען, אָבער קיין איינציקע פון זיי ניט וועגן דעם, אַז די מילכאָמע ווערט פאַרענדיקט, אָדער אַז עס ווערן שוין כאָטש אָנגעהויבן שאָלעם-פאַרהאַנדלונגען. פאַרקערט: די אָנגעקומענע מעלדונגען זענען געווען פול מיט אויפרופן צו די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן פאַרבלייבן אף די פראָנטן און ווייטער קעמפן קעגן די סאָנים. דער איינער כילעק צווישן די אַמאָליקע, ענלעכע אויפרופן און די נייע, איז געווען בלויז אין דעם, וואָס פריער האָט מען עס געטאָן

אין נאָמען פון באַליבטן צאַר און דער הייליקער מוטער רוסלאַנד, אָבער דאָסמאָל— אינעם נאָמען פון דער רעוואָלוציע און דער פרייהייט. קיין שום אָנצוהערעניש וועגן אַ גיכן סאָף איז אַלץ ניט געקומען.

וואָס אַ טאָג ווייטער זענען אַלץ מער סאָלדאַטן געוואָרן אומרואיקער און אומצופרידענער. פיל יאַטן זענען אַרומגעגאַנגען אַנטוישטע אין דער ציוויליקער רעגירונג און אַפילו אין דער רעוואָלוציע ביכלאַל. אַפילו ביי אונדז אין קאָמאַנדע, וואו די יאַטן האָבן געהערט מער נייעס און געוואוסט פון אַלעם מער ווי די אַנדערע,— האָבן עטלעכע זיך אין אַנטוישונג דורכגערעדט און פילאָזאָפירט. טערמאַקאָוו, דער פויער, האָט דעם גאַנצן איניען גאָר צו נישט געמאַכט: ער האָט געזאָגט:

— אַלץ איין טייוול, צי פּאַוולושקע, צי פּעטרושקע איז די קאַזנאַ. איינמאָל זיך אַרויפגעכאַפּט אַפּן פערדל, האַלטן זיי די לייצעס מיט דעם בייטשל און האָבן אונדז, פּאָשעטע פויערימלעך, טיף אין דער ערד...

— עס איז דאָך נאָר ווי מיין פּאָטערל, אָסיפּ גאַווריל אָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן,— האָט דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו זיך אָנגעכאַפּט אין דעם,— ער פלעגט זאָגן: אַזוי גיך ווי איינער ווערט נאָר אַ טשינאָווניק, באַזעצט זיך גלייך אין אים דער סאַטאַן אַליין און...

„וויעטער״, ווי אַלעמאָל, האָט זיך געהאַט זיין פּאַרגלייך:

— עס קומט מיר אויס ווי צו זיצן אינמיטן יאַם און וואַרטן אַף אַ גינסטיקן ווינט, וואָס וויל ניט קומען...

אויסגעזען האָט עס ביכלאַל, ווי קיינער פון די סאָלדאַטן האָט מער ניט געוואָלט גלויבן, אַז אַפילו פון דער רעוואָלוציע גופא זאָל עפּעס גוטס נאָך אַהויסקומען. יאַטן האָבן צווישן זיך אַפילו אָנגעהויבן גאַנץ אָפן צו רעדן, אַז אויב עס וועט אינגיכן טאַקע ניט אָנקומען קיין שום יעדיע וועגן שאָלעם, וועלן זיי אַליין— ניט וואַרטנדיק אַף אָפּיציעלע דערלויבענישן פון דער רעגירונג— פאַרנעמען די פיס אַף די פּלייצעס און זיך אָפּטראָגן פונעם פראַנט.

דער נייער פּאָלק-קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון פּאָרשטייער — דערוויילטע פון אַלע ראָטעס און קאָמאַנדעס, האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטעלט. אַ כּרץ די צוויי גרדפּעס, וואָס זענען פריער געווען אין דערוויילקן קאָמיטעט, זענען איצט— דורך פּאַרשידענע דריידלעך און שפּיצלעך— אין נייעם קאָמיטעט אַריינגעקומען אַ פּאָר אָפּגעשטאַנענע און קאַריעריסטישע עלעמענטן. אַזוי האָט זיך, אַ שטייגער,— ווי אַ פּאַרטרעטער פון דער דריטער ראָטע— אַריינגעדרייט דער געפּאַקטער, שווער-לייביקער פעלדפעבעל באַזאַראָוו, ווי אויך דער רויט-בעקלדיקער פּאַרוואַלטער פונעם פּאָלק-קרעמל, ציפּראָוויטש,— אַלס פּאָרשטייער פון

דער באַדינונג-קאָמאַנדע. און כאָטש פריער, אין צייטווייליקן פאָלק-קאָמיטעט, איז אויך ניט געווען קיין אייניקייט, איז אָבער דאָ, אין דעם נייעם, קימאַט איבגאַנצן געווען ווי אַ כאַאָס. איבער יעדער מינדסטער פראַגע האָט מען זיך געאַמפּערט, געקריגט, און קיין שום מאַמאָשעסדיקע אַרבעט ניט געטאָן. בלויז איבער דער פראַגע וועגן דעם אומרו באַ די סאָלדאַטן, האָט דער גאַנצער קאָמיטעט — כאָטש צוליב באַזונדערע מאָטיוון — אייינשטימיק באַשלאָסן, אַז מען דאַרף באַרואיקן די סאָלדאַטן און זען, אַז זיי זאָלן נאָך זיין געדולדיק אַ שטיקל צייט, ביז...

יענע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, וועלכע זענען געווען שטאַרקע אָנהענגער און אומקאָנדיציאָנעלע נאָכפאָלגער פון דער צייטווייליקער רעגירונג, האָבן געהאַלטן, אַז כאָטש מען דאַרף טאַקע פאַרענדיקן די מילכאָמע, דאַרף מען זיך אָבער ניט שטעלן קעגן דעם ווילן פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אַוואַדע אירע מאָטיוון פאַרן ווייטערדיקן אָנגיין מיט דער מילכאָמע. זיי, אָט די מיטגלידער, האָבן געטיינעט, אַז די רעגירונג וואָלט שוין מיסטאָמע אַליין געשלאָסן אַ שאָלעם, אויב עס וואָלט נאָר מעגלעך געווען. און אויב זי טוט עס פאָרט ניט, איז דאָס זיכער דערפאַר, ווייל זי קאָן ניט קריגן קיין גינסטיקע באַדינגונגען, אָדער ווייל מען קאָן עפשער ניט איבערלאָזן די פאַרבינדעטע...

ווידער די אַנדערע קאָמיטעט-מיטגלידער, יענע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין איבעריקן צוטרוי צו דער צייטווייליקער רעגירונג נאָך פון סאַמע אָנהויב אָן, האָבן מאָטיווירט זייער שטעלונג פאַר דעם אָפּהאַלט דערמיט, וואָס זיי האָבן געגלויבט, ערשטנס, אַז דאָס אַוועקגיין פונעם פראָנט מוז צוגעגרייט און אָרגאַניזירט ווערן און טאָר בעשום אויפן ניט טראָגן קיין העפקערדיקן כאַראַקטער. צווייטנס, אַז אויב די נייע רעגירונג אַליין איז אַפילע ניט פאַר אָפּשטעלן גלייך די מילכאָמע, וועלן אָבער די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און סאָלדאַטן אין די הויפּט-שטעט זיכער ניט שווייגן און וועלן צווינגען די רעגירונג גלייך אַ סאָף צו מאַכן פון דער בלוט-פאַרגיסונג, וואָס איז קעגן די אינטערעסן פונעם פאָלק. און ביז וואָס-ווען זאָל מען דערווייל וואַרטן און זיך גרייטן...

עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו דערקלערן די סאָלדאַטן אָט דעם איניען און זיי אָפּהאַלטן פון העפקערדיקע אַקציעס. אַלע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, סיי פון איין צאַד און סיי פונעם צווייטן, האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאָזט איבער די ראָטעס, און האָבן אַלעמען גערופן צו בלייבן רואיק שטיין אף דער פּאָזיציע, און וואַרטן אף באַפעלן...

דערביי איז אָבער פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז כאָטש מען פאַרבלייבט אפן פראָנט, זאָלן מיר אָבער שוין מער קיין שלאַכטן ניט פירן מיט די

טערקן, יעדנפאַלס, אַז מיר, פון אונדזער זייט, זאָלן ניט דורכפירן קיין אָנגריף אויף די טערקישע פּאָזיציעס, און סטאַם אויסמיידן יעדע מעגלעכע בלוט־פאַרגיסונג. עס איז בלויז אַנטשטאַנען אַ פראַגע, וואָס די טערקן וועלן האָבן צו זאָגן וועגן דעם איניען. קיינער האָט דאָך ניט געקאָנט פאַרזיכערן ווי אַזוי די טערקישע קאָמענדאַנטור גופא וועט רעאַגירן אויף אונדזער האַנדלונג...

און קעדיי דאָס קלאָר צו מאַכן, קעדיי צו פאַרזיכערן זיך, אַז די טערקישע אַרמיי זאָל פון איר זייט ניט פּרובירן מאַכן קיין אָנגריף אויף אונדז; ניט מאַכן קיין אומגעריכטן שפּרונג אויף אונדז און אַזוי־אַרום פאָרט אַרויפצווינגען אויף אונדז אַ ניט־געוואונטשטע שלאַכט, — איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצושיקן אַ דעלעגאַציע צו דער טערקישער קאָמענדאַנטור, קעדיי זיך דורכצורעדן מיט איר און — אויב מעגלעך, — שליסן אַ צייטווייליקן וואַפנשטילשטאַנד מיט איר...

אויף צומאָרגנס איז אַ גרופּע פון צען, איינגעשלאָסן עטלעכע גוטע איבערזעצער פון עם שטאַב, אַוועק אונטער אַ ווייסער פאָן צו די טערקן. דאָרט האָט מען אינעם נאָמען פון עם פאָלק דערקלערט דער טערקישער באַטשאַלסטווע, אַז ווייל ביי אונדז איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע אין לאַנד און ווייל די רעגירונג, וועלכע האָט אַרויפגעצוואונגען אויף אונדז די מילכאָמע, איז שוין נישאָ מער, ווילן מיר דעריבער מער ניט פירן קיין שלאַכטן קעגן זיי און וואַרטן בלויז אויף אומצוקערן זיך צוריק צו אונדזערע היימען. מיר האָבן זיי אָנגעוויזן, אַז בלויז דערפאַר, וואָס מיר האָבן נאָך ניט דערהאַלטן קיין באַפעל פון אונדזער נייער רעגירונג אַהיימצוגיין, זענען מיר דערווייל געצוואונגען דאָ צו בלייבן און...

די דעלעגאַציע האָט אויך צוגעזאָגט דער טערקישער קאָמענדאַנטור, אַז מיר, פון אונדזער זייט, וועלן זיך פאַרנעמען פון דער טערקישער ערד און דערביי ניט מיטנעמען דאָס מינדסטע פון זייער פאַרמעגן, באַר פאַרקערט, אַז מיר וועלן אַוואַדע זיין געצוואונגען איבערצולאָזן הינטער זיך אַ גרויסן טייל פון אונדזער אייגענעם פאַרמעגן און די אַמוניציע, וואָס מיר וועלן ניט קאָנען אַרויספירן מיט זיך.

און קעדיי איבערצוצייגן די טערקן אין אונדזער ערנסטקייט, האָבן מיר פאָרגעשלאָגן, אַז די טערקישע פּויערים, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די געגנטן, וואָס מיר האָבן אָקופּירט, זאָלן זיך גלייך מעגן אומקערן אַהיים, אין די פאַרלאָזענע דערפער, קעדיי באַצייטנס אָנצוהויבן זייער אַרבעט אויף די פעלדער און ניט זיין געצוואונגען שפּעטער, נאָך אונדזער אַוועקגיין, צו ליידן הונגער און נויט...

דערביי האָט אָבער די דעלעגאַציע קלאָר געגעבן צו פאַרשטיין דער

טערקישער קאָמענדאַנטור, אַז מיר וועלן ניט פאַרשווייגן, אויב זיי, די טערקישע קאָמאַנדירן, וועלן מאַכן דעם מינדסטן פאַרזוך צום אויסנוצן אונדזער רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע און פרידלעכקייט, אונדזערע צוזאָגן און דערקלערונגען, און וועלן פּרוּוון מאַכן אַן אומגעריכטן אָנפאַל אף אונדז. מיר האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז דאַן וועלן זיי זיך אָנשטויסן ניט אף אַן אַרמיי, וואָס ווערט — ווי פריער — קעגן דעם ווילן געטריבן פון באַהערשער, נאָר אין אַזאַ מאַכט, וואָס איז באַוואוסטזיניק און איז גרייט פאַרייניקט צו קעמפן פאַר איר פרייהייט...

*****

**דער** אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן. די מילכאָמע איז, אף אַזאַ אויפן, ביי אונדז אָפיציעל אָפּגעשטעלט געוואָרן. קוקנדיק אף אונדז, האָבן די איבעריקע אָפּטיילן, סיי פון אונדזער קאָרפּוס, וואָס אין אונדזער לינקן פליגל, און סיי פון די אַנדערע קאָרפּוסן, — וואָס אפן רעכטן, אויך אַזוי געטאָן. יעדער פּאָלק באַזונדער האָט מיט די טערקישע כאַיאָלעס, וועלכע זענען געשטאַנען אַנטקעגן זייערע פּאָזי־ציעס, געשלאָסן ענלעכע אָפּמאַכן. אפן גאַנצן פראָנט אַרום איז געוואָרן שטיל און רואיק. צווישן אונדז און די טערקן האָבן זיך אָנגעהויבן איינשטעלן פרידלעכע און כאַווערשע באַציאונגען. אויסגעזען האָט עס, ווי מיר וואָלטן צווישן זיך קיינמאָל קיין סאָנים ניט געווען.

טאָג־טעגלעך זענען אונדזערע יאַטן אַרונטערגעגאַנגען פונעם באַרג און אַריבערגעשפּאַנט צו די טערקישע פראָנט־ליניעס. אָפט האָבן יאַטן, גרופּעסווייז, אַוועקמאַרשירט נאָך ווייטער, ערגעץ צו אַ טערקישן דאָרף הינטער דער פּאָזיציע, און דאָרט פאַרבראַכט שאָענווייז. יאַטן האָבן פאַרוויקלט אַ האַנדל מיט די טערקן און אויסגעביטן צווישן זיך געלט, אָדער פּראָדוקטן. און אַזוי ווי ברויט, צוקער און נאָך אַנדערע מינים שפּייזן, האָבן מיר די לעצטע צייטן געהאַט גענוג, האָט אָבער שטענדיק ביי אונדז אויסגעפעלט טאַבאַק, וואָס די טערקן האָבן דאַווקע יאָ געהאַט. די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן יאַטן אויסגעביטן צווישן זיך און אָפּטמאָל געפירט דעם האַנדל אין באַרע געלט אַפילע...

צונויפגערעדט האָט מען זיך, ווי געוויינטלעך, אפן אַלטן שטייגער, אין אַ צעקאַליעטשעטן געמיש פון רוסיש מיט טערקיש. דאָס איבעריקע — און אָפטער פון אַלעם — מיט די הענט און דורך גרימאַסן... מען פלעגט אַזוי אָפּזיצן אַ לאַנגע צייט צוזאַמען, רויכערן טאַבאַק, זינגען לידער איינער פאַרן אַנדערן און אַפילע דערציילט מאַיסעס...

מער פון אַלעם האָט מען, פאַרשטייט זיך, גערעדט וועגן די לעצטע געשעענישן. אונדזערע האָבן דערציילט וועגן דער רעוואָלוציע און וועגן די ניי באַקומענע פרייהייטן; וועגן דעם צאַר און די ליידן, וואָס מען האָט געדאַרפט פריער אויסשטיין פון באַטשאַלסטווע. מיט פרייד און מיט פאַטאָס האָט מען ווי ניט איז איבערגעגעבן די טערקן ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַפרייט פון דער אונטערדריקונג און קנעכטשאַפט און ווי מען איז ענדלעך געוואָרן פרייע מענטשן...

די טערקישע סאָלדאַטן האָבן פּאָשעט צעעפנט מויל און אויערן. זיי האָבן זיך פאַראינטעריגירטע נאָכגעפרעגט וועגן יעדער אייגנצלהייט און מאַמעש מיט קינע געקוקט אף אונדזערע יאַטן. דער בייגיר באַ זיי איז אַזוי שאַרף געווען, אַז כאָטש זייערע אָפיצירן האָבן זיי פאַרבאָטן מיט אונדז צו רעדן וועגן פּאָליטיק און רעוואָלוציע, — האָבן זיי דאָך זיך איינגעשטעלט און פאָרט געבעטן מען זאָל רעדן מיט זיי וועגן דעם. אונדזערע יאַטן האָבן אָפּס, בעאייסן דערציילן, זיי אויך פאָרגעוואָרפן, פאַרוואָס זיי שווייגן און מאַכן ניט באַ זיך אין לאַנד אויך די זעלבע זאַך, — אַ רעוואָלוציע, אַזוי ווי מיר האָבן עס געטאָן.

— אָט, זעט איר דאָך וואָס אַ רעוואָלוציע קאָן אויפטאָן! — האָט דראַבולקין, מאַיסע העלד, גערעדט צו אַ גרופּע טערקישע סאָלדאַטן, — איר זעט, באַלד ווי מיר האָבן נאָר געמאַכט די רעוואָלוציע און טאַקע אַרונטערגעוואָרפן דעם צאַר פונעם בענקל, האָבן מיר גלייך באַקומען פרייהייט און... מיר וועלן נאָך אַ סאָף מאַכן צו דער מילכאָמע אויך...

— ערשט איצט האָבן מיר דערזען אף אַן עמעס וואָס אַזעלכעס אַ רעוואָלוציע מיינט, — האָט „וויעטער” צוגעשטימט, — עס איז מאַמעש אַ בראָכע פון גאָט, פונקט ווי אַ צוגעשיקטער ווינט אינמיטן יאַם... היינט פאַרוואָס זשע, פרעגט זיך, זאָלט איר עס ניט טאָן?... אָט, פאָלגט מיך און טוט זיך אַ נעם דערצו און...

— אַז זיי שלאָפן נאָר, זאָלט איר מיר מויכל זיין, עפּעס אַזוי ווי שקלאַפן, — האָט אַרטיאָמאָוו העלדיש צוגעוואָרפן, אַקוראַט ווי ער אַליין וואָלט עס געווען אַן אַלטער, גרויסער רעוואָלוציאָנער.

— און מיר אַליין זענען דען ניט געשלאָפן? — האָט טשעריאַק ניט געקאָנט פאַרליידן די אַוולע און זיך אַריינגעמישט, — נישקאָשע, עס וועט נאָך קומען דערצו. אָט, זאָלן זיי זיך נאָר אויפכאַפּן, וועלן זיי — פונקט ווי מיר — זיך אויך אַ נעם טאָן דערצו און עס וועט באַ זיי אַוועק אַזוי ווי ביי אונדז, — איינס-צוויי און פאַרטיק...

— עך-עך, — האָט דוקעל פאַרבענקט אַ קרעכץ געטאָן, — ווען זיי טוען זיך טאַקע אַ נעם און וואַרפן אַרונטער זייער אַבדולקען, ווי מיר

האָבן אַרונטערגעוואָרפן ניקאָלאַיען, וואָלטן זיי דאָך אויפגעלעבט...

— און פאַרוואָס נאָר עפּעס זיי בלויז?—האָט טשעריאַק הילכיק אָ האָפנונגספולן זאָג געטאָן. —און וואו זענען עפּעס די ענגלענדער, די דייטשן, עסטרייכער, איטאַליענער און אַלע אַנדערע?...אַלע וואָלטן אַזוי געדאַרפט טאָן מיט זייערע געקרוינטע פלאָקן־שיסער. אַלע...

— דאָס וואָלט, כ׳לעבן, געווען גאָר אַ שיינע זאַך!— האָט עמעצער פריידיק אויסגערופן,— פרייהייט איבער דער גאַנצער וועלט!...

— יאָ, און זיי וואָלטן געווען אין אַ גוטער קאָמפּאַניע. — האָט טשעריאַק ווידער געלאַכט.— ניקאָלאַי, ווילהעלם, עדוואַרד, אַבדולקע, פראַנץ־יאָזעף, און דער טייוול ווייסט ווי נאָך זיי הייסן דאָרט...

די טערקן האָבן זיך איינגעהערט און, אַפּאָנים, פאַרשטאַנען. זיי האָבן געקוקט אויף אונדזערע יאַטן מיט פלעגמאַטיש־פאַרטרויערטע בליקן און פאַרגיטיקנדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. איינער פון זיי האָט זיך אַזש אַזוי צעוואַרעמט, אַז ער האָט זינגענדיק אַ זאָג געטאָן:

— „אַללאַ־וואַללאַ!... יאַכשי מאָסקאָבי רעוואָלושע, קאַראָשאָ...און טורטשע— אָסמאַן רעוואָלושע אויך מאַכן...יאָ־יאָ, אַבדול־האַמיד ניט זיין מער אָסמאַן־סולטאַן!...ניין, מיר — קעמאַל־פּאַשאַ פאַר אַן אָסמאַן סולטאַן מאַכן...אָ, קעמאַל־פּאַשאַ איז יאַכשי, קאָראָשאָ!...״

אונדזערע יאַטן האָבן האַנאָעדיק אונטערגעשמייכלט. דאַווידאָוו האָט אַפילו דורך אַן איבערזעצער געפּרואווט געבן צו פאַרשטיין די טערקן, וואָס אַזעלכעס עס מיינט אַ רעוואָלוציע, און אַז דורך אומברייטן אַבדול האַמידן אויף קעמאַל־פּאַשאַן, וועט גאָרניט ברענגען פאַרן פאָלק. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז עס העלפן ניט די רייד, האָט ער הילפלאָז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און צוגעוואָרפן:

— נו, יאַכשי, אָסמאַנטשיקעס, זאָל שוין זיין וואָס פאַר אַ סאָרט רעוואָלוציע איר ווילט נאָר אַליין, אַבי מאַכט זי שוין וואָס גיכער... וואָרים דער עמעס איז,— האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אונדזערע יאַטן,— דער עמעס איז, אַז אויב זיי וועלן זיך נאָר אַ ריר טאָן, — וועט שוין דערנאָך גיין אַ גאַנג... בלויז דער אָנהויב איז שווער...

די טערקן האָבן פרום צוגעשאָקלט מיט די קעפּ...



# קאַפּיטל זיבנונדרייסיק

עס האָבן זיך געשטעלט שיינע און וואַרעמע טעג. דער שניי אויף אונדזער באַרג איז שוין אײַנגאַנצן געווען צעגאַנגען. בלויז אין די סאַמע פּאַרוואָרפענע און טיפע בערג־שפּאַלטן, אויף די ווײַטע, הויכע בערג, אַרום אונדז, האָבן נאָך וואו ניט איז אַרויסגעקוקט דרײַ־עקיקע שניי־פלעקן. עס האָט פאַרשמעקט מיט פרישקייט פון זומער און עס האָט זיך גענומען שפּירן דער אָנקום פון פרייען פרילינג־לעבן.

אין טאָל, באַם באַרג־פוס, איז שוין רעכט וואַרעם געווען. דאָרט האָבן שוין די בוימער געהאַט אַרויסגעצויגן אויף זיך קאָלירפולע בליט־קעפּלעך און בלעטער. שטאַב־סאָלדאַטן האָבן זיך שוין אַרויסגעקליבן פון די פּאַרדומפּענע זעמליאַנקעס און זיך באַזעצט אין פרייע פּאַלאַטקעס. אײנעם פּאָלק האָט זיך באָכאַמאָל, שטאַרקער ווי פריער, צעוואַקסן דער אומרו. דער אומגעדולד און פאַרלאַנג אַהיימצוגיין, האָט זיך מאַמעש צעברענט בײַ אַלעמען. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ גערייד, אַז אויב מען וועט אײנגיכן ניט באַקומען קיין באַפעל אַהיימצוגיין, וועט מען דאָס אַליין טאָן. די שטימונג איז געווען שטאַרק אָנגעצויגן...

מיטאַמאָל, אין סאַמע הויך־פּונקט פון אָט דער אויפרעגונג, איז אָנגעקומען אַ מעלדונג פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג, אַז זי האָט זיך רעאָרגאַניזירט. מען האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז קערענסקי, דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער דעפּוטאַט פון דער דומע, וועלכער איז ביז דאַן געווען בלויז אַ געוויינטלעכער מיטגליד אין דער צײַטווײַליקער רעגירונג, איז באַשטימט געוואָרן פאַר פּרעמיער־מיניסטער פון לאַנד.

די דאָזיקע בשׂורה, אַז דער הויפּט פון אונדזער רעגירונג איז גאָר אַ סאָציאַליסט, איז בײַ דער מערהייט סאָלדאַטן אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגײַסטערונג און פרייד, כאָטש זיי האָבן איצט ערשט צום ערשטן מאָל געהערט אָט דעם נאָמען. די האָפענונג אויף אַ גיכן שלום האָט זיך ווידער צעפלאַקערט בײַ יעדן אײנעם. די מערהייט האָט טאַקע

געגלויבט, אַז איצט איז עס שוין אַ פראַגע פון בלויז נאָך עטלעכע טעג. סטעפּאַקין, צוזאַמען מיט פּערווינען און זייערע אָנהענגער אינעם פאָלק־קאָמיטעט, האָבן גלייך גענומען באַווייזן, אַז קערענסקי, — ווי אַ סאָציאַליסט — וועט זיכער זאָגן זיין וואָרט און גלייך נעמען אַ פעסטע שטעלונג אין דער מילכאָמע־פראַגע. זיי האָבן גענומען פאַרזיכערן, אַז ער, קערענסקי, וועט ניט דערלאָזן ווייטער אָנצוגיין מיט דער בלוט־פאַרגיסונג און וועט אַוואַדע גלייך אָנהויבן שאָלעם־פאַרהאַנדלונגען מיט די דייטשן, עסטרייכער, טערקן און אַלע אַנדערע סאָנים, קעדיי אַ סאָף צו מאַכן פון דער מילכאָמע. סטעפּאַקין האָט מאַמעש געטאַנצט פון פרייד. ער האָט געשריגן, אַז זיינע האָפנונגען האָבן זיך פאַרווירקלעכט; אַז די צייטווייליקע רעגירונג האָט אים ניט אַנטוישט אין זיין צוטרוי צו איר. צוזאַמען מיט פּערווינען האָט ער זיך געפּלייסט צו באַווירקן די וואַקל־דיקע עלעמענטן אינעם קאָמיטעט, אַז דורכן באַשטימען קערענסקין פאַר פּרעמיער מיניסטער, האָט די צייטווייליקע רעגירונג שוין צום צווייטן מאָל באַוויזן, אַז זי איז געטריי און איבערגעגעבן דעם רוסישן פאָלק, און אַז זי האָט פאַרווירקלעכט דעם צוזאָג זיך צו רעכענען מיטן ווילן פונעם פאָלק. עס איז דעריבער גאַנץ קלאָר, — האָט ער אויסגעפירט, — אַז זי וועט אַזוי גיך ווי מעגלעך אויך די מילכאָמע ענדיקן...

גריגאָריעוו, דאַווידאָוו און גרישונין, האָבן אָבער גראָד געהאַלטן פאַרקערט. באַ יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אָנגעוויזן, אַז די רעגירונג איז אַ בורזשואַזע. און אויב זי האָט פאַרט עפּעס געטאָן פאַרן פאָלק, — איז עס געווען בלויז דערפאַר, ווייל דאָס פאָלק האָט עס אַרויפגע־צוואונגען אף איר. זיי האָבן געטייַנעט, אַז קערענסקי, אויב ער אַליין זאָל אַפילע יאָ װעלן אָפּשטעלן די מילכאָמע, וועט ער עס ניט קאָנען טאָן קעגן דעם ווילן פון דער גאַנצער בורזשואַזער רעגירונג, וועלכע וויל פאָרזעצן די מילכאָמע אַזוי לאַנג ווי זי איז אין זייערע אייגענע אינטערעסן. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז קערענסקי וועט בּיכלאַל זיך ניט ווועלן שטעלן קעגן זיינע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן אים אַוועקגעשטעלט פאַר פּרעמיער. גריגאָריעוו האָט געזאָגט, אַז קערענסקי — ווי אַ סאָציאַ־ליסט־רעוואָלוציאָנער — פאַרטרעט די רייכע פּויערים, באַלעגופים, און ניט די ברייטע מאַסן אַרבעטער און פּויערים. ער איז, נאַטירלעך, ניט פאַראַנטוואָרטלעך צו די מאַסן און וועט זיך ניט רעכענען מיט זיי, נאָר מיט זיינע באַלעבאַטים און זייערע אינטערעסן. און זייערע אינטערעסן, — האָט ער איראָניש צוגעגעבן, — זענען, ווי עס איז ־שוין באַוואוסט פון לאַנג און איז לעצטנס נאָך קלאָרער געוואָרן — אַז מען זאָל די מיל־כאָמע ווייטער פירן און צווינגען די סאָלדאַטן צו פאַרלייגן די קעפּ אף

די שלאַכט-פעלדער, קעדיי צו זעטיקן זייערע בלוטיקע אַפעטיטן...

אף דער אָנווייזונג פון סטעפּאַקינס גרופּע איבעם קאָמיטעט, אַז דאָס וואָס מען האָט באַשטימט קערענסקין פאַר פּרעמיער, איז אַ געווינס פאַרן פאָלק, איינגעשלאָסן די סאָלדאַטן, ווייל ער וועט שטיין אף דער וואַך — האָט גריגאָריעווס גרופּע אָנגעוויזן, אַז דאָס, וואָס די ציטווייליקע רעגירונג האָט באַשטימט קערענסקין, אַ סאָציאַליסט רעוואָלוציאָנער, פאַרן פּרעמיער-אַמט, איז געווען בעקיוון און מיט אויסרעכנונג, קעדיי דורך אים בעסער און געשיקטער צו קאָנען אָפּנאַרן די אַרבעטער און די פּויערים; קעדיי דורך זיין מויל לייכטער צו קאָנען איינשטילן די שוין-אויסגעמידטע און אויפגערעגטע סאָלדאַטן, וואָס רייסן זיך אַהיימצוגיין; קעדיי ער, ווי אַ סאָציאַליסט, זאָל זיי בעסער קאָנען באַאיינפלוסן אף צו בלייבן שטיין אף די פראָנטן, ווייטער זיך שלאָגן און — דערהויפּט — צו פאַרגעסן אין דער רעוואָלוציע. גריגאָריעווס גרופּע האָט אַלץ געזוכט צו באַווייזן די יאַטן, אַז די ציטווייליקע רעגירונג האָט גוט געוואוסט, אַז ער, קערענסקי, זייענדיק דער פּרעמיער, וועט קאָנען אויפטאָן פאַר איר אַזעלכע זאַכן, וואָס זי, די אַזוי-גיך-אויסגעשפּילטע, פון סאַמע אָנהויב אומבאַגלויבטע און איצט אינגאַנצן דיסקרעדיטירטע רעגירונג, וואָלט שוין אַליין ניט געקאָנט באַווייזן...

אָבער ניט פיל סאָלדאַטן האָבן זיך צוגעהערט צו אָט די רייד. און כאָטש פון גרישונינען גופּע האָבן אַלע יאַטן געהאַלטן אַ וועלט, האָבן זיי אָבער געטיינעט, אַז ער, גרישונין, — פּונקט ווי זיין גרופּע — ווייסט דאָסמאָל פּאָשעט ניט ווי עס האַלט. קלאָר, אַז פאַר די סאָלדאַטן איז געווען לייכטער צו גלויבן סטעפּאַקינען מיט זיינע באַהעלפער און האָפן אף קערענסקין, איידער צו גלויבן די אַנדערע און איצט וואַרטן אף אַ נייער, אַ צווייטער רעוואָלוציע...

אָבער גאָר אינגיכן, בלויז אין עטלעכע טעג צייט, האָבן די יאַטן באַקומען אַ געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן, אַז די רייד פון גריגאָריעווס כעוורע האָבן זיך טאַקע באַשטעטיקט. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נייע באַפעלן איינס נאָכן אַנדערן. אנשטאָט אַ מעלדונג וועגן אַ געשלאָסענעם שאָלעם און אַ באַפעל אַהיימצוגיין, ווי אַלע האָבן געהאָפט, — איז גאָר געווען פאַרקערט. די באַפעלן — אַלע אונטערגעשריבענע פון קערענסקין אַליין — האָבן, אין נאָמען פון פאָטערלאַנד און דער רעוואָלוציע, גערופן די אַרמיי צו שטיין אף די פראָנטן, אָפּצוהיטן די פאַרנומענע פּאָזיציעס און גרייט זיין פאַר נייע, מעגלעכע שלאַכטן...

די דאָזיקע באַפעלן האָבן, אַן עמעס, גלייך געשאַפן אַ דערשלאָגענע שטימונג באַ די סאָלדאַטן. יאַטן זענען אַרומגעגאַנגען אָפּהענטיקע און

אַפּאַטישע. קיינער האָט שוין מער ניט געגלויבט אין אַ גיכן סאָף.

ווי צו דערגאַנצן די דאָזיקע אַנטוישונג, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען באַפעלן און אויפרופן, אַז מען זאָל שטיין דיסציפּלינירט און פאָלגן נאַטשאַלסטווע. אַלס רעזולטאַט דערפון האָט מען צוריק אָנגעהויבן איינפירן די אָפּגעשאַפענע צאַרישע דיסציפּלין. סאָלדאַטן האָבן ווידער געמוזט סאַלוטירן און אָן ווידערשפעניקונג אויספאָלגן יעדן באַפעל פון זייערע אָפיצירן. די באַפעלן, עמעס, זענען שוין ניט געווען — ווי אַמאָל — אין נאָמען פון אַ צאַר, נאָר אינעם נאָמען פון פרייהייט און רעוואָלוציע. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען דער זעלבער, נאָר אַביסל שאַרפער...

צווישן די באַפעלן איז אַפילע געווען אייבער, וואָס האָט שטאַרק באַגרענעצט די אויטאָריטעט און די פונקציעס פון די רעוואָלוציאָנערע פאָלק-קאָמיטעטן. זיי, די קאָמיטעטן, איז ביכלאַל פאַרבאָטן געוואָרן זיך צו מישן אין מיליטערישע איניאָנים. די איינציקע פונקציעס, וואָס מען האָט זיי יאָ איבערגעלאָזט, זענען געווען: דאָס רעכט פון אויפנעמען און אויסגלייכן קריוודעס, זיך פאַנאַנדערקלייבן אין פּרעטענזיעס און סטאַם אויסהערן קלאַגעס פון סאָלדאַטן קעגן זייערע אָפיצירן...

אַ כוץ די פאַרשידענע באַפעלן פון דער רעגירונג, פון קערענסקין, האָבן אויך אָנגעהויבן פליִיצן בייע באַפעלן פון די קאָרפּוס און בריגאַדע שטאַבן. יעדער באַפעל פון נאַטשאַלסטווע האָט צו ביסלעך און שטיקערווייז — צוריקגעצויגן ביי אונדז די געוואונענע פּאָזיציעס פון דער רעוואָלוציע. אָט איז געווען אַ באַפעל, וואָס האָט שטרענג פאַרבאָטן זיך צו ברודערן, אָדער כאַווערן מיטן סוינעס מיליטער. אַן אַנדער באַפעל איז געווען, אַז די סאָלדאַטן פון די פראָנט-ראַיאָנען, זאָלן ניט טאָרן — סיי איינציקווייז און סיי אין גרופּעס — פאַרלאָזן זייערע פּלעצער אָן דעם וויסן און דערלויבעניש פונעם דירעקטן קאָמאַנדיר. דערביי איז באַמערקט געוואָרן, אַז אַזאַ אַרועקגיין, בלויז פאַר אַ ווייל אַפילע, וועט פאַרעכנט ווערן ווי אַ העפקערדיק פאַרלאָזן דעם פראָנט און וועט ווערן באַשטראָפט מיט טויט-שטראָף, ווי פאַר דעזערטירן פון שלאַכט-פעלד. און כאָטש אָפיציעל, פונעם צענטער, איז געהאַט געווען אַ מאַניפעסט, וואָס האָט אָפּגעשאַפט טויט-שטראָף, — האָט מען אָבער אין די לעצטע קאָרפּוס-באַפעלן קלאָר געמאַכט, אַז פאַר פאַרברעכנס אפן פראָנט גופע, ווי לעמאָשל פאַר שפּיאָנאַזש און דעזערטירעריי, וועט מען זיך אַפילע ניט רעכענען מיטן מאַניפעסט און יעדער שולדיקער וועט דאַן געשטעלט ווערן צום פעלד-געריכט און גלייך דערשאָסן ווערן...

די סאָלדאַטן זענען געבליבן ווי געפּלעפּטע...

*****

**דער** פּאָלק-קאָמאַנדיר, אַז ער האָט הינטער זיך דערפילט די האַרבע שטעלונג פון דער רעגירונג און פון דער העכערער באַטשאַלסטווע, איז ווידער געוואָרן דער אַמאָליקער שטרענגער טרוקענער מרוק. ער איז צוריק געוואָרן טאַקיף באַ זיך און קעסיידער אַרומגעריסן זיך מיטן קאָמיטעט. איבערהויפּט איז ער צוגעשטאַנען צו גריגאָריעוון, דאַווידאָוון און גרישונינען. ער האָט זיי פאַרגעוואָרפן און באַשולדיקט, אַז זיי זענען העצער און אויפרייצער. אָפט האָט ער אַפילע גערדראָעט, אַז ער וועט שיקן אַ טעלעגראַמע אין צענטער און פאָדערן, אַז מען זאָל זיי אַרעסטירן, אָדער — אין בעסטן פאַל — אויסשליסן פון קאָמיטעט.

סאָלדאַטן זענען אַרומגעגאַנגען צעווייטיקט און דערשלאָגן. וועגן דעם, אַז מען זאָל אינגיכן אַהיימלאָזן, האָט מען אַפילע אויפגעהערט צו טראַכטן. וועגן אַליין אָפּמאַרשירן פונעם פראָנט — איז שוין ביכלאַל מער אַף די ליפּן ניט געבראַכט געוואָרן.

אַף באַגרעניצונגען איז געקומען אַן עמעסע גערעטעניש. יעדער באַפעל האָט געבראַכט עפּעס בייעס. און קעדיי צו באַרואיקן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן אַזוי קלאָר ניט דערפילן די באַגרעניצונגען, האָט יעדער באַפעל באַם סאָף געהאַט אַ דערקלערונג מיט אַן אויפרוף, אַז כאָטש דאָס רוסישע פאָלק האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די זעלבסטהערשונג מיט דער דעספּאָטיע; כאָטש עס האָט זיך באַפרייט פונעם צאַריזם און פון דער אונטערדריקונג, וועט עס אָבער ניט ווערן פאַרשיקערט און צעווילדעוועט פונעם ניצאָכן, נאָר וועט דיסציפּלינירט פאָרזעצן דעם גרויסן, הייליקן קאַמף קעגן די סאָנים, ביז צו אַן עמעסן, פולשטענדיקן זיג איבער זיי. די רעגירונג, דאָס הייסט, קערענסקי, האָט באַ יעדער געלעגנהייט אַרויס־געזאָגט די האָפענונג, אַז קיינער פון די פרייע סאָלדאַטן וועט ניט אָפּטרעטן אינמיטן קאַמף און ניט האַנדלען ווי פאַררעטער און פייגלינגען...

אויך דער קאָמאַנדיר און אַנדערע אָפיצירן, גאַסט-רעדנער, וואָס זענען קימאַט טעגלעך געקומען פון די קאָרפּוס-און בריגאַדע-שטאַבן, און געהאַלטן רעדעס פאַר די סאָלדאַטן, האָבן ניט אויפגעהערט צו רופן:

— מיר וועלן דאָך ניט פאַראַטן אונדזערע פאַרבינדעטע! מיר וועלן זיי דאָך ניט לאָזן אַליין אין פעלד זיך שלאָגן מיט די סאָנים!...

דער קאָמאַנדיר האָט גאָר גערעדט דורך מעשאָליס:

— איר ווייסט דאָך, ברידער, — האָט ער געטיינעט, — איר ווייסט דאָך די מאַיסע פון די צוויי פריינט, וואָס זענען געגאַנגען אַף אַ וועג און אַ בער איז זיי אַנטקעגנגעקומען...איינער פון זיי איז אַנטלאָפן. זיך

אַרויפגעכאַפּט אויף אַ בוים און איבערגעלאָזט זיין פּריינט אַליין. יענער האָט זיך אָבער געראַטעוועט דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, געלעגן אומבאַוועגלעך און ניט געאָטעמט. דער בער איז דאַן צוגעקומען, האָט אים באַשמעקט און — מיינענדיק, אַז ער איז טויט — איז ער אַוועק...דערפאַר אָבער, שפּעטער, ווען דער אַנטלאָפענער פּריינט איז אַרונטער פונעם בוים און יענעם געפרעגט וואָס דער בער האָט אים דאָס איינגערוימט אין אויער אַריין, האָט יענער אים שטעכיק געענטפערט: „ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך האָב אַ שלעכטן פּריינט, וואָס לאָזט מיך איבער אין אַן אייס־צאָרע...״ איז ווי זשע דענקט איר, ברידערלעך, — האָט דער קאָמאַנדיר געפרעגט, — וועלן מיר זיין ווי יענער „פּריינט״?...

אָבער קיינער פון די סאָלדאַטן האָט די דאָזיקע מאַיסעס מיט די אויפרופן שוין ניט גענומען ערנסט. פאַרקערט: מען האָט צוגעוואָרפן צווישן־רופן אינמיטן די רייד און אָפּגעשלאָגן די אַרגומענטן:

— ניט מען האָט אונדז געפרעגט, צי מיר גייען אין מילכאָמע מיט זיי צוזאַמען און אַפילע ניט צי מיר ווילן מילכאָמע ביכלאַל!...

— ווען עס וואָלט זיך זיי געלוינט, וואָלטן זיי אויך אַרויס פון דער מילכאָמע און וואָלטן זיך ניט גערעכנט מיט אונדזערע נויטן! — האָט אַ צווייטער צוגעוואָרפן, און איז באַגלייט געוואָרן פון שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן פון די אַנדערע סאָלדאַטן.

קלאָר איז געווען, אַז די סאָלדאַטן זענען איצט שוין גאָר אַנדערע מענטשן; אַז איצט האָבן זיי שוין אָנגעהויבן טראַכטן פאַר זיך. דערפאַר אָבער זענען דאָס ראָוו יאַטן געווען אַנטוישט אין דער רעגירונג און אַפילע אין דער רעוואָלוציע. פיל פון זיי האָבן מיט באַדויער דערקלערט, אַז זיי האָבן דאָס פאַרויסגעזען; אַז זיי האָבן זיך געריכט, אַז עס וועט זיך ענדיקן אַזוי, אָדער ענלעך, ווי די רעוואָלוציע פון פינפטן יאָר. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן געוואוסט, מען וועט ביסלעכווייז צוריק אָפּנעמען די פרייהייטן, וואָס מען האָט באַקומען; אַז מען וועט ווידער פאַרשקלאַפן די סאָלדאַטן ווי פריער אונטערן צאַר...

— אָ, פאַר אונדז וועט שוין קיינמאָל ניט גוט זיין! — האָבן זיך געהערט אַנטוישטע רייד אויף טריט און שריט, — ווער עס זאָל ניט זיין הערשער, איוואַן, צי סטעפּאַן, — מיר וועלן טאָמיד בלייבן שקלאַפן...

און אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז פון דער גאַנצער רעוואָלוציע איז שוין טאַקע ניט פאַרבליבן מער ווי בלויז אַ שוואַכע איבערבלייבעכץ פונעם באַפעל נומער איינס, וואָס האָט אין די ערשטע רעוואָלוציע טעג אַזוי ברייטהאַרציק אָפּגעשאַפט די אַלע עקלהאַפטע דערנידעריקונגען פון די סאָלדאַטן, — דאָס טיטולירן, דאָס

מעכאַנישע אָפּענטפּערן און דאָס „געדרוצט" און געזידלט ווערן. עס האָט טאַקע אויסגעקוקט, אַז אַלץ, אַלע געווינסן, זענען, אָדער שוין איצט פאַרלוירן געוואָרן, אָדער האַלטן ביים צוריקגעצויגן ווערן.

ערשט איצט האָבן קימאַט אַלע סאָלדאַטן איינגעזען, אַז אַלץ וואָס גריגאָריעוו מיט זיינע יאַטן האָבן פאָרויסגעזאָגט וועגן קערענסקין און דער צייטווייליקער רעגירונג, איז געווען ריכטיק. דערווייל איז אָבער גאָרניט געבליבן וואָס צו טאָן. מען האָט זיך ניט געקאָנט העלפן, נאָר וואַרטן און אונטערמורמלען. סטעפּאַקין מיט זיין כאַליאַסטרע האָבן נאָך פונדעסטוועגן אַלץ געזוכט צו באַרואיקן די אויפגעצאָרנטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געריסן עפּעס צו טאָן. זיי האָבן די סאָלדאַטן געטרייסט דערמיט, וואָס דאָס איז בלויז אַן איבערגאַנג-צייט, קעדיי ניט אַרויס-צורופן קיין בייזע געפילן באַ די העכערע קאָמאַנדירן, וועלכע וואָלטן אַנדערש אַוואַדע רעזיגנירט און איבערגעלאָזט די אַרמיי אַף גאָטס באַראָט. וועגן שאָלעם — האָבן זיי געזאָגט — דאַרף מען דאָס איבערלאָזן נאָר צו קערענסקין. ווייל — האָבן זיי געטיינעט — אויב עס וואָלט נאָר געווען די מינדסטע מעגלעכקייט דערפאַר, וואָלט ער, ווי אַ סאָציאַליסט, דאָס פון לאַנג שוין געווען געטאָן...

דערווייל איז אין פאָלק וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער, אָבער דערביי אַלץ אומרואיקער. און ווען ניט די באַנייטע שווערע דיסציפּלין, וואָלטן מאַסן סאָלדאַטן — כאָטש קיין שלאַכטן זענען ניט געווען — זיך צעלאָפן פונעם פאָלק אין דער גאָרער וועלט אַריין. עמעס, עס איז אַפילע געווען אַ מאַניפעסט פון קערענסקין, אין וועלכן ער האָט גרויסמוטיק דערקלערט, אַז יענע סאָלדאַטן, וועלכע ווילן מער ניט בלייבן אפן פראָנט און ווילן אַהיימגיין, מעגן עס טאָן. ווייל — האָט זיך אינעם מאַניפעסט געזאָגט — די רוסישע אַרמיי דאַרף ניט האָבן באַ זיך קיין פייגלינגען און פאַרעטער; ווייל דאָס רוסישע פאָלק קאָן זיך באַגיין אָן יענע, וואָס ווילן ניט דערפילן דעם כויוו צו דער פרייהייט און דער רעוואָלוציע. עס איז אָבער גאַנץ קלאָר געווען פאַר אַלעמען, אַז דאָס איז געווען בלויז אַזאַ זשעסט פון קערענסקין, אַזאַ מאַנעווורע, קעדיי אַרויסצורופן העכערן פּאַטריאָטיזם. וואָרים ווי איז געווען צו יענעם סאָלדאַט, וועלכער האָט דעם דאָזיקן מאַניפעסט גענומען ערנסט און אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן פאַרלאַנג אַהיימצוגיין. אַזעלכן, ביז ער האָט באַקומען די נויטיקע דערלויבעניש דערפאַר, האָט מען דערווייל — עמעס, ניט פאַר דעם, נאָר פאַר עפּעס אַן אַנדער צוגעטשעפּעטער זינד — גלייך פאַרשיקט אין טפיסע. אַ כוץ דעם, האָבן די קאָמאַנדירן — אָנהויבנדיק פונעם פעלדפעבעל ביז צום סאַמע פאָלק-קאָמאַנדיר, אַזעלכן

אַזוי געגומען פאַרפאָלגן און פאַרביטערן דאָס לעבן, אַז יענער האָט זיך פאַרשאָלטן דאָס געביין פאַרוואָס ער האָט אַזאַ פאַרלאַנג געהאַט...

*****

**די איבערגעביטענע** לאַגע, צוזאַמען מיט די אומצאָליקע מאַניפעסטן, דעקלאַראַציעס און אויפרופן, האָבן — וואָס אַ טאָג ווייטער — אַרויסגערופן אַלץ מער אַנטוישונג און פאַרביטערונג בײַ די סאָלדאַטן. גאַנצע טעג זענען יאַטן געזעסן גרופּעסווייז און האָבן מיט טרויער גערעדט וועגן די געשעענישן. אַפילו די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע און שטילסטע,— די וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט געמישט אין אַזעלכע זאַכן, האָבן מיטאַמאָל באַקומען לאָשן. עס איז קלאָר געווען, אַז קיינער האָט ניט געוואָלט אַזוי לייכט זיך שיידן מיט דעם גוטן, וואָס עס האָט געבראַכט מיט זיך די רעוואָלוציע, און פון וועלכער מען האָט נאָך אַזוי ווינציק באַוויזן צו געניסן...

ביי אונדז אין קאָמאַנדע — פונקט ווי אין די ראָטעס — האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן און זיך קלאָגן. ביי טאָג — אין וועלדל, אָדער בײַ די סאַניטאַר־גריבער, און בײַנאַכט — אויף די געלעגערס, האָט מען קעסיידער געמורמלט און באַדויערט דאָס פאַרלוירענע...

דער ערשטער פון די פאַסיווע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו רעדן, איז געווען אונדזער אָפּגעלאָזענער דראַבולקין. ער, דער שטענדיק דערשלאָ־גענער, האָט איינמאָל, שוין ליגנדיק אפן געלעגער,— אַ טיפן קרעכץ געטאָן און — גלאַט אַזוי, ווי אין דער וועלט אַריין, אַ בורטשע געטאָן:

— עך־עך־ע, טאַטעלעך, און אָט האָסטו דיר אַ רעוואָלוציע — דער טייוול האָט זי געמעגט נעמען, איידער זי איז אָנגעקומען!... אַזעלכע־אָ מעשונעדיקע שטרענגע באַפעלן האָט מען דאָך, דאַכט זיך, אַפילו אין די צאַרישע צייטן אויך ניט געוואַגט אַרויסצוגעבן...

זיין באַמערקונג איז געווען ווי אַ דערמוטיקונג צו די אַנדערע. די שבײינים זיינע, וואָס האָבן פריער מוירע געהאַט אַ מויל צו עפענען,— האָבן זיך עפּעס אַזוי ווי צעוואַרעמט און אויך געגומען רעדן. אפּאָנים, אַז אינעם רעדן האָבן זיי געפונען אַ שטיקל טרייסט פאַר זיך. דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— יאָ, מיין פאָטערל, אָסיפּ גאַווריליאָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן, האָט שטענדיק טאַקע געפלעגט זאָגן: „פון לייט ביסטו געבוירן און ווי לייט האָסטו די ווערט”. אַ נאַש בראַט וועט קיינמאָל קיין גוטס ניט האָבן!... איצט כאָטש זעץ זיך וואַרטן, ביז...

— אַזוי זעט מאַקע אויס! — האָט דער קלייִנגעוויקסיקער קאַטאַיעוו, מיט אַ שטימע ווי אַ הון־קוואָקערײַ, פון זיין ווינקל אַרויסגעקרייִעט, — ביז מיר וועלן זיך דערוואַרטן אויף עפּעס גוטס, וועלן בײַ אונדז אַוואַדע אָט אַזעלכע לאַנגע בערד אָנוואַקסן, געשוואָלן זאָלן זיי ווערן!...

— עס קומט שוין באַלד אויס ווי אַמאָל בײַ אונדז, — האָט זיך „וויעטער" טאַמעוואַטע אַ ברום געטאָן, — זיך איינמישן דעם יאָם און וואַרט אויף אַ צופעליקן גינסטיקן ווינט...

— דאָס וואָס איך זאָג. — האָט ווידער אַרטיאָמאָוו צוגעוואָרפן, — דער פֿאָטערל מייִנער פלעגט זאָגן: „דער איקער איז נאָר צו לעבן. די צאָרעס וועלן זיך שוין דעמלט אַליין געפינען..."

— דאָס ווייסט מען דאָך אָן דיין פאָטערל. — האָט דוקעל, מיט אַ אידישן קרעכץ צוגעמודמלט, — דערווייל איז ניט גוט, גאָר ניט גוט. מען קאָן אַפילע זאָגן, אַז עס איז גאָר־גאָר פאַסקודנע...

— סיידן עפּשער, — האָט דראַבולקין זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק און, ווי ער וואָלט מוירע באַקומען, אַז מען וועט אים באַשטראָפן פאַר די־אָ רייד, אַף גיך אָפּגעהאַקט, — סיידן מען וועט דאָרט איבער אַ בייעס מאַכן אַ פרישע רעוואָלוציע און דאַסמאָל זי מאַכן אַזוי, אַז...

— אָבער רעוואָלוציעס מאַכן זיך דאָך ניט אַזוי גיך. — האָט דוקעל ווידער געזיפצט, — אַף דער האָבן מיר דאָך אויך גענוג געוואַרט...

— וואָס בעבעט איר? — האָט שוין טשעריאַק, אַ פאַרשלאָפענער, און דעריבער אַן ערנסטער, מיט אַ געגעץ אויסגעצויגן, — עס וועט דאָך מוזן בעסער ווערן. קיינער וועט דאָך ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל בײַ אים צונעמען דאָס, וואָס ער האָט שוין איינמאָל אין האַנט געהאַט...

— הערסטו, דאָס זאָג איך דאָך טאַקע, — האָט דראַבולקין ווידער זיך אַ כאַפּ געטאָן, — טאַקע דערפאַר, אַפּאָנים, ווילן דאָך די פריצים ניט לאָזן אָפּנעמען בײַ זיך דאָס, וואָס זיי האָבן אַזעלכע לאַנגע יאָרן בײַ זיך אין די לאַפּעס געהאַלטן...

„וויעטער", ווי ער וואָלט זיך פלוצים געכאַפּט אף אַן איינפאַל, האָט מיטאַמאָל אויסגעשאָסן:

— שאַ, יאַטעלעך, הערט: עפּשער וואָלט מען איצט גאָר געדאַרפט אַוועקשיקן עטלעכע יאַטן קיין „פּיטער", כ'מיין, צו דער ציטווייליקער רעגירונג, און דאָרט פּאָשעט אָפּן זאָגן, אַז מיר...

טשעריאַק, וועלכער האָט זיך שוין אַפּאָנים געהאַט אויסגעטשוכעט פונעם שלאָף, האָט מיט געלעכטער אים איבערגעשלאָגן:

— האָסט, „וויעטער", אַ וואַזשנע כאָכמע געזאָגט. עס וואָלט פונקט אַזויפיל געהאָלפן, ווי דו וואָלסט געבלאָזן מיטן מויל אף צעלעכערטע

זעגלען. אַז אַ שיף זאָל גיין, דאַרף זיין אַן עמעסער ווינט...

די דאָזיקע רייד וואָלטן זיך געוועזן פאַרשלעפּט ווער ווייסט אף ווי לאַנג, ווען דאַווידאָוו זאָל זיך ניט געווען אַריינמישן. ער, וואָס איז אין אַנדערן עק זעמליאַנקע געווען פאַרטאָן אין אַ שמועס מיט גרישוּבינען, האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי־אויס געטאָן צו די יאָטן און — מיט זיין צוגעלאָזענער שטימע, באַר מיט אַ טאָן פון פאָרוואורף — געזאָגט:

— עך, איר באַטלאָנים אַזעטיקע! וואָס האָט איר זיך אַוועקגעלייגט דאָ קרעכצן אפן ביטערן מאַזל?.. פאַרשטייט זיך, אַז אויב אַלע זאָלן זיך אַזוי אַוועקזעצן מיט פאַרלייגטע הענט און פּראָבירן מיט קרעכצערייען זיך אָפּרעדן פונעם האַרצן, וועלן די פּריצים און באַטשאַלסטווע דערווייל ניט שוויגן און וועלן אָפּנעמען די געווינסן פון דער רעוואָלוציע... איר דאַרפט פאַרשטיין איין זאַך, כאַווירדים, אַז ניט מיט קיין טרערן ווערן רעוואָלוציעס געמאַכט און ניט מיט קיין טפילעס און קרעכצן קאָן מען זיי איינהאַלטן... איר פאַרשטייט? — קעמפן דאַרף מען, אָט וואָס!... מען דאַרף אַזוי אַ דערלאַנג טאָן איבער די לאַפּעס פון יענע, וואָס ווילן ביי אונדז צוריקכאַפּן די געווינסן און מיט אַלע קויכעס זיי לאָזן וויסן וואָס מיר ווילן... אָט, בלויז דעמלט...

אַלע האָבן געשוויגן און, פאַרשעמטע, זיך איינגעגנורעט אין די קאָלדרעס. דאַווידאָווס ווערטער האָבן, זעט אויס, צוריק אַריינגעטראָגן אַביסל האָפנונג אין אַלעמענס הערצער אַריין...

*****

**ניט לאַנג** האָט אָנגעהאַלטן אָט־די דאָזיקע געדריקטע שטימונג. די שוואַרצע כמאַרעס, וואָס האָבן זיך די לעצטע טעג געהאַט אַרונטערגעלאָזט איבער אונדז און פאַרפינצטערט אונדזערע לעבנס, — האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין. און ניט געקוקט אף דער שווערער דיסציפּלין, וואָס האָט איצט שטאַרק געהערשט אין פּאָלק און דעם איעש, וואָס האָט אַלעמען צוליב דעם אַרומגעכאַפּט, — האָט זיך פונדעסטוועגן אָנגעהויבן שפּירן אַ שטיקל אויפלעבונג. צומאָל איז די אויפלעבונג געקומען דערפון, וואָס די סאָלדאַטן זענען פּאָשעט געקומען צוריק צו זיך פון די ערשטע באַקומענע קלעפּ און גענומען זיך שטאַרקן; צום טייל אויך איבער דער אַקשאָנעסדיקער אַגיטאַציע און דעם דערמוטיקן פון דאַווידאָוון מיט זיין גרופּע און — איבערהויפּט — דערפאַר, וואָס עס האָבן אונדז אָנגעהויבן גרייכן נייע האָפנונגספולע יעדיעס פונעם צענטער...

אָט האָט מען ביי אונדז מיטאַמאָל גענומען דערציילן, אַז דאָרט, אין צענטער, דאָס הייסט, אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקווע, האָבן די קאָמיטעטן פון די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן, — די „סאָוועטן", ווי מען האָט זיי גערופן,— אָנגעהויבן פירן אַ שאַרפן קאַמף קעגן דער צייטווייליקער רעגירונג, קעגן איר הויפּט, קערענסקין, און קעגן אַלע אירע פירונגען. און כאָטש קיין שום אָפיציעלע קאָמוניקאַציע איז וועגן דעם ניט געווען, איז אָבער פאַר יעדן קלאָר געוואָרן, אַז די רעוואָלוציע איז נאָך ניט קיין פאַרלוירענע, ווי מען האָט פריער מוירע געהאַט. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז די ביי אויפגעקומענע פרייהייט איז צו שטאַרק איינגעבאַקן געוואָרן אין די הערצער פונעם פאָלק און אַז אַזוי לייכט וועט מען זי שוין ניט קאָנען צוריקציען.

גערעדט האָט מען ביי אונדז, אַז די דאָזיקע „סאָוועטן" האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַן אייזערנע וואַנט קעגן די טאַטן פון דער רעגירונג און מוטיק פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטער, פּויערים, און סאָלדאַטן. מען האָט אַפילע געשמועסט, אַז זיי, די „סאָוועטן", האָבן זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַ שאַרפער פאָדערונג צוריקצורופן די אַלע שענדלעכע באַפעלן און פאַראָרדנונגען, וואָס האָבן צו ניטש געמאַכט די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע; גלייך אָנצוהויבן פאַרהאַנדלען וועגן שאָלעם מיט אַלע געגנער און צוריקרופן דאָס מיליטער פון די פראָנטן און— די הויפּט זאַך— גלייך נעמען פאַנאַנדערטיילן די ערד צו די פּויערים און נאַציאָנאַליזירן די פאַבריקן...

עטלעכע טעג נאָך די ערשטע פאַרנעפּלטע יעדיעס, האָט גריגאָריעוו דערהאַלטן אַ נייע מעלדונג, אַז די „סאָוועטן" האָבן אַרויסגעשטעלט אַ שאַרפע פאָדערונג דער צייטווייליקער רעגירונג, אַז זי זאָל גלייך רעזיגנירן און איבערגעבן די גאַנצע מאַכט צו זיי, די פאַרטרעטער פון די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן. גריגאָריעוו האָט דאַן דערקלערט, אַז די „סאָוועטן" האָבן מאָטיווירט זייער פאָדערונג דערמיט, וואָס די דאָזיקע רעגירונג האָט ניט באַוויזן אויסצופילן דעם מאַנדאַט, וואָס די רעוואָלוציע האָט איר געגעבן. די „סאָוועטן"— האָט ער געזאָגט — האָבן באַשולדיקט די צייטווייליקע רעגירונג, אַז זי האָט ביכלאַל ניט אָנגענומען קיין מיטלען צו באַפעסטיקן די רעוואָלוציע אין לאַנד און אַז זי האָט מיט איר גאַנצער פירונג אַריינגעשפּילט אין די הענט פון דער בורזשואַזיע און די פּריצים...

דאָס האָט קלאָר געמאַכט פאַר אַלעמען אין פאָלק, אַז דאָרט, אינעם צענטער, איז פאַראַן אַן אויג וואָס וואַכט און אַ קויעך וואָס קעמפט און נעמט זיך אָן אַלע אונדזערע קריוודעס. יעדער איינער, האָט מען לייכט

געקאָנט זען, האָט זיך מאַמעש מעכאַיע געווען דערפון. די נייעס, אַז די „סאָוועטן" האָבן אַרויסגעשטעלט אַזאַ מין שאַרפע פאָדערונג צו דער רעגירונג אין, איבערהויפּט, זייער דרייסטער טאָן, — האָט אַף אַלעמען אַזוי גוט געווירקט, אַז גלייך אפן אַנדערן טאָג, וואָס יאַטן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, זענען אַלע — אויסער סטעפּאַקינען מיט זיין כאַליאַסטרע,— געוואָרן הייסע אָנהענגער פון די „סאָוועטן" און גרייט געווען זיי צו פאַרטיידיקן ווען עס וועט נאָר נויטיק זיין. גרישונין האָט זיך אַפילע געקליבן פאָרצושלאָגן באַ דער זיצונג פונעם קאָמיטעט, אַז דער פּאָלק־קאָמיטעט זאָל איבערענדערן דעם נאָמען און זיך אָנהויבן צו רופן „דער פּאָלק־„סאָוועט". אָבער נאָך איידער ער האָט דאָס באַוויזן צו טאָן, איז סטעפּאַקין — ווויסנדיק אַפּאַנים, אַז אין פּאָלק איז פאַראַן אַ שטאַרקער סענטימענט דערפאַר — אַרויסגעשפּרונגען פאַר אים און אַליין דאָס פאָרגעשלאָגן פאַרן קאָמיטעט צו באַשטימען. און כאָטש גריגאָריעוו האָט פאָרגעוואָרפן סטעפּאַקינען, אַז דאָס איז דעמאַגאָגיע, האָט עס אָבער ניט געאַרט גרישונינען. פאַרקערט: ער האָט געשמייכלט:

— מיך אַרט עס ניט פונוואַנען עס קומט,— האָט ער געזאָגט, — אַבי עס איז נאָר צום גוטן פון דער רעוואָלוציע און פאַרן וואוילזיין פון די סאָלדאַטן. זאָל עס אים וואויל באַקומען...

גרישונין איז אַפילע גרייט געווען אָנצונעמען, אַז ער, סטעפּאַקין, האָט זיך ענדלעך אַרומגעזען אַף זיינע טאָעסן און כאַראָטע באַקומען אַף זיין ביז איצטיקער שטעלונג. ער האָט דערפאַר באַלד נאָכן אָנגענומענעם באַשלוס פאָרגעשלאָגן, אַז דער פּאָלק־סאָוועט זאָל שיקן צום צענטראַלן סאָוועט אַ פאַרטרעטער, וועלכער זאָל פון דאָרט אינפאָרמירן דעם פּאָלק וועגן אַלע געשעענישן און אַנטוויקלונגען, וואָס דערגייען ניט אַזוי אָפט און אַזוי פּינקטלעך צו אונדז.

אויך דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. סטעפּאַקין מיט זיין גרופּע און אַפילע די אומאָפּהענגיקע, האָבן געשטימט דערפאַר. עס האָט אין דער עמעסן אָנגעהויבן אויסצוקוקן, אַז עס הויבט זיך אָן אַן אייניקייט אינעם פּאָלק־סאָוועט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז גריגאָריעווס גרופּע, דער רעוואָלוציאָנערער טייל אינעם „סאָוועט", האָט פאָרט אָנגעהויבן צו זיגן...

ניט לאַנג, אָבער, האָט די דאָזיקע לאַגע אָנגעהאַלטן. די אייניקייט, וואָס האָט אויסגעזען, אַז זי באַפעסטיקט זיך, האָט זיך מיטאַמאָל גענומען צעפאַלן. און צוגעגאַנגען איז עס גיך. פיל גיכער ווי זי איז באַשאַפן געוואָרן. די רעזולטאַטן דערפון האָבן זיך גלייך גענומען מערקן. נאָך איידער מען האָט אַפילע באַוויזן אַוועקצושיקן דעם דערוויילטן

פאַרטרעטער צום צענטראַלן סאָוועט, האָט זיך איבערן פאָלק — אומבאַ־וואוסט פונוואַנען, דורך וועמען, און צוליב וואָס, געגומען פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז די סאָוועטן זענען גאָרניט דאָס, וואָס מען האָט געזאָגט וועגן זיי. מען האָט געשמועסט, אַז זיי זענען גאָר קעגן דעמאָקראַטיע און קעגן רעוואָלוציע, קעגן פרייהייט און רעפּובליק... און כאָטש עס האָט זיך ביי אַלעמען שווער געלייגט אפן סייכל, ווי אַזוי מען קאָן עס זיין קעגן אַ רעוואָלוציע, בעאייס מען שטעלט אַרויס פאָדערונגען, בעעמעס רעוואָלוציאָנערע, ווי אָפּצוגעבן די פאַבריקן צו די אַרבעטער און די ערד צו די פּויערים, — האָט פאָרט אָט דער קלאַנג געמאַכט אַ שאַרפע און שווערע ווירקונג אף די סאָלדאַטן און ערשט אף דאָס ביי נאָך שאַרפער צעטיילט די רייען אינעם פאָלק גופע, און — נאָך מער, — צווישן די מיטגלידער אין דעם פאָלק־סאָוועט...

סטעפאַקין און פּערווין האָבן ווידער באַקומען אָן אָנהאַלט:

— עמעס, — האָבן זיי געטיינעט, — בעאייס זיי, די סאָוועטן, האָבן זיך געגרינדעט און גענומען אף זיך צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן, — זענען זיי נאָך דעמלט געווען דעמאָקראַטיש און סאָציאַליסטיש. שפּעטער אָבער, זענען די זעלביקע סאָוועטן פאַרכאַפּט געוואָרן פון עקסטרעמע עלעמענטן און דעמאַגאָגן, וועמען עס גייט ביכלאַל ניט אָן די רעוואָלוציע, אָדער דאָס אַרבעטער־פאָלק, נאָר זייערע אייגענע פּאַרטיי־אינטערעסן...

געזאָגט האָבן זיי, אַז די דאָזיקע עלעמענטן — באָלשעוויקעס האָט מען זיי גערופן — האָבן דורך עפּעס אַזאַ שווינדלערישן שפּיצל באַשאַפן אַ מערהייט פון זייערע אייגענע מענטשן אין די סאָוועטן און גענומען דאָרט שאַלטעווען ווי זיי איז געפעלן. פּערווין האָט אַפילו געזאָגט, אַז לענין, דער הויפּט־פירער פון די באָלשעוויקעס, איז גאָר ביכלאַל קיין סאָציאַליסט ניט; אַז ער איז גאָר אַ רייכער פּאָרעץ און דעריבער...

גריגאָריעוו און זיינע אָנהענגער, אַז זיי האָבן געהערט אָט די רייד, זענען זיי געוואָרן אויסער זיך פון קאַאַס און פאַרדראָס. זיי האָבן דאַן געוואָרנט, אַז יענע, וואָס פאַרשפּרייטן אַזעלכע אומפאַראַנטוואָרטלעכע קלאַנגען, שפּילן באַוואוסטזיניק די שפּיל פון דער בורזשואַזיע און די פּריצים; אַז זיי העלפן דורך דעם יענע אַלע עלעמענטן, וועלכע זוכן אַרונטערצורייסן דעם פּרעסטיזש פון דער רעוואָלוציע און אירע פירער, קעדיי צו דערמעגלעכן דעם צוריקקער פון צאַריזם און זעלבסטהערשונג, און איינשטעלן די מיעסע אָרדנונג — ווי עס איז פריער געווען. זיי, גריגאָריעווס יאַטן, האָבן גענומען אויפקלערן און באַווייזן, אַז די אַלע פאָדערונגען, וואָס לענין און זיין פּאַרטיי־טייל, — די באָלשעוויקעס,

שטעלן אַרויס, איז די פּאָדערונג פון גאַנצן רוסישן אַרבעטער-קלאַס און די פּויערים. די אַרגומענטן פון דעם אַנדערן צאַד, אַז די אַגרעסיווע פאָדערונגען פון די באָלשעוויקעס, — מעגן זיי זיין ווי רעוואָלוציאָנער, זענען געפערלעך און, דעריבער, ניט-אויספירבאַר, — האָט גריגאָריעוו סטאַם אויסגעלאַכט. מיט ביישפּילן פון דער אַמאָליקער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון דער רוסישער אין פינפטן יאָר, האָט ער געבראַכט באַווייזן, אַז די איינציקע גאַראַנטיע פאַר אַ דערפאָלגרייכער רעוואָלוציע איז בלויז די, ווען די גאַנצע מאַכט גייט אַריבער אין די הענט פון די אַרבעטער און פּויערים אַליין, צו זייערע אויסדערווײלטע סאָוועטן. ער האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז כאָטש ניט אומעטום, אין אַלע שטאָטישע סאָוועטן, האָבן די באָלשעוויסטישע גרופּן די מערהייט, פונדעסטוועגן דאַרפן זיי, די אַלע סאָוועטן, זיין די פּאַקטישע רעגירונגס-אָרגאַנען, ווייל אַנדערש וועט די רעוואָלוציע זיין אַ פאַרלוירענע...

— די סאָוועטן, — האָט ער געוואָרנט, — איז די מאַכט פון די אַרבעטער-מאַסן און עס איז אונדזער פליכט, ביין, אין אונדזערע סאַמע לעבנס-אינטערעסן זיי, די סאָוועטן, צו שטיצן!...

די געגנגעזעצטע מאַינעס פון ביידע צדדים, אַנשטאָט אַריינצוטראָגן אויפקלערונג און אַכדעס, האָבן גאָר, פאַרקערט, געשאַפן אַ צעטומלונג צווישן די ניט-זייער אַנטוויקלטע סאָלדאַטן און דאָס ראָוו פון זיי האָט ניט געוואוסט ווער עס איז גערעכט און ווי זיך צו אָריענטירן...

*****

**דער** סענטימענט בײַ די סאָלדאַטן איז געווען אַ מאָדנער. כאָטש קימאַט אַלע אין פּאָלק האָבן געגלויבט, אַז גריגאָריעוו מיט זיין גרופּע, און מיסטאָמע אויך לענין מיט זיינע באָלשעוויקעס, זענען גערעכט, — האָבן אָבער פיל יאָטן זיך ניט געוואָלט עפנטלעך איינשטעלן פאַר זיי. מאַשמאָעס, אַז די לאַנג-יאָריקע פאַרשקלאַפונג און דאָס שטענדיקע לעבן אין פינצטערניש, האָט איינגעוואָרצלט אין זיי אַ באַגריף, אַז יעדע רעגירונג — ווייל זי האָט די מאַכט — איז דעריבער הייליק, אומבאַרירבאַר, און דערפאַר האָבן זיי זיך ניט געוואָלט אַרויסזאָגן אָדער גיין קעגן דער צייטווייליקער, שלעכטער, אָבער פאָרט לעגיטימער רעגירונג. אָן צווייפל, אַז דערצו האָט פיל בייגעטראָגן די אַגיטאַציע פון סטעפּאַקינען מיט זיינע אונטערשטיצער, וואָס האָבן שטענדיק אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע רעגירונג איז פאַר פרייהייט, גלייכהייט, און ברידערלעכ-קייט; אַז זי איז צונויפגעשטעלט פון די בעסטע און אינטעליגענטסטע

פאַלקס־קויכעס, פון דומע־דעפוטאַטן, וואָס האָבן טאָמיד געאַרבעט פאַרן וואוילזיין פונעם פאָלק. דערצו האָט אויך געהאָלפן דער באַגריף, אַז די דאָזיקע דומע־דעפוטאַטן, אַזוי גיך ווי זיי האָבן איבערגענומען די רעגירונג, האָבן גלייך אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן באַפרייערישן באַפעל נומער איינס און — ווי סטעפּאַקין האָט געזאָגט, — אַז דאָס האָבן זיי, מיט ראָדזיאַנקאָן בעראָש, פאַרענדיקט מיט דעם צאַריזם און דורכגעפירט די רעוואָלוציע, בעאיס לעבין מיט זיינע באָלשעוויקעס זענען נאָך אַפילע מיקלוימערשט פון קיינעם ניט באַוואוסט געווען...

אינגיכן איז פון דער ציטשוויייליקער רעגירונג טאַקע אָנגעקומען אַ מעלדונג, אין וועלכער זי האָט געלאָזט וויסן, אַז זי האָט קאַטעגאָריש צוריקגעשליידערט די „בוצפעדיקע" פאָדערונג פון די סאָוועטן, איבער־צוגעבן די מאַכט אין זייערע הענט. דערביי האָט די רעגירונג, אין דער זעלבער מעלדונג, אָנגעוויזן, אַז נאָכצוגעבן אַזאַ זאַך, וואָלט געמיינט אַריינצעוואַרפן דאָס לאַנד אין כאַאָס און אַנאַרכיע. און דעריבער, — האָט די רעגירונג פייערלעך דערקלערט, — וועט זי אויך ווייטער בלייבן שטיין אויפן פּאָסטן און אָפּהיטן די רעוואָלוציע פון אַזעלכע שעדיקער. זי האָט ווידעראַמאָל געמאָלדן, אַז זי וועט קיינעם ניט איבערגעבן די מאַכט, וואָס איז איר דערוויילִיק אָנגעטרויט געוואָרן, ביז עס וועט צונויפגערופן ווערן די אַלרוסישע גרינדונג־פאַרזאַמלונג — די פאַרטרעטערשאַפט, וואָס וועט דערוויילט ווערן פון גאַנצן רוסישן פאָלק, אויף ריין־דעמאָקראַטישע יעסוידעס: דורך אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַלן. נאָך מער: ביז אָט די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט — אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן און מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען — ניט האָבן באַשלאָסן וואָס פאַר אַ סאָרט רעגירונג עס זאָל הערשן אין רוסלאַנד, און ביז די דאָזיקע נייע רעגירונג וועט זיך ניט האָבן אָרגאַניזירט און עטאַבלירט...

די דאָזיקע מעלדונג האָט באַ פיל פון אונדזערע יאַטן אויסגעזען אַזוי אָרנטלעך און אומשולדיק, אַזוי גוט און פיין, אַז זיי זענען אַפילע גרייט געווען צו פאַרגעסן, וואָס די זעלבע רעגירונג האָט שוין געהאַט צוריקגעצויגן אַ טייל פון די באַקומענע פרייהייטן און רעכטן. זיי, די סאָלדאַטן, האָבן ווידער פאַרלוירן דעם צווייפל, אַז די רעגירונג איז אויפריכטיק און מיינט וואָס זי זאָגט. די מערהייט האָט זיך ווידער אַ בויג געטאָן אין דער אַנדערער זייט און ווידעראַמאָל גענומען שטיצן סטעפּאַקינס גרופּע אינעם פאָלק־סאָוועט...

אַזוי איז צוגעגאַנגען קעסיידער. איין טאָג האָט זיך אינעם פאָלק געשטאַרקט דער סענטימענט פאַר די צענטראַלע סאָוועטן און פאַר זייערע אָנהענגער ביי אונדז, אין פאַלק־סאָוועט, און דעם צווייטן טאָג — פאַר

דער צייטווייליקער רעגירונג און אירע אונטערשטיצער...

און די רעגירונג האָט אַפּאָנים געוואוסט וועגן דער וואַקלדיקייט. זי האָט פאַרשאָטן דעם פראָנט מיט אויפרופן, דעקלאַראַציעס און ווענדונגען. יעדער טאָג איז אָנגעקומען עפּעס אַנדערש. אַמאָל — אַ מעלדונג, וואָס האָט מיט טונקלסטע פאַרבן געמאָלן די סאָוועטן מיט די באָלשעוויקעס, און דערביי זיך אַליין פאָרגעשטעלט פאַר די אומשולדיקע מאַלאָכים און פאָלקס־פאַרזאָרגער, וואָס ווערט געשטיצט פון גאַנצן לאַנד. אַ צווייטמאָל — אַ ווענדונג, אין וועלכער זי האָט גערופן אַלע סאָלדאַטן, די גאַנצע אַרמיי, צו געבן איר, דער נייער רעגירונג, צוטרוי און שטיצע קעגן דער צעשטערערישער אַרבעט פון די אינעווייניקסטע סאָנים, — וועלכע זענען פאָשעט געדונגען פון אויסערלעכע קויכעס. די רעגירונג האָט געבעטן און אַפּעלירט, אַז מען זאָל זיך בעאיין אויפן ניט צוהערן צו די סאָוועטן און באָלשעוויקעס — די ווילדע היץ־קעפּ, ווייל זיי, אָט די סאָוועטן און בעמיילע אויך די באָלשעוויקעס, די פאַרכאַפּער, זענען פאַרברעכער און פאַרשווערער, וואָס ווילן כאָרעוו מאַכן דאָס לאַנד און אַ טעל מאַכן פון דער רעוואָלוציע... די אָפיציעלע מעלדונגען פון דער רעגירונג האָבן איבערגעכאַזערט קימאַט אַלע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך ביי אונדז אומאָפיציעל אַרומגעטראָגן. אין יעדער מעלדונג און ווענדונג האָט די רעגירונג אָנגעוויזן, אַז צו שליסן אַ שאָלעם איצט, ביי אָט די געשאַפענע באַדינגונגען, אַזוי ווי די באָלשעוויקעס לייגן פאָר, וואָלט געווען אַן אומגליק פאַרן גאַנצן לאַנד. זי האָט דעריבער גערופן די אַרמיי און דאָס פאָלק, צו וואַרטן געדולדיק נאָך אַ שטיקל צייט, ביז עס וועט זיך דאָך מאַכן אַ פּאַסיקע געלעגנהייט צו שליסן אַ בעקאָוועדיקן שאָלעם, אַף גינסטיקע באַדינגונגען, אַזוי ווי עס פּאַסט זיך און ווי עס לוינט זיך פאַר דעם גרויסן און הייליקן פאָטערלאַנד...

*****

**פונקט** ווי צווישן די דעפּוטאַטן אינעם פאָלק־סאָוועט, אַזוי האָט זיך די ליניע שאַרף צעטיילט צווישן די סאָלדאַטן פון פאָלק. דער איינציקער בילעק איז געווען בלויז דאָס, וואָס בעאייס די פראָ־סאָוועטן גרופּע אינעם קאָמיטעט איז געווען אַ מינאָריטעט, — זענען אָבער דייערע אָנהענגער צווישן די סאָלדאַטן געווען, פאַרקערט, אין דער גרעסערער צאָל. אָבער קיין ווירקונג אַפן גאַנג פון דער אַרבעט אינעם סאָוועט האָט אָט דער פאַקט ניט געהאַט. סטעפּאַקינס גרופּע, מיט דער אונטערשטיצונג פון דער דריטער, — דער אומאָפּהענגיקער, — האָט

געהאַט די מערהייט און זי האָט זיך דאָרט געפירט ווי זי האָט געוואָלט. זי האָט דורכגעפירט אַלע אירע פּלענער און פאָרשלאָגן. טאָמער האָט די קלענערע, גריגאָריעווס-גרופּע, עפּעס פאָרגעשלאָגן, — איז עס גלייך פון דער אַנדערער אַרונטערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ מין צושטאַנד, אַז די צוויי הויפּט-גרופּעס, וועלכע זענען אַלעמאָל געווען געגנער, זענען געוואָרן ווי צוויי עמעס-פיינטלעכע לאַגערן. געליטן האָט געוויינטלעך, טאָמיד די קלענערע, די פראָ-סאָוועטישע גרופּע.

אָבער ניט געקוקט אויף אירע דורכפאַלן אינעם סאָוועט, האָט אָט די קלענערע גרופּע דאָך אָנגעהאַלטן דעם קאַמף מיט די געגנער אינעווייניק, און דעם קאָנטאַקט מיט די סאָלדאַטן — אינדרויסן. טאָג-טעגלעך זענען אירע מיטגלידער אַרומגעגאַנגען איבער די ראָטעס, אין די טראַנשייען, האָבן דערקלערט זייער שטאַנדפּונקט וועגן דער צייטווייליקער רעגירונג, אויפגעקלערט די פּראָגראַם פון די באָלשעוויקעס און פאַרוואָס זיי דאַרפן געשטיצט ווערן, און... זיי האָבן געוואונען אַלץ בייע אָנהענגער...

די לאַגע איז דעריבער פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ שאַרפער און אָנגעצויגענער. אָפט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ סאַך לענגער קאָן עס אַזוי שוין ניט אָנגיין. עס איז קלאָר געווען, אַז עס וועט זיכער קומען צו געשלעגן, סיידן... סיידן מען זאָל דערווײלן אַ נײעם סאָוועט. דאָס איז אָבער דערווייל געווען אומעגלעך. וועגן נייע וואַלן האָט אַפילו קיין רייד ניט געקאָנט זיין. יעדעסמאָל ווען די קלענערע גרופּע האָט עס נאָר פאָרגעשלאָגן, האָט דאָס די מאַיאָריטעט גלייך נידערגעשטימט.

ווייל אַלע באַשלוסן אינעם סאָוועט זענען דורכגעגאַנגען אַזוי ווי סטעפּאַקין מיט זיינע אונטערשטיצער האָבן געוואָלט, — האָט אין פּאָלק, צווישן די סאָלדאַטן, זיך אָנגעהויבן שפּירן אַן אומצופרידנקייט צו דעם סאָוועט גופא. דער גאַנצער פּרעסטיזש, וואָס ער, דער סאָוועט, האָט זיך דערוואָרבן אין זיינע ערשטע טעג — איז געפאַלן פון טאָג צו טאָג.

פאָדערן, אַז דער סאָוועט זאָל זיך אויפלייזן און עס זאָלן באַשטימט ווערן נייע וואַלן, — האָבן די סאָלדאַטן ניט געקאָנט. די הויפּט-צאָרע איז געווען, וואָס אויף דורכצופירן נייע וואַלן האָט מען געדאַרפט האָבן אַ דערלויבעניש פונעם קאָמאַנדיר אַליין. און דאָס האָט ער, באַטירלעך, ניט געוואָלט געבן. יעדעסמאָל ווען אַ דעלעגאַציע פון פּאָלק איז אַוועק צו אים בעטן וועגן דעם, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז ניט פאַראַן די מינדסטע נויטיקייט דערפאַר, ווייל דער עקזיסטירנדיקער סאָוועט, ווי ער איז, דערפילט זיינע פונקציעס אויסגעצייכנט גוט.

די סאָלדאַטן אין פּאָלק זענען דעריבער געוואָרן אויפגערעגט און צעוויטיקט. דעם פּראָטעסט האָבן זיי אויסגעדריקט אויף פאַרשידענע וועגן

און אויפּאַנים. ניט געקוקט אַף די שטרענגע באַפעלן פונעם סאָוועט, אַז מען זאָל ניט רויכערן דעמאָנסטראַטיוו אין געגנוואַרט פון די אָפיצירן,— האָבן יאַטן, מאַסנווייז, פּונקט ווי אין די ערשטע רעוואָלוציע-טעג, יאָ דאַווקע גערויכערט און דערצו נאָך טאַקע אַרויסגעבלאָזן דעם רויך אַף די אָפיצירישע פּענימער. אַ כוץ דעם האָבן זיי ניט נאָר אויפגעהערט צו סאַלוטירן די ערשטע, בעאייס אָנגעגענען אַן אָפיציר,—אַזוי ווי עס איז לעצטנס אינעם באַפעל געווען,— נאָר האָבן אַפילע ניט אָפּגעענטפערט מיט קיין סאַלוט, ווען דער אָפיציר האָט עס דער ערשטער געטאָן. דער קאַאָס פון די סאָלדאַטן איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מיטאַמאָל — קיינער האָט ניט געוואוסט פונוואַנען און פונוואָס — האָבן יאַטן זיך צוזאַמענגענומען אין גרופּעס, זיך אַרויסגעלאָזט איבערן באַרג און, וואו זיי האָבן נאָר אָנגעגעגנט אַן אָפיציר, אים אָפּגעשטעלט און גענומען ביי אים אַרונטערשניידן די עפּאָלעטן, אָדער פּאָגאָנעס, פון די מונדירן און מאַנטלען. דערביי האָבן זיי גאַנץ פאַרביטערט געכויזעקט:

— אַרונטער מיט די גאַיוועדיקע ראַנגען און טיטולן, וועלכע די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפט און וואָס דערנידעריקן אונדז!...

— גענוג זיך שוין געפּוצט אין אָט דער כאַזעריי!...

— די רעוואָלוציע האָט געבראַכט גלייכהייט פאַר אַלעמען. טאָ זאָל זיין גלייכהייט ביז אַרונטער. מיר דאַרפן מער ניט האָבן קיין הערשער און באַלעבאַטים איבער זיך!...

אַנדערע האָבן גלאַט געשפּאַסט:

— צו וואָס דאַרפט איר טראָגן אָט די סימאָנים, אַז מיר דערקענען אייך סײַ ווי לויט אייער גאַיווע!...

— זיכער. מען דערקענט דעם פּאַן לויט די כאָליעוועס!...

און כאָטש דער פּאָלק-סאָוועט —אונטער דער ווירקונג פון סטעפּאַ-קינס מערהייט — האָט גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל דאָס ניט טאָן, ווייל די שולדיקע וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן, — האָט עס זיך דאָך פּיבערדיק גיך פאַרשפּרייט, ניט נאָר איבער אונדזער פּאָלק אַליין, נאָר עס האָט אָנגערעגט דעם גאַנצן אַרום, אַלע אָפּטיילונגען אַף מיילן ווייט פון אונדז. אין קורצן האָט מען אָנגעהויבן דערציילן, אַז אַפילע אין טיל— פּונקט ווי ביי אונדז אַפן פראָנט— האָבן די סאָלדאַטן זיך גענומען צום אַרונטערשניידן די פּאָגאָנעס באַ די אָפיצירן. עס האָט אויסגעזען, אַז עס וועט שוין מער ניט מעגלעך זיין איינצוצאַמען און באַהערשן די שוין איינמאָל באַפרייטע סאָלדאַטן, און זיי אונטערדריקן. עס איז קלאָר געווען: די סאָלדאַטן האָבן זיך אויפגעהערט שרעקן...

*****

**איבער** דעם נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפשוואונג בײַ די סאָלדאַטן, איבער זייער געוואַגטקייט ניט צו סאָלוטירן און — וואָס נאָך מער — דאָס אַרונטערשניידן די פּאָגאָנעס בײַ די אָפיצירן, — האָט זיך ביי אונדז אין פּאָלק אָנגעהויבן אַן עמעסע סומאַטאָכע. די אָפיצירן זענען אַרומגעלאָפן נאָר ווי צעדולטע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און צו וועמען זיך צו ווענדן. דער קאָמאַנדיר אַליין האָט אַפּאָנים אויך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, און געפּרואווט אויסוואַרטן און זען...

און אויב די דאָזיקע נייע אַקציע פון די סאָלדאַטן האָט דערשלאָגן דעם מוט בײַ די אָפיצירן, איז אויף אונדזער סראוואָראָפן פּאָשעט געוואָרן אַ ראַכמאָנעס צו קוקן. ער, וואָס איז יאָרן לאַנג אַרומגעגאַנגען מיט האָפנונג אַמאָל צו ווערן אַן עמעסער אָפיציר, איז נאָך דער טעלעגראַמע נומער איינס ביכלאַל געוואָרן ווי אַ צעמישטער. און אַז יאַטן האָבן אים אָפּגעשטעלט און אָפּגעשניטן ביי אים די שמאָלינקע פּאָגאָנעס, — איז ער אַרייַנגעפאַלן צו זיך אין זעמליאַנקע אַריין, געוויינט אַ צייט לאַנג און דערנאָך אַוועק צו גרישונינען און מאַמעש געוויינט פאַר אים:

— פאַרוואָס קומט עס מיר?... איר ווייסט, אַז איך...אָ... איך...

ער האָט געבעטן, אַז גרישונין זאָל אים אַרויסגעבן אַ געשריפטס, מען זאָל ביי אים ניט טשעפּען די שליפעס זיינע. און אַז ער האָט דאָ גאָרניט געקאָנט אויפטאָן, איז ער דאַן אַוועק צום קאָמאַנדיר זיך קלאָגן. אָבער — ווי דעם קאָמאַנדירס דענשטשיק האָט שפּעטער דערציילט — האָט יענער אים פּאָשעט אַרויסגעטריבן פון דער זעמליאַנקע:

— בעהיימע!... אידיאָט!... איר זייט מעשוגע געוואָרן, צי וואָס?...

סראוואָראָף איז דערפון אַזוי דערשלאָגן געוואָרן, אַז ער איז גאָר עפּעס ווי איינגעאַנצן איינגעשרומפן געוואָרן. שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט מען אים גאָר געפונען אַ געהאנגענעם אויף אַ בוים איינעם וועלדל. אויף די אַקסלען פון זיין מונדיר זענען געווען צוגעשפּילעט אַ פּאָר נייע זילבערנע פּאָגאָנעס פון אַ קאַפּיטאַן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַפּאָנים געהאַט פאַרגרייט אויף אַ יעדנפאַלס נאָך פון פאַר דער מילכאָמע...

נאָך אָט דער געשיכטע האָבן די אָפיצירן מאַשמאָעס באַקומען מוט און זענען מאַסנווייז אַוועק צום קאָמאַנדיר, בעטן, אַז ער זאָל זען עפּעס טאָן, דאָס אָפּצושטעלן. קיינער פון זיי האָט אָבער ניט געקאָנט, אָדער ניט געוואָלט, אָנווייזן אויף אַ באַשטימטן שולדיקן...

אַ דערצאָרנטער איז דער קאָמאַנדיר דאַן אַוועק אין סאָוועט, וואָס האָט גראָד געהאַט אַ זיצונג אין דער טעאַטער-זעמליאַנקע און דאָרט

געפּאָדערט, אַז מען זאָל גלייך אפּן פּלאַץ אויפנעמען די פּראַגע. מיט שוים אף די ליפּן האָט ער דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און געשריגן, אַז מען זאָל גלייך אויסגעפינען און באַשטראָפן די שולדיקע. ער האָט געטופּעט מיט די פיס און געוואָרפן מיט די הענט. מיט צאָן־קריץ און געדריקטע פויסטן האָט ער געדראָעט, אַז אויב די שולדיקע וועלן גלייך ניט באַשטראָפט ווערן, וועט ער אַוועקשיקן אַ טעלעגראַמע אין צענטער, אַז מען זאָל פאַנאַנדערלאָזן דעם סאָוועט און... אַרעסטירן אַלע זיינע מיטגלידער אָן אַן אויסנאַם.

מער פון אַלעם האָט ער זיך געוואָרפן אף גריגאָריעוווס גרופּע, און ספּעציעל אף גרישונינען. ער האָט אים געשפּיזלט מיט זיינע בליקן:

— אַלץ איר!... נאָר איר זענט שולדיק אין די אַלע צאָרעס!... איר האָט עס אַזוי צעבאַלעוועט און צעלאָזן די סאָלדאַטן!... איר האָט זיי אַלץ איינגערעדט, אַז דערפאַר וואָס זיי האָבן באַקומען פריייהייט, מעגן זיי שוין דעריבער טאָן אַלץ וואָס זיי ווילן!... איר האָט זיי געמאַכט פאַר העפקער־יונגען!... איר, נאָר איר אַליין וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט די ווילדע געשעענישן און פאַר די מעגלעכע בלוט־פאַרגיסונגען!...

גרישונין האָט געקוקט אף איבּ און אַלץ געשמייכלט מיט אַ קאַלטן שמייכל. שפּעטער, ווען ער האָט באַקומען דאָס וואָרט,— האָט ער זיך אויפגעשטעלט, איראָניש אָפּגעמאָסטן דעם קאָמאַנדיר מיט זיין בליק און שאַרף, מיט בייסיקן כויזעק, גענומען אויסהאַמערן:

— ווי איך זע, הער פּאָלקאָווניק, איז אייך פּאָרט זייער שווער זיך צו שיין מיט די טיטולן און שליפּעס. דאָס באַווייזט דעם עמעס פונעם אַלטן ווערטל, אַז: „דעם וואָלף ציט טאָמיד אין וואַלד אַריין"... עס זעט אויס, אַז דאָ גייט אייך ניט אַזוי אין די שטיקלעך שמאַטעס, וואָס די יאַטן האָבן אַרונטערגעריסן, ווי אין דעם, וואָס דאָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך — צאַריזם... איך קאָן אייך, דעריבער, בלויז מיטפילן, הער פּאָלקאָווניק, און אין אייער פּערזאָן — אַלע איבעריקע אָפיצירן... אָבער וואָס זאָל מען פּאָרט טאָן, ווען די ברייטע מאַסן סאָלדאַטן ווילן אייך ניט מיטפילן?...וואָס זאָל מען טאָן, ווען זיי ווילן מער ניט, אַז איר, מיט די שליפּעס און פּאָגאָנעס, זאָלן זיי דערמאַנען אין אויבערהערשאַפט און אונטערדריקונג?... וואָס קאָן מען טאָן, אַז זיי ווילן מער ניט וויסן פון [illegible] „סקאָוואָראָדיעס, טעסאַטלסטוועס און פּראָכוואָסטיטלסטוועס"?*)

*) די [illegible]רסטער זענען בעקיוון פאַרגרייזט פון די טיטולן: „וויסאָקאָראָדיע"— הויך־[illegible]רטיקייט; „סיאַטעלסטוואָ"— לויכטנדיקייט; „פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", — ע[illegible]לענץ. אין דער געבראַכטער איבערגעקרומטער פאָרם, האָבן די דאָזיקע ווערטע[illegible] אַ פּאָשעטע כויזעק באַדייטונג, געבויט אף אַ וואָרט־שפּיל, אין דער רוסי[illegible]ער שפּראַך: ראָנדלען, טעסלערדיקייטן, און אויסוואורפדיקייטן...

גרישונין האָט געוואָלט ווייטער רעדן, אָבער דער קאָמאַנדיר, מאַמעש אַן אָנגעצונדענער, האָט אים איבערגעשלאָגן. ער, דער קאָמאַנדיר, האָט גענומען שפּרינגען און שטורעמען. מיטאַמאָל האָט ער גאָר צעשפּרייט די הענט זייבע ווי אין אַ פּאַטעטישן געבעט און קימאַט ווי מיט טרערן אין די אויגן גענומען שרייען צום פּאָרזיצער:

— שטעלט אים אָפּ, כאַווער פּאָרזיצער! — האָט ער געשריגן, — איך פּאָדער פון איך, שטעלט אים אָפּ!... איר הערט ניט ווי ער העצט אונטער און זוכט צו שאַפן נאָך מער צאָרעס, אַנטאַגאָניזם, און...

דער פּאָרזיצער האָט געקלונגען מיטן גלעקל, אָבער גרישונין האָט אַלץ קאַלטבלוטיק געשמייכלט און פּאָרגעזעצט:

— איך פאַרשטיי ניט, כאַווער פּאַלקאָווניק, וואָס איר ווילט. זאָגט מיר, איך בעט איך, נאָך וואָס זענט איר עס ביכלאַל געקומען אַהער צו אונדז, אין סאָוועט אַריין?... פּאַרוואָס גיט איר אַליין ניט אַרויס קיין באַפעל, אַז מען זאָל אויפהערן שניידן די פּאָגאָנעס און צוריק אָנהויבן סאַלוטירן?... איר זענט דאָך עפּעס דער פּאָלק-קאָמאַנדיר און איך וועלן דאָך די סאָלדאַטן „מוזן” פּאָלגן...שווייגט זשע ניט. גיט אַרויס אַ גאָר שטרענגן באַפעל...הייסט זיי זיך שטעלן אין פראָנט צו צוויי מאָל פּאַר יעדן מינדסטן פּאָרושיק און... איך ווען די סאָלדאַטן פּאָלגן!...

דער קאָמאַנדיר האָט אויפגעכאַפּט גרישונינס שטאָך און זיך גלייך אָפּגעקערט פון יענעמס בליקן, אַקוראַט ווי ער וואָלט פּלוצלונג מוירע געקראָגן פאַר אים. ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער זיינעם און פון דער זייט צוגעוואָרפן:

— בו, אַוואַדע וועלן זיי מיך שוין איצט ניט פאָלגן, אַז איר האָט זיי אַזוי צעלאָזן; אַז איר האָט אַרונטערגעריסן אונדזער פּרעסטיזש, די דיסציפּלין און ביכלאַל, אַזוי צו זאָגן, אונדזער...

גרישונין האָט ווי אף לעהאַכעס דאַווקע געקוקט דעם קאָמאַנדיר גלייך אין פּאָנים אַריין און מיט איראָנישן פּאָרוואורף געזאָגט:

— אָ, הער פּאָלקאָווניק, דאָס זאָלט איך מיר מוכל זיין, זענט איר זיך שוין גאָר אינגאַנצן טועה. וואָס הייסט, מיר האָבן אַרונטערגעריסן אייער פּרעסטיזש?!... וואָס איז, מיר האָבן איך דען געצוואונגען זיין שטרענג און שלעכט צו די סאָלדאַטן, צי עס איז יאָ בריטיק געווען, אָדער ניט?... מיר האָבן איך דען געצוואונגען צוריקצוציען באַ זיי די אויסגעקעמפטע פרייהייטן?... און ווידער: פּאַרשטייט איר דען ניט, אַז דאָס איז נאָר דערפאַר, וואָס עס איז שוין די סאָלדאַטן בימעס געוואָרן די פרעמדע מילכאָמע און זיי ווילן שוין אַהיימגיין?...עס איז דאָך גאַנץ קלאָר, אַז איר אַליין, אייער גאַנצע קאַסטע, האָט זיי גענוג געפּייניקט,

אַז זיי זאָלן פּיינט קריגן אייערע שליפּעס, טישולן און...

— אָט־אָט־אָ,— איז דער קאָמאַנדיר, ווי ער וואָלט גרישונינען דאָ געכאַפּט ביי עפּעס אַ פאַרברעכן, אויפגעשפּרונגען און געשטאָכן מיט אַ פינגער אף אים,— אָט מיט אַזעלכענע רייד האָט איר דאָך זיי אויפגעהעצט און איינגערעדט, אַז זיי זאָלן ניט פאָלגן... אַזוי האָט איר דאָך זיי אָנגערעגט, אַז זיי זאָלן פאָדערן שאָלעם און זיך דערביי אַפילע ניט רעכענען, צי דאָס איז פּריצייטיק; צי דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אין די אינטערעסן פון אונדזער לאַנד בּיכלאַל און...

— וואָס דערציילט איר דאָ מאַיסעס? — האָט דאַווידזאָן, וועלכער איז ביז איצט געזעסן אַ שטילער און זיך בלויז צוגעהערט, מיטאַמאָל איבערגעשלאָגן, — וואָרים ווער דאַרף עס גאָר איינרעדן די סאָלדאַטן אַזעלכענע זאַכן?... אַליין פילן זיי דען ניט, אַז זיי זענען שוין מיד געוואָרן פון איר?... נו, און ווידער, אויב מיר האָבן עס זיי אַפילע יאָ געזאָגט, איז וואָס?...עס קאָן עפּשער זיין, אַז דאָס איז טאַקע אַן אַוולע קעגן די קאַפּיטאַליסטן און קעגן אייך, קעגן אייערע אינטערעסן, אָבער זיכער ניט קעגן די סאָלדאַטן און זייערע אינטערעסן...

— כע־כע־כע,— האָט דער קאָמאַנדיר געצוואונגען פאַרצווייפלט לאַכן, ווי ער וואָלט מיט אָט דעם געלעכטער געוואָלט פאַרדעקן זיין שטאַרקע אויפרעגונג,— אָט אַזוי־אָ רעדן דאָך טאַקע, אַזוי צו זאָגן, אַלע מיבּים פאַרעטער!... אַזוי־אָ העצן זיי דאָך איין טייל לאַנד קעגן דעם אַנדערן, אין דער צייט, ווען מען דאַרף, אַזוי צו זאָגן, מער ווי ווען עס איז זיין פאַרייניקט. פאַרשטייט זיך, אַז עמעס־רוסישע לייט, דאָס הייסט, געטרייע בּירגער, באַ וועמען עס פליסט נאָר, אַזוי צו זאָגן, עמעסדיק רוסיש בּלוט אין די אָדערן,—וועט אַזוי ניט רעדן...

ער האָט אַ וויש געטאָן די אונטערגעשוירענע וואָנצעס און, מיט אַ ווייכערן טאָן געצווּנגען פאַרזעצן:

— איר האָט באַקומען פרייהייט? — גאַנץ גוט!... איך אַליין, אַזוי צו זאָגן, בין אויך צופרידן דערפון. אָבער, גאָט מיינער, דאָס הייסט דאָך נאָך ניט, אַז איר דאַרפט, אַזוי צו זאָגן, מעשוגע ווערן פון ווילדער צעלאָזנקייט... דאָס מיינט דאָך נאָך ניט, אַז מיר זאָלן ווערן, כ'מיין, אַז מיר זאָלן הייסן די סאָלדאַטן אַנטלויפן פון שלאַכטפעלד אינמיטן דעם קאַמף און אָפּגעבן, אַזוי צו זאָגן, די טערקן אַלע שטעט, וואָס מיר האָבן נאָך אַזויפיל קאָרבּאָנעס אָפּגענומען באַ זיי...

— אָבער ווער דאַרף עס האָבן טערקישע שטעט און דערפער? — האָט שוין גריגאָריעוו אָנגעהויבן שרייען.— קיינער איז אין דעם ניט פאַראינטערעסירט. עס פעלט ניט קיין ערד ביי אונדז אין לאַנד גופע.

אָט, זאָל מען נאָר פאַרטיילן די פרייע און פריצישע ערד צו די פויערים וועט שוין דאַן סטייען פאַר יעדן... דאָס לאַנד האָט איצט בלויז צוויי זאָרגן: צו באַפעסטיקן די רעוואָלוציע און צו פאַרענדיקן די מילכאָמע. און פאַר אָט די צוויי זאַכן וועלן אייך די רוסישע מאַסן, די פויערים און די סאָלדאַטן, אָוועקגעבן אַלע פאַרנומענע טערקישע ערדן...

דער קאָמאַנדיר איז ווידער ווילד געוואָרן:

— איך בין ניט קעגן שאָלעם! — האָט ער געשריגן, — איך זאָג נאָר, אַז עס איז דאָך נאָך קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן, אַז סאָלדאַטן, פּאַשעטע, אומוויסנדיקע פויערים, אַזוי צו זאָגן, זאָלן גאָר דייעס זאָגן, צי מען זאָל יאָ ווייטער אָנגיין מיט דער מילכאָמע, אָדער גלייך שליסן שאָלעם... וואָס ווייסן זיי?... דאָס איז אַן איניען פאַר ספּעציאַליסטן און פאַר דער רעגירונג. און זיי דאַרט ווייסן זיכער וואָס עס איז איצט צייטיק, אָדער פריצייטיק. זי דאַרף ניט און וועט זיך ניט צוהערן צו די פאָדערונגען פון כאַמעס, יאָ, מעג עס אַפילע זיין אין נאָמען פון, אַזוי צו זאָגן, באַפרייטע כאַמעס...

די לעצטע באַמערקונג דעם קאָמאַנדירס, איז שוין אַפּאָנים געווען צו שאַרף אַפילע פאַר די מעסיקע מיטגלידער פון דעם סאָוועט און זיי האָבן עס קלאָר אַרויסגעוויזן דורך זייער אומבאַקוועמער אומרו. עס האָט זיך גלייך געשאַפן אַן אָנגעצויגענע שטימונג. אַ צאָל יאָטן זענען טאַקע גלייך אויפגעשפרונגען פון זייערע פלעצער און גענומען פאָדערן באַם פאָרזיצער, ער זאָל זיי געבן אַ וואָרט. איינער האָט איבערגעשריגן דעם צווייטן און עס האָט זיך געשאַפן אַ געטומל. און כאָטש גריגאָריעוו איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן פּלאַץ, וואַרטנדיק צו פאַרענדיקן זיינע רייד, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט איבערגעשלאָגן, האָט אָבער סטעפּאַקין, וועלכער איז געווען פאָרזיצער פון דער זיצונג, גענומען קלינגען מיטן גלעקל און ניט געלאָזט גריגאָריעוון ווייטער אָנגיין. ער, וועלכער האָט אין גריגאָריעוון געזען זיין פערזענלעכן סוינע און קאָנקורענט, האָט זיך אויפגעשטעלט און געפאָדערט, אַז אַלע איבעריקע זאָלן זיך אַוועקזעצן. ער האָט דערביי קלוימערשט גאַנץ איידל אָנגעוויזן, אַז די דיסקוסיע האָט אָנגענומען אַ פערזענלעכן כאַראַקטער; אַז עס האָט זיך גאָרניט געהאַנדלט וועגן די דאָזיקע פראַגן, און געבעטן, אַז ווייטער זאָל מען זען רעדן צום איניען. נאָך דעם האָט ער מיט מאָדנע שאַרף־לויפנדיקע בליקן אַ קוק געטאָן אויף גרישונינען און אים פאָרגעוואָרפן, אַז דאָס האָט ער עס אַריינגעטראָגן דעם פערזענלעכן טאָן. און כאָטש ער אַליין, — האָט ער געזאָגט, — האַלט, אַז אויך דער קאָמאַנדיר איז דאָסמאָל ניט אינגאַנצן גערעכט, איז ער פונדעסטוועגן געצוואונגען צו

וואָרענען גרישונינען, אַז ער זאָל זיך באַ די זיצונגען פונעם סאָוועט אויפהערן צו וואַרפן מיט שאַרפע ווערטער, ניט זידלען, באַליידיקן, און ביכלאַל ניט אָנפירן קיין באָלשעוויסטישע שטיק, ווייל...

— אויב איר וועט ווייטער אַזוי אָנגיין, כאַווער גרישונין, — האָט ער צוואַקיש, כאָטש מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן, אַ זאָג געטאָן, — וועל איך געצוואונגען זיין אייך אויסצושליסן פאַר עטלעכע זיצונגען פונעם סאָוועט און...

סטעפּאַקינס באַמערקונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן פּראָטעסט מיצאַד ס'ראָוו דעלעגאַטן און די זיצונג האָט זיך גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ טומל. די טעאַטער-זעמליאַנקע האָט אָנגענומען דעם אויסזען פון אַ יאַריד. קיינער איז שוין ניט איינגעזעסן אף די פּלעצער. אַלע האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן און געשריגן. איינער האָט איבערגעשריגן דעם אַנדערן. פון איין זייט האָבן זיך געטראָגן אויסרופן און זידלערייען:

— דעמאַגאָגן!... כניפעניקעס!... שטיוול-פּיצער!... יעוונוכן!...

און פון דער צווייטער:

— שפּיאָנען, אוזורפּאַטאָרן, סאַמיקע פּיסקעס, פּאַרעטער!...

דער טומל איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז די קוילעס האָבן זיך אַדש געהערט ווייט אינדרויסן אַרויס, אַרום דער זעמליאַנקע. סאָלדאַטן זענען אָנגעלאָפן פון אַרום און אַרום, זיך אַוועקגעשטעלט ביי די טירן און פענצטער, קעדיי אויפצוכאַפּן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט. גלייך האָבן זיך אינדרויסן געשאַפן גרופּקעלעך, וואָס האָבן געפירט צווישן זיך דיסקוסיעס און קריגערייען. יעדער האָט אַנדערש אויסגעטייטשט דעם טומל אינעווייניק און געקעכט געגעבן איין צאַד אָדער אַ צווייטן. דאָס קריגעריי אינעווייניק, און דער גערויש אינדרויסן, איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און הייסער. עס האָט אויסגעזען, אַז ס'וועט אַוואַדע קומען צו געשלעגן. פּערווין, דער שרייבער פון קאַנצעלאַריע, האָט זיך צעשאָקלט מיט זיין דינינקן קערפּער און געקוויטשעט מיטן שפּיציקן קעלכל. ער האָט געשריגן, אַז מען דאַרף גרישונינען ניט נאָר אויסשליסן פון דער זיצונג, נאָר טאַקע אינגאַנצן אַרויסוואַרפן פונעם סאָוועט. סטעפּאַקין האָט געהאַלטן אין איין קלינגען מיטן גלעקל, גערופן צו אָרדנונג און זיך געקליבן דורכצופירן אַן אָפּשטימונג וועגן פּערווינס פאָרשלאַג. ער האָט זיך אָבער אַפּאָנים דערמאַנט, אַז גרישונין איז צו שטאַרק באַליבט באַ די סאָלדאַטן און... ער האָט זיך דעריבער גלייך צוריקגעכאַפּט.

ענדלעך האָט דער טומל זיך עטוואָס איינגעשטילט. די דעלעגאַטן האָבן זיך צוריקגעזעצט אף זייערע פּלעצער און — גלייך ווי עס וואָלט גאָרניט געהאַט פּאָרגעקומען — גענומען פאָרשלאָגן פונקטן פאַר דעם

טאָג-אָרדנונג. גרישונין האָט אָנגעוויזן, אַז אַזוי ווי דער סאָוועט — באַ זיין צוזאַמענשטעל — גיט ניט קיין מעגלעכקייט פאַר צוזאַמענאַרבעט און צו טאָן עפּעס מאַמאָשעסדיקס, זאָל מען דעריבער אָף דעם ערשטן פּונקט אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן באַשטימען נייע וואַלן...

סטעפּאַקינס בעוורע זענען ווידער אויפגעשפּרונגען און גענומען זיך וואַרפן אָף גרישונינען. עמעצער האָט אים פאָרגעוואָרפן, אַז אַזאַ כוצפּע קאָן האָבן נאָר אַ באָלשעוויק, וואָס וויל בלויז שטערן. אַנדערע האָבן געשריגן, אַז דער סאָוועט האָט סיי ווי אַ מאַנדאַט אָף בלויז נאָך איין כוידעש און דעריבער איז אַזאַ פאָרשלאַג ביכלאַל אַן איבעריקער. דאַווידאָוו האָט אונטערגעשטיצט גרישונינען און אָנגעוויזן, אַז אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט איז אַ כוידעש צו לאַנג צו וואַרטן. ער האָט דערבײַ געמאָלדן, אַז אויב די מערהייט וועט ניט איינגיין אָפן דאָזיקן פאָרשלאַג, וועט די מינדערהייט זיין געצוואונגען אַרויסצוגיין דירעקט צו די סאָלדאַטן און זיי רופן צו זאָגן זייער וואָרט:

— און אויב, כאַווײרים, זיי וועלן ,איך דאַרפן צווינגען דערצו, — האָט ער פאַרענדיקט,— וועט איך קיין געזונט ניט צוקומען...

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שווערע לאַגע. צו קיין אויסגלייך, — האָט עס אויסגעזען,— וועט מען אַזוי גיך ניט קומען. די מאַיאָריטעט איז געבליבן פאַראַקשנט.

מיטאַמאָל איז אָבער אַריינגעגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון סאָלדאַטן. אין נאָמען פון פאָלק האָבן זיי געפאָדערט, אַז עס זאָל גערופן ווערן אַ גרויסע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע סאָלדאַטן. דאָרט, באַ יענער פאַרזאַמלונג, זאָל פאָרקומען אַן אָפענע זיצונג פון דעם סאָוועט, וואו ביידע צדאָדים זאָלן עפנטלעך אויסדרעשן זייערע טאַינעס...

— מיר ווילן,— האָבן די יאַטן געזאָגט, — איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר מאַכן פאַר זיך, ווער פון אייך עס איז גערעכט און וועגן וואָס איר האָט זיך דאָ צו קריגן טאָג און נאַכט...

אָט דער פאָרשלאַג, כאָטש סטעפּאַקין און זיינע שטיצער זענען טכילעס געווען קעגן, איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען, איינגעשלאָסן זייערע אייגענע. אַפּאָנים, אַז אין אָנזיכט פון די יאַטן פונעם פאָלק, האָבן זיי ניט געוואַגט זיך אַנטקעגנצושטעלן...



# קאַפּיטל אַכטונדרייסיק

 **פּיבערדיקע** צוגרייטונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אינעם פאָלק צו דער אָפענער זיצונג פון דעם סאָוועט און צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. אַף דער אַנדערער זייט פון דער קאַנצעלאַריע-זעמליאַנקע, אפן פלאַץ פונוואַנען עס האָט זיך געהויבן אַ בערגל אַזוי ווי אַן אַמפיטעאַטער — האָבן סטאָליאַרעס און טעסלער צונויפגעקלאַפּט אַ לאַנגן טיש מיט בענק פון רויע קלעצער און דערביי אַרומגעשטעלט אַ פאַרצאַמונג, אַף אָפצוטיילן, אַז די פאַרזאַמלטע סאָלדאַטן זאָלן זיך ניט קאָנען אַריינשפאַרן צו נאָענט און שטערן אין דער אַרבעט.

אַלע זענען געווען אומגעדולדיק און האָבן קעסיידער גערעדט וועגן דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג. אָט דעם גרויסן אינטערעס זייערן האָט מען געקאָנט דערקלערן דערמיט, וואָס אין דער גאַנצער צייט פון זינט דער רעוואָלוציע, איז נאָך קיינעם פון זיי ניט אויסגעקומען צו הערן ביידע צדאָדים אין אַן אָפענער דיסקוסיע. דער אינטערעס איז געווען אַזוי גרויס, אַז אומעטום, וואו צוויי יאַטן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי גלייך גענומען רעדן וועגן דער זעלטענער פאַר זיי געשעעניש. פאַר יעדן איז קלאָר געווען, אַז דאָס וועט זיין ביז גאָר אינטערעסאַנט. מען האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל מעגלעך מאַכן זיך פאַנאַנדערצוקלויבן אין די טאַינעס פון ביידע צדאָדים, קעדיי צו קאָנען באַשטימען פאַר זיך, וועלכער צאַד עס איז פאָרט גערעכט.

מיטאַמאָל, בלויז אַ טאָג פאַר דער פאַרזאַמלונג, האָבן זיך — גאַנץ אומבאַוואוסט פונוואַנען און דורך וועמען — גענומען טראָגן פאַרשידענע קלאַנגען איבערן פאָלק, וואָס האָבן אַלעמען מאַמעש אויפגערודערט. פון מויל צו מויל האָט מען איבערגעגעבן געשיכטעס, וועלכע מען האָט געהערט פון דעם און פון יענעם. דערציילט האָט מען, אַז עס זענען געפונען געוואָרן קלאָרע באַווייזן, אַז יענע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מערהייט אין פּעטראָגראַדער און מאָסקווער סאָוועטן, די באָלשעוויקעס,

הייסט עס, זענען טאַקע פאַרעסטער. גערעדט האָט מען, אַז לענין, זייער פירער, איז אַפילו גאָר קיין רוס ניט; אַז די דייטשן האָבן עס אים גאָר אַריבערגעשיקט אַהער, קיין רוסלאַנד, אין אַ ספּעציעלן פאַרפּלאָמבירטן וואַגאָן און אים דערצו גוט באַצאָלט, אַז ער זאָל דאָ, אינעם לאַנד, אויפהויבן אַ בונט און שאַפן אומרוען; אַז ער זאָל דאָ אויפהעצן די אַרבעטער — צו פאַרכאַפּן די פאַבריקן, די פּויערים — די גיטער, און די סאָלדאַטן — צו פאַרלאָזן די פראָנטן... דאָס, האָט מען דערציילט, האָבן די דייטשן געטאָן בעקיוון, קעדיי אַרויסצורופן אויף רוסלאַנד אַ שאָלעם, וואָס זאָל זיי, די דייטשן, באַפרייען און אויפבינדן די הענט פון איין פראָנט, קעדיי מעגלעך צו מאַכן פאַר זיך מיטן דאָזיקן פרייען מיליטער זיך אַ וואָרף צו טאָן אויף די ענגלענדער און פראַנצויזן... מען האָט דערפון געדרונגען, אַז די דייטשן וועלן ערשט דאַן, נאָכן פאַרטיק ווערן מיט יענע, זיך צוריק אַ לאָז טאָן אויף דער צעבורעטער רוסלאַנד און אין עטלעכע טעג בלויז זי באַהערשן און דערשטיקן...

אָט די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך בליץ-שנעל פאַרשפּרייט צווישן די סאָלדאַטן ביי אונדז, האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. און כאָטש אַלע זענען געווען פאַר אַ באַלדיקן שאָלעם; כאָטש אַלע לאַזונגען, וואָס די באָלשעוויקעס און זייערע שטיצער אין אונדזער פּאָלק-סאָוועט האָבן אַרויסגעשטעלט, האָבן אַפּעלירט צו יעדנס האַרץ און געדאַנקען, האָבן זיי אָבער — ווייל אין עצעם ליב געהאַט רוסלאַנד — הערנדיק, אַז לענין איז אַ דייטשער שפּיאָן, — זיך אָנגעהויבן צו ברויגעזן אויף גריגאָריעווס גרופּע. עס איז קלאָר געווען, אַז אָט דער קלאַנג, וואָס איז אָן סאָפיק פאַרשפּרייט געוואָרן פון סטעפּאַקינס יאַטן, האָט גוט אונטערגעשפּילט אין סטעפּאַקינס הענט אַריין. עס האָט אויסגעזען, אַז אין דעם ביי'עם סאָוועט, וואָס מען האָט זיך געקליבן אין קורצן דערוויילן, וועט איבער דער געשיכטע קיין איינער פון דער באָלשעוויסטישער גרופּע ניט ווערן אַריינגעשיקט. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אין אַ פּאָר ראָטעס האָט מען אַפילו אָנגעהויבן פאַרטרייבן די פאָרשטייער פון אָט דער גרופּע, וואָס זענען געקומען פאָרברענגען זייערע אַרגומענטן און אָפּלייקענען אָט די קלאַנגען. דאָרט, אין יענע ראָטעס, — אַזוי שנעל ווי אַזאַ פאַרטרעטער האָט זיך נאָר באַוויזן — האָט מען גענומען שרייען:

— אָ, גיי דיר קיין דייטשלאַנד מיט דיין לענינען צוזאַמען!...

— גיי דיר, מיר דאַרפן ניט קיין פאַרעטער!...

— ניטאָ וואָס צו הערן אייך!... מיר וועלן סיי ווי בלייבן געטריי אונדזער רעוואָלוציע און וועלן ניט פאַרשאַכערן אונדזער לאַנד צו די טעווטאָנען, אַזוי ווי אייערע האָבן עס געטאָן, אויסוואָרפן!...

— שוין גענוג אייך געהערט ביז איצט!... מיר קאָנען אייך שוין מיט די פאַלשע רייד אייערע!...

פאַר גריגאָריעווס גרופּע האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, פון וועלכער זי האָט זיך ניט געקאָנט אַרויסדרייען. אָפּצולייקענען די קלאַנגען איז געווען אַזאַ אומעגלעכקייט, פונקט ווי עס איז ביכלאַל אומעגלעך אָפּצו־לייקענען אויסגעטראַכטע קלאַנגען, וואָס ווערן בעקיוון פאַרשפּרייט. די איינציקע האָפענונג איז געווען גרישונין. ער, פאַר וועמען די סאָלדאַטן האָבן נאָך אַלץ געהאַט אַ באַזונדערן דערעך־ערעץ, האָט נאָך ווי עס איז יאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט צו רעדן. ספּעציעל איז זיין רעפּוטאַציע טאַקע געוואַקסן די לעצטע עטלעכע טעג, זינט ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט אַלס קאָמענדאַנט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אויספירן די באַשלוסן פונעם סאָוועט, וועלכע זענען אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אים פון דער מערהייט־גרופּע, צו אַרעסטירן סאָלדאַטן פאַר ניט־סאַלוטירן, שניידן שליפעס און פאַר נאָך אַזעלכענע זאַכן. ער, גרישונין — ווייל ער איז געווען איינער — איז דעריבער דעם לעצטן אָוונט פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אַרומגעלאָפן פון איין ראָטע צו דער צווייטער, דאָ און דאָרט געהאַלטן אַ רעדע פון דריי, אָדער פינף מינוט און אין קורצן גערופן די יאָטן זיך ניט צו לאָזן פאַרפירן פון די פאַרלוימדערישע קלאַנגען. אָבער סיי צוליב דער קורצקייט פון זיינע רעדעס און סיי דערפאַר, וואָס עס איז ביכלאַל שוין שפּעט געווען, האָט עס פאַר אַלעמען אויסגעזען, אַז עס איז אַ פאַרלוירענע זאַך. פאַר דער גרופּע זיינער איז דעריבער געבליבן בלויז צו וואַרטן און זיך איבערגעבן דעם רייבעם צופאַל אין די הענט אַריין...

דערפאַר איז סטעפּאַקין מיט זיינע באַקאַנטע שוין אַרומגעגאַנגען גאָר האָפערדיקע און מאַמעש געיובלט. זיי האָבן זיך שוין געזען פאַר די איינציקע אויסדערווײלטע און פולע באַלעבאַטים פונעם נייעם סאָוועט. מיט כויזעק האָבן זיי געקוקט אויף די קימאַט־נידערגעשלאָגענע יאָטן פון דער געגנערישער גרופּע און — בעאייסן אָנגעגעגענען זיך מיט עמעצן פון יענע — איראָניש צוגעוואָרפן:

— נו, טאַטעלע, וואָס הערט זיך עפּעס אין אייער דייטשלאַנד?...

— כאָטש גענוג זילבער־שטיק באַקומען פאַר אייער אַרבעט, איר פאַרדאַמטע יודאַסעס?!...

אַנדערע האָבן מיקלוימערשט באַדויערט, אָבער גענוג גאַליק זיך געריצט מיט זיי:

— אַפּאָנים, אַז איר האָט קיין מאַזל ניט!... וואָלט כאָטש די נייעס געווען אָנגעקומען מיט עטלעכע טעג נאָך די וואַלן, וואָלט דאָך...

יענע האָבן בלויז פאַרביסן מיט די ליפּן און גאָרניט געענטפערט. צו קלאָר און איבעראויפיק איז געווען די פּראָוואָקאַציע, אַז מען זאָל זיך אַפילו אָפּשטעלן אויף איר. עס האָט זיך אָבער געפּאָדערט צו האָבן גרויס געדולד און זעלבסטקאָנטראָל אויף צום באַהערשן זיך און ניט אַ פּאַרפאָר צו טאָן אַזעלכן אין די ציין אַריין פאַר אָט די רייד...

*****

**גאַנץ** פרי האָבן זיך מאַסן יאָטן פון די ראָטעס אָנגעהויבן צו קלייבן צו דער פאַרזאַמלונג און באַלד איז דער גאַנצער פּלאַץ לעבן דער קאַנצעלאַריע שוואַרץ געווען פון סאָלדאַטן. עס האָט ניט גענומען לאַנג און די מיטגלידער פון דעם סאָוועט — אין צוויי גאַנץ באַזונדערע גרופּעס — זענען אַרויסגעקומען פון דער זעמליאַנקע און האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער אַרום דעם ספּעציעל-אויפגעבויטן טיש. סטעפּאַקין, דער פּאָרזיצער, האָט זיך געשטעלט אויבן אָן און פאַרבעטן דעם פּאָלק-קאָמאַנדיר, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע עלטערע אָפיצירן, זיך אַוועקצוזעצן דערביי, אויף דער ספּעציעל-געגרייטער באַנק. דערנאָך האָט ער אַ קלונג געטאָן מיטן גלעקל און געעפנט די זיצונג. גלייך האָט ער דערקלערט די אַרומיקע וועגן די פראַגן וואָס שטייען אויפן טאָג-אָרדנונג און געמאָלדן, אַז דער הויך-פּונקט וועט זיין אָן אָפענע דיסקוסיע אַרום דער פראַגע, צי מען זאָל איצט דורכפירן נייע וואַלן, אָדער ניט, און אַז דאָס וועט אויך בעמיילע אַרויסברענגען די בילוקע-דייעס צווישן די צוויי פראַקציעס פונעם סאָוועט, און אַז נאָך דער דיסקוסיע וועלן די סאָלדאַטן גופא דאַרפן באַשטימען וועגן דעם...

באַלד האָט זיך גריגאָריעוו אויפגעשטעלט און געפּאָדערט, אַז כאָטש דער טאָג-אָרדנונג איז שוין באַשטימט געוואָרן, מוז מען אָבער פריער — צוליב דער געשאַפענער שטימונג — אויפנעמען די ספּעציפישע פראַגע וועגן די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט און וועלכע...

סטעפּאַקין האָט גלייך גענומען קלינגען מיט דעם גלעקל, גערופן גריגאָריעוון צו אָרדנונג און אים געוואָלט אָפּשטעלן. ער האָט געשריגן, אַז די דאָזיקע פראַגע האָט גאָרניט צו טאָן מיטן איניען און אַז ער — אויב ער וויל — קאָן אַריינטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע, מען זאָל אָט די פראַגע פאַרהאַנדלען באַ דער קומענדיקער זיצונג פון סאָוועט.

גריגאָריעוו איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע. ער האָט אָנגעוויזן, אַז עס וואָלט עפּשער איבגעגאַנצן זיך ניט געלוינט אָפּצושטעלן אויף אַזעלכע מיעסע פּראָוואָקאַציעס, זיי אָפּלייקענען און צוריקוואַרפן, ווען ניט די

ערנסטקייט פון דער צייט און די קאַוואָנע צוליב וואָס אָט די קלאַנגען זענען פאַרשפּרייט געוואָרן. און נאָר דערפאַר, וואָס דאָס קאָן ברענגען שאָדן דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, וועט ער בעשום אויפן ניט אָפּטרעטן דערפון. ער האָט דערביי דערקלערט, אַז אויב מען וועט אים ניט לאָזן רעדן וועגן דעם, וועט עס בלויז אָן איבעריק מאָל באַשטעטיקן, אַז די שטערער זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קלאַנגען.

סטעפּאַקין איז אַלץ אָנגעגאַנגען מיט זיין קלינגען און ניט געלאָזט גריגאָריעוון אָנגיין. צווישן די סאָלדאַטן האָט זיך דאַן גלייך אָנגעהויבן אַ געטומל און עס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אויסרופן:

— וואָס האָט ער זיך צעקלונגען ווי אַ דיאַק אין קלויסטער?...

— לאָזט אים רעדן, צו אַלדע טייוול, מיר ווילן הערן וואָס ער האָט צו זאָגן!...

— דאָס איז דאָך אַ שטינקנדיקע כאַזעריי, קיינעם ניט צו לאָזן אַ וואָרט אויסצורעדן!...

סטעפּאַקין האָט זיך אַפּאָנים דערשראָקן. ער האָט איבערגעוואָרנקען זיך מיט פּערווינען און זיך אַוועקגעזעצט. עס האָט אויסגעזען, אַז ניט נאָר האָט ער זיך דערשראָקן פאַר די אויסרופן פון די סאָלדאַטן, נאָר אַז ער האָט פאַרטראַכט עפּעס אָפּצוטאָן. אַ קויב־אָנזעבאַרער שמייכל האָט זיך דורכגעשלענגלט דורך זיינע ליפּן און...ער האָט ענדלעך אַ צייכן געטאָן צו גריגאָריעוון, אַז ער זאָל רעדן...

גריגאָריעוו האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו די אַרומשטייענדיקע און אַרומזיצנדיקע סאָלדאַטן וואָס אָפּן בערגל און דערקלערט, אַז איידער ער גייט אָן ווייטער, איז דאָ ווערט צו דערמאָנען, אַז מיט פּונקט אַזעלכע פּראָוואָקאַטאָריש־פּאַרלוימדערישע מיטלען האָט זיך אויך די געוועזענע צאַרישע מאַכט געפּלעגט באַנוצן און...

— עס איז דעריבער אויך איצט נויטיק איינזיזען צו האָבן, אַז די דאָזיקע אַלע קלאַנגען איצט — פּונקט ווי בעאייסן צאַר — זענען בלויז מיטלען אָף אָפּצוציען די אַרמיי און דאָס פּאָלק ביכלאַל פון צוהערן זיך צו די עמעסע רייד פון די איבערגעגעבענע פּאָלקס־פירער!...

פּערווין איז אויפגעשפּרונגען און שטעכיק איבערגעשלאָגן:

— קאָנט איר עפּשער, כאַווער גריגאָריעוו, אונדז באַווייזן, אַז דאָס זענען בלויז בילבולים?... קאָנט איר באַווייזן, אַז אייער לענין איז ניט קיין דייטשער אונטערגעקויפטער שפּיאָן?!...

גריגאָריעוו האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ ביטערן בליק און גלייך זיך אָפּגעקערט פון אים, פאָרזעצנדיק רעדן צו די סאָלדאַטן:

— און אויך אָט די דאָזיקע פראַגע, באַווירים,— האָט ער אַ צייג

געטאָן אַף פּערווינען,— איז באַוואוסטזיניק און מיט אַן אויסרעכענונג געשטעלט געוואָרן. באַגרייפט נאַר אינמיסטן וואָס דאָס מיינט, כאַווייריס, אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור, אַפילע באַ דער בורזשואַזיע, האָט נאָך ניט געטראָפן, אַז אַ באַשולדיקטער זאָל דאַרפן באַווייזן זיין אומשולד. אף ניין, זאָגט די וועלט, קאָן מען קיין איידעס ניט זיין... עס איז פאַראַן אַ פּאָשעטער פאַרשטאַנד, אַז אַ באַשולדיקער דאַרף באַווייזן די שולד און ניט דער באַשולדיקטער— זיין אומשולד. איך וועל דעריבער אויפפאָדערן אייך, כאַווער פּערווין,— האָט ער זיך שאַרף אַ דריי אויס געטאָן צו אים,— אַז איר, ווי אַ באַשולדיקער, זאָלט דאָ פאַר אַלעמען איצט באַווייזן, אַז די באַשולדיקונג אפן כאַווער לעבין איז טאַקע אַ באַגרינדעטע און אַז...

פּערווין האָט גענומען שטאַמלען:

— איך...ע...וואָס הייסט?...צי דאַרף מען דען נאָך דאָס באַווייזן?... איז דען ניט גענוג דאָס, וואָס לעבין איז אָנגעקומען פון דייטשלאַנד אין אַ פלאָמבירטן וואַגאָן, ווי אַ ספּעציעלער שליעך?...

— אָבער דאָס איז דאָך ווידעראַמאָל בלויז אַ באַשולדיקונג און ניט קיין באַווייז.— האָט גריגאָריעוו צוריקגעקלאַפּט.— עפּשער האָבן אים די דייטשן פאַרפלאָמבירט אויס מוירע, אַז ער זאָל אַמאָל ניט קומען אין באַריר מיט די דייטשע מאַסן?... און ווידער, איז עס דאָך אַלץ בלויז אַ קלאַנג... אָט, וועט מיר, אַ שטייגער, איצט איינפאַלן צו זאָגן, אַז אייער קערענסקי, טאַקע אייער אייגענער קערענסקי, כאַווער פּערווין, איז עס גאָר געקומען אין אַ פלאָמבירטער שיף פון פראַנקרייך, איז וואָס?...

— אַ פיינער פאַרגלייך, כ'לעבן,— האָט פּערווין אומבאַקוועם און ציניש גענומען לאַכן,— אַלע ווייסן דאָך, אַז קערענסקי איז די גאַנצע צייט געווען אין רוסלאַנד, אַ דעפּוטאַט אין דער דומע, בעאייס ער, אייער לעבין, איז גאָר געווען אין אויסלאַנד. און ערשט איצט, שוין נאָך דער רעוואָלוציע, איז ער אַהערגעקומען, אָדער בעסער געזאָגט: אַהערגעשיקט געוואָרן פון די דייטשן. נו, איז דאָס נאָך קיין באַווייז ניט?...

גריגאָריעוו האָט פּערווינען ווידער אַ שפּיזל געטאָן מיט די שאַרף־צעגליטע אויגן, אַז יענער האָט זיך אַזש צעטומלט אָפּגעקערט, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט פון אַ פייער. גריגאָריעוו האָט זיך צוריק אומגעקערט צו די סאָלדאַטן און גענומען רעדן דירעקט צו זיי:

— ברידער!— האָט ער געדונערט,— אין דער פאַרב ווי כאַווער פּערווין האָט אַוועקגעשטעלט די דאָזיקע באַשולדיקונג, קאָנט איר גלייך זען, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ בילבול. קיין שום באַווייזן זענען ניט פאַראַן און קאָנען ניט זיין. עס איז ניט מער ווי געהערט, געזאָגט און

געערדט...פּונדעסטוועגן, כאַווײַרים, איז ווערט אַ קוק צו טאָן ווער דער כאַווער לעבין איז און צי מען קאָן גאָר ביכלאַל גלויבן אַזעלכענע זאַכן וועגן אים. עס קאָן זײַן, אַז ער, פּערווין, איז נעבעך טאַקע אינגאַנצן אומשולדיק און נעמט אויף די קלאַגעס, אַזוי ווי ער באַקומט זיי. עס קאָן זײַן, אַז ער אַליין ווייסט נעבעך טאַקע ניט וועגן וועמען ער רעדט. אָבער מויכל אים זײַן דערפֿאַר קאָן מען ניט. ער, אויב ער אַליין האָט עס ניט געוואוסט,—האָט געקאָנט פֿרעגן בײַ זײַן כאַווער סטעפּאַקינען, וועלכער — ווי ער אַליין גיט זיך אָן — איז אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי פֿון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן שוין פֿון לאַנגע יאָרן... סטעפּאַקין וואָלט אים זיכער געוועזן דערציילט, אַז כאַווער לעבין איז דער סאַמע אָנגעזעענסטער פֿירער פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און יעדנפֿאַלס,— פֿון איר גרעסטן טייל, אָבער בעשום אויפֿן ניט, ווי ער, פּערווין, וויל האָבן — אַ פֿרעמדער, וועלכער איז געקומען שוין נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרן. כאַווער סטעפּאַקין, בין איך זיכער, וואָלט אים אויך געוועזן באַשטעטיקט, אַז דער כאַווער לעבין איז טאָמיד געשטאַנען אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון דער רעוואָלוציע און האָט אַקשאָנעסדיק געקעמפּט פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון די אַרבעטער און די פּויערים פֿון אונדזער לאַנד, ווי פֿון דער גאַנצער וועלט...

ער האָט אַרויסרופֿנדיק אַ קוק געטאָן אויף סטעפּאַקינען, ווי אין דערוואַרטונג וואָס יענער וועט זאָגן. סטעפּאַקין איז געזעסן מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ און האָט אינדערשטיל עפּעס אונטערגעמורמלט. באַלד האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און קווענקלדיק צוגעוואָרפֿן:

— איך לייקן עס ניט, כאַווײַרים, כאָטש איך מוז בלויז צוגעבן, אַז לעבין איז גאָרניט קיין רוס; אַז ער שטאַמט פֿון טאָטערן און...

גריגאָריעוו האָט אָזש אַ ציטער געטאָן און גאַליק אויסגעברומט:

— אַזוי?!... אָפּגערעדט וואָס דאָס איז ניט עמעס, פֿרעגט זיך; פֿון ווען אָן איז עס בײַ סאָציאַליסטן געוואָרן אַ שאַנד און אַ פֿאַרברעכן צו זײַן עפּעס אַנדערש ווי אַ רוס?...פֿון ווען אָן באַטראַכטן עס סאָציאַליסטן אַ מענטשן פֿון איין פֿאָלק אַנדערש ווי פֿון אַ צווייטן, איין באַציִע ערגער ווי די אַנדערע, וואָס איר געפֿינט פֿאַר נויטיק דאָס פֿאָרצוואַרפֿן?...

סטעפּאַקין האָט געשוויגן. גריגאָריעוו איז אָנגעגאַנגען:

— עס איז דעריבער, כאַווײַרים, איצט נאָך קלאָרער, אַז עס איז איבעריק צוריקצוואַרפֿן די לעכערלעכע באַשולדיקונג אויף דעם גרויסן און באַליבטן פֿירער כאַווער לעבין. ווייל צו זאָגן, אַז ער איז אַ שפּיאָן, איז פּונקט ווי צו זאָגן, אַז מיר אַלע, וואָס געפֿינען זיך דאָ, זענען דערפֿאַר, אַז מען זאָל די מילכאָמע ווײַטער פֿירן... ניין, כאַווײַרים, אַ

מענטש, וואָס האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע ענערגיע, זיין גאַנץ לעבן פאַרן אַרבעטער-קלאַס; אַ מענטש, וואָס איז — מער ווי יעדער אַנדערער — אַזוי שטאַרק פאַרהאַסט געווען בײַם צאַר און זיינע לאַפּיטשן; אַ מענטש, אין וועמען אַלע רעגירונגען האָבן געזען זייער בלוטיקסטן סוינע, וועלכער וועט סאָף קאָל סאָף צעשאָקלען זייערע טראָנען און זיי פאַריאָגן אין דער פאַרגעסנקייט אַריין, — אַזאַ מענטש קאָן ניט און וועט ניט פאַראַטן!... און נאָך מער: אַזאַ מענטשן וואָלטן דאָך די הערשער ניט געטרויט. זיי, אויב זיי וואָלטן שוין יאָ געזוכט אַ שפּיאָן צו טאָן עפּעס אָן אַרבעט פאַר זיי, וואָלטן זיי אים געקאָנט לייכטער געפינען צווישן יענע, וועלכע...

— טאָ מיט וואָס-זשע וועט איר, כאַווער גריגאָריעוו, דערקלערן, פאַרוואָס ער, לענין טאָקע, איז עס אַזוי אייזן-שטאָל פאַר אַ באַלדיקן שאָלעם מיט די דייטשן? — האָט מיטאַמאָל אויסגעשריגן דער געפּאַקטער, אָנגעבלאָזענער פעלדפעבעל באַזאַראָוו, דער פאַרטרעטער פון דער דריטער ראָטע. — פאַרוואָס זשע גייט עס אים אַזוי אין לעבן, דעם לענינען, אַז די אַרמיי זאָל פאַראַטן דאָס פאָטערלאַנד און העפקערדיק אַוועקגיין פון די פראָנטן?... איז עס דען ניט דערפאַר, וואָס...

גריגאָריעוו האָט מיט אַ כויזעק-שמייכל אים איבערגעשלאָגן:

— דערפאַר, כאַווער פעלדפעבעל, ווייל דאָס איז דער ווילן פון אַרבעטער-קלאַס און פון די פויערים. ווייל ער, לענין, ווייס אַ ביסעלע מער ווי איר, געטרייער סאָלדאַטן-פריינט, און ער האַלט, אַז מיר, די אַרבעטער און פויערים, האָבן קיין שום אורזאַך ניט זיך צו שלאָגן מיט אויסלענדישע כאַווײרים אַרבעטער פאַר קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן; און ווייל ער, לענין, — פּונקט ווי מיר אַלע — גלויבט, אַז אָט די מילכאָמע האָט גאָרניט צו טאָן מיט אונדז, פּאָשעטע מענטשן, און ער פאַרשטייט, אַז אויב מיר זאָלן איצט פאַרבלייבן אויף די פראָנטן, וועלן מיר דערווייל גאָר אײַנגאַנצן פאַרלירן אונדזער רעוואָלוציע מיט אונדזער פרייהייט און...

— דאָס אַלץ, אַ דאַנק. — האָט דער פעלדפעבעל אַ לאַך געטאָן, ווי אַ ווינקל-אַדוואָקאַט, וועלכער וויל צעטומלען אַן איידעס מיט אַ קונץ, און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— יאָ, דאָס אַלץ. — האָט גריגאָריעוו מיט לייכטער איראָניע אַ שטאָך געטאָן, — און איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען און האָב אויסגעקליבן צו שטיין מיט כאַווער לענינען פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן און ניט קעגן זיי. גליקלעך זענען אַלע יענע, וואָס האָבן — אַזוי ווי איך — פאַרשטאַנען און אויסגעקליבן אָט דעם וועג!...

צווישן די סאָלדאַטן איז אויסגעבראָכן אַ הוראַ-געשריי. עס האָבן זיך דערהערט אויסרופן און אַפּלאָדיסמענטן. עס איז קלאָר געווען, אַז די

רייד, גריגאָריעווס, האָט די יאַטן איבערגעציינט און דער בילכּול איז געפּלאַצט. זטעפּאַקין — וועלנדיק אַפּאָנים ווי ניט איז ראַטעווען זיין וואַקלדיקע פּאָזיציע — האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען רעדן:

— מיר גלויבן אייך אין שאָלעם, כאַווײרים!...מיר זאָגן אייך, אַז מיר דאַרפן זיך ניט שלאָגן פאַר קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן!... אָבער, כאַווײרים, איצט איז עס דאָך גאָר עפּעס אַנדערש!... דאָסמאָל איז מען דאָך אָנגעפאַלן אויף אונדז און אונדזער פאָטערלאַנד איז געשטאַנען אין געפאַר!...מיר האָבן ניט געטאָרט בלייבן גלייכגילטיק און שווייגן אַז מען איז אונדז באַפאַלן!...מיר זאָגן, אַז איצט, ווען מיר זענען שוין אַזוי ווייט אַריין אין דער מילכאָמע; ווען מיר האָבן מיט אַזויפיל בלוט און קאָרבאָנעס פאַרנומען פּאָזיציעס באַם סוינע,— טאָרן מיר ניט אָט גלאַט אַזוי זיך צוריקציען און אַלץ אָפּגעבן!... דאָס בלוט פון אונדזערע געפאַלענע ברידער מאָנט ביי אונדז, אַז מיר זאָלן ניט קאַפּיטולירן פאַרן סוינע!... עמעס, מען דאַרף טאַקע אַ שאָלעם. מיר האַלטן אָבער, אַז מען טאָר אים ניט קויפן מיטן פּרייז פון פאַרשקלאַפונג!...מען טאָר עס אַוואַדע ניט טאָן, ווייל אַזוי דיקטירט און וויל אַ גרופּע מעשוגאָאים, און זיכער ניט דערפאַר, ווייל דאָס וועט איצט זיין גאָר באַקוועם פאַר דייטשלאַנד!... יאָ, עס וועט גאָר קיין אומגליק ניט זיין, אויב מיר וועלן נאָך אויסוואַרטן, ביז די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט זיך צונויפקומען. אָט, דעמלט, ווען דאָס לאַנד וועט זיך האָבן אַביסל איינגעאָרדנט, דעמלט וועט דייטשלאַנד זיך מוזן גאָר אַנדערש רעכענען מיט אונדז און דעמלט...

דאַווידאָוו האָט זיך אויפגעשטעלט:

— כאַווײרים! — האָט ער אויסגערופן און איז דערביי אַזוי רויט געוואָרן, אַז זייבע באַקן, האָט זיך געדאַכט, שפּריצן אַזש מיט פייער,— לויט סטעפּאַקינען וואָלט עס שוין עפּשער ניט געווען קיין גרויסער אומגליק צו וואַרטן אויף דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג און דערווייל טאַקע נאָך אַרויסקלייגן אַביסל קאָרבאָנעס פאַרן טיקול און פאַר דער בורזשואַזיע. ווייל, ווי האָט ער געזאָגט, אַז מען איז שוין אַזוי ווייט אַריינגעקראָכן אין דער מילכאָמע... וואו איז אָבער סטעפּאַקינס גאַראַנטיע, אַז דערנאָך, ווען די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט זיך שוין האָבן צונויפגעקומען, וועט זי ניט שטימען, אַז מען זאָל די מילכאָמע ווייטער פירן? וואָס וועט זיין, אַז זי, פּונקט ווי קערענסקי, וועט באַשטימען, אַז עס איז נאָך פריצייטיק פאַר שאָלעם?.. איך פרעג: וואָס דעמלט?...אַדראַבע, איך פרעג ביי אייך, וואו האָט סטעפּאַקין די פאַרזיכערונג, אַז די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט טאָן ווי מיר ווילן און שטימען קעגן דער מילכאָמע?... וואו איז...

— וואָס הייסט? — איז סטעפּאַקין האַסטיק אויפגעשפּרונגען און

איבערגעשלאָגן.— די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועלן מיר דאָך אויסקלייבן, מיר, דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק. נו, וועלן מיר האָרב אָנזאָגן אונדזערע דערווילטע דעפּוטאַטן, אַז...

— אַזוי?— האָט דאַווידאָוו געשמייכלט,— איך זעגט אַזוי זיכער, אַז מיר וועלן האָבן די מערהייט?...וואו איז די זיכערקייט, אַז זיי, די אויסדערווילטע, וועלן זיין פאַרן אַרבעטער־קלאַס און די פויערים?... וואו איז די זיכערקייט, פרעג איך, אַז זי וועט ניט צונויפגעשטעלט זיין פון אַ מערהייט בורזשואַזע דעפּוטאַטן, וועלכע...

סטעפּאַקין איז ווידער אויפגעשפּרונגען:

— נו, אַזוי־אָ צו רעדן, איז דאָך אַ פּאָשעטע מעשוגאַאַס!... מיר האָבן דאָך פרייהייט! מיר האָבן דאָך גלייכהייט! מיר האָבן אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע און דירעקטע וואַל־רעכט. מיר זענען די מערהייט אין לאַנד און דעריבער וועלן מיר, נאַטירלעך, האָבן די מערהייט אין דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג אויך. קיין פראַגע, אַז מיר וועלן נאָך דורך איר לאָזן הערן אונדזער וואָרט און ווילן!...

דאַווידאָוו איז אַלץ געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט איבער דער ברוסט און צוגעשמייכלט. אַזוי גיך ווי סטעפּאַקין האָט געענדיקט, האָט ער, דאַווידאָוו, זיך איראָניש פאַרבויגט פאַר אים און גענומען לאַכן:

— האָ־כאָ־כאָ, אונדזער מערהייט, אונדזער ווילן!...ווי שיין דאָס קלינגט אין די אויערן. ווי פּאָעטיש דאָס זעט אויס, מאַמעש אַן עמעסע אידיליע!...די געשיכטע האָט אונדז אָבער געלערנט און איבערגעצייגט, אַז מעגן מיר, די אַרבעטער, דאָס פאָלק, זיין ווי גלייכבאַרעכטיקט, מעגן מיר אַפילע האָבן דרייפאַך־געהיימע, גלייכע און נאָך אַזעלכענע וואַלן, מעגן מיר אַפילע זיין גלייכבאַרעכטיקט צוגלייך מיט די הייליקע הענג־לייכטער און גלעקער פון קלויסטער, וועט די בורזשואַזיע— קאָל זמאַן זי וועט נאָר האָבן די מייע אַף צו דינגען מעשאָרסים פאַר זיך— טאָמיד האָבן די דייע און אַליין זיין אונדזערע פאַרטרעטער. יאָ כאַווײרים, איך קאָן שוין איצט מיט אַ קלאָרן געוויסן פאָרויסזאָגן, אַז די־אָ נעמלעכע גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט באַשטיין פון א מערהייט בורזשואַזע דעפּוטאַטן, אָדער לעכאָל האַפּאָכעס אַזעלכע, וואָס וועלן טאָמיד שטימען ווי עס וועט זיך לויענען דער בורזשואַזיע און ווי זי וועט באַפעלן. אָ־יאָ, אָט־די בורזשואַזיע ווייסט שוין ווי צו באַגאַנווענען, אַריינצונאַרן, אָדער גאָר אָפּצוקויפן... יאָ, זי ווייסט וואָס זי האָט צו טאָן!...

סטעפּאַקין האָט פון זיין פּלאַץ אַ געשריי געטאָן:

— אָ, ניט דאָסמאָל, ברודערל, ניט דאָסמאָל! איצט איז פאַראַן אַ צייטווייליקע רעגירונג, וואָס וועט אַכטונג געבן דערויף... יאָ, איצט

וועט די בורזשואַזיע שוין ניט קאָנען גאַנווענען, אָדער אָפּקויפן...
דאַווידאָוו האָט ווידער געכויזעקט:
— נו, אַוואַדע וועט זי, די צייטווייליקע רעגירונג, אַכטונג געבן. זיכער... יאָ, זי אַליין — נעבעך ניט קיין בורזשואַזע, — איז דאָך אַליין גוואַלדיק פאַראינטערעסירט, אַז די גרינדונג־פאַרזאַמלונג זאָל זיין — אַזוי ווי זי — צוזאַמענגעשטעלט פון בלויז אַרבעטער און פּויערים...עס איז דאָך מאַמעש אין זייערע אינטערעסן... עך, מען דאַרף דאָך פּאָשעט זיין בלינד און נאַריש, איידל גערעדט, צו דערוואַרטן ערלעכקייט פון דער בורזשואַזיע. און זיכער איז אויך, אַז ניט נאָר די רעגירונג אַליין, וואָס איז הונדערט פּראָצענט אַ בורזשואַזע, נאָר אַפילע דער סאָציאַליסט רעוואָלוציאָנער קערענסקי, איר לאַקיי, וועט שוין זען, אַז עס זאָל פון דער בורזשואַזיע קיין איינציקע האָר, כאָלילע, ניט געמינערט ווערן.
— דאָס איז פּראָוואָקאַציע! — איז סטעפּאַקין און, גלייך נאָך אים, אויך פּערווין, מיט די איבעריקע אונטערהעלפער אויפגעשפּרונגען, — דאָס איז אַן עמעסע פּראָוואָקאַציע!...
זיי האָבן זיך געוואָרפן און געטומלט. פּערווין האָט געשריגן מיט זיין דינער פּיסטשענדיקער שטימע אף די העכסטע טענער. ער האָט שטאַרק געוואָרפן מיט זיינע לאַנגע הענט און געשטורעמט:
— ער האָט באַליידיקט די רעגירונג און דעם פּרעמיער מיניסטער! איך פאָדער, אַז ער זאָל גלייך צוריקציען זיינע ווערטער! איך פאָדער, אַז אַנדערש זאָל מען אים דערפאַר אויסשליסן פון דער זיצונג, אַז מען זאָל ביי אים צונעמען דאָס רעכט צו רעדן און...
סטעפּאַקין האָט זיך צוגעזעצט און, מיט אַ וואונק, באַוויזן זיין געהילף, אַז אויך ער זאָל זיך אַוועקזעצן. יענער — ווי אַ קליין, אָבער געהאָרכזאַם קינד, האָט געפאָלגט. סטעפּאַקין האָט אונטערגעמורמלט:
— — אַזוי עפנטלעך און כוצפּעדיק צו באַליידיקן כאַווער קערענסקין, אַזוי אומפאַראַנטוואָרטלעך צו רעדן וועגן אַן אַלטן רעוואָלוציאָנער, — איז דאָך... איז דאָך, דער טייוול ווייסט וואָס...
ער האָט זיך מיטאַמאָל ווידער אַ הייב אויף געטאָן און מיט זיינס אַ פינגער גענומען שטעכן גלייך אף דאַווידאָוון:
— דו וועסט דאָך ניט לייקענען, אַז כאַווער קערענסקי איז פּונקט אַזאַ און עפּשער נאָך אַ גרעסערער רעוואָלוציאָנער ווי דיין לענין!... דו וועסט דאָך ניט וואַגן צו לייקענען, אַז ער איז אַ באַרימטער מענטש און עפּשער נאָך פיל באַרימטער פון דיין לענינען!... דו וועסט דאָך ניט וואַגן צו לייקענען, אַז ער, קערענסקי,, איז איינער פון די גאָר גרעסטע רעדנער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אַז ער, ניט דיין

לענין, האָט אַזוי גרויסאַרטיק פאַרטיידיקט די אַרמענישע רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי, די „דאַשנאַקצוטיון״, בעאייס זי...

דאַווידאָוו האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין, איך וועל עס ניט לייקענען. פאַרקערט: איך בין עס אַפילו גרייט צו באַשטעטיקן. נאָך מער: איך בין אַפילו גרייט צו דערציילן אַלעמען, ניט נאָר מיינע אייגענע כאַווירים, נאָר אויך דיר, אויב דו ווייסט עס ניט... איך בין גרייט אויסצורופן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז וואָס שייך רעדן, איז קערענסקי דער סאַמע גרעסטער... איך גלויב קוים, צי עס איז גאָר ביכלאַל פאַראַן נאָך אַזאַ גרויסער פּלאַפּלער...

מער האָט מען שוין דאַווידאָוון ניט געקאָנט הערן. עס איז געוואָרן אַזאַ טומל און געשריי, אַזאַ שטורעם און קוויטשעריי, אַז עס איז מאַמעש אומעגלעך געווען עפּעס צו הערן. פעררווין האָט געוואָרפן מיט די הענט, געקלאַפּט אין טיש און עפּעס צוגעפּיסטשעט. סטעפּאַקין האָט זיך אַזש פאַרהוסט פון גרויס קאַאַס. נאַזאַראָוו, דער פעלדפעבעל, איז געוואָרן אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק און געוואָרפן מיט קלאָלעס, פון וועלכע מען האָט בלויז געקאָנט אויפכאַפּן אָפּגעריסענע אויסרופן. ציפּראָוויטש האָט געפּאָרכעט מיט פלאַטערנדיקע נאָז־לעכער און אויך עפּעס געשיפּעט. די איבעריקע אונטערשטיצער, סטעפּאַקינס, האָבן אַזוי גענדיכט געשריגן, אַז מען האָט געקאָנט פאַרטויבט ווערן. אַפילו דער פּאָלק־קאָמאַנדיר איז ניט רואיק איינגעזעסן. ער האָט עפּעס געמורמלט צו די אָפיצירן, וואָס אַרום זיך און דערביי — אַ צעקאַאַסטער — אָנגעוויזן אויף דאַווידאָוון. פונעם גאַנצן טומל האָבן זיך אַרויסגעשיילט איינציקע ווערטער:

— אויסוואורף!...סוואָלאָטש!...פאַרעטער!... שפּיאָן!...

— היטישער זון!... אין דיין טייוולישער מאַמען!...

דער געטומל האָט זיך געהויבן פון מינוט צו מינוט און עס האָט אויסגעזען, אַז עס וועט דערגיין צו אַ פיזישן צוזאַמענשטויס...

*****

**כאָטש** צו קיין געשלעג איז עס ניט געקומען, האָט אָבער די גאַנצע פּראָצעדור דאָך געהאַט איר ווירקונג. די סאָלדאַטן — אויפגעברויזטע פון דעם געהערטן — האָבן שוין אויך ניט געשוויגן. פיל האָבן גענומען וואַרפן מיט ווערטלעך און באַמערקונגען. אַנדערע האָבן געפייפט און געהיקעט. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי זענען געווען בייז אף סטעפּאַקינען מיט זיין כעוורע. קלאָר איז געווען, אַז זיי, די סאָלדאַטן, וואָס האָבן ערשט נעכטן ניט געוואָלט הערן די טאַיִנעס פון

דער מינאָריטעט גרופע — האָבן איצט געהאַט אַן עמעסע האַנאָע דערפון, וואָס די זעלבע מינאָריטעט האָט עס „געזייפט" די בורזשואַזיע מיט דער ציטוויייליקער רעגירונג און איר פאַרטרעטער קערענסקי. זיי האָבן עס באַוויזן מיט באַגייסטערטע אויסרופן פון אונטערשטיצונג.

מיטאַמאָל, אינעם סאַמע געדיכטן טומל, האָט זיך באַזאַראָוו, דער פעלדפעבעל, זייטיק אַ שאַר געטאָן פון זיין פלאַץ און...זיך מיט עפעס פאַרמאָסטן אויף דאַווידאָוון. צום גליק האָט עס עמעצער פון די סאָלדאַטן באַמערקט און פונוויטן אויסגעשריגן אַ וואָרנונג. דער פעלדפעבעל האָט זיך דערשראָקן און, באַלד איידער דאַווידאָוו האָט באַוויזן זיך אָפּצורוקן, האָט זיך יענער — ווי אַ מויז — אַ כאַפּ געטאָן אויף צוריק און זיך גלייך אַוועקגעזעצט אויף זיין פלאַץ, ווי ניט אים וואָלט מען געמיינט...

דער טומל האָט זיך ענדלעך איינגעשטילט. דאַווידאָוו האָט אַ הויב אויף געטאָן זיין האַנט און גענומען ווייטער רעדן:

— אַדראַבע, כאַווײרים,— האָט ער אויסגערופן, — זאָל מיר ווער עס איז פון אייך באַווייזן, אַז איך האָב ניט דעם עמעס געזאָגט. זאָל מיר ווער באַווייזן, אַז איך האָב עפעס אויסגעטראַכט אויף קערענסקין... איז דען ניט עמעס, אַז ער האָט אַ סאַך צוגעזאָגט, בעאייס ער איז אַריין אין מאַכט און קיין וואָרט ניט געהאַלטן?... האָט ער זיך דען גלייך ניט פאַרבונדן מיט דער בורזשואַזיע און געטאָן ווי עס לוינט זיך פאַר איר? האָט ער דען ניט פאַרגעסן, דער דאָזיקער אָפּגאָט קערענסקי, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט און גענומען פירן די רעגירונג אויף די אַלטע בורזשואַזע וועגן?... איז עס דען ניט געווען ער, קערענסקי, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די באַפעלן וועגן צוריקשטעלן די צאַרישע דיסציפּלין און גערופן, מען זאָל פאַרזעצן די מילכאָמע, אַזוי ווי דאָס האָט געוואָלט די בורזשואַזיע, די פּריצים און די לאַנדסבאַזיצער?...

סטעפּאַקין האָט נערוועז געביסן אַ ליפּ און געשוויגן. ער האָט זיך אומגעדולדיק געדרייט אויף זיין פלאַץ, געמאַכט מאָדנע גרימאַסן מיטן פּאָנים, אַז דאָס שפּייעכץ איז אים אַזש איבער די ליפּן גערונען. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ צעצאָרנטער אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן:

— וואָס דען האָסטו געוואָלט, רררעוואָלוציאָנער מיינער, אַז ער זאָל גיין אין אייערע צעדרייטע וועגן?... אַז ער זאָל טאָן, וואָס דיינע מעשוגענע כאַווײרים דאַרפן, אין צענטער, ווילן?... עס וואָלט, כ'לעבן, געווען אַ גאַנץ שיינע זאַך! גאַנץ רוסלאַנד וואָלט שוין איצט געווען געלעגן אין כורוועס... סאָלדאַטן וואָלטן זיך שוין מיסטאָמע מאַסנוויין געווען אַרומגעוואַלגערט איבער די וועגן און שטעגן פון רוסלאַנד און וואָלטן מיט געווער אין די הענט גערויבט און געגאַזלט אַלץ, וואָס עס

וואָלט זיי נאָר אונטער די הענט געקומען...

— אָ, אַזוי? — האָט דאַווידאָוו, קוקנדיק אויף סטעפּאַקינען מיט טריומף, געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די סאָלדאַטן אַרום, — איז דאָס-אָ, וואו דער הונט ליגט באַגראָבן?...איז דאָס, הייסט עס, וואָס עס קוועטשט אייך?!...איר האָט פּאָשעט מוירע פאַר די סאָלדאַטן!...איר האַלט זיי פאַר גאַנאָווים, פאַר גאַזלאָנים און מערדער?!... אָ-האָ, דאָס איז אַ גאַנץ פיינער קוק, אַ גוטער פאַרענטפער! אָבער נישקאָשע; די סאָלדאַטן וועלן אייך דערפאַר געבן אַ געהעריק-פאַרדינטן ענטפער. זיי וועלן אייך, דורך זייערע שטימען, לאָזן וויסן וואָס זיי טראַכטן וועגן אייך!...

סטעפּאַקין האָט זיך, אַפּאָנים, געכאַפּט, אַז ער האָט זיך דאָ שטאַרק אויסגעגליטשט און געוואָלט מיט עפּעס ראַטעווען די מאַראָכע איבער דער אומגליקלעכער באַמערקונג. ער האָט אַ צעטומלטער גענומען שטאַמלען:

— איך...איך האָב גאָרניט געזאָגט וועגן אונדזערע יאַטן... איך האָב נאָר געזאָגט, אַז...אויב מען וואָלט זיך צוגעהערט צו אייער מעשוגענעם לעבינס אייצעס, וואָלט אַנדערש ניט אויסגעקומען, נאָר אָט אַזוי-אָ...עס זענען דאָך פאַראַן געוויס אומווירדיקע כעוורע צווישן אונדזערע ברידער סאָלדאַטן...און עס וואָלט געווען בלויז אייער שולד!... איר, איר האָט פאַרשפּרייט צווישן די סאָלדאַטן אַ טוירע: פאַרכאַפּט און פאַרנעמט!...
איר האָט דאָך זיי געלערנט, אַז אויב איינער פאַרמאָגט צוויי שטיוול — איז נעם ביי אים צו איינעם. האָט עמעצער צוויי העמדער — טאָ שלעפּ אַרונטער איינע... אייער צעשטערנדיקע טעאָריע איז דאָך פאַר אַלעמען גוט באַוואוסט. איר ווילט ברענגען אַן אומגליק אויף אונדזער לאַנד. אין דעם גייט עס אייך!...איר ווילט כאָרעוו מאַכן רוסלאַנד, ניין, די גאַנצע וועלט, און... מאַכן אַלעמען פאַר אָרעמעלייט, קעדיי... ווי איר גלויבט, אַז וועט קיינער וועט גאָרניט ניט האָבן, וועט מען וועט אַלץ צעבדרעכן, צערייסן, צעשטערן, פאַרנעמען, וועט דאַן...

צווישן די סאָלדאַטן איז אויסגעבראָכן אַן אומצופרידענער געטומל. יאַטן האָבן גענומען שרייען און מאַמעש ניט געלאָזט סטעפּאַקינען צו רעדן ווייטער. עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— העי, דו לויזער איינער, וואָס דו ביסט! וואָס האָסטו עס אַזוי שטאַרק מוירע, אַז מען זאָל כאָלילע צונעמען?... וואָס קאָן מען דען ביי דיר צונעמען, אַ כוץ עפּשער די לייז דיינע?...

— זעט נאָר ווי ער נעמט זיך עס אָן די קריוודע פון די פּריצים און גווירים! — האָט אַ צווייטער סאָלדאַט, פון דער אַנדערער זייט, בייז צוגעוואָרפן, — ער האָט מוירע, אַז מען זאָל באַ יענע אַמאָל כאָלילע ניט צוריקנעמען די פאַרמעגנס, וואָס זיי האָבן ביי אונדז צוגערויבט!...

דאַווידאָוו איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און סאַרקאַסטיש אונטערגעשמייכלט:

— נו, הערסט כאַטש, סטעפּאַקין, וואָס זיי זאָגן? — האָט ער אים אַ פרעג געטאָן, — זעסט שוין, אַז זיי ווייסן וואָס זיי ווילן און וואָס עס איז זייערס?... יאָ, עס זעט אויס, אַז וואָלסט זיך געמעגט לערנען בײַ זיי... זיי ווייסן בעסער פון דיר!...

*****

**דער** קאָמאַנדיר, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן און זיך איבערגערעדט מיט די אָפיצירן, האָט זיך אויפגעשטעלט, מיט געמאַכטער איידלקייט זיך אַנטשולדיקט און געבעטן אַ וואָרט. סטעפּאַקין האָט אַ שמייכל געטאָן און — כאָטש עס איז פריער נאָך באַשטימט געווען, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל זיך אין אָט דעם איניעץ ניט אַריינמישן — אים דערקלערט, אַז ער מעג רעדן. דער קאָמאַנדיר — כאָטש מען האָט אף אים קלאָר געקאָנט זען, אַז דאָס בלוט זידט בײַ אים פון קאַאָס — האָט מיט אַ געקינצלטער קאַלטבלוטיקייט אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל בלויז אַ פראַגע שטעלן, מײַנע הערן. בלויז אַ פראַגע צו די... די, אַזוי צו זאָגן, כאַווײַרים, פון לינקס... איך וויל, אַז זיי זאָלן מיר, אַדראַבע, דערקלערן בלויז איין זאַך. אָט, זיי שרײַען דאָך אף יעדן טריט, אַז די צײַטווײַליקע רעגירונג איז אַ בורזשואַזע, הײַנט ווי קומט עס, וואָס דער ווירדיקער ראָדזיאַנקאָ, דער בורזשוי, ווי זיי באַצייכענען אים, איז געווען איינער פון יענע, און עפּשער טאַקע בלויז דער איינציקער, וואָס האָט געמאַכט די רעוואָלוציע?...ווייסן זיי דען ניט, אַז ער, ראָדזיאַנקאָ, איז עס אַוועק צום צאַר און געפאָדערט, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון טראָן און...

דער קאָמאַנדיר — פּונקט ווי ער וואָלט זיכער געווען, אַז ער האָט מיט אָט די עטלעכע ווערטער אויפגעטאָן ווער ווייס וואָסער גוואַלדיק־גרויסע זאַך — האָט מיט צופרידנקייט אַ רייב געטאָן זײַנע הענט און זיך גלייך צוריקגעזעצט. גריגאָריעוו האָט זיך דאַן מיט ביטערער איראָניע אַ ווענד געטאָן צו אים:

— יאָ, הער קאָמאַנדיר, מען זאָגט טאַקע, אַז ראָדזיאַנקאָ האָט עס געטאָן. איר האָט אָבער דאָ פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָבן פריער געדאַרפט צושטעלן אַ געלאָדענעם רעוואָלווער צו ראָדזיאַנקאָס קאָפּ, איידער ער איז אײַנגעגאַנגען דאָס צו טאָן. עס קומט אויס, דעריבער, אַז ראָדזיאַנקאָ איז טאַקע בעעמעס געווען אַ גרויסער

אויפשטער און אַ העלד, צו באַגיין אַזאַ טאַט אונטער אַ רעוואָלווער...

סטעפּאַקין, ווידער, אַ דערפרייטער פון קאָמאַנדירס הילף, האָט אַ שמייכל געטאָן און — אויפשפּרינגענדיק מיט האַסט פון זיין פּלאַץ — צוגעוואָרפן צו גריגאָריעוון:

— אויסגעצייכנט!... לאָמיר אָננעמען, אַז עס איז טאַקע געווען אָט אַזוי ווי איר, כאַווער גריגאָריעוו, דערציילט דאָ. אָבער...ער האָט דאָך פאָרט אויפגעטאָן אַזאַ זאַך, וואָס קיין טויזנטער אַנדערע האָבן עס ניט באַוויזן אויפצוטאָן... אָט, נעמט אַפילע טאַקע אייער אייגענעם לעבינען... נו, פאַרוואָס האָט ער עס ניט געטאָן?...

— פאַרוואָס? — האָט גריגאָריעוו טרוקן אַ לאַך געטאָן, — ווייל ער איז אין יענער צייט ניט געווען אין לאַנד. ווייל...

— אַזוי? — האָט סטעפּאַקין ציניש איבערגעשלאָגן, — ער איז ניט געווען אין יענער צייט?...טאָ וואו איז ער עס פאָרט געווען, בעאייס מיר דאָ האָבן דורכגעפירט די רעוואָלוציע?...

גריגאָריעוו האָט אים אַ ברי געטאָן מיט די צעגליטע אויגן, פונקט ווי ער וואָלט מיט זייערע פונקען אים געוואָלט דורכברענען. מיט אַ טאָן פון איבל און כויזעק האָט ער אים אַ צעפּאַלמעס געטאָן:

— עך, דו!...

ער האָט, קענטיק, אים געוואָלט זאָגן עפּעס אַזעלכעס, וואָס וואָלט אים ניט אַזוי געשמעקט. ער האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט, אַביסל אַרונטערגעלאָזט די שטימע, און אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב דערויף ניט גערעכנט צו ענטפערן, ווייל דו ווייסט גאַנץ גוט וואו ער איז געווען און האָסט די פראַגע בעקיוון געשטעלט, קעדיי צו פאַרטומלען די אַלע יאַטן, וועלכע הערן זיך צו דיר נאָך צו. אָבער טאַקע בלויז צוליב זיי אַליין, צוליב קלאָר צו מאַכן פאַר זיי אָט דעם גאַנצן איניען, וועל איך דיר יאָ ענטפערן.

ער האָט ברייט אַ צעפיר געטאָן זיינע הענט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַרומנעמען די אַרומשטייענדיקע סאָלדאַטן, און אויסגערופן:

— כאַווירים! איך וועל פאַרענטפערן די פראַגע, קעדיי צו געבן סטעפּאַקינען אַ געלעגנהייט פאַר נאָך ענלעכע פראַגעס. ווייסט איר, מיינע כאַווירים, וואו דער כאַווער לעבין איז עס געווען ווען די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן?...ווייסט איר וואו ער איז געווען, בעאייס די אַרבעטער און פויערים, — און ניט ווי אונדזער געבענדיקער הער קאָמאַנדיר וויל אונדז איינרעדן, אַז ראָדזיאַנקאָ — האָבן אַרונטערגעוואָרפן די צאַרישע מאַכט?... כאַווער לעבין איז דעמלט געווען דאָרט, וואו עס זענען, ווי געוויינטלעך, געווען פיל אַנדערע רעוואָלוציאָנערן: — אף קאַטאָרגע, אין

שפּיסעס, אין סיביר, אין פאַרשיקונג און אין דער עמיגראַציע... יאָ־יאָ, אומעטום!... אָן אַנטלאָפענער פון דאָרט, וואו ער איז — סאַקע דורך די העלדישע ראַדזיאַנקאָס, מילידקאָווס, ראַדישעוווס און לוואָווס — געווען פאַרשיקט... יאָ, כאָווער לעבין איז אַנטלאָפן פון סיביר, זיך געוואַלגערט אין עלנט און נויט ערגעץ אין אויסלאַנד, ווייל די רעגירונג און אירע אונטערהאַלטער האָבן מוירע געהאַט אים אף די אויגן צו האָבן... זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז ער זאָל לערנען די אַרבעטער און זיי דערפירן דערצו, צו וועלכן ער האָט זיי פאַרט דערפירט, — צו דער רעוואָלוציע... ווי איר זעט, האָט עס זיי ניט געהאָלפן. לעבין האָט אף קיין איינציקער מינוט ניט אויפגעהערט צו לערנען די אונטערדריקטע האָרעפּאַשנע מאַסן, כאָטש ער איז געווען פאַרשיקט, אָדער פאַרוואָרפן אין עמיגראַציע...

— מיר וועלן אים נאָכאַמאָל פאַרשיקן! — האָט דער פעלדפעבעל, ניט קאָנענדיק אָפּאָנים באַהערשן זיינע עמאָציעס, פון זיין פּלאַץ אויסגעשריגן, — און דאָסמאָל וועט עס שוין זיין אַזוי פאַרשיקט, אַז ער וועט שוין קיין שביעס האַמייסים ניט קאָנען אויפשטיין!...

גריגאָריעוו האָט מיט כויזעק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— נו, צום גליק זענען אייערע לאַפּקעלעך דאָסמאָל אַביסעלע צו קורץ און עס וועט אייך ניט געלינגען!... יאָ, אַ צו שטאַרקער קויעך שטייט איצט אונטער דער רעוואָלוציע, און איז גרייט צו פאַרטיידיקן אירע פירער!... זיי, — האָט ער אַ שניט געטאָן מיט דער האַנט אף די אַרומשטייענדיקע סאָלדאַטן, — אָט זיי וועלן דאָס ניט דערלאָזן...

ער האָט זיך אַרומגעזעצט. גלייך נאָך אים האָט גרישונין זיך אַ שטעל אויף געטאָן און זיך געקליבן רעדן. די סאָלדאַטן, אָבער, האָבן אים באַגעגנט מיט אַזאַ שטורמישער אָוואַציע און אויסרופן, אַז ער איז געווען געצוואונגען צו וואַרטן ביז זיי זענען שטיל געוואָרן.

— כאַווײרים און ברידער! — האָט ער אַ דונער געטאָן ווען עס איז ענדלעך שטיל געוואָרן. — איר האָט געהערט ווי מען וואַרפט אונדז דאָ פאָר, אַז אונדזער לערער און פירער לעבין איז גאָר אַ שפּיאָן און אַ פאַרעטער?... אָט אַזוי זענען זיי גרייט אָנצורופן יעדן איינעם, וואָס איז נאָר קעגן דעם, אַז מען זאָל ווייטער אָנפירן די מילכאָמע... אַזוי־אָ האָט מען בעאייסן צאַריזם אָנגערופן יעדן איינציקן, וועלכער איז נאָר געווען קעגן דעם בלוטיקן רעזשים, פון וועלכן מיר האָבן זיך נאָר־וואָס באַפרייט. פיל פון אייך ווייסן און געדענקען, אַז אַזוי־אָ האָב איך ניט לאַנג צוריק גערופן מיין לערער, פריינט און כאַווער דאַווידאָוון. און אַז שפּיאָן העלפט ניט, רופן זיי אונדז מעשוגאָאים. נו, איז אויב אַזוי, וואָלט מען געדאַרפט רופן פאַרעטער און מעשוגאָאים יעדן איינעם

פון איך, ווייל איר ווילט האָבן פרייהייט און פרידן... עמעס, מען האָט אונדז שוין געגעבן פרייהייט, און אַ שיינעם דאַנק זיי דערפאַר!...אָבער מיר, דער כאַוועד לענין זאָגט, אַז וואָסער ווערט האָט פרייהייט, ווען די שפּאַרט זיך ניט אָן אויף קיין שאָלעם?... עס קומט מיר אויס פּונקט ווי צו געבן אַ מידן וואַנדערער אַ וויכן, פוכאָווון קישן, אָבער ניט קיין פעסטן פונדאַמענט — מעג אַפילע זיין אַ האַרטן שטיין — אויף וואָס דאָס קישן אָנצושפּאַרן... טאַקע אַזוי: וואָסער ווערט האָט דאָס ווייכסטע קישן, ווען מען דאַרף זיך אַרומטראָגן דערמיט אין דער לופטן?...

— דאָס איז ריכטיק!... ריכטיק ווי גאָלד! — זענען די סאָלדאַטן מאָמעש ווי ווילד געוואָרן פון היסלייוועס. — אָט דאָס איז דיר אַ גוטער זאָג, אַ געזונט דיר אין פּיסק אַריין!...

— אָט אַזוי, ברודער גרישונין!... רייב זיי אַ מאָרדע!... זאָג זיי אַריין ווי זיי האָבן עס פאַרדינט!...

גרישונין האָט געפּאָכעט מיט די הענט, געבעטן די יאַטן זיי זאָלן שווייגן, און פאָרגעזעצט:

— לאָמיר דאָס איבערלאָזן אויף אַ צווייטמאָל, כאַווײרים, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — איצט לאָמיר בעסער אַ קוק טאָן, ווער אַזעלכעס עס זענען טאַקע די איבערגעגעבנסטע פּירער פאַר פרייהייט און גליק. איך גלויב, אַז דערצו איז פאַראַן אַ פּאַשעטע מאָס. מען קאָן עס דערקענען לויט דעם, ווער עס איז מער פאַרהאַסט און פאַרפאָלגט געוואָרן; ווער עס איז מער געטריבן געוואָרן פונעם צאַריזם און ווער עס איז מער אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן... און אַדראַבע, זאָל מיר עמעצער פון די דאָזיקע גרויסע רעוואָלוציאָנערן אָנווייזן, וויפל מאָל ראָדזיאַנקאָ, אָדער פּרינץ לוואָוו, איז געוווען אַרעסטירט, אָדער פאַרשיקט פונעם צאַר, פאַר קעמפן פאַר די אַרבעטער און פּויערים, פאַר פרייהייט, גלייכהייט? אָ, עפּשער איז עס געוווען אונדזער ליבער קאָמאַנדיר?... אָדער עפּשער איז עס גאָר געוווען דער פעלדפעבעל נאַזאַראָוו פון דער דריטער ראָטע, וועלכער האָט איצט די זכיע צו זיין אַ דעלעגאַט אינעם סאָוועט?...

— און וויפל מאָל ביסטו דאָס געוווען אַרעסטירט, — דו גרויסער העלד? — האָט פּערווין מיטן קווישיקן קעלכל אַ שניט געטאָן.

— אָ, זייער פיל מאָל! — האָט דער פעלדפעבעל, ציניש און מיט געלעכטער אויף גרישונינס כעזשבן, אָפּגעענטפערט. — אָבער דאָס איז אַוואַדע געוווען פאַר אָן איבעריק גלעזעלע בראַנפן, וואָס ער האָט ניט זייער שטאַרק פיינט געהאַט, אָ-האָ-כאָ-כאָ-כאָ-אָ!...

גרישונין האָט איגנאָרירט די אויסרופן און איז אָנגעגאַנגען:

— אַדראַבע, דערמאָנט זיך נאָר, כאַווײרים, ווי מען האָט אונדז

אַלעמאָל געפלעגט אין די קעפּ אַריינצוקלאַפּן, אַז מיר זאָלן זיך ניט צוהערן צו די זאַבאַסטאָווששיקעס און בונטאָווששיקעס!... איז דאָס ניט ענלעך צו דעם וואָס זיי שרייען איצט?... זענען דאָס דען ניט די זעלביקע אַמאָליקע צאַרישע מעטאָדן?...זיי זאָגן דאָך אויך, פּונקט ווי יענע,— הערט זיך ניט צו צו די בונטאָווששיקעס, שפּיאָנען און...

— העי־העי, ווי לאַנג איז עס, כאַווער גרישונין, — האָט פון זיין פּלאַץ סטעפּאַקין צושטייער געגעבן,— ווי לאַנג איז עס, זינט איר אַליין זענט עס ביכלאַל געוואָרן אַזאַ פלאַמיקער רעוואָלוציאָנער?... ווי לאַנג איז עס, זינט איר, פּויערישער מויעך, האָט זיך גאָר ביכלאַל דערוואוסט וועגן רעוואָלוציעס?... וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע שול זייט איר עס דורכגעגאַנגען אין אייער לעבן?...

גרישונין,— האָט זיך געמערקט,— איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירן. ער האָט בלויז צוגעוואָרפן אַ שווערן בליק צו סטעפּאַקינען און מיט גרינגשעצונג גענומען שניידן:

— עס וועט אייך ניט העלפן, כאַווער סטעפּאַקין,— האָט ער גאַנץ קאַלטבלוטיק אַ זאָג געטאָן,— איר וועט מיך מיט מיין פּויערשאַפט ניט דערנידעריקן. און וואָס שייך דער שול, פרעג איך אייך, כאַווער סטע־פּאַקין, נו, און אַז איר האָט שוין יאָ דורכגעמאַכט די רעוואָלוציאָנערע שול, איז וואָס?... באַנוצט איר דען דאָס וואָס מען האָט אייך געלערנט?... האָט מען אייך דאָרט עפּשער געלערנט, ווי זיך צו כאַנפענען צו דער בורזשואַזיע און פאַראַטן די אַרבעטער, דאָס פאָלק?... איך ווייס בעעמעס ניט, וואָס עס איז ערגער. זאָלן דאָס שוין די סאָלדאַטן זאָגן!...

אַפּלאָדיסמענטן, קוויטשערייען, פייפערייען און „הוראַ”־אויסרופן, זענען געווען אַן ענטפער אף גרישונינס רייד. עס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז גרישונין האָט אַ הויב געטאָן די האַנט און געבעטן, אַז מען זאָל שווייגן. דאַן האָט ער פאָרגעזעצט:

— כאַווירים,— האָט ער געדונערט,— אַ רעוואָלוציע—מיינט אַן איבערקערעניש. מיר זאָגן, אַז נאָך אַן איבערקערעניש טאָר מען ביים רודער ניט לאָזן שטיין קיין נעכטיקע הערשער,— מענטשן, וואָס זענען אָדער אַליין בורזשויען, אָדער דורכגעזאַפּט מיט בורזשואַזע געדאַנקען און אינטערעסן...און וויסן מוז מען, כאַוויירים, אַז בורזשואַזיע— מעג זי זיין ווי געצאַמט פון אַ רעוואָלוציע, בלייבט זי אַלץ אונדזער סוינע. זי איז פּונקט ווי שטעכיק דראָט, לעמאָשל. און איר אַליין ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז שטעכיק דראָט— מעג עס זיין צעטראָטן און פאַרזשאַ־ווערט— בלייבט עס אַלץ שטעכיק דראָט און מען דאַרף זיך ערשט היטן פאַר זיין שטאָך, עפּשער נאָך מער ווי פון נייעם. יאָ, און די איצטיקע

מיטגלידער אין דער ציישווייליקער רעגירונג זענען שטעכיקער דראָט. אַלטער, פאַרזשאַווערטער, אָבער דאָך שטעכיקער דראָט. זיי, די דאָזיקע ראָדזיאַנקאָס, מיליוקאָווס, ראָדישעווס, לוואָווס און די אַנדערע שוואַרץ יאָר, ווייסן און פילן, אַז אויב די מאַכט זאָל טאַקע איבערגיין צו די סאָוועטן, וועלן זיי, די געוועזענע, זיך גלייך דאַרפן אָפּגעזעגענען מיט זייער האָב און גוטס, מיט זייערע הייזער און פאַבריקן, פעלדער און וועלדער, און דאָס אָפּגעבן צוריק צו די, צו וועמען עס געהערט — צו אונדז, וועלכע האָבן דאָס באַשאַפן און געאַרבעט דערויף... זיצנדיק אָבער ביים רודער, האַלטנדיק די מאַכט בײַ זיך אין די הענט, זענען זיי זיכער צו קאָנען אָנהאַלטן די פאַרמעגנס אף ווייטער, דערביי אונדז האַלטן פאַרשקלאַפט ווי פריער, און ווייטער אָנגיין מיט זייער רויב, קעדיי צו קאָנען הוליען, פרעסן און זויפן... קיין צווייפל ניט, אַז זיי ווילן עס אַזוי. די פראַגע איז בלויז, וואָס ווילן מיר, וואָס האָבן מיר צו זאָגן וועגן דעם?...נו, מיילע פריער, ווען מיר — ווי סטעפּאַקין האָט זיך אויסגעדריקט — זענען נאָך געווען פּראָסטע פינצטערע פויערים, איז געווען עפּעס אַנדערש, ווייל מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען בעסער. אָבער איצט, אַז מיר פאַרשטייען שוין יאָ, וועלן מיר זיך ווייטער לאָזן פירן פון יענע, וואָס ווילן מיט שיינע רייד און גוטע צוזאָגונגען אף דער צוקונפט, אונדז ווייטער האַלטן פאַרשקלאַפט, אָדער וועלן מיר שטיצן די, וואָס קעמפן פאַר אונדז, מיט אונדז — מיט די סאָוועטן?...

אַ מאָדנע קויעך איז געלעגן אין אָט דעם פּאָשעטן יאַט גרישונינען. ער — וואָס האָט ווינציקער געוואוסט פון בריגאָריעוון און דאַווידאָוון, די צוויי אַלטע, געניטע רעוואָלוציאָנערן, — האָט מיט זיין נאַטירלעכן צוגאַנג, מיט זיין פאַרביקער שפּראַך, אָפּט דורכגעוואָרפן מיט מעשאָלים, באַוויזן בעסער און גיכער צו באַאיינפלוסן די צוהערער, ווי זיי, וואָס האָבן גערעדט הויכע ווערטער און געגעבן טעאָרעטישע באַגרינדונגען, אַזוי ווי זיי וואָלטן בעאייס דעם פאַרגעסן, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט רויע עלעמענטן. גרישונין, קאָן מען זאָגן, האָט גערעדט פּונקט ווי יעדער איינער פון די סאָלדאַטן וואָלט גערעדט אף זיין אָרט. ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געפילט, נאָר ניט געקאָנט, אָדער ניט געוואַגט אַרויסצוזאָגן. אים האָבן די סאָלדאַטן פיל גערנער געהערט. אין אים האָבן זיי בעסער געגלויבט. ער איז ביכלאַל געווען דער סאַמע באַליבסטער יאַט אין פּאָלק. יעדע פראַזע זיינע איז אָפּט איבערגעריסן געוואָרן מיט פאַרגיטיקנדיקע אויסרופן, וואָס האָבן אים געגעבן מוט און צוטרוי. און עס איז גענוג געווען, אַז ער, נאָכן פאַרענדיקן זיינע רייד, זאָל מאַכן אַ באַוועג זיך אָוועקצוזעצן, ווי עס

איז גלייך אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, אויסרופן און סוויסטשערייען. יאַטן האָבן מאַסנווייז געוואָרפן די היטלען אינדערהויך און אָנצאָליקע מאָל אויסגעשריגן גרישונינס נאָמען, פאָדערנדיק, אַז ער זאָל נאָך רעדן. גרישונין האָט זיך געמוזט אויפשטעלן, מיט אַ ברייטן שמייכל אפן פּאָנים האָט ער פאַנאַנדערגעשפּרייט די הענט און אויסגערופן, אַז ער אַליין האָט שוין אַלץ אָפּגעזאָגט און אַז איצט דאַרפן זיי זיין די זאָגער...

דאָס איז געבוג געווען, אַז דער שטורעם זאָל זיך ווידער אף דאָס ביי אָנהויבן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער, גרישונין, וואָלט מיט די פּאָר ווערטער זיינע געווען אַריינגעזעצט בייע נעשאָמעס, נייעם גלויבן אין אַלעמענס האַלב־פאַרצווייפלטע און טיף־אַנטוישטע הערצער אַריין. עס האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַזאַ ענטוזיאַסטישער געפּילדער, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, פּונקט אַזוי ווי מען וואָלט ווידער איבערגעלעבט די פרייד פון די ערשטע נאָך־רעוואָלוציע־טעג. אייגער האָט זיך געוואָרפן צום צווייטן, זיך געכאַפּט קושן און דריקן די הענט. פּאַר אַ צענדליק מינוטן האָבן זיך געטראָגן הילכיקע און פריידיקע אויסרופן:

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!.. זאָלן לעבן די סאָוועטן!...

— הו־ראַ!...

— אַרונטער מיט קערענסקין!... זאָל לעבן לענין!...

— הו־ראַ־אַ־אַ־אַ!..

— אַרונטער מיט דער מילכאָמע!...זאָל לעבן דער שאָלעם!...

— הו־ראַ־אַ־אַ־אַ־אַ!...

— די ערד צו די פּויערים און די פאַבריקן צו די אַרבעטער!...

— הו־ראַ!... הו־ראַ!...

— אַרונטער מיט די פאַלשע פירער!... זאָל לעבן גרישונין!...

— הו־ראַ־אַ־אַ!... הו־ראַ־אַ־אַ!... הו־ראַ־אַ־אַ!...

די פריידיקע אויסרופן און הוראַ־געשרייען האָבן זיך געגאָסן ווי אומענדלעכע לעבעדיקע וואַסערפאַלן...

דער פּאָרשלאַג אף דורכצופירן נייע וואַלן צו דעם פאָלק־סאָוועט איז קימאַט איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן פון אַלע סאָלדאַטן...



# קאַפּיטל ניינונדרייסיק



**אויפן באַרג** איז געוואָרן גאָר זומערדיק. עפּעס ווי איבער נאַכט האָבן יונגע גרעזלעך זיך שעפּעדיק צעוואַקסן איבערן באַרג־פּלאַך אַרום, און איינגעדעקט די גאַנצע ערד ווי מיט אַ פרישן, ראַשיק־גרינעם טעפּיך. געלע זון־בלימלעך האָבן — ווי אויסשפּירער — אַרויסגערוקט מיט אומצוטרוי זייערע יונגע קעפּעלעך פון צווישן די גריבלעך און גרעזלעך, ווי אויסצוגעפינען, צי עס איז שוין בעעמעס ניטאָ מער קיין שניי און צי מען מעג זיך שוין באַווייזן. די זון האָט געשיינט העל און ברייטהאַרציק. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך געקליבן אונדז אָפּצוצאָלן פאַרן לאַנגן, קאַלטן ווינטער און פאַר דעם שטיקל רעגנדיקן פרילינג, — פאַר דער צייט, וואָס אויך זי אַליין איז געווען פאַרוואָגלט; געלעגן ערגעץ צווישן די בערג, אָנגעפּעלצט מיט פוטער־וואָלקנס און זיך נאָר באַוויזן פאַר בלויז עטלעכע שאָ אין טאָג. דאָסמאָל האָט זיך די זון פריינטלעך צעלאָזן, זיך דורכגעריסן דרייסט דורך די וואָלקנס, ווי צו באַווייזן, אַז זי איז פאָרט שטאַרקער. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט איצט מיט גרינגשעצונג טראָציק אויסגעלאַכט די ווייסע וואָלקנס, וואָס האָבן — ווי גרויסע שעפּסן מיט ווייכן וואָל־פוטער — זיך געיאָגט איינס איבערן אַנדערן אין אַ געיעג, ווער פון זיי עס וועט פריער קאָנען זיך אַריבערכאַפּן אַהינצו, אויף יענער זייט באַרג...

אַלע זענען ביי אונדז אַרויסגעקראָכן פון זייערע זעמליאַנקעס און פּאַלאַטקעס. פיל יאַטן האָבן אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די העמדער און, נאַקעטע, מיט הוילע אויסגעבלייכטע און צעקראַצטע לייבער, — מאַסנווייז זיך אויסגעזעצט אויפן יונגן גראָז, צו באַקן זייערע קערפּערס אונטער די הייסע, שפּיזלדיקע זון־שטראַלן. אַ פריידיקער געלעכטער האָט זיך ברייט צעגאָסן איבערן באַרג. די שטימונג און האַלטונג ביי אַלעמען — ווי מען וואָלט זיך געקליבן אַהיימצופאָרן. אומעטום האָט מען זיך נאָר אַרומגעפּאָרעט און צוגעגרייט. איינער האָט אויספאַראָכטן אַ שטיוול, אַ

צווייטער האָט געלאַטעט די הויזן, אַ דריטער האָט געוואַשן זיין העמדל און אַ פערטער האָט געפּוצט דעם שינעל. די אַלטע סאָלדאַטישע טראַדי־ציע — אַהיימצופאַרן עטוואָס לייטישער אָנגעטאָן ווי בעאייסן מיליטער־דינסט — האָט אויך דאָסמאָל, אף פּאָזיציע, ביי אַלעמען אויפגעלעבט... עמעס, קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן לאָזן מאַכן פאַר זיך אַ פּאָר נייע געפּאַסטע שטיוול, אַן איבערגעניייטן שינעל, צי אַ פאַראַדנעם מונדיר, ווי אַמאָל. קיין צווייפל ניט, אַז יעדער איינער האָט שוין וואָס גיכער געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס נימעס־געוואָרענע, גרינע, אָנטועכץ, וואָס ער האָט יאָרן לאַנג געטראָגן, און אַרויפציען די היימישע, מעג זיין אַפילע אָפּגעטראָגענע, אָבער דאָך ציווילע, קליידער...

אין פּאָלק זענען דערווייל אָנגעגאַנגען וואַלן פאַר נייע פאַרטרעטער צום סאָוועט. ראָטעסווייז זענען די סאָלדאַטן אַרויסגעקומען פון זייערע טראַנשייען און זעמליאַנקעס און האָבן — זינגענדיק — מאַרשירט מיט געהאַקטע טריט צו דער פּאָלק־קאַנצעלאַריע, אָפּצוגעבן זייערע שטימען. אינדרויסן, לעבן דער קאַנצעלאַריע, האָבן די ראָטעס זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אף זייער ריי אַריינגעלאָזט צו ווערן. דערווייל האָבן די יאַטן צווישן זיך גערעדט און דיסקוטירט. לויט די רייד, האָט אויסגעזען, אַז דאָסמאָל וועלן די סאָוועטישע — ווי מען האָט גערופן גריגאָריעווס גרופּע — זיכער דערווײלט ווערן. יעדער איינער האָט געגלויבט, אַז גריגאָריעוו מיט זיינע יאַטן וועלן שוין זען, אַז מען זאָל וואָס גיכער פאַרענדיקן די מילכאָמע און טאַקע גלייך אַהיימגיין...

די רייד זענען געווען גוטמוטיקע און לוסטיקע. אַ טייל האָט זיך שאַרף אַריינגעזאָגט און אויסגעלאַכט איינער דעם צווייטן. אַנדערע האָבן שפּאַסיק, אָבער גאַנץ שאַרף זיך איבערגעזידלט. עס זענען אָבער אויך פאָרגעקומען עטלעכע קליינע אינצידענטן און צוזאַמענשטויסן, וועלכע זענען אַרויסגעקומען איבער עפּעס אַ קלייניקייט. עס איז גענוג געווען, אַז עמעצער זאָל אומפאָרזיכטיק אויסרעדן אַ וואָרט קעגן גריגאָריעוון, אָדער קעגן דעם סאָוועט ביכלאַל, אַז די אַנדערע סאָלדאַטן זאָלן זיך אַ וואָרף טאָן אף יענעם און אים גוט אַריינרייבן דערפאַר...

אָט האָט איינער אַ סאָלדאַט, וואַרטנדיק אף זיין ריי אַריינצוגיין שטימען, זיך אָנגעשפּאַרט אפן ווענטל פון דער קאַנצעלאַריע זעמליאַנקע, אָנגעלעגט דעם קאָפּ אפן ברעג פונעם דעכל און — קוקנדיק אַזוי צום הימל אַרויף — פויל, ווי צו זיך אַליין, שטיל אַ מורמל געטאָן:

— וואָרים די וועלן דען זיין בעסער ווי יענע?...אָט, זאָלן זיי זיך נאָר אַרויפכאַפּן אפן פערד, איז דאַן פאַרפאַלן דער גאַנצער וואָגן מיט אַלע פיר רעדער... עס זעט אויס, אַז מיר וועלן שוין דאָ מיסטאָמע אף

אייביק בלייבן שטעקן... ניטאָ וועמען צו גלויבן, בענעמאָנעס...

דאָס איז, אַפּאָנים, ניט געפעלן געוואָרן די אַרומיקע יאַטן און עטלעכע האָבן זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אף אים. עמעצער האָט אים גאָר גענומען טרייסלען און דערביי געשריגן:

— אַ־נו־קאַ, כאַזער דאָס נאָר איבער נאָכאַמאָל!...

אַ צווייטער האָט מיט אַ פויסט קעגן אים געדראָעט:

— פאַרמאַך בעסער דעם נאַרישן סמיטניק, וואָרים...

יענער האָט צעשראָקן גענומען וואָרפן מיט די הענט:

— אַז דאָס האָב איך דאָך בלויז אין שפּאַס אַזוי... ערן וואָרט, אַז בלויז אין שפּאַס, כע־כע...

עס האָט אים אָבער קנאַפּ געהאָלפן. כעוורע האָבן אים אַזוי שטאַרק געטרייסלט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אָט־אָט און ער וועט די נעשאָמע פאַרלירן. צו זיין גליק איז גראָד אָנגעלאָפן אַ פּאַטראָל, וואָס האָט קוים פאַנאַנדערגענומען די אויפגערעגטע יאַטן.

סטעפּאַקינס גרופּע האָט איבער דער צייט אויך ניט געשוויגן. זיינע יאַטן האָבן זיך קעסיידער אַרומגעדרייט צווישן די סאָלדאַטן לעבן דער קאַנצעלאַריע און דאָרט געבורעט און געהעצט. עטלעכע פון זיינע סאַמע הייסע אָנהענגער האָבן פאַרפירט קלוימערשט גאַנץ אומשולדיקע שמועסן מיט די סאָלדאַטן און דערביי צוגעוואָרפן פאַרשידענע שטעך־ווערטלעך און ,אָנצוהערענישן:

— אַז עס זאָל זיך נאָר ענדיקן צום גוטן!... אַז עס זאָל נאָר ניט ברענגען קיין אומגליק אף אונדז, כאַווײרימלעך...

— אַז די כעוורע וועלן נאָר אָנהויבן צו פירן זייערע היציקע און שקאָצעוואַטע שטיק, האָב איך מוירע, אַז...ס'וועט זיין ביטער...

— האַרבע רייד וועלן בלויז ערגער מאַכן... מיט גוטן וואָלט מען זיכער געקאָנט מער אויפטאָן. איך זאָג אייך... אָט... דער קאָרפּוסנער האָט שוין געלאָזט וויסן, אַז אויב...

— איר וועט זען, יאַטן, עס וועט זיין אויס סאָוועט און...

קלאָר, אַז אָט די אַלע רייד זענען געווען געצילט בלויז צו איין זאַך: אָפּצושרעקן די סאָלדאַטן פון דערוויילן גריגאָריעווס גרופּע צום נייעם סאָוועט. סטעפּאַקינס יאַטן האָבן געאייצעט, אַז קעדיי ווי ניט איז צו פאַרמיידן אַ מעגלעכן ריס מיט נאַטשאַלסטווע און דער רעגירונג, זאָל מען אין סאָוועט אַריינשיקן כאָטש אַ פּאָר יאַטן פון סטעפּאַקינס גרופּע, זיי זאָלן דאָרט קאָנען דינען ווי אַ שוץ־וואַנט קעגן די העפקערדיקע און ווילדע האַנדלונגען פון די אַנדערע.

דאָס ראָוו סאָלדאַטן האָבן טאַקע ווי מיט אינטערעס אויסגעהערט די

רייד און דערויף בלויז קאַלטבלוטיק געשמייכלט. אַנדערע האָבן אַ מאַך געטאָן מיט די הענט און טראָציק אָפּגעענטפערט:

— אָ, זאָלן אייך נאָר די קעפּ בעכינעם ניט דאַרן. עס וועט שוין אַוואַדע זיין רעכט...

— נישקאָשע, מען וועט זיך שוין באַגיין אָן פשאַרעניקעס...

— שוין גענוג געקראָכן אויף די קני פאַר באַטשאַלסטווע...

די רעאַקציע פון די סאָלדאַטן האָט קלאָר געוויזן, אַז ניט נאָר האָבן זיי זיך ניט געלאָזט באַאיינפלוסן פון די ווערטלעך, נאָר פאַרקערט, אַז עס האָט נאָר פאַרשטאַרקט בא זיי דעם ווילן צו שטימען ווי זיי האָבן געהאַט פריער באַשלאָסן. סיי ווי סיי, דער געפיל, אַז מען קאָן איצט אַ דייע זאָגן; אַז מען קאָן לויטן אייגענעם ווילן דערוויילן וועמען מען וויל — האָט געשאַפן אַ מין שטאָלץ בא די יאַטן. אַזוי גיך ווי עס איז אָנגעקומען די ריי אַריינצוגיין שטימען, האָבן עס יאַטן געטאָן מיט אַ פריידיקער דעמאָנסטראַציע. פריילעך האָבן זיי זיך רעגיסטרירט בא דעם אַריינגאַנג-טישל, אונטערגעשריבן דעם נאָמען, אָדער — אויב עמעצער האָט עס ניט געקאָנט — געבעטן אַ שרייבער דאָס צו טאָן פאַר אים. אויף אַ קאָל און אומגעוואָקלט, האָבן יאַטן געבעטן אַ וואַל-צעטל, דערויף אויפגעשריבן אַ נומער 2 — דעם סאָוועטישן נומער — און, אָן שום מוירע, אָדער צווייפל, אים עפנטלעך אַריינגעוואָרפן אין קעסטל אַריין.

דער אינטערעס צום אויסגאַנג פון די וואַלן איז בא יעדן איינעם אַזוי גרויס געווען, אַז מאַסנווייז זענען סאָלדאַטן געבליבן וואַרטן אַרום דער קאַנצעלאַריע ביז פאַרנאַכט, ביז עס זענען באַוואוסט געוואָרן די רעזולטאַטן. מיט פרייד און באַגייסטערונג איז באַגעגנט געוואָרן די מעלדונג, אַז צום סאָוועט זענען דערוויילט קימאַט אַלע קאַנדידאַטן פון גריגאָריעווס גרופּע, בלויז סטעפּאַקין פון דער צווייטער...

אַ צאָל סאָלדאַטן האָבן געהאַלטן, אַז אויך ער איז צופיל:

— אָ, מען וואָלט זיך גאַנץ גוט געקאָנט באַגיין אָן אים אויך, — האָבן יאַטן געמורמלט, — ווער דאַרף אים אינגאַנצן האָבן?...

סטעפּאַקין מיט זיינע אַדיוטאַנטן זענען געווען נידערגעשלאָגן און אַנטוישט. זיי, די געוועזענע פּאַרטרעטער צו דעם פריערדיקן סאָוועט, זענען, אָדער ווי פאַרפאַלן´ געוואָרן, אָדער — אויב עמעצער פון זיי האָט זיך יאָ באַוויזן — געווען בייז און אָנגעכמורעט.

מער פון אַלע איז געווען פאַרביטערט דער פעלדפעבעל נאַזאַראָוו, דער געוועזענער פאַרטרעטער צום סאָוועט פון זיין, דער דריטער ראָטע. ער איז געווען שטאַרק אָנגעברוגעזט דערפאַר, וואָס דאַסמאָל זענען די וואַלן דורכגעפירט געוואָרן ניט לויט ראָטע-פאַרטרעטערשאַפט, ווי צום

ערשטן קאָמיטעט, נאָר לויט אויסגעשטעלטע גרופּן-צעטלען. און כאָטש ער אַליין איז — צווישן די אַנדערע פון סטעפּאַקינס גרופּע—אויך געווען אַ קאַנדידאַט אפן צעטל נומער איינס,— האָט מען אָבער געדאַרפט, אַז פולע ניין ראָטעס זאָלן שטימען פאַרן דאָזיקן צעטל, איידער ער, דער פעלדפעבעל, זאָל קאָנען דערווײַלט װערן. ער האָט דעריבער אַזוי געזידלט סטעפּאַקינען און פּערווינען, פּונקט ווי גריגאָריעוון מיט זיינע יאָטן. דער גאַנצער סאָוועט ביכלאַל האָט שוין ביי אים קיין ווערט ניט געהאַט. בא יעדער געלעגנהייט האָט ער אַרונטערגעריסן זיין פּרעסטיזש:

— אויך מיר גרויסע לייט, די סאָוועט-דעפּוטאַטן, די היגטישע זין, — האָט ער געכויזעקט,— האָבן זיך איינגערעדט, אַז די רעגירונג. שרעקט זיך שטאַרק פאַר זייער פּלאַפּל-שטיבל און זייערע רייד...

אַמאָל האָט מען אים אַפילע געהערט אַ זאָג טאָן צווישן סאָלדאַטן, אַז מען וואָלט גאָר געדאַרפט דערשיסן אַלע דעפּוטאַטן און...

יאָטן וואָלטן אים זיכער דערפאַר דאָס מויל פאַרמאַכט, ווען ניט גרישונין. ער האָט זיי באַרואיקט, זאָגנדיק:

— זאָל ער האָוקען, דער הונט...אָט, אַז ער וועט וועלן אַרויס-קריכן פון דער היגטישער ראָלע און פּרוואון שטערן,— דאַן...

*****

**צווישן** די ניי-דערווײַלטע דעפּוטאַטן צו דעם סאָוועט, איז געווען גאָר אַ נייער, ביז דעמלט קימאַט אומבאַקענטער, מענטש אין פּאָלק, כאָטש ער איז געווען אין דינסט ביי אונדז נאָך פון פאַר דער מילכאָמע. דאָס איז געווען דער דריי-בענדלדיקער מייסטער פונעם געווער-וואַרשטאַט, דער אונטער-אָפיציר קאַלינסקי.

דעם קאַלינסקין האָט מען זעלטן ווען געזען און נאָך זעלטענער געהערט. און כאָטש ער, קאַלינסקי, איז געווען אַ הויכער און גאַנץ-פעסט-געבויטער,— האָט מען אים קוים ווי באַמערקט. געהאַט האָט ער אַ בלאַס יונג פּאָנים, מיט אַ גרויסער בלאָנדער באָרד, אין וועלכער מען האָט קימאַט יעדע איינציקע האָר געקאָנט באַזונדער אויסציילן. ער האָט אָפּט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַזאַ געפּייניקטן און ליידנדיקן באַלטשוואָרע. מען האָט אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט פאַר עפּעס אַן אומבאַוואוסטער זינד, אַליין גענומען אף זיך אַ שטראָף צו שווייגן און אויסמיידן מענטשן. די זעקס יאָר, וואָס ער איז געווען אין פּאָלק, האָט מיט אים — אַ כּרץ עפּשער בלויז זיין דירעקטע נאַטשאַל-סטווע —קימאַט קיינער אַ וואָרט ניט גערעדט. נאָך זעלטענער איז עמעצן

אויסגעקומען צו הערן אַ וואָרט פון אים גופא. גאַנצע טעג פלעגט ער אָפשטיין אין געווער־וואַרשטאַט פונעם פאָלק — אין פרידן־צייט אינעם ראָטע־הויף און אין מילכאָמע־צייט אינעם פאָלק־אָבאָז — און דאָרט, אין דעם וואַרשטאַט, אַרומפיילן, אָדער אויסגלייכן אַ צעבויגענע ביקס־רער, אויסשאַרפן אַ שיס־צינגל צו אַ נאַגאַן, אָדער גאָר צוזאַמענשטעלן אַ צעשעדיקטן פולעמיאָט. ער האָט זיך ניט געכאַוועדט און קימאַט ווי ניט פאַרבראַכט מיט קיינעם. אין די פאַרנאַכטן, נאָך דער אַרבעט זיינער, האָט מען אים אָפט געזען איינעם אַליין אַוועקשפּאַצירן אין דער געדיכטעניש פון דערבייאיקן וועלדל, אָבער קיינער האָט אים ניט פאַרטשעפעט און ניט נאָכגעקוקט. מען האָט זיך דעריבער אַזויאַרום קיינמאָל ניט געכאַפּט, אַז אויך דאַווידאָוו, און אַמאָל גריגאָריעוו, פלעגן אַוועק אין דער זעלבער ריכטונג. אויסגעזען האָט, ווי יעדער איינער וואָלט עפּעס אַזוי ווי מוירע געהאַט פאַר זיין אָפּגעזונדערטקייט. און אויב עמעצער פון די סאָלדאַטן האָט אַמאָל — ביים באַגעגענען זיך מיט אים — צו אים יאָ צוגעוואָרפן אַ גוטן־אָוונט, האָט ער, ווי אַן אויפגעוואַכטער פונעם שלאָף, בלויז שטום אַ שאָקל געטאָן מיט זיין בלאָנד־לאַנגער באָרד און געשוויגן. זיינע ליפּן זענען טאָמיד געווען ווי פאַרשלאָסן. די מילד־בלויע אויגן האָבן עפּעס אַזוי ווי שטענדיק אַרויסגעשיינט פון זיך מיט אַזאַ מאָדנע צעווייטיקטער בענגשאַפט. זיין גאַנצע האַלטונג ביכלאַל איז פאַר ס'ראָוו יאַטן געווען אַ רעטעניש, וואָס האָט צו דער זעלבער צייט אַרויסגערופן סיי אַ מוירע און סיי אַ דרעך־ערעץ צו אים...

דערפאַר, ווען דאַווידאָוו האָט פאָרגעשלאָגן קאַלינסקיס נאָמען פאַר קאַנדידאַט אפן וואַל־צעטל אַרויף, האָט עס אַפילע צווישן אַ צאָל פון זיין אייגענער גרופּע אַרויסגערופן גאָר אַ גרויסן כידעש. און אַז זיי האָבן געפרעגט דאַווידאָוון פאַרוואָס און פאַר וועלכע פאַרדינסטן ער שטעלט יענעם אַרויס, — האָט ער בלויז לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעוואָרפן אַזאַ מאָדנע געהיימפול שמייכעלע און באַרואיקט:

— פאַרלאָזט זיך אף מיר, כאַווײרים... ער איז, נו...

דאַווידאָוו האָט ניט דערעדט. יענעמס פערזענלעכקייט איז פאַר ס'ראָוו יאַטן דערפאַר ווייטער געבליבן ווי אַ רעטעניש. ערשט דערנאָך, באַ די ערשטע זיצונגען פונעם נייעם סאָוועט, האָט זיך דער שלייער איבער קאַלינסקין גענומען צוביסלעך אויפהויבן. די יאַטן האָבן עפּעס אָנגעהויבן באַמערקן, אַז גריגאָריעוו, גרישונין און אַפילע דאַווידאָוו, האָבן זיך פריער דורכגערעדט, אָדער איבערגעוואונקען מיט קאַלינסקין, איידער זיי האָבן עפּעס פאָרגעשלאָגן צו פאַרהאַנדלען. קימאַט באַ יעדער פראַגע, ווען זיי האָבן זיך נאָר געפונען ווי אין אַ קלעם, — האָבן זיי

דאַן צוגעוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק צו קאַלינסקין, יענער האָט דערויף לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אָפּגעענטפערט מיט אַזאַ גוטמוטיקן שמייכל, אַקוראַט ווי ער וואָלט דערמיט געזאָגט:

— יאָ־יאָ, דאָס איז ריכטיק אַזוי...איצט איז טאַקע די צייט...

אָפּט פלעגט טרעפן, אַז אינמיטן פון אַ דיסקוסיע וועגן אַ וויכטיקער פראַגע, אָדער אַזוי אַ שווערער סיטואַציע, פון וועלכער — ווי עס האָט אויסגעזען, — עס איז גאָר קיין שום אויסגאַנג נישטאָ, האָט קאַלינסקי — זיצנדיק, ווי זיין שטייגער, אַזוי ווי פאַרטראַכט און פונקט ווי ער וואָלט גאָר געווען ערגעץ אויף אַן אַנדער וועלט — מיטאַמאָל אַ וואונק געטאָן צו דאַווידאָוון, אָדער גריגאָריעוון, עפּעס אַ זאָג געטאָן און באַלד האָט זיך די גאַנצע לאַגע געביטן. עס איז גלייך געפאַלן אַזאַ פאָרשלאָג, וואָס האָט דעם שווערן איניען אַרויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייט...

דורך דעם האָבן יאַטן זיך ערשט שפּעטער אָנגעשטויסן, אַז ער, קאַלינסקי, איז דאָס דער מיסטעריעזער „ק”, וועגן וועמען דאַווידאָוו, אָדער גריגאָריעוו פלעגן אַזוי אָפט אַריינוואַרפן אַ וואָרט. עס איז שוין קלאָר געווען, אַז יענער איז עס דער שטילער מויער, ביז נאָר פונעם סאָוועט, נאָר אַז ער האָט אויך אָנגעפירט קימאַט מיט דער גאַנצער אַרבעט נאָך איידער מען האָט אַפילו ביי אונדז געכאָלעמט וועגן אַזאַ זאַך ווי אַ סאָוועט. מען האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז נאָך אַ צייט פריער, פאַר דער רעוואָלוציע, האָט זיך דאַווידאָוו און אַמאָל אויך גריגאָריעוו, יעדן טאָג געטראָפן אין געהיים מיט קאַלינסקין און — לויט זיין אָנווייזונג, — אָנגעפירט מיט דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין פאָלק. יאַטן האָבן שוין אַפילו גענומען שמועסן, אַז דער רעדנער בײַ דעם ערשטן צוזאַ־מענקום אינעם וועלדל, אַ שטיקל צייט פאַר דער רעוואָלוציע, איז טאַקע געווען ער, קאַלינסקי, און אַז גריגאָריעוו האָט אים בלויז איבערגעביטן דאָרט, אין דער געדיכטקייט פון די בוימער, קעדיי אָפּצעווישן פון אים די שפּורן, אין פאַל פון אַן איבערפאַל מיצאַד באַטשאַלסטווע. און וואָס נאָך מער: עס האָט אויסגעזען, אַז עס איז שוין געווען פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם, אַז דאָס וואָס קאַלינסקי איז טאָמיד געווען אין הינטער־גרונד, איז געווען צוליב פאָרזיכט־צוועקן, קעדיי — אין פאַל פון אַ דורכפאַל, אָדער אַרעסט פון די צוויי־דריי אָנפאַרטרויטע פירער, זאָל מען קאָנען, אָן שום כשאַד מיצאַד באַטשאַלסטווע, אויף דאָס ניי אָרגאַניזירן בייע אָנפירער. צוליב אָט־די אויפדעקונגען האָבן די יאַטן ביי אונדז אָנגעהויבן קוקן אויף קאַלינסקין ווי אויף גאָר אַ וויכטיקער און גרויסער — כאָטש נאָך אַלץ געהיימפולער — פּערזענלעכקייט. דאָס האָט שוין בעמיילע אַרויסגערופן צו אים גרויס אָפּשיי און דרעך־ערעץ...

סיי ווי סיי, ניט געקוקט דערויף, וואָס די שווערע שוויִיגעניש איז נאָך געבליבן אויף קאַלינסקין ווי עפּעס אַ גרויסער, אויסגעבּרענטער שטעמפּל, האָט ער דאָך ווי באַקומען אַ ניי פּאָנים. מען האָט אים שוין אָפּט געזען שמייכלען און אַפילו געהערט אַ וואָרט אויסרעדן צו עמעצן. יאַטן האָבן ווי אויפגעהערט מוירע האָבן פאַר אים. זיין האַנדלונג איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך פאַר יעדן...

די אַרבעט אין סאָוועט — סיי צוליב זיין איינהייטלעכקייט און סיי איבער קאַלינסקיס אַנטיילנעמען — איז אַוועק אויף גאָר אַ בייעם אַקטיוון שטייגער. שוין בּאַ דער ערשטער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די עקזיסטירנדיקע קאָמיטעטן, אָדער סאָוועטן פון די אַרומיקע טיילן פון אונדזער קאָרפּוס, און צו העלפן באַשאַפן נייע סאָוועטן אין יענע טיילן, וואו זיי זענען נאָך ניט געווען, אָדער וואו זיי זענען זיך צעפאַלן. דאָס איז געווען אַן אַקציע, וואָס דער פריערדיקער סאָוועט — אונטער סטעפּאַקינס פירערשאַפט און מערהייט — האָט בּעשום אויפן ניט דערלאָזט. טאַמיד, ווען עס איז נאָר געמאַכט געוואָרן אַזאַ מין פאָרשלאַג, האָט סטעפּאַקין, אָדער עמעצער פון זיינע צוהעלפער, דאָס מאַמעש אָפּגעשריגן. געטייַנעט האָבן זיי, אַז יעדער פּאָלק האָט זיך זיין אייגענע אָטאָנאָמיע און עס איז, דעריבער, ניט עטיש, ניט רעכט, אַז אונדזער פּאָלק זאָל זיך אַריינמישן אין זייערע פירונגען. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין רייד, קיין טאַינעס, אַז דאָס איז ניט קיין אַריינמישונג; אַז דאָס וואַלט, פאַרקערט, גאָר געהאָלפן באַפעסטיקן די אַרבעט פון אַלע סאָוועטן איבערן קאָרפּוס און וואָלט באַשאַפן מער אויטאָריטעט בּאַ דער נאַטשאַלסטווע. סטעפּאַקין — צוזאַמען מיט זיינע אונטערהעלפער — איז געבליבן בּאַם זעלבן און אָפּגעוואָרפן אַלע אַזעלכע ווענדונגען, ווען זיי זענען אַפילו געקומען פון אַנדערע פּאָלקן. דערפאַר טאַקע האָט פריער קיין איינציקער פּאָלק ביי אונדז קיינמאָל אָפיציעל ניט געוואוסט וואָס עס קומט פאַר אינעם צווייטן, כאָטש מען איז געשטאַנען גאָר נאָענט איינער לעבן אַנדערן און שטענדיק געהאַט די זעלביקע אינטערעסן...

די יעדיע וועגן איינשטעלן אַ פאַרבינדונג, האָבן אַלע פּאָלקן און באַטאַרייעס פונעם קאָרפּוס אויפגענומען מיט פרייד. און קעדיי צו מאַכן די דאָזיקע פאַרבינדונג אַקטועלער און ווירקזאַמער, האָט אונדזער סאָוועט — לויט קאַלינסקיס פאָרשלאַג—רעקאָמענדירט צו באַשאַפן אַ צענטראַלן קאָרפּוס־סאָוועט, צונויפגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון אַלע טיילן פון דעם קאָרפּוס. מען האָט זיך טאַקע גלייך גענומען דערצו און, שוין אויף דער צווייטער וואָך האָט יעדער טייל פון אַרום דערוויילט אַ פאַרטרעטער און דער הויפּט־סאָוועט האָט זיך איינגעשטעלט. אונדזער פּאָלק, צוליב

געאיבטער פירערשאַפט און טעטיקייט, האָט באַקומען אַ פאַרטרעטערשאַפט פון צוויי. אַהין זענען דעלעגירט געוואָרן קאַלינסקי און גריגאָריעוו. דאַווידאָוו און גרישונין האָבן געהאַט די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און דעם אויפזיכט איבער אונדזער אייגענעם פאָלק-סאָוועט...

*****

**די זיצונגען** פונעם ביי-אָרגאַניזירטן קאָרפּוס-סאָוועט זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן איינמאָל אין וואָך, טאַקע ביי אונדז, אין אונדזער פאָלק-קאַנצעלאַריע. געווען איז עס דערפאַר, ווייל אונדזער פאָלק האָט זיך געפונען צום נאָענסטן צום קאָרפּוס-שטאַב און דאָס האָט דערמעגלעכט בעסערע און גיכערע פאַרבינדונגען מיט באַטשאַלסטווע.

שוין בײַ דער ערשטער זיצונג פונעם צענטראַלן קאָרפּוס-סאָוועט, האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין וויכטיקייט און זיין וואָגיקייט. מיט אָט דעם סאָוועט האָט באַטשאַלסטווע זיך גאָר אַנדערש גערעכנט. עס איז פאַר זיי קלאָר געווען, אַז אָט דער סאָוועט רעדט אינעם נאָמען פון דעם גאַנצן קאָרפּוס און האָט די אַבסאָלוטע שטיצע פון טויזנטער סאָלדאַטן...

אַזוי, לעמאָשל, האָט דער קאָרפּוס-קאָמאַנדיר גלייך געמוזט נאָכגעבן צוויי הויפּט-פאָדערונגען, וואָס דער נייער סאָוועט האָט אַרויסגעשטעלט. דאָס איז געווען, ערשטנס, די פראַגע וועגן לויזער מאַכן און טיילווייז צוריקציען די פאַרשטאַרקטע דיסציפּלין, וואָס איז לעצטנס גאַנץ שווער געפאַלן אויף אונדז, און — צווייטנס — וועגן אַ בעסערן צושטעלן פון שפּייז. דער קאָרפּוס-קאָמאַנדיר האָט פאַרשפּראָכן איינצופירן עטלעכע פאַרלייכטערונגען אין דער דיסציפּלין און איז איינגעגאַנגען, אַז דער סאָוועט זאָל באַשטימען סאָלדאַטן, צוגעשטעלט צו ווערן ווי געהילפן צו די שפּייז-פאַרוואַלטער, צו אַרבעטן צוזאַמען מיט זיי פאַר מעגלעכע אויסבעסערונגען אין דעם צושטעל...

די שפּייז-פראַגע איז אַזויאַרום פאַרענטפערט געוואָרן צום בעסטן אונטער די אומשטענדן. מען האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן קריגן פרישערע און פאַרשידנאַרטיקערע עסנוואַרג. עס איז שוין ניט אָנגעקומען קיין פאַרשימלטע, צוגעלעגענע פיש, און געטריקנטע ווערעמדיקע קרויט. דאָס ברויט איז איצט שוין אויך מער ניט געווען מיט אַזויפיל זאַמד און שטרוי אַזוי ווי פריער. עס האָט ביכלאַל אָנגעהויבן אויסצוזען, אַז אַלץ וועט שוין אַזוי גלאַט אָנגיין ביז צום אַהיימפאָרן...

דאָס האָט אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. מיטאַמאָל, אינגאַנצן בלויז אַ וואָך נאָך דער דערגרייכטער פאַרבעסערונג, איז אַלץ פּלוצים ווידער

איבערגעהאַקט געוואָרן. שפּייז איז אָנגעקומען גאָר ווינציק. ווי אין די ערשטע מילכאָמע־טעג האָבן אישאַקעס — אף הילצערנע זאָטלען און אין דורכגעווייקטע זעק — געבראַכט ברויט מיט זייטלעך פלייש, וואָס זענען געווען דורכגעזאַפּט מיט אייזל־שווייס און פעל. עס איז געוואָרן גאָר פאַרדעכטיק. דער סאָוועט האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע, אף אויסצופאָרשן די סיבעס. אָבער איידער וואָס־ווען האָבן אונדזערע פאַרטרעטער באַ די שפּייז־סקלאַדן געמאָלדן, אַז זיי קאָנען ניט באַקומען קיין טראַנספּאָר־טאַציע־מיטלען אף איבערצושיקן די שפּייז צו אונדז, ווייל אַלע אָבאָז־וועגעלעך און אָקסן־אַרבאַס זענען דורך עמעצנס אַ געהיימען באַפעל איצט מאָביליזירט געוואָרן אף איבערצופירן אַמוניציע פון די געווער סקלאַדן צו די פאָדערשטע פּאָזיציעס...

אָט די יעדיע האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג ביי אַלעמען... קיינער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין און באַגרייפן צוליב וואָס און אף וועמעס באַפעל דאָס איז געטאָן געוואָרן. גלייך איז פאַררופן געוואָרן אַ ספּעציעלע זיצונג פונעם סאָוועט. די באַשטימטע קאָמיסיע האָט דאַן איבערגעגעבן, אַז פונעם הויפּט־שטאַב פון דער קאַווקאַזער אַרמיי איז אָנגעקומען אַ שיפרירטער באַפעל, מען זאָל זיך צוגרייטן צו נייע שלאַכטן אף דער גאַנצער פּאָזיציע. אָט די נייעס האָט אַלעמען מאַמעש צעצאָרנט. עס איז געוואָרן אַ שטאַרק־אָנגעצויגענע שטימונג. מען האָט גערעדט און דיסקוטירט, אָבער קיין אייצע ניט געקאָנט געפינען. אף אָפּצושטעלן די דאָזיקע צוגרייטונגען האָט דער סאָוועט קיין שום מאַכט ניט געהאַט. לויט אַ פריערדיקן באַפעל פון קערענסקין, האָבן די סאָוועטן זיך ניט געטאָרט אַריינמישן אין קיין מיליטערישע איניאַנים, אָדער אין פראָנט־אָפּעראַציעס. פאַר עפּעס אַ פאַלשן טראָט אין דער פראַגע, איז געווען אַ געפאַר, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל פאַנאַנדערלאָזן דעם סאָוועט. פאַר רעדן צו די סאָלדאַטן וועגן דעם, האָט געדראָעט מיט טויט־שטראָף, ווי פאַר פאַראַט און העצן צו אַ בונט. אַלע האָבן זיך עפּעס ווי פאַרלוירן. עס האָט זיך ניט געזען קיין שום אויסוועג פון דער לאַגע. די שרעק פאַר מעגלעכע פאָלגן, האָט יעדן באַוועלטיקט. קאַלינסקי, אָבער, אַז ער האָט באַמערקט די געדריקטע שטימונג, האָט פונדעסטוועגן פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל דערווייקן אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל אַריבערגיין צום קאָרפּוס־קאָמאַנדיר און פאָדערן, אַז ער זאָל צוריקציען די צוגרייטונגען...

— איצט איז אַ רעוואָלוציאָנערע צייט, — האָט ער געטיינעט, — און ניט אַלע באַפעלן זענען אַבסאָלוטע. אין אַזאַ צייט טאָר מען זיך ניט רעכענען דערמיט וואָס נאַטשאַלסטווע וועט געפעלן, אָדער ניט. אַ כרץ דעם, — האָט ער צוגעגעבן, — בין איך זיכער, אַז אויב מיר זאָלן אים

לאָזן וויסן, אַז מיר שרעקן זיך ניט און אַז דער גאַנצער קאָרפּוס איז מיט אונדז, וועט ער בּיכלאַל ניט וואַגן זיך אָנצוהויבּן...

קאַלינסקיס אַרגומענט האָט געווירקט און דערמוטיקט די יאַטן. אַ דעלעגאַציע— צווישן וועלכע קאַלינסקי איז אַליין אויך אַריין, — איז גלייך אַוועק רייסנדיק צום שטאַבּ-קאָרפּוס, וואָס האָט זיך געפונען אַרום אַ צענדליק וויאָרסט פון דער פּאָזיציע, אין אַ דאָרף הינטערן באַרג.

דאָרט, אין איינער פון די בּעסערע טערקישע הייזלעך, וואו דער שטאַבּ האָט זיך געפונען, איז די דעלעגאַציע אויפגענומען געוואָרן פון קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט. יענער — אַ הויכער, אויסגעדאַרטער קאַפּיטאַן, וועלכער האָט זיך מאַדנע געקבּייטשט בּעאייס מען האָט גערעדט צו אים, — האָט אונדזערע יאַטן געפּראָבּירט בּאַווייזן, אַז מיר דאַרפן אים פריער דערקלערן געבּוי וואָס און וועגן וואָס מיר זענען געקומען, און נאָך וואָס מיר דאַרפן עס בּאַאומרואיקן דעם קאָמאַנדיר, ווען ער אַליין קאָן אונדז אויך העלפן, אויבּ ער וועט וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. סאָף קאָל סאָף, אַז מיר האָבּן אים שוין געזאָגט וועגן וואָס מיר זענען געקומען, האָט ער אַ רייבּ געטאָן איין האַנט אין דער צווייטער, און מיט זעלבּסט זיכערקייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, דאָס, בּרידערלעך, איז שוין ניט אין מיין יוריסדיקציע... איך ע...וואָס שייך דעם קאָמאַנדיר, גלויבּ איך, אַז עס איז אויך אומזיסט אייער טירכע... ניט ער וועט אייך אויפנעמען און ניט ער וועט...

אפן גרונט פון זיינע אייגענע רייד האָט ער זיך טאַקע אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין צימער צום קאָמאַנדיר אים צו מעלדן וועגן אונדזער פאַרלאַנג אים צו זען. מיר האָבּן אים אָבּער גאַנץ קלאָר געלאָזט וויסן, אַז אויבּ ער וועט אונדז גלייך ניט מעלדן צום קאָמאַנדיר,—וועלן מיר סיי ווי אַריינגיין צו אים אומגעמאָלדן און דאַן...

— ווי וועט איר אויסזען, הער קאַפּיטאַן, אַז מיר וועלן אייך האָבּן איגנאָרירט? — האָט גרישונין שטעכיק אַ פרעג געטאָן.

דער קאַפּיטאַן האָט שוין קיין וואָרט ניט געזאָגט. ער איז גלייך אַריין אין דערבּייאיקן צימער און, נאָך אַ פּאָר מינוט, זיך אומגעקערט, בּאַווייזנדיק מיט דער האַנט, אַז מיר זאָלן אַריינגיין...

דער קאָמאַנדיר— אַ גרויער גענעראַל מיט אַ גוטמוטיק-צעקבּייטשטן פּאָנים און מיט בּאַבּרילטע אויגן איבּער נאָכהענגענדיקע זעקעלעך,— אַ מאַן, וואָס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ פּראָפעסאָר איידער אַ מיליטער-מענטש,— איז געזעסן אף אַ צוזויפליי-בּעטל לעבן אַ קליין טישל, אף וועלכן עס האָט געבּרענט אַ קעראָסין-לעמפּל, און האָט זשמורעדיק זיך איינגעקוקט אין עפּעס אַ פּאַפּיר אַריין. בּעאייס אונדזער אַריינקומען האָט

ער פאָרשנדיק זיך איינגעקוקט אין אונדז, זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט אַ טראָט אַנטקעגן אונדז, אָבער גלייך זיך צוריקגעכאַפּט און געבליבן שטיין פונווייטנס, לייכט אָפּענטפערנדיק אונדזער סאַלוט צו אים:

— האָב איך די ערע, הייסט עס, צו האָבן אַלס באַזוכער באַ זיך די סאַמע דעפּוטאַטן פונעם קאָרפּוס־סאָוועט...— האָט ער מיט אַ מאָדנע באַטאָנונג אַ זאָג געטאָן, אַז עס איז ניט קלאָר געווען, צי ער לאַכט עס אָזוי אָפּ, אָדער איז טאַקע צופרידן. — נו, גוט, אויסגעצייכנט!... נו, איז מיט וואָס קאָן איך אייך דינען, מיינע הערשאַפטן?...

קאַלינסקי איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס:

— מיר זענען געקומען צו אייך, הער גענעראַל, לויט דעם איינשטימיקן באַשלוס פונעם סאָוועט, אייך צו מעלדן, אַז מיר האַלטן עס פאַר אַן אומרעכט צו די סאָלדאַטן ביפּראַט און צו דער רעוואָלוציע אין אַלגעמיין, אָנצוהויבן איצט אַ נייעם אָנגריף קעגן די טערקן. מיר...

אין קורצן האָט ער אים דערקלערט, אַז עס איז פאַראַן אַן אָפּמאַך צווישן די סאָלדאַטן און די טערקן וועגן אַ וואַפנשטילשטאַנד און אַז די סאָלדאַטן זענען אַנטשלאָסן דעם אָפּמאַך אָפּצוהיטן:

— מיר פאַרלאַנגען איצט דערפאַר פון אייך, הער גענעראַל,— האָט קאַלינסקי פאַרענדיקט,— אַז איר זאָלט צוריקרופן דעם באַפעל און...

דער קאָמאַנדיר האָט גוטמוטיק געשמייכלט:

— איך פאַרשטיי, גאָספּאָדאַ, אייער לאַגע,— האָט ער געמורמלט,— איך באַגרייף וואָס איר מיינט. אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך און מען דאַרף אים האַלטן. אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער האָט עס געשלאָסן אָט דעם אָפּמאַך? איז ער דען דורכגעפירט געוואָרן לעגאַל? כ׳מיין... מיט דער גוטהייסונג און צושטימונג פון באַטשאַלסטווע, פון מיר?... עס איז דאָך געווען, ווען איר מוידע זיין, אומלעגאַל, מען קאָן אַפילע זאָגן, אומפאַראַנטוואָרטלעך, מיצאַד די סאָלדאַטן אַזאַ אָפּמאַך צו שליסן. נו, און איר פאַרלאַנגט דאָך זיכער ניט, אַז אַזאַ אָפּמאַך זאָל זיין בינדנדיק אויך פאַר מיר, האַ?... צווייטנס, גאָספּאָדאַ,— האָט ער מיטאַמאָל געביטן די שטימע און דער גאַנצער איינדרוק פון נערוועזיטעט און געלערזאַמקייט איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן פון זיין פּאַנים, אַזוי, אַז מען האָט גלייך דערזען פאַר זיך אַן אָנגעבלאָזענעם אָפיציר,— צווייטנס, הערשאַפטן, האָבן מיר באַקומען ידיעות, אַז בעאייס איר דאָרט זייט טאַקע געזעסן גאַנץ פרידלעך און אָפּגעהיטן אייער טייל פונעם אָפּמאַך, האָבן די טערקן — ניט געקוקט אויפן אָפּמאַך — זיך ערשט אַף אַן עמעס גענומען פאַרגרייטן אַף צו מאַכן אַן אומגעריכטן איבערפאַל אַף אונדז און...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן און מיט פעסטקייט גענומען פאָרזעצן:

— איר וועט דאָך זיכער צוגעבן, הערשאַפטן, אַז אין אַזאַ פאַל מוזן מיר זיך פעדערן און דערלאַנגען די טערקן אַזאַ טויט־קלאַפּ, אַז...

קאַלינסקי האָט אים איבערגעשלאָגן:

— עס איז עמעס, הער גענעראַל, אַז די געשיכטע ווייסט וועגן פיל אַזעלכע פאַלן, וואו אַ יונג רעוואָלוציאָנער לאַנד איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ מאַכט מיט וועמען מען האָט געהאַט אַן אָפּמאַך פאַר פרידן און האָט אַריינגעיאָגט אַ מעסער אין רוקן, קעדיי אַזויאַרום צו ראַטעווען זייערע קלאַסן־אינטערעסן...וועלן מיר טאַקע הישן, שטאַרק באַקוקן זיי אין די הענט אַריין און אַפילו גרייט זיין...אָבער...ביז די טערקן וועלן ניט געבן דעם ערשטן שאָס אַף אונדז, וועלן מיר זיכער עס ניט טאָן אַף זיי! וואָס־וואָס, דער אָפּמאַך וועט פון אונדזער זייט ניט געבראָכן ווערן...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך, אַן אויפגערעגטער, גענומען אַרומדרייען איבערן צימער און דערביי געוואָרפן בייזע בליקן אַף דער דעלעגאַציע. צום סאָף, אַז ער האָט געזען די דעלעגאַציע באַשטייט אַף איר פאָדערונג, האָט ער — ווי אָפּצוואַרפן זיך פון אַלעם — אַ צעשפרייט געטאָן די הענט און פאַטעטיש אַ זאָג געטאָן:

— אַ כרץ אַלעם, מיינע הערשאַפטן, קאָן איך פערזענלעך גאָרניט העלפן אין דעם. ניט איך האָב אַרויסגעגעבן דעם באַפעל זיך צו גרייטן צום אָנגריף און ניט איך קאָן אים צוריקציען...דאָס איז אַן איניען פאַר דעם הויפט־שטאַב פון דער קאַווקאַזער אַרמיי...

עס האָט אויסגעזען שלעכט. די דעלעגאַציע האָט זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, ווי צום באַטראַכטן וואָס ווייטער צו טאָן. גרישונין, אָבער, אַז ער האָט דערזען די פאַרלוירנקייט, האָט גענומען בייסן אַ ליפּ פון גרויס אויפרעגונג. מיטאַמאָל איז ער אַ טראָט אַרויס געטאָן אין פאָרויס פון אַלעמען און האָט — אין נאָמען פון אַלע סאָלדאַטן אינעם קאָרפּוס — דערקלערט, אַז ניט געקוקט, צי דער באַפעל וועט בלייבן שטיין ווי ער איז, וועט דאָך קיין אייגציקער סאָלדאַט זיך ניט צורירן צו קיין ביקס, קאַנאָן, אָדער פולעמיאָט, סיידן די טערקן וועלן פריער אָנפאַלן...

— און דעריבער, — האָט ער פאַרענדיקט, — איז אונדזער אייצע, אַז מען זאָל באַצייטנס אָפּשטעלן אַלע צוגרייטונגען, ווייל... אַנדערש קאָן עס דערפירן צו גאַנץ ערנסטע פאָלגן, און...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך גענומען וואַרפן און בייזערן. ער האָט געדראָעט צו לאָזן אַרעסטירן דעם גאַנצן סאָוועט, ווייל ער מישט זיך אין מיליטערישע איניאָנים און רופט די סאָלדאַטן צו אַ בונט...

— און פאַר אַזעלכע זאַכן, ברידערלעך, — האָט ער געשריגן און געקלאַפּט אין טישל, — פאַר אַזעלכע זאַכן — דערשיסט מען!...

זיינע געשרייען האָבן שוין אָבער איצט ניט געהאַט קיין ווירקונג: די דעלעגאַציע, אַז זי האָט געהאַט שוין געמאַכט דעם ערשטן געוואַגטן טראָט, האָט זיך שוין מער ניט געשראָקן. קאַלינסקי האָט אָפן דערקלערט, אַז אָפגעזען צי מען וועט אַרעסטירן, אָדער אַפילו אויסשיסן דעם גאַנצן סאָוועט — קיין שלאַכטן ביי אונדז אפן פראָנט וועלן מער ניט זיין.

— דער גאַנצער קאָרפּוס איז גרייט זיך גלייך צו פאַרוואַנדלען אין אַ ריזיקן סאָוועט, — האָט ער געלאָזן אויסגעצויגן די ווערטער, — איר וועט עפשער דאַרפן הייסן דערשיסן דעם גאַנצן קאָרפּוס סאָלדאַטן, הער גענעראַל, און אייער באַפעל צו שיסן וועט ניט אויסגעפאָלגט ווערן. איר, אייער גאַנצער פּרעסטיזש, וועט דאַן אינגאַנצן צעפּלאַצט ווערן...

דאָס האָט אַפּאָנים געווירקט מער ווי אַלץ. דער קאָמאַנדיר האָט ווי פאַרלוירן אַ קוק געטאָן אף קאַלינסקין און, ווייזט אויס, דערפילט, אַז עס איז שוין מער ניט דאָס וואָס עס איז אַמאָל געווען. די דרייסטע און פעסטע שטעלונג פון דער דעלעגאַציע האָט אים מאַמעש ווי פּריטשמעלעט. ער האָט זיך ווידער גענומען אַרומדרייען איבערן צימער, אָבער דאָסמאָל שוין מיט אַ פאַרזונקענעם קאָפּ אף דער ברוסט. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַ ווייל, ווידער באַטראַכט די דעלעגאַציע און מיטאַמאָל — ווי אין רעזיגנאַציע — אַ צעפיר געטאָן די הענט און געשטאַמלט:

— אַך, גאָט דו מיינער! וואָס ווילט איר פון מיר, מיינע הערן?... פאַר מיינטוועגן מעג מען אַפילו אָט שוין דאָ הייסן אָפּשטעלן די גאַנצע מילכאָמע און איך אַלעמען גלייך אַהיימשיקן...

דאַן האָט ער זיך ווי אַן אויסגעמידטער צוריק צוגעזעצט צום טיש, אַ רוף געטאָן זיין דענשטשיק און געהייסן אַריינרופן זיין אַדיוטאַנט, דעם קאַפּיטאַן, און דעם שטאַב־טעלעגראַפיסט. באַלד ווען יענע זענען אַריינגעקומען, האָט ער — אין געגנוואַרט פון דער דעלעגאַציע — גענומען דיקטירן אַ טעלעגראַמע, וואָס זאָל דרינגענדיק אַוועקגעשיקט ווערן צו דעם הויפּט־שטאַב פון דער קאַווקאַזער אַרמיי...

— ניין, — האָט ער אינמיטן דיקטירן פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו אונדז, — ניט אויס מירע פאַר איך, אָדער פאַר וועמען עס איז, טו איך דאָס, נאָר... ווייל מיט אַזאַ אומזיכער מיליטער, מיט אַזעלכענע צעלאָזענע סאָלדאַטן, איז דאָך מאַמעש אַ געפאַר אין שלאַכט צו גיין...

די דעלעגאַציע איז אַוועק צוריק אין פּאָלק אַריין.

אף צומאָרגנס איז אינעם באַפעל איבערן קאָרפּוס געווען געמאָלדן, אַז צוליב טאַקטישע אורזאַכן האָט דער שטאַב באַשלאָסן אָפּצולייגן די צוגרייטונגען צו נייע אַקציעס אף אַן אומבאַשטימטער צייט...

אָט די דערגרייכונג, ווייל מען האָט געוואוסט דעם עמעס הינטער

דער מעלדונג, האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון ענטוזיאַזם צווישן די סאָלדאַטן און געשאַפן גרויס אָנזען פאַרן קאָרפּוס-סאָוועט...

*****

**אונדזער** פּאָלק-סאָוועט האָט דערווייל ווידער איינגעשטעלט פאַר די סאָלדאַטן די איבערגעהאַקטע טעגלעכע אויפקלער-פאַרזאַמלונגען. בּאַ די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָבן פאַרטרעטער פונעם סאָוועט גערעדט וועגן פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען און באַדייטונגען. זיי האָבן אַנאַליזירט די פּראָגראַמען און טאַקטיקן פון די פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען אינעם לאַנד און קלאָר געמאַכט זייערע פאָדערונגען און צילן. עס זענען אויך איינגעשטעלט געוואָרן אָוונטן פאַר פראַגעס און ענטפערס, און אַ צאָל בילדונג-קורסן פאַר גרופּעס. יענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן יאָ געקענט לייענען און שרייבן, האָבן געלערנט מיט די, וואָס האָבן ניט געקענט. עפּעס אַ נייער גייסט איז אַריין צווישן די סאָלדאַטן... דער ווילן צום לערנען און צו וויסן, — איז מיט יעדן טאָג געוואַקסן אַפילו צווישן די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע יאַטן. מען האָט געלערנט זיך נייע לידער זינגען. און שוין ניט וועגן „מאַלינע-קאַלינע”, און ניט וועגן מיידלעך אין וואַלד, נאָר לידער פון קאַמף און באַפרייאונג... לידער פון האָפנונג און צוזאָג...

אין מעשעך פון בלויז עטלעכע וואָכן איז אונדזער פּאָלק גאָרניט געווען צו דערקענען. דער באַוואוסטזיין באַ די סאָלדאַטן איז געוואַקסן. יאַטן האָבן זיך אַ הויב געטאָן צו אַזאַ מאַדרייגע פון פּאָליטישן פאַרשטאַנד, וואָס איז ניט דערגרייכט געוואָרן פריער, — אין די אַלע יאָרן, וואָס פון פאַר דער רעוואָלוציע...

דער הויפּט-אינטערעס איז אָבער ביי אַלעמען דאָך געווען צו דער פראַגע וועגן דעם וואָס-גיכערן אַהיימגיין. דער סאָוועט האָט אויך דאָס איבזינען געהאַט און אַפילו דערווײלט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דעם. אָט די קאָמיסיע האָט געדאַרפט אויספאָרשן אַלע מעגלעכקייטן, אויסאַרבעטן פּלענער און באַזאָרגן די אַלע נויטיקע צוגרייטונגען. עס האָט אויסגעזען, אַז גאָר אינגיכן — צי די מילכאָמע וועט אָפּיציעל יאָ זיין פאַרענדיקט, אָדער ניט — נאָר אַ סאָף וועט שוין נעמען. עס איז בלויז נויטיק געווען צו וואַרטן ביז די צוגרייטונגען וועלן פאַרענדיקט ווערן...

איבער דער גאַנצער לענג פונעם וועג, וואו די סאָלדאַטן מאַכנעס האָבן — לויט די דערוואַרטעטע פּלענער — זיך געדאַרפט אָפּשטעלן, האָט

מען אַרויסגעשיקט ספּעציעלע דעלעגירטע. אױף זײ איז אַרױפגעלייגט געוואָרן די אַרבעט פון צוגרייטן ביוואואַקן, שפּייז־פּונקטן און אַפּילע מעדיצינישע סטאַנציעס. זײ האָבן געדאַרפט צוגרייטן געבוג שיפן אין טראַפּעזאָנד און באַנען אין באַטום, אַריבערצופירן דעם גאַנצן קאָרפּוס. עס האָט אויסגעזען, אַז איצט איז עס בלויז אַ פראַגע פון טעג, אָדער — העכסטנס — וואָכן, אַז מען זאָל זיך קאָנען אָנהייבן אַרויסצופירן.

אָבער כאָטש דער סאָוועט און — איבערהויפּט — יענע דעלעגירטע, האָבן געאַרבעט מיט אַלע מעגלעכע קויכעס און אָנשטרענגונגען אױף צום צוגרייטן דאָס אַוועקגיין, זענען פונדעסטוועגן פאַרבײ עטלעכע וואָכן אָן שום רעזולטאַטן קימאַט. עס האָט געדויערט אַ שטיק צייט ביז מען האָט אַפּילע אָנגעהויבן צו קריגן כאָטש וועלכע עס איז באַריכטן וועגן דעם גאַנג פון די צוגרייטונגען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ צאָל קאָמענדאַנטן פון די שפּייז־פּונקטן און פאַרוואַלטער פון די באַלעבאַטיש־קייט־סקלאַדן, האָבן זיך טכילעס ביכלאַל געשטעלט קעגן דער פאָדערונג פונעם קאָרפּוס־סאָוועט. זײ האָבן אַפּילע ניט געוואָלט אַנערקענען זיין אויטאָריטעט איבער זיך. פיל האָבן געענטפערט אונדזערע דעלעגאַטן, אַז זײ האָבן ניט קיין שום זאַפּאַסן שפּייז און אַז זײ קאָנען עס ביכלאַל ניט באַזאָרגן אַזוי גיך ווי מען פאָדערט. אַנדערע האָבן גאָר כוצפּעדיק דערקלערט, אַז זײ װעלן גאָרניט אָנהויבן צו טאָן, אָן דער אָפיציעלער דערלויבעניש, אָדער דירעקטן באַפעל פון די געהעריקע שטאַבן און די קאָמאַנדירן. טעלעגראַמעס זענען דעריבער געפלויגן פונעם סאָוועט צו די שטאַבן. באַקאָשעס און פאַדערונגען האָבן געפלייצט דורך די טעלעפאָן דראָטן אױף אַהין און צוריק, אָבער אָן וואָגיקן דערפאָלג.

אָט די סיטואַציע האָט גיך גענומען אַריינשפּילן אין די הענט פון סטעפּאַקינען מיט זיינע נאָכפאָלגער. זײ האָבן אָנגעהויבן בורען צווישן די סאָלדאַטן, אַרונטערגעריסן באַ זײ דעם צוטרוי צו דעם סאָוועט און געטײנעט, אַז עס וועט גאָרניט העלפן, סיידן נאַטשאַלסטווע...

ווי אַ רעזולטאַט פון אָט די בורענישן, האָבן מאַסן סאָלדאַטן טאַקע פאַרלוירן דעם געדולד צו וואַרטן. אין די פינצטערע ביינאַכטן, אַז עס זאָל קיינער ניט זען, האָבן איינצלנע סאָלדאַטן, דאָ און דאָרט, פאַרנומען זייערע פּראָוויאַנט־זעק מיט אַ פּאָר קלייניקייטן, אָפּט גאָר איבערגעלאָזט זייערע ביקסן אױף העפקער און — ס׳ראָוו אַפּילע אָן שפּייז — זיך ביגנבֿיירוע אַרויסגעלאָזט אױף גאָטס באַראָט אין וועג אַריין. יעדן פרימאָרגן האָט מען אין די ראָטעס ראַפּאָרטירט וועגן אַזעלכע פאַלן. מען האָט דערציילט, אַז די וועגן צו טראַפּעזאָנד זענען מאַמעש פאַרפלייצט פון וואַנדערער...

די סאָוועטן האָבן אָנגעהויבן אַ ברייטע אויפקלערונג צווישן די

סאָלדאַטן וועגן דעם איניען. מען האָט אָנגעוויזן אױף דער געפּאַר פון אַן אומאָרגאַניזירטן אַוועקגיין און אַלעמען גערופן צו שטיין געדולדיק ביז צו אַ מאַסן-אָפּמאַרש. פון דער אַנדערער זייט האָט דער קאָרפּוס-סאָוועט אַוועקגעשיקט אַ שטרענגע פאָדערונג צו דעם הויפּט-שטאַב, אַז אויב די צוגרייטונגען פון פּראָדוקטן פאַרן וועט ניט פאַרענדיקט ווערן אין משך פון צוויי וואָכן צייט, וועלן די סאָלדאַטן זיי ווי אָנהויבן דעם מאַסן-מאַרש און דעמלט וועלן זיי שוין בעמיילע געצוואונגען זיין אַליין צו נעמען פון די מיליטער-סקלאַדן, אַלץ וואָס וועט זיי אונטער די הענט קומען.

און אָט דער שטרענגער טאָן האָט טאַקע צום טייל געהאָלפן. באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען באַריכטן פון אונדזערע פאַרטרעטער, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען די צוגרייטונגען און אַז אין עטלעכע פלעצער וועלן זיי מיסטאָמע אינגיכן זיין פאַרענדיקט. דערביי איז אָבער אָנגעקומען אַן אָנווייזונג, אַז — ווען עס וועט האַלטן דערביי — זאָל מען יעדנפאַלס ניט אַרויסלאָזן טעגלעך מער ווי צו איינציקע פאָלקן פאַראַמאָל, ווייל אַנדערש וועט אומעגלעך זיין צו באַזאָרגן אַלעמען מיט שפייז. פון ווייטערדיקע ערטער איז אָבער נאָך אַלץ ניט אָנגעקומען קיין צופרידנ-שטעלנדיקע ניייעס. אונדזערע דאָרטיקע דעלעגאַטן האָבן אָנגעוויזן, אַז עס איז נאָך קימאַט ווי גאָרניט באַזאָרגט; אַז עס איז בײַכלאַל אומעגלעך עפּעס צו באַזאָרגן אין אַזאַ קורצער צייט און אַז עס וועט דאַרפן דויערן כאָטש אַ דריי כאַדאָשים ביז אַלץ וועט פאַרטיק זיין, אַז מען זאָל קאָנען דורכפירן אַ פולשטענדיקע עוואַקואַציע...

עס איז קלאָר געווען, אַז ערגעץ וואו זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין אונדזער וועג. דער סאָוועט האָט דעריבער אינסטרואירט די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן אונטערזוכן, צו די דאָזיקע ענטפערס פון די שפייז-פאַרוואַלטער זענען באַגרינדעטע, אָדער בלויז אַ צודעק פאַר סאַבאָטאַזש און שטערונג. מען האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן ניט אויפהערן מאָנען, פאָדערן און אונטערריאָגן וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן, קעדיי צו פאַרגיכערן דעם טאָג פון אַהיימגיין...

און ביי אונדז אין די פאָלקן האָט מען זיך דערווייל געגרייט און בלויז געוואַרט אַפן געהעריקן סיגנאַל פון סאָוועט...

*****

**טעג** האָבן זיך געצויגן אומגעדולדיקע און לאַנגע. יעדע מינוט האָט אויסגעזען צו זיין איבעריק. דער סאָוועט האָט אַפילע איינגעאָרדנט פאַרשידענע נייע שפּילן און פאַרווײַלונגען פאַר די

סאָלדאַטן, קעדיי זיי אָפּצורײַסן פון לאַנגווײַליקן זיך. מען האָט אַפילו באַנײַעט די פאָרשטעלונגען אין אונדזער זעמליאַנקע־טעאַטערל, אָבער עס האָט ווינציק וואָס געהאָלפן. די סאָלדאַטן האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער זײַן בײַ זיך אינדערהיים, אָדער לעכאָל האַפּאָכעס אין די שטעט, נעענטער צו די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן...

מיטאַמאָל האָבן זיך בײַ אונדז, ווי איבערן גאַנצן פראָנט, גענומען טראָגן פאַרשידענע קלאַנגען. יעדער טאָג האָט געבראַכט עפּעס אַנדערש. עס איז שווער געווען פעסטצושטעלן, וועלכער קלאַנג עס איז עמעס און וועלכער ניט מער ווי אַ פּוסטע פאַנטאַזיע, אָדער אַ בעקיוון צוגעטראַכטע מאַיסע, צוליב עפּעס אַן אומבאַשטימטן מאָטיוו. אָפט האָבן צירקולירט אַזעלכע ביַיעסן, וואָס מען האָט ניט געקאָנט וויסן וועלכע פון זיי עס איז אַ פריערדיקע און וועלכע — אַ שפּעטערדיקע. צומאָל האָט געטראָפן, אַז צו אונדז איז אָנגעקומען אַן אָפּלייקענונג וועגן עפּעס אַ געשעעניש, וועגן וועלכער מיר האָבן נאָך אַפילו אינגאַנצן ניט געהערט...

אָט, האָט מען געהערט, לעמאָשל, אַז עס איז ניט עמעס די מאַיסע, אַז די מאַטראָזן פון קראָנשטאַט, צי פון פּעטראָגראַד, זאָלן גאָר האָבן אַרויסגעטראָטן קעגן דער צענטראַלער רעגירונג און זי געדראָעט מיט אַן אויפשטאַנד, אויב די מילכאָמע וועט גלײַך ניט אָפּגעשטעלט ווערן. מען האָט פאַרזיכערט, אַז אין לאַנד איז רואיק און שטיל. אָבער עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען שוין דערציילט, אַז די מאַטראָזן פון קראָנשטאַט האָבן באַשאָסן די שטאָט פון זייערע שיפן און, אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז איצט מאַמעש פאַרפלייצט מיט בלוט. וועלכן פון אָט די צוויי קלאַנגען מען זאָל גלויבן, — איז שווער געווען צו באַשטימען.

די פּאָר צײַטונגען, וועלכע האָבן נאָך דער רעוואָלוציע אָנגעהויבן אָנקומען צו אונדז אין פּאָלק אַרײַן, זענען — גייענדיק פון האַנט צו האַנט — מאַמעש צעריסן געוואָרן. די דאָזיקע צײַטונגען — צוגעשיקטע פון דער רעגירונג — זענען געווען שטאָל און אײַזן פאַר איר און האָבן געהאַלטן אין איין באַרואיקן און אײַנשטילן. בלויז פון צײַט צו צײַט האָט עמעצער פון ערגעץ געבראַכט אַ צופעליקן נומער פון סאָוועטישן צענטראַלן אָרגאַן, די „איזוועסטיע”, וועלכע האָט גאָר דערציילט גאַנץ אַנדערע געשיכטעס, וועגן אומרו און אויפברויז צווישן די ־אַרבעטער.

איינמאָל האָט זיך בײַ אונדז פאַרשפּרייט אַ ביַיעס, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דערוואַרטעטע אומרוען אין צענטער, האָט די צײַטווײַליקע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו אַרעסטירן לענינען, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע וויכטיקע מיטגלידער פון די צענטראַלע סאָוועטן. מען האָט דערציילט, אַז זי, די רעגירונג, האָט אַפילו באַשטימט אַ גרויסע

געלט-סומע,—אַ באַלוינונג פון עטלעכע טויזנט רובל, צו יענעם, וואָס וועט ברענגען לעבינס קאָפּ, אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן. אַנדערע האָבן מיט פולער זיכערקייט איבערגעגעבן, אַז לענין איז שוין אַרעסטירט און זיצט אין אַן איינצל-קאַמער פון שליסלבורגער פעסטונג. אָבער אין אַ דערבייאיקן פּאָלק האָט מען גאָר געריגעדט, אַז לענין איז גאָר אַנטלאָפן צוריק קיין דייטשלאַנד. און אין אַ באַטאַרייע האָט מען דערציילט, אַז אַ סאָלדאַט זייערער האָט פון אַן אייגענעם, וואָס אפן עראָפּלאַנען פראָנט, דערהאַלטן אַ בריוו, אין וועלכן מען האָט אים געשריבן, אַז לענין דרייט זיך גאָר אַרום דאָרט, אפן פראָנט; אַז ער—אָנגעטאָן אין סאָלדאַטישע קליידער—אַגיטירט צווישן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די פראָנטן, זיך אַוועקלאָזן קיין פּעטראָגראַד, קעדיי דאָרט אַרונטערצוזעצן די ציישוויילינקע, פאַרעטערישע רעגירונג. אין סאַמע מיטן פון אָט די אַלע קלאַנגען, האָבן זיך פּלוצים— ווי צו פאַרפולן די מאָס — געבומען דערטראָגן נייע קלאַנגען, אַז לענין איז שוין גאָר דערשאָסן געוואָרן פון דער ציישווייליקער רעגירונג און אַז...

די דאָזיקע לעצטע נייעס— כאָטש ניט קיין באַשטעטיקטע— האָט קימאַט אַלעמען ביי אונדז אין פּאָלק פּאָשעט איפּגעבראַכט. עס איז ניט געווען קיין איינציקער ביי אונדז, וועמען די דאָזיקע ידיעה זאָל ניט האָבן איפּגערעגט, סיידן עפּשער בלויז סטעפּאַקינען מיט זיינע נאָענטע, וועלכע האָבן גאָרניט גערעדט און זיך אַוואַדע אינדערשטיל נאָך געפרייט דערפון... די איבעריקע יאָטן זענען אַרומגעגאַנגען ווי צעווייטיקטע און האָבן געריגעדט צווישן זיך.

— דאָס איז דאָך, דער טייוול ווייסט וואָס!...

— אויב מיר זאָלן דאָס באַצייטנס ניט אָפּשטעלן און זיי דערלאָזן ווייטער אַזוי אָנגיין, וועלן זיי דאָך נאָך אויסשיסן אַלע עמעס-געטרייע רעוואָלוציאָנערן און אַלע אָנפירער... זיי וועלן נאָך אַזויאַרום אַפילע די רעוואָלוציע גופע אויך אומברענגען...

סאָלדאַטן האָבן געפיבערט מיט צאָרנדיקע אויסרופן און פּאָדערונגען. פיל יאַטן האָבן געטאַינעט, אַז מען זאָל גלייך אַרויסשיקן אַהינצו, קיין פּעטראָגראַד,עטלעכע ראָטעס, וואָס זאָלן האָבן אַ שטיקל „איבעררייד" מיט דער ציישווייליקער רעגירונג. אַנדערע האָבן פּאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל הייסן פאַנגען עטלעכע גרויסע לייט פון דער רעגירונג, אָדער אַז מיר זאָלן אָט דאָ פאַרנעמען עטלעכע גענעראַלן, וועלכע מען זאָל פאַרהאַלטן פאַר מאַשקאָנעס, קעדיי יענע דאָרט זאָלן ניט וואַגן אָנצוגיין מיט זייערע פאַרעטערישע שטיק...

— נישקאָשע, — האָבן זיך געהערט אויסרופן, — אויב מיר האָבן

געקאָנט שטיין אַזאַ לאַנגע צייט אפן פּראָנט און זיך שלאָגן, דער טייוול ווייסט פאַר וועמעסוועגן, קאָנען מיר נאָך באַשטיין אָפּצוגעבן די עטלעכע וואָכן אף אַוועקצוזעצן אין דער רעגירונג אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן בעעמעס עפּעס טאָן פאַר אונדז, אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן...

— ריכטיק! איצט ווען מיר האָבן נאָך די ביקסלעך אין אונדזערע הענט, וועלן מיר עס גיכער קאָנען באַווייזן, איידער שפּעטער, ווען מען וועט די ביקסן שוין האָבן צוגענומען ביי אונדז!...

דער קאַאַס צו קערענסקין איז גאָר גרויס געווען באַ יעדן. אין אים האָבן איצט אַלע געזען דעם הויפּט־שולדיקן. עס האָט אַלעמען איבערהויפּט פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער, — אַ סאָציאַליסט, ווי מען האָט דערציילט — האָט געטאָן די געמיינע אַרבעט פון דער בורזשואַזיע; וואָס ער — אינעם נאָמען פון דער רעוואָלוציע — האָט אַלעמען אָפּגענאַרט, צוגעזאָגט גאָלדענע בערג און דערווייל געטריבן די זעלביקע מילכאָמע־פּאָליטיק פּונקט ווי דער צאַר אַליין. אַלע האָבן געצאָרנט, פאַרוואָס ער, קערענסקי, האָט אָפּגעהאַלטן פון שליסן אַ שאָלעם; פאַרוואָס ער האָט זיך געשטעלט קעגן קאָנפיסקירן די פּריצישע ערד, קעגן נאַציאָנאַליזירן די פאַבריקן און ביכלאַל קעגן איינפירן די פרייהייטן, וואָס די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן האָבן געפאָדערט.

— נו־נו, — האָבן אַ צאָל יאָטן געדונערט, — אַזויפיל יאָרן האָט מען גערעדט און געזאָגט, אַז די סאָציאַליסטן, אַזוי שנעל ווי זיי וועלן נאָר צו דער מאַכט קומען, וועלן עס טאָן, צום סאָף — עך־מאַ!...

— וואָס מיר סאָציאַליסטן, אַז ער איז אַ פאַרעטער, אָט וואָס, — האָבן אַנדערע דערויף געענטפערט, — אַ פאַרעטער און... מען דאַרף מיט אים האַנדלען ווי ער האָט פאַרדינט...

דער צאָרן איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער פּאָלק־סאָוועט האָט דאַן פּאָשעט געדאַרפט צאַמען און באַרואיקן די איבערגעבראַכטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געוואָלט אויסלאָזן דעם קאַאַס צו סטעפּאַקינען און פּערווינען. דער סאָוועט האָט אָנגעוונט אַלע מעגלעכע מיטלען צו באַווייזן, אַז עס איז נאָך פריצייטיק אַוועקצולאָזן זיך אין צענטער, קעדיי דאָרט מיט אַקציע אַרויסצוטרעטן קעגן דער צייטווייליקער רעגירונג. מען האָט פאַרזיכערט די סאָלדאַטן, אַז אויב די צענטראַלע סאָוועטן וועלן זיך נאָר נויטיקן אין אונדזער הילף, וועט מען דעמלט האַנדלען וועגן דעם און זען מיט וואָס און ווי אַזוי מיר קאָנען בעסער העלפן...

די סאָלדאַטן האָבן פאַרשטאַנען און זיך באַרואיקט.

אפן פּראָנט האָבן זיך ווידער געשטעלט די געוויינטלעכע רואיקע און רוטינע טעג. עס איז ניט געווען וואָס צו טאָן און יאַטן האָבן זיך גאַנצע

טעג אַרומגעדרייט נערוויִרטע און אויפגערעגטע. טיילמאָל איז מען אין מאַסן אַריבער צו די טערקן און דאָרט, אין סאַמע פראָנט פון זייערע טראַנשייען, פאַרבראַכט מיט זיי צוזאַמען אַזוי לאַנג, ביז די טערקישע אָפיצירן זענען געוואָרן אומרואיק און באַפוילן די טערקן צוריקצוגיין אין זייערע גריבער אַריין. יעדן אָוונט זענען יאַטן זיך צונויפגעקומען אַרום דער קאַנצעלאַריע און דאָרט געהערט, אָדער דערציילט די בייע קלאַנגען וועגן געשעענישן איבעם צענטער, וואָס זענען אין פאַרלויף פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג אָנגעקומען.

עס האָט אויסגעזען מאָדנע: עפּעס נאָר ווי דער גאַנצער פראָנט וואָלט זיך מיטאַמאָל איינגאַנצן געהאַט אַריבערגעטראָגן אַהינצו, אין טיל. מיט געשפּאַנטער בייגעריקייט האָבן זיך אונדזערע יאַטן איינגעהערט אין יעדן וואָרט, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכעס צו די אַנטוויקלונגען אַפן רעוואָלוציע-פראָנט. מען האָט זיך געאַמפּערט, דיסקוטירט, אָדער אַזוי אויסגעטייטשט יעדע יעדיע אפן אייגענעם שטייגער. די אויפרופן פון דער ציִיטווייליקער רעגירונג האָט מען אויפגענומען מיט גרינגשעצונג און אַפילע מיט אָפענעם כויזעק. קלאָר איז געווען, אַז די רעגירונג האָט פאַרלוירן ביי אונדז יעדן צוטרוי און אָנהאַלט.

מען האָט אָנגעהויבן דערציילן ביי אונדז, אַז אויך אף די עראָפּע-אישע פראָנטן האָבן זיך די סאָלדאַטן געהאַלטן אַזוי ווי ביי אונדז. מען האָט דערציילט, אַז אויך יענע דאָרט האָבן זיך אויסגעלאַכט פון דער רעגירונגס פּאַטריאָטישע אויפרופן, אין וועלכע מען האָט זיי גערופן צו דערפירן די מילכאָמע ביז צו אַן ענדגילטיקן זיג, און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, ווי מיר, צו גיין אין וועלכע עס איז שלאַכטן. פּונקט ווי מיר דאָ, מיט די טערקן, אַזוי האָבן יענע זיך אָנגעהויבן צו ברידערן און כאַווערן מיט די דייטשן און עסטרייכער. עס איז דעריבער קלאָר געווען, אַז ביי אַלעמען, אויסער באַ דער רעגירונג, איז די מילכאָמע שוין אַ פאַרענדיקטע. געהאָפּט האָט מען בלויז, אַז די-אָ האַנדלונגען פון דעם מיליטער וועלן אײַנגיכן איבערצייגן דער רעגירונג אין דער באַלדיקער נויטיקייט צו שליסן אַ גיכן שאָלעם מיט אַלע צדאָדים; אַז דאָס וועט זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל צווינגען אָפיציעל צו ענדיקן די פאַרברעכערישע בלוט-פאַרגיסונג און אונדז ענדלעך פּאַנאַנדערלאָזן פון די פראָנטן...



# קאַפּיטל פּערציק



עג זענען געגאַנגען און די האָפענונגען פון די סאָלדאַטן, אַז די צייטווייליקע רעגירונג וועט דאָך געצוואונגען זיין צו שליסן אַ שאָלעם באַלד און דעמאָביליזירן די אַרמייען, — האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. פאַרקערט: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי טראַכט אַפילע ניט דערפון און גרייט זיך גאָר צו נייע גרויסע שלאַכטן. עס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן קלאַנגען, אַז זי, די צייטווייליקע רעגירונג, — קעדיי זיך צו באַשיצן פון דעם פאָלקס-צאָרן און קעגן די מעגלעכע אַרויסטרעטונגען מיצאַד די סאָלדאַטן אין די גאַרניזאָנען פון ביידע הויפּט-שטעט — האָט זיך גאָר געבומען פאַרגרייטן מיט לאָיאַלע מיליטער-טיילן, אויף וועלכע זי זאָל זיך קאָנען פאַרלאָזן, אַז זיי וועלן שטיין מיט איר און זי פאַרטיידיקן אין אַ בויט-פאַל קעגן פאָלק...

אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, האָבן מיר באַ זיך דאָ, אויף דער אייגענער פּאָזיציע, געפונען אַן אַקטועלע באַשטעטיקונג. מען האָט זיך מיטאַמאָל דערוואוסט ביי אונדז, אַז די צוויי פאָלקן פוסגייער קאָזאַקן, — די אַזוי גערופענע „פּלאַסטונעס”, וועלכע זענען געווען צוגעקאָמאַנדירט צו אונדזער קאָרפּוס אַלס אויסשפּירער און וועלכע זענען געשטאַנען אַרום אַ צענדליק וויאָרסט לינקס פון אונדז, — האָבן מיטאַמאָל באַקומען אַ באַפעל פונעם אַרמיי-שטאַב, אַז זיי זאָלן זיך גלייך פאַרנעמען מיט אַלעם און שוין אַרויסרודערן פונעם פראָנט...

וואוהין זיי וועלן אַרויסגערופן — האָט קיינער ביי אונדז, עמעס, אויף קלאָר ניט געוואוסט. עס איז אָבער אויסגעקומען זייער פאַרדעכטיק. אין שטאַב-קאָרפּוס, וואו מיר האָבן זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם, האָט מען געענטפערט, אַז זיי, די „פּלאַסטונעס”, ווערן אינגאַנצן פרייגעלאָזט און אַז זיי פאָרן אַהיים צו זיך אין די „כוטאָרן”*). דאָס האָט אויסגעזען אומגלויבלעך. קיינעם האָט זיך ניט געקאָנט לייגן אפן סייכל, אַז מען

*) קאָזאַקישע דערפלעך.

זאָל בלויז זיי, די קאָזאַקן, הייסט עס, דעמאָביליזירן. אַ כשאַד האָט זיך געשאַפן, אַז דאָס רופט מען זיי גאָר אַרויס ערגעץ, אויף צו „באַרואיקן״ אַ „צעבונטעוועטע״ אַרמיי, אָדער אַ רעוואָלטירנדיקן פּאָלק. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּאַרדאַכט, אַז דאָס רופט מען זיי מיסטאָמע אַרויס קיין פּעטראָגראַד, אָדער מאָסקווע, קעדיי צו שטיין אין דירעקטן דינסט פון דער ציישווייליקער רעגירונג און גרייט זיין זי צו פאַרטיידיקן קעגן מעגלעכע אַרויסטריטן מיצאַד די דאָרטיקע מיליטער-גאַרניזאָנען...

אַז דאָס איז מעגלעך, האָט מען געדרונגען דערפון, וואָס זיי, די דאָזיקע „פּלאַסטונעס״, האָבן ביז איצט נאָך אַלץ געלעבט פונקט ווי פאַר דער רעוואָלוציע. קיין קאָמיטעטן, סאָוועטן, אָדער אַפילו פאַרטרעטער צום קאָרפּוס-סאָוועט, אַזוי ווי אַלע אַנדערע פּאָלקן און אָפּטיילונגען פון אונדזער קאָרפּוס — האָבן זיי נאָך אַלץ ניט געהאַט. געשמועסט האָט מען, אַז זיי האָבן נאָך אַפילו אויף קלאָר ניט געוואוסט, אַז אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע און אַז עס איז שוין מער קיין צאַר ניטאָ. ווי מען האָט גערעדט, האָבן זיי נאָך אַלץ געגלויבט זייערע קאָמאַנדירן, אַז די ציישווייליקע רעגירונג איז בלויז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פונעם צאַר גופע, ביז ער וועט צוריק געזונט ווערן און ווידער קאָנען איבער-נעמען די רעגירונג מיטן טראָן. די פאַרזוכן מיצאַד אַנדערע סאָלדאַטן פון קאָרפּוס אויפצוקלערן און צו אָרגאַניזירן די „פּלאַסטונעס״, האָבן קיינמאָל זיך ניט איינגעגעבן. אונדזערס אַ פּאָלק-סאָוועט, וואָס האָט זיך געפונען בישכיינעס מיט זיי, האָט עטלעכע מאָל געפּרובירט צוקומען צו זיי אויף אָנצוקנופּן פאַרבינדונגען, אָבער אָן אַ דערפאָלג. זייער שטאַב האָט בעשום אויפן ניט געוואָלט געבן קיין דערלויבעניש צו רעדן צו די קאָזאַקן ווי צו אַ מאַסע. אַפילו די פאַרזוכן, וואָס יאַטן האָבן געמאַכט, צו רעדן וועגן דעם מיט איינציקע קאָזאַקן פערזענלעך, האָבן אויך ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. אַפּאָבים, אַז זיי, די דאָזיקע קאָזאַקן, האָבן נאָך שטאַרק מוירע געהאַט פאַר זייער נאַטשאַלסטווע ניט נאָר אַ מויל צו עפענען, נאָר אַפילו זיך צוהערן צו אַנדערע מיט אָפענע מיילער...

אָבער דעם דאָזיקן פּראָבלעם האָט מען פאָרט געמוזט דערליידיקן און דאָס טאָן טאַקע וואָס גיכער אויך. פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז מען טאָר דאָס ניט לאָזן גיין אַזוי. דער קאָרפּוס סאָוועט האָט זיך דעריבער גלייך מאָביליזירט און פאַרהאַנדלט די פראַגע. די זיצונג איז געווען אַ שטורמישע. די רעבאַטעס אַרום דער פראַגע האָבן זיך פאַרצויגן אַ שטיק צייט. מען האָט אַלץ געטראַכט וועגן אַ מיטל ווי אַזוי מען זאָל קאָנען צוקומען דירעקט צו די „פּלאַסטונעס״, אָדער בעסער געזאָגט: — ווי אַזוי צו ווירקן אויף זייער נאַטשאַלסטווע, אַז זיי זאָלן צונויפרופן

די קאָזאַקן אפן פלאַץ אַרום זייער שטאַב און לאָזן רעדן צו זיי.

קאַלינסקי האָט אַרגומענטירט:

— אויב איינציקע מענטשן, אָדער איינציקע פּאָלקן האָבן עס ניט געקאָנט באַווייזן, מיינט עס נאָך ניט, אַז אויך דער קאָרפּוס־סאָוועט זאָל עס ניט קאָנען. אויב דער קאָרפּוס־סאָוועט, — האָט ער אָנגעוויזן, — האָט געקאָנט צווינגען דעם הויפּט־שטאַב פון דער קאַווקאַזער אַרמיי, אַז עס זאָל צוריקגעצויגן ווערן דער באַפעל וועגן אָנגריף, וועט ער זיכער אויך קאָנען צווינגען די קאָזאַקישע אַטאַמאַנעס, אַז זיי זאָלן צולאָזן אונדז רעדן צו די קאָזאַקן...מען וועט מיסטאָמע בלויז דאַרפן צו זיי אַ רעד טאָן מיט באַק־ציינער. און אויב...

סטעפּאַקין, וועלכער איז אַפילע ניט געווען קיין דעלעגאַט צו דעם קאָרפּוס־סאָוועט, נאָר וועלכער איז — ווי אַ באַאָבאַכטער — געקומען צו דער זיצונג, און באַקומען די פּריווילעגיע צו זאָגן זיין מיינונג, — האָט אויסגעלאַכט קאַלינסקיס זיכערקייט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אף אַזאַ וועג ווי קאַלינסקי לייגט פאָר, טאָר מען זיך ניט לאָזן, ווייל דאָס קאָן פירן צו שלעכטע רעזולטאַטן, און מעגלעך צו בלוט־פאַרגיסונג...

— די געשיכטע האָט אונדז געלערנט, — האָט סטעפּאַקין געוואָרנט, — אַז מיט קאָזאַקן טאָר מען זיך אַזוי ניט שפּילן...אַז זיי זענען דאָך צוריקגעשטאַנענע מענטשן, מיט ווילדע באַגריפן און רויע עמאָציעס... און אויב זיי ווילן דאַווקע פאַרבלייבן פינצטערע ברואים, טאָ זאָלן זיי. מיר דאַרפן און טאָרן זיך ניט מישן... און אַ כוץ דעם, — האָט ער שוין באַם סאָף, ווען ער האָט באַמערקט די כויזעק־שמייכלען אַרום זיך, מיט רעזיגנאַציע צוגעגעבן, — אַ כוץ דעם, לוינט זיך דאָך ביכלאַל ניט אָט דער גאַנצער אייסעק צוליב די עטלעכע מייעס וואָס זיי האָבן דאָרט...

ער האָט געגומען באַווייזן, אַז קאָזאַקן זענען אַ קלאַס פאַר זיך; אַז זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געוואָלט צונויפמישן מיט דעם איבעריקן רוסישן פאָלק און האָבן טאָמיד געלעבט אַן אָפּגעזונדערטן סאָרט לעבן. ער האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז ווייל זיי — די קאָזאַקן — האָבן אַלעמאָל באַקומען באַזונדערע און ספּעציעלע פּריווילעגיעס פון דער צאַרישער מאַכט, איז דעריבער...

קאַלינסקי, וועלכער האָט זיך באַ די זיצונגען געוויינטלעך טאָמיד פאַרהאַלטן רואיק און קאַלטבלוטיק, איז אָבער דאַסמאָל, איבער סטעפּאַקינס רייד, געוואָרן גאָר אַן אויפגעקאָכטער. זיין אויפרעגונג האָט מען געקאָנט דערקענען לויט דעם, ווי ער, קאַלינסקי, האָט אַזש געגומען ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער און זיין פּאָנים האָט אָנגעהויבן גליען און צוקן אין דער ראַם פון זיין בלאָנדער באָרד. מיטאַמאָל, ניט קאָנענדיק

אַפּאָנים מער איבערטראָגן סטעפּאַקינס רייד, — איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ, האָט מיט ביטערקייט אַ קוק געטאָן אויף סטעפּאַקינען, געוומען קלאַפּן מיט אַ פויסט איבערן טיש און אויסגעשריגן:

— גענוג! עס איז שוין גענוג קלאָר!... אַזוי, איר האָט, הייסט עס, מוירע, אַז די קאָזאַקן וועלן פאַרלירן זייערע פּריווילעגיעס פון אַ פּאַראייניקונג?!... יאָ, אַ גאָר פיינער אַרגומענט, כ׳לעבן!... יאָ־נו, אויב אַזוי, וועט עפּשער טאַקע ניט שאַטן, אַז מיר זאָלן כאָטש אַ קוק טאָן וואָסער סאָרט פּריווילעגיעס די קאָזאַקן, — ספּעציעל די „פּלאַסטונעס״, — האָבן עס געהאַט פונעם צאַר און פאַרוואָס, לויט אייערע רייד, עס לוינט זיך זיי ניט צו גיין צוזאַמען מיטן גאַנצן אַרבעטער־פאָלק...

אין אַ פייערדיקער רעדע האָט קאַלינסקי אויפגעוויקלט די לעבנס־באַדינגונגען פון די קאָזאַקן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז בעאייס זייער אַ קליינער טייל פון דער קאָזאַקישער באַפעלקערונג האָט געפּלעגט באַקומען צו פיצלעך ערד פון דער צאַרישער רעגירונג, האָבן אָבער די דאָזיקע, וואָס האָבן געדינט אין „פּלאַסטונעס״, גאָר קיין ערד ניט באַקומען. זיי זענען ביכלאַל געווען צווישן דעם אָרעמסטן טייל און האָבן ניט נאָר קיין ערד ניט געהאַט, נאָר אָפט אפילו קיין היים און קיין שטיקל ברויט ניט. זיי האָבן זיך טאָמיד געמוזט פאַרנעמען מיט האַנטווערקערײַ. דאָס ראָוו פון זיי, — האָט ער ווייטער דערקלערט, — זענען געווען אָרימע שוסטערס, שניידערס, שמידן, בעקערס און אַנדערע מינים באַלמעלאָכעס. וועגן זייער וואוילזיין, — האָט קאַלינסקי סאַרקאַסטיש באַמערקט, — איז גענוג צו זען דערפון, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט קויפן קיין זאָטלען און אויסהאַלטן אַ פערד, אַזוי ווי קאָזאַקן האָבן עס ביכלאַל געדאַרפט טאָן פאַר זייערע באַקומענע פּריווילעגיעס... און דערפאַר טאַקע האָט עס די צאַרישע רעגירונג באַשאַפן פאַר זיי, פאַר אָט די אָרימערע קאָזאַקן, די ספּעציעלע פיסגייער פאָלקן, די „פּלאַסטונישע״, אַזוי צו זאָגן, אין וועלכע זיי זאָלן דינען ווי פאַטרול־אויסשפּירער, און אַזוי־אַרום קאָנען אָפּגעבן די בוריטיקע צאָל יאָרן אין מיליטער, פאַרן רעכט צו אָטעמען...

מיט זיכערקייט האָט קאַלינסקי אָנגעוויזן, אַז אָט די „פּלאַסטונעס״, אַזוי גיך ווי מען וועט נאָר קומען צו זיי און זיי דערקלערן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וועלן זיי גלייך אויסציען אַ ברודערלעכע האַנט און זיך פאַראייניקן מיט אַלע איבעריקע טיילן פון קאָרפּוס:

— און דעריבער, — האָט ער פאַרענדיקט זיינע רייד, — דאַרפן מיר זיך גאָרניט שרעקן. מיר דאַרפן בלויז דערוויילן אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל אַריבערגיין צו די „פּלאַסטונעס״ און...

מען האָט גלייך געוומען קלויבן אַ דעלעגאַציע. גרישונין האָט זיך

אַליין פאַרגעשלאָגן צו זיין איינער. די איבעריקע זעבען דערווייל געוואָרן: טאַקע קאַלינסקי אַליין, דאַווידאָוו און נאָך צוויי סאָלדאַטן, — פאַרטרעטער צום סאָוועט פון אַנדערע צוויי פאָלקן.

צומאָרגנס פאַרטאָג, איידער עס האָט נאָך אָנגעהויבן צום בלויען, זעבען שוין גרייט געווען פינף געזאָטלטע פערד און די דעלעגאַציע — די גרופּע פון פינף — האָט זיך רייטנדיק פאַרנומען׳ אין וועג אַריין, אין דער ריכטונג צום „פּלאַסטונישן״ שטאַב...

*****

**אין לאַגער** באַ די קאָזאַקן איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערדיקע צוגרייטונג צום אַוועקגיין. פון דער פּאָזיציע זעבען זיי שוין געווען אַרונטערגענומען און פאַרביטן געוואָרן מיט אַן אַנדערער אָפּטיילונג. זיי אַליין האָבן גערייניקט און געגעפּוצט זייערע ביקסן, אויספאַראָכטן געשפּאַנען, געשמירט די רעדער און די אַקסן פון זייערע אָבאָז־וועגעלעך, אונטערגעשמידט די אָבאָז־פערד און אַרומגעדעקט די אָנגעלאָדענע פּראָוויאַנט־וועגעלעך מיט שווערע ברעזענטן. לויט זייער האַלטונג, און זייערע רייד, איז קלאָר געווען, אַז זיי אַליין האָבן ניט געוואוסט צו וואָס זיי גרייטן זיך, פון וועמען, באָכוואָס און וואוהין, זיי ווערן אַרויסגעשיקט...

אין שטאַב פון די „פּלאַסטונעס״ האָט מען די דעלעגאַציע טכילעס איבגאַנצן ניט געוואָלט ענטפערן. ענדלעך, ווען עס איז זיי דאָרט קלאָר געוואָרן, אַז די דעלעגאַציע וועט ניט אָפּטרעטן און האָט ניט קיין מוירע פאַר טעראָריזירן, האָט זיך די באַציאונג צו זיי עטוואָס געביטן. דער קאָזאַקישער אַטאַמאַן,— אַ נידעריקער און געפּאַקטער פּאָלקאָווניק, מיט גרויסע רויטע וואָנצעס, אף אַ פּאָנים, וואָס האָט מאַמעש געשפּריצט פון זיך מיט פייער,— איז געשטאַנען אין דער טיר פון דער קאַנצעלאַריע, האָט געקוקט אף דער דעלעגאַציע און נאַכלעסיק געדרייט די וואָנצעס. געזאָגט האָט ער, אַז ער וועט בעשום אויפן קיינעם ניט דערלויבן צו אַגיטירן זיינע קאָזאַקן און מאַכן פון זיי בונטאָווששיקעס. שפּעטער, אָבער, נאָכדעם ווי די דעלעגאַציע האָט איבערגעכאַזערט די פּאָדערונג און, שטרענגער ווי פריער, אים געלאָזט וויסן, אַז דער קאָרפּוס וועט זיך רעכענען מיט אים פאַר זיין שטערונג,— האָט ער זיך ערשט פויל אויסגעדרייט און, מיט אַ געמאַכטער איידלקייט, געזאָגט, אַז אייגנטלעך וואָלט עס אים פערזענלעך ניט געאַרט, אַז מען זאָל יאָ רעדן צו זיינע קאָזאַקן, נאָר אַזוי ווי ער ווייסט, אַז זיי אַליין, די קאָזאַקן הייסט עס,

ווילן קיינעם ניט הערן און ווילן זיך ניט מישן מיט קיין דרויסנדיקע, ווי אויך דערפאַר, וואָס ער האָט מוירע, אַז זיי זאָלן אַמאָל די געסט גופע כאַלילע ניט צערייסן אף שטיקער, דעריבער...

— און איר קאָנט דאָך ניט פאַרלאַנגען פון מיר, — האָט ער מיט אַ כיטרען שמייכל אַ זאָג געטאָן, — אַז איך זאָל אַרויפזעצן בייע קעפּ אף זיי און זיי צווינגען אייך יאָ אויסצוהערן, ווען זיי ווילן עס ניט...

און מיט אַ געמאַכטן ערנסט, צוגעגעבן:

— איר ווילט דאָך זיכער ניט ברענגען צו געשלעגן, האַ?...

די דעלעגאַציע האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקן און אָפּגעענטפערט, אַז זיי גלויבן זיך ביכלאַל ניט, אַז מענטשן זאָלן גלאַט אַזוי זיך, אָן שום סיבעס, זיך וואַרפן שלאָגן אף עמעצן. דערביי האָבן זיי צוגעגעבן, אַז אַן ענטפער וועגן אָפּזאָגן זיך פון אויסצוהערן די דעלעגאַציע, וועט אָנגענומען ווערן בלויז פון די קאָזאַקן גופע, און דאָס, אויך ערשט נאָכדעם, ווי מען וועט זיי האָבן דערקלערט וואָס מען וויל פון זיי...

דער אַטאַמאַן האָט זיך געקווענקלט אַ ווייל, אָבער סאָף-קאָל-סאָף באַווייליקט צונויפצורופן די קאָזאַקן, אָבער ביטנאַי, אַז מען זאָל אים פריער זאָגן וועגן וואָס מען איז געקומען און וואָס מען וויל. די יאַטן פון דער דעלעגאַציע האָבן דאָס קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און גאַנץ שאַרף געמאָלדן, אַז ער, דער אַטאַמאַן, וועט געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך צום גאַנצן קאָרפּוס, אויב ער וועט זיך ווייטער שטעלן אין וועג פון צולאָזן רעדן צו די קאָזאַקן, אָדער זיי גלייך ניט צונויפרופן אף צום אויסהערן וואָס דער קאָרפּוס-סאָוועט האָט זיי צו זאָגן.

דער אַטאַמאַן האָט ווידער אַ דריי געטאָן די האַלבע וואָנצע, לייכט אַ הוסטעלע געטאָן און געבעטן, אַז די דעלעגאַציע זאָל אויסוואַרטן אַ ווייל. אַליין איז ער מיט זיינע קוויטשיקע שטיוועלעך און מיט שפּאָרן-קלאַנג אַריין אין קאַנצעלאַריע, דערביי צואוואַרפנדיק, אַז ער דאַרף זיך פריער באַראַטן מיט די איבעריקע אָפיצירן פונעם שטאַב און, צוזאַמען מיט זיי, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי דאָס בעסער צו טאָן. די יאַטן האָבן זיך צוגעזעצט וואַרטן. אין אַ שטיקל צייט אַרום איז פון דאָרט, פון דער קאַנצעלאַריע, אַרויסגעקומען אַ שעליעך און...

באַלד האָט זיך איבער דעם לאַגער צעטראָגן אַ הילכיקער „סבאָר"-סיגנאַל *), וואָס אַ קאָזאַקן-סיגנאַליסט האָט אויסגעשפּילט. די קאָזאַקן, האָט זיך געזען, האָבן גלייך אַוועקגעוואָרפן די אַרבעטן זייערע און אין איילעניש זיך גענומען צונויפלויפן אין פאָרנט פונעם שטאַב...

*****

*) סבאָר — צונויפזאַמלונג.

## אין וואַסערע פינף מינוטן זעענען די קאָזאַקן

— ווער אין אַ מונדיר און ווער סתּם אינעם אונטערשטן העמדל — שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ גרויסן קרייז. באַלד איז פונעם שטאַב אַרויסגעקומען דער אַטאַמאַן, איז אַריין אין קרייז און גענומען רעדן צו די קאָזאַקן. ער האָט אָנגעוויזן אַף דער דעלעגאַציע און דערקלערט, אַז דאָס זענען שעליכים פון די שיסער־פּאָלקן, וועלכע ווילן רעדן וועגן עפּעס צו זיי און — ווי עס זעט אויס — זיי, די קאָזאַקן, אַריינשלעפּן אין עפּעס אַ צאָרע, וואָס ווייס זיי, אויב זיי וועלן זיך צוהערן, מאַכן צום פאַרלירן זייערע ספּעציעלע קאָזאַקישע רעכטן און פּריווילעגיעס...

דערביי האָט דער אַטאַמאַן זיך עפּעס אַזוי ווי פאַרענטפערט פאַר זיינע קאָזאַקן, אַז ער אַליין האָט טכילעס ניט געוואָלט דערלויבן די פרעמדע סאָלדאַטן זיי צו באַאומרואיקן, נאָר ווייל ער האָט זיך באַטראַכט, אַז עס וועט בעסער זיין דאָס איבערצולאָזן צו זיי אַליין, דערפאַר...

— שוין הונדערטער מאָל האָבן פרעמדע שיידים געזוכט וועגן ווי אייך אַרונטערצופירן פונעם גלייכן וועג, אַף וועלכן איר און אייערע עלטערן זענען געגאַנגען לאַנגע דוירעס! — האָט ער פּאַטעטיש אויסגעשריגן צו די קאָזאַקן, — זיי זענען אייך מעקאַנע און פאַרגינען אייך ניט אייער שטיל און רואיק לעבן!... איך רוף אייך דעריבער, אַז איר זאָלט זיי לאָזן וויסן מיט אייערע אייגענע שטימעס, אַז איר באַשטייט אויך אַף ווייטער צו לעבן מיט אייער אייגענעם פאַרשטאַנד און אַז איר ווילט ניט עמעצער זאָל אייך קומען לערנען וואָס איר זאָלט טאָן!...

די קאָזאַקן האָבן זיך גענומען איבערקוקן. אויסגעזען האָט עס, אַז זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אָבער נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך צו אָריענטירן, איז דאַווידאָוו פלינק אַ שפּרונג געטאָן אַף פּאָרויס, אין קרייז אַריין, אויפגעהויבן אַ האַנט און אויסגערופן:

— ברידער קאָזאַקן, ווי ברידער זענען מיר געקומען צו אייך, ווי ברידער ווילן מיר רעדן צו אייך און ווי ברידער — אַוועקגיין פון אייך! הערט אונדז אויס, איידער איר באַשטימט, לויט אייער אַטאַמאַנס אייצע, אונדז ניט אויסצוהערן!... באַרעכנט, אַז עס קאָן דאָך זיין, מיר האָבן אייך איצט געבראַכט עפּעס אַזאַ גוטע בסורע, פון וועלכער איר אַליין וועט צופרידן זיין און אונדז נאָך באַדאַנקען דערפאַר!...

די קאָזאַקן זענען געשטאַנען שטומע און גענומען אומדרייסט קוקן אַף דער דעלעגאַציע, ווי אין דערוואַרטונג וואָס מען וועט זיי זאָגן. קאַלינסקי האָט מער ניט געוואַרט. אין קלאָרע ווערטער האָט ער די

קאָזאַקן דערקלערט וועגן דער פאָרגעקומענער רעוואָלוציע און אַז דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך דורך דעם באַפרייט פון דער צאַרישן דעספּאָטישער מאַכט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט געקעמפט און קעמפט נאָך ווייטער אַף אָפּצושטעלן די מילכאָמע, פאַר ברויט און ערד און פאַר פרייהייט. ער האָט אויך אויפגעוויזן די קאָזאַקן, ווי זיי זענען שטענדיק באַרויבט געוואָרן פון זייערע אַטאַמאַנען און פירער, וועלכע האָבן פאַר זיי פאַרשלאָסן די אָפענע וועלט און זיי ניט געלאָזט פריי אָטעמען:

— אָבער איצט, — האָט ער ווי אויסגעזונגען, — איז אַ נייע צייט געקומען!...איצט ווערט אָפּגעשאַפט יעדע שקלאַפעריי!... אַצינד ווערט אָפּגעשאַפט הונגער און נויט!...נו, וועט איר, אָבער, קאָזאַקן, זיך נאָך ווייטער לאָזן באַרן פון אייערע אוריאַדניקעס און אַטאַמאַנען, און זיך אַוועקלאָזן אַף זייער באַפעל צו שלאָגן אייערע אייגענע ברידער, וואָס האָבן איצט אויפגעהויבן זייערע קעפּ און אָפּגעטרייסלט די שקלאַפעריי פון זיך?... וועט איר אַף ווייטער זיך לאָזן אונטערדריקן פון אייערע אָפיצירן, וועלכע לעבן פון אייער פראַצע, פון אייער בלוט?...

דער אַטאַמאַן, וועלכער איז ביז איצט געשטאַנען און געקריצט מיט די ציין, האָט — ווי מען האָט באַמערקט — זיך ווי ביגבייורע גענומען אַרויסרוקן פונעם קרייז אַרויס און איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. די קאָזאַקן זענען נאָך אַלץ געשטאַנען שטיל און אומבאַוועגלעך. זיי האָבן זיך, ווי געפּלעפטע, צוגעהערט צו די רעדעס פון די יאַטן פון דער דעלעגאַציע, אין וועלכע זיי האָבן קעסיידער דערקלערט, אַז זיי, די קאָזאַקן אַליין, זענען שוין איצט אויך פרייע מענטשן; אַז זיי דאַרפן — אַזוי ווי אַלע אַנדערע סאָלדאַטן — אַרונטערוואַרפן פון די פּלייצעס דעם יאָך פון דער שווערער דיסציפּלין, מיט וואָס זייער באַטשאַלסטווע האָט זיי פאַר יאָרן לאַנג געהאַלטן ווי מיט אַ שטריק געבונדן; אַז זיי דאַרפן איצט אַליין ווערן די אייגענע באַלעבאַטים איבער זיך און אַליין באַשליסן וועו און וואוהין צו גיין...

— אַדראַבע, זאָגט איר אַליין, וואָס האָט איר באַקומען פאַר אייער איבערגעגעבענער שקלאַפעריי? — האָט גרישונין, באַם אָנהויב פון זיינע רייד, אַ פרעג געטאָן; — צי גייט איר פון דאַנען אַוועק רייכערע און גליקלעכערע ווי איר זענט אַהערגעקומען?... האָט איר עפּעס באַקומען פאַר די מאַסן וואונדן, פאַר די איבערגעהאַקטע לעבנס, פאַר די לעבנס פון די אייגענע, וועמען איר האָט דאָ, אַף די פרעמדע טערקישע בערג, איבערגעלאָזט?... האָבן כאָטש אייערע ווייבער און קינדער, אינדערהיים, עפּעס באַקומען פאַר די ליידן?... און זענען דען פאַר אייך — נאָך דעם אַהיימקומען, — ניט אָנגעגרייט קיין פרישע ליידן און נויטן?...איז טוט

זשע דעריבער אַ טראַכט, צי דאַרפט איר זיך לאָזן אַריינשלעפּן אין אַ נייער מילכאָמע, דאַסמאָל שוין ניט קעגן פרעמדע טערקן, וועמען איר האָט קיינמאָל ניט געקענט אַפילע, נאָר טאַקע קעגן אייערע אייגענע ברידער, קעגן אייגענע רוסישע מענטשן...

די קאָזאַקן האָבן אַלץ גאָרניט געענטפערט. זיי האָבן אַפילע ניט אַרויסגעוויזן אַ מינדסטן צייכן פון צופרידנקייט, אָדער געגנערשאַפט. עס איז קלאָר געווען, אַז זיי האָבן פּאָשעט מוירע געהאַט צו באַשליסן זיך אַ וואָרט אויסצורעדן. עס האָט זיך שאַרף אָנגעזען, אַז די לאַנג־יאָריקע פאַרשקלאַפונג זייערע האָט פאַרוואָרפן אין זייערע מויכעס שוין צו טיפע וואָרצלען פון אונטערטעניקייט, וואָס זיי האָבן אַזוי לייכט ניט געקאָנט אויסוואָרצלען פון זיך...

*****

**צווישן** די קאָזאַקן האָט פאַר עטלעכע מינוטן געהערשט אַ שווערע אָנגעצויגנקייט און קיינער האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן. אָבער אין אַ ווייל שפּעטער האָט זיך אַלץ מיטאַמאָל געביטן. אומגעריכט פאַר אַלעמען האָט זיך פון צווישן זייערע רייען געטאָן אַ רוק אַרויס אַ קליין געוויקסיקער, דיקלעכער קאָזאַק, מיט אַ פּאָר גרויע וואָנצעס און מיט אַ געזונטן, ווי פון דער זון־אָנגעברענטן, פּאַנים. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעטראָגענער, געלאַטעטער, פוטערנער „פּאָדיאָווקע”, וואָס איז געווען פאַרברוינט פון אַלטקייט. ער האָט זיך אַ קאַטשע געטאָן ווי אַ פעסל צום סאַמע מיטן פּלאַץ, זיך אַ דריי געטאָן אין אַלע זייטן און אַרומגענומען די אַרומשטייענדיקע קאָזאַקן מיט זיינע צעגליטע אויגן. דערנאָך האָט ער מיט קאַאַס און אימפּעט אַ וואָרף געטאָן זיין פוטערנע „פּאַפּאַכע” צו דער ערד און — אף די העכסטע טענער, ווי מיט בלוט פונעם האַרצן — גענומען שרייען:

— ברידער מיינע!... האָט איר, דער טייוול זאָל עס נעמען, כאָטש געהערט, וואָס די מענטשן האָבן אונדז דאָ דערציילט?... האָט איר, דער טייוול זאָל עס נעמען, כאָטש געהערט ווי עס האַלט אין דער וועלט?... איז וואָט זשע וועלן מיר ענטפערן?... וואָס דאַרפן מיר ענטפערן, דער טייוול זאָל עס נעמען?... הערט נאָר, הערט: אַזאַ זאַך איז פאָרגעקומען און מיר, דער טייוול זאָל עס נעמען, האָבן דערפון קימאַט ווי גאָרניט געוואוסט!... און אונדזער אַטאַמאַן האָט ערשט פריער אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיי אַפילע ניט אויסהערן, נאָר פאַרטרייבן פון זיך!... אָ, איצט איז עס מיר שוין קלאָר, דער טייוול זאָל עס נעמען!... יאָ,

ער האָט עס אַזוי אינמיסטן געזאָגט, ווייל ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין לאַנד און האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס ווילן טאַקע די סאָלדאַטן אונדז דערציילן און עס איז אים ניט געווען צום האַרצן...אָבער מיר, ברידער, וואָס דאַרפן מיר איצט זאָגן?... איך רעכן, ברידער, אַז מיר דאַרפן קודעם קאָל באַדאַנקען די סאָלדאַטן. יאָ, האַרציק באַדאַנקען, וואָס זיי זענען געקומען צו אונדז און זיי האָבן אונדז, דער טייוול זאָל עס נעמען, ווי פון שלאָף אויפגעוועקט!...

דער קאַזאַק — אַן איבערגעפלאָסענער פון היסלייוועס — האָט זיך אַ ווייל אָפּגערוט און באַלד ווייטער גענומען רעדן:

— סיידן מיר זענען טאַקע אַזעלכע גראָבע קעפּ, דער רועך זאָל עס נעמען, און קאָנען גאָרניט פאַרשטיין און באַגרייפן... אָבער באַרעכנט, אַלץ וואָס די סאָלדאַטן האָבן דאָ געזאָגט, איז דאָך דער עמעס...זענען מיר דען ניט קיין בלינדע שקלאַפן געווען? האָט מען אונדז דען ניט געהאַלטן פאַר באַרישע בעהיימעס?...דערמאַנט זיך נאָר וואָסערע מאַיסעס מען האָט עס אונדז דערציילט און מיר האָבן אַלץ געגלויבט... טוט נאָר אַדראַבע אַ טראַכט: אין לאַנד איז שוין קיין צאַר ניטאָ און אונדז האָט מען ערשט נעכטן געהייסן גאָט בעטן פאַר זיין געזונט!...אינעם לאַנד הערשט שוין פרייהייט און אונדז האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אַזוי ווי שקלאַפן...אין מיליטער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס טיטולירן און די באַליידיקונגען, אָבער דאָ, ביי אונדז, האָבן מיר נאָך אַפילע איצט-אָ אויסצושטיין די ערגסטע דערנידעריקונגען!...

ער האָט זיך ביטער צעלאַכט און גענומען שניידן:

— דערמאַנט זיך נאָר אינמיסטן, ברידער, ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, דער טייוול זאָל עס נעמען, האָט דער וואַכמיסטער שימין, פון דער דריטער מייע, מיט אַ נאַגייקע געשלאָגן דעם קאָזאַק בונינען אפן הוילן לייב, ווייל ער האָט אים עפּעס אַזוי גיך ניט געפאָלגט... מיט אַ וואָך פריער האָט אויך דער אוריאַדניק דוריעוו פון דער פינפטער מייע געפּאַסעוועט דעם קאָזאַק שופּאַק פאַר עפּעס אַנדערש. נאָר צו וואָס זיך נאָך ראַיען אין אונדזער אייגענער שאַנד?...אַלע ווייסן עס זייער גוט!... אין אונדזער אַלעמענס הערצער, דער טייוול זאָל עס נעמען, זידט דאָך נאָך דער קאַאַס און פאַרדראָס, נאָר מיר האָבן עס מוירע אַרויסצוצייגן. אָבער, צי ווועלן מיר, דער טייוול זאָל עס נעמען, דערלאָזן, אַז מען זאָל אויך ווייטער איבער אונדז כויזעק מאַכן?... ווועלן מיר צושטימען אויך ווייטער צו פאַרבלייבן אין דער פינצטער, בעאייס אומעטום האָט שוין אויפגעשיינט די זון?... ניין, ברידער קאָזאַקן, מיר דאַרפן זיך טאַקע פאַרייניקן מיט אונדזערע ברידער סאָלדאַטן!...עס איז איצט געקומען די

צייט, וואָס מיר, קאָזאַקן, דאַרפן אָפּוואַשן אונדזערע הענט פונעם בלוט און פון דער שאַנד, וואָס ליגט אַף אונדז שוין פון לאַנגע דוירעס!... איך זאָג אייך, ברידער מיינע, אַז־איך, דער טייוול זאָל עס נעמען, וועל זיך פּאָשעט שעמען צו בלייבן אַ קאָזאַק, אויב...

די קאָזאַקן — הערנדיק זייער כאַווערס רייד — האָבן זיך גענומען איבערמורמלען צווישן זיך. דערווייל האָט זיך פון ערגעץ אַרויסגערוקט אַ וואַכמיסטער און, מיט געהאַקטע טריט, זיך געלאָזט גיין אין קרייז אַריין. ער איז געווען אַ הויכער און דאַרער, פונקט דער היפּעך פון יענעם, וואָס האָט נאָר וואָס אָפּגערעדט. שטייף און גלייך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געטאָן אַ מאָדנע הוסט, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ הילכיקן כריפּ און — וואַרפנדיק מיט זיינע הענט פון רעציכע — גענומען דונערדיק אויסשרייען:

— ברידער קאָזאַקן! — האָט ער געשטורעמט, — דער קאָזאַק דאַנין אין זיין מאַמען אַריין, איז ניט אַנדערש נאָר פּאָשעט מעשוגע געוואָרן! ער האָט גערעדט ווי אַ זאַבאַסטאָווששיק, ווי אַ בונטאָווששיק און ווי אַ פאַרעטער צום קאָזאַקן־שטאַם!... איר האָט געהערט? ער שעמט זיך דאָך, אין זיין מאַמען אַריין, צו זיין אַ קאָזאַק אַפילע!... נו, איז אויב עס געפעלט אים טאַקע ניט צו בלייבן מער מיט אונדז צוזאַמען, צו געניסן אַלע רעכטן און פּריווילעגיעס אַזוי ווי מיר אַלע האָבן, און צו גיין אַף אונדזערע אַלטע אויסגעטראָטענע וועגן, אַזוי ווי עס זענען געגאַנגען אונדזערע טאַטעס און זיידעס, — האָט ער, אין זיין מאַמען אַריין, איין ברײדע: ער קאָן זיך גלייך פאַרנעמען פונדאַנען און אַוועקגיין צוזאַמען מיט די סאָלדאַטן, פונוואַנען זיי זענען געקומען!...

ער האָט, אַפּאָנים, נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער גלייך האָט זיך אין די רייען אָנגעהויבן אַ געטומל. פון מויל צו מויל האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אומקלאָרע ווערטער. מיטאַמאָל האָט זיך פון צווישן די רייען אַ רוק אַרויס געטאָן נאָך אַ קאָזאַק, האָט איילנדיק גענומען גיין צום צענטער און נאָך פונווייטן אויסגעשריגן:

— האַווקעסט ווי אַ הונט, שימין! ביי גאָט, האַווקעסט נאָר ווי אַן אַלטער הונט! — האָט ער געדראָעט מיט אַ פינגער צום וואַכמיסטער, — קיינער גלויבט דיר סיי ווי ניט, דו צויגישער זון!... מיר האָבן שוין גענוג געהערט דיינע מאַיסעס! גענוג שוין געפּלאַפּלט וועגן דעם, ווען מיר זענען נאָך אין „כוטאָר” געווען! הער נאָר: וועגן וואָסערע רעכטן און פּריווילעגיעס רעדסטו דאָס?... עפשער זענען דאָס די רעכטן פון געשלאָגן צו ווערן מיט נאַהאַיקעס אַף די הוילע לייבער, אַזוי ווי מיר האָבן עס געהאַט ביז איצט?... אדער זענען דאָס די פּריווילעגיעס צו

ווערן געשוואָלן פון הונגער, בעאייס אונדזערע אוריאַדניקעס און די אַטאַמאַנען פרעסן פון שענצטן און בעסטן?... צי עפשער מיינסטו גאָר יענע פּריווילעגיעס, וואָס מיר דאַרפן גיין צו די פראָנטן און פאַרלייגן מיט אונדזערע לעבנס?... ברידער קאָזאַקן, — האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ דריי געטאָן צום קרייז, — געבוג האָבן מיר זיך שוין אָנגעליטן פון זיי!... גענוג!... איצט, ווען עס איז שוין מער ניטאָ קיין צאַר איבער אונדז; אַז דאָס פאָלק האָט אים אַרונטערגעוואָרפן פון זיך, — מעגן מיר אויך אַרונטערוואַרפן פון זיך די אַלע הינטישע אוריאַדניקעס מיט די אַטאַמאַנען און — צוזאַמען מיט זיי — אַזעלכע וואַכמיסטערס ווי שימין!... איצט איז די צייט, ברידער! לאָמיר עס טאָן אַזוי ווי דאָס האָבן געטאָן אַלע סאָלדאַטן, דאָס גאַנצע פאָלק!...לאָמיר...

דער וואַכמיסטער שימין, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען דערביי, איז געוואָרן אַ צעצאָרנטער און אָנגעגאָסענער מיט בלוט. ער האָט אַזש געגומען ציטערן פון רעציכע. מיטאַמאָל איז ער פלינק אַ שפרונג צו געטאָן אַנטקעגן דעם קאָזאַק, וועלכער האָט אים אָנגעגריפן, און דערביי זיך גענומען טאַפּן באַם פאַסיק, אַפן פלאַץ וואו ער האָט געווייינטלעך שטענדיק געטראָגן אַ רעוואָלווער. ווען ער האָט זיך אָבער געכאַפּט, אַז ער האָט אים ניט, האָט ער זיך ברייט אַ שטעל געטאָן אַנטקעגן יענעם, גענומען דראָען מיט אַ פויסט אף זיין פּאָנים און געשריגן:

— הער נאָר, דו, שופּאַק, פאַרמאַך בעסער דיין כאַזערשן שניוק! דו, דו הינטישער זון!... עך, דו ביסט דאָך נאָך ערגער אַפילע פון אַ בונטאָוושטשיק!... אַזעלכע כעווערע ווי דו דאַרף מען ניט נאָר שמייסן, נאָר, ביי גאָט, דערשיסן ווי אַ מעשוגענעם הונט!...

דער קאָזאַק, וועמען דער וואַכמיסטער האָט אָנגערופן שופּאַק, האָט זיך, ווייזט אויס, ניט דערשראָקן. ער האָט זיך שאַרף אַ דריי געטאָן מיטן פּאָנים צו יענעם, אין איפּערעגונג — פלינק אַ ריס געטאָן דאָס העמדל פון זיין לייב אַרונטער און — אַנטבלויזנדיק אַ בלאָנד-האָריקע באַקעטע ברוסט — גענומען קלאַפּן מיט זיין פויסט אף איר:

— נאַ, הונט איינער, שיס! — האָט ער געשריגן מיט אַ טראַציקער ביטערקייט צו אים, — שיס!... וואָרים אויב איך האָב געקאָנט פאַרטראָגן אַזויפיל שראַמען פון די נאַהייקעס אף מיין לייב, וועל איך מיסטאָמע אַ קויל אויך קאָנען פאַרנעמען!...אָבער נישקאָשע, דיר ווערט עס שוין ניט געשענקט ווערן: פאַר איין קויל וואָס דו וועסט אויסשיסן, וועלן מיינע ברידער קאָזאַקן אייערע פעלן ווי די זיפּן צעלעכערן!...

ער האָט שאַרף אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ וואָרף געטאָן צו די קאָזאַקן:

— נו, ברידער, ווען מיר נאָך לאַנג דולדן אַזעלכע באַהאַנדלונגען, ווען מיר קאָנען און דאַרפן זיך באַפרייען דערפון?...

אין די רייען איז געוואָרן עפּעס אַזאַ אויפברויזנדיקער גערודער. די קאָזאַקן האָבן זיך עפּעס ווי צעשראָקן און פאַרלוירן איבערגעקוקט. עס האָט אויסגעזען, אַז שופּאַקס רייד האָט זיי באַווירקט און...

אָבער אין דער רגע איז פון שטאַב זייט אָנגעריטן אף אַ קליין, גרוי פערדל, דער קאָזאַקישער גאַלעך. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין סאַמע צענטער פון קרייז און שאַרף אויסגערופן:

— הערט מיך אויס, קאָזאַקן!...הערט זיך ניט איין צו די זינדיקע רייד!... געדענקט, אַז איר זענט פּראַוואָסלאַוונע מענטשן און...

און מיטאַמאָל — מיט אַ סקאַרבאָווע ניגן:

— איז לאָמיר זיך איבערציילעמען, טפילע טאָן...

די קאָזאַקן, האָט זיך געמערקט, האָבן געצעגערט. דער גאַלעך האָט אין גרויס היספּיילעס אַ הייב אויף געטאָן זיין האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ נאַהייקע פאַרן פערד, אַ פּאָכע געטאָן מיט איר, פּונקט ווי מיט אַ ציילעם, און מיט פּאַטאָס אויסגעזונגען:

— געדענקט, קאָזאַקן, אַז אייער רעטונג ליגט ניט אין קיין בונטן, נאָר...אייער רעטונג ליגט אין דעם־אָ הייליקן ציי...

צווישן די קאָזאַקן איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער.

דער גאַלעך האָט זיך אַ צעשראָקענער אַרומגעקוקט און זיך געכאַפּט אף זיין טאָעס. אַ נערווירטער האָט ער גענומען זוכן דעם ציילעם, וואָס איז געהאנגען אף אַ קייטל פון זיין האַלדז אַרונטער, נאָר דאָס געלעכטער און דאָס סוויסטשעריי האָט אים איינגאַנצן ווי צעטומלט. ער האָט אַ צי געטאָן די לייצעס און... אַ פאַרשעמטער זיך אָפּגעטראָגן...

*****

**עטלעכע** מינוטן האָט אָנגעהאַלטן אַ כאַאָטישער טומל און אומרו. קיינער פון די קאָזאַקן האָט זיך נאָך אַלץ קיין באַוועג ניט געטאָן. עס איז געווען אַ פּיינלעכע דערוואַרטונג. גרישונין, אַז ער האָט דערזען די צוריקגעהאַלטנקייט און ניט־דעצידירטקייט פון די קאָזאַקן, — איז ער גלייך אַריינגעשפּרונגען אין קרייז, זיך אַ שטעל געטאָן אין זיין גאַנצער גרויס און אויסגעדונערט:

— וואָס זשע שווייגט איר, ברידער קאָזאַקן, ווי צעטומלטע האָזן?

— האָט ער שאַרף אַ פרעג געטאָן, — האָט איר דען טאַקע גאָרניט ניט צו ענטפערן אף שופּאַקס אַרויסרוף?... איז ער גערעכט, אָדער ניט?...

אינעם קרייז האָט זיך אַזוי ווי דורכגעקייקלט אַן אומזיכערער און שיטערער געבּרום פון עטלעכע ווינקלען:

— וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו זאָגן, אַז...

— יאָ, וואָס שייך שופאַקן, האָט ער גאַנץ ריכטיק גערעדט...

— זיכער דאַרף מען מער ניט ליידן. אָבער...

די דאָזיקע אויסרופן — אָפּהענטיקע און צווייפלדיקע — זענען ניט געווען אַף קלאָר צו מאַכן די שטימונג פון די קאָזאַקן. גרישונין האָט דעריבּער ווייטער אונטערגעוואָרעמט:

— וואָס זשע,— האָט ער אַ געשריי געטאָן,— זענט איר עס טאַקע אַזעלכע צעשראָקענע, וואָס איר האָט אַפילע איצט מוירע אַרויסצוזאָגן אַ פאַרלאַנג זיך צו באַפרייען?... אָדער עפּשער רעכנט איר...

ער האָט זיך פלינק אַ דריי געטאָן אַרום זיך, דורכגעדרונגען די אַרומשטייענדיקע קאָזאַקן מיט זיינע בּליקן און אַ פרעג געטאָן:

— אַדראַבּע, לאָמיר עס קלאָר זען!— האָט ער, קעדיי אַרויסצורופן דרייסטקייט בּאַ זיי, זיך אַ וועבד געטאָן מיט אַ פּאַרשלאַג,— ווער פון אייך, בּרידער, עס איז איינשטימיק מיט איערע בּרידער דאַבּין און שופאַק, זאָל אויפהויבּן אַ האַנט!...

איינציקווייז, צום אָנהויבּ מיט אַ געוויסער אומזיכערקייט און מיט אומצוטרוי, האָט זיך דאָ און דאָרט אינעם קרייז אַ הויבּ אויף געטאָן אַ האַנט. דערבּיי האָבּן די יאַטן געקוקט איינער אַפן צווייטן מיט מוירע. עס האָט אויסגעזען, ווי יעדער איינער וואָלט געוואָרט, אַז אַ צווייטער זאָל פריער פאַר אים די האַנט אויפהויבּן. גרישונין האָט דאָס אַפּאָנים בּאַגריפן און געגומען דערמוטיקן די סאָלדאַטן:

— האָט איינזינען, יאַטן,— האָט ער אויסגערופן,— אַז קיינער פון אייער בּאַטשאַלסטווע קאָן אייך ניט בּאַשטראָפן פאַר זאָגן אַזוי, ווי מיר קאָנען אייך ניט בּאַשטראָפן פאַר זאָגן אַנדערש. איצט האַנדלט עס זיך וועגן אייער פרייען אויסדרוק, צי איר ווילט ווייטער לעבן אַזוי פאַרשקלאַפט ווי פריער, אָדער איר ווילט לעבן פריי, ווי דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק וועט לעבן פון איצטער אָן!... רעדט זשע, בּאַווייזט עס דרייסט, דורך אַרויפהויבּן די הענט!...

דאָס האָט געהאָלפן. די קאָזאַקן האָבּן בּאַקומען מוט און האָבּן — אַלע ווי איינער — אויפגעהויבּן די הענט אינדערהויך. גרישונין האָט צופרידן אַ שמייכל געטאָן און הילכיק אויסגעשריגן:

— אָט אַזוי, קאָזאַקן, איז גוט!... דאָס איז דער וועג!... איך לייג אייך דעריבּער פאָר, אַז איר אַלע זאָלט איצט אויסשרייען אַ מאַכטיקן, אַ פריידיקן „פּלאַסטונישן" הוראַ לעקאָוועד אייער בּאַפרייאונג!...

— הוראַ־אַ־אַ!...הי־אי־אי!...— האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ לאַנגער און שטורמיש־לעבעדיקער אויסרוף פון אַלע קאָזאַקן, און זיך געצויגן פאַר מינוטן לאַנג איבערן פלאַץ אַרום.

מיטאַמאָל, פונקט אינמיטן פונעם היסלייוועסדיקן אויסגעשריי, האָט זיך איבערן פלאַץ אַ טראָג געטאָן אַ שאַלנדיקער סיגנאַל־רוף. מען האָט גערופן צו מיטיק. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מען האָט גערופן אַ שטיק צייט פאַר דער געוויינטלעכער מיטיק־שאָ. דערפון איז קלאָר געווען, אַז מען האָט עס געטאָן אף באַטשאַלסטוועס באַפעל, קעדיי אָפּצוציען די קאָזאַקן פון דער פאַרזאַמלונג און ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן ווייטער שטיין און אויסהערן די רייד פון דער דעלעגאַציע...

דאָס איז זיי אָבער ניט געלונגען. שוין צו שפּעט געווען. און כאָטש די קאָזאַקן זענען זיך טאַקע יאָ מאַסנווייז צעלאָפן נאָך זייערע קעסעלעך, אָנצונעמען זייער שפּייז, איז אָבער—סיי לויט זייערע בליקן און סיי לויט זייערע צוגעוואָרפענע באַמערקונגען—קלאָר געווען, אַז די אַרבעט פון דער דעלעגאַציע האָט געבראַכט רעזולטאַטן און אַז זיי, די קאָזאַקן, זענען גרייט צו טאָן וואָס מען וועט זיי אָנווייזן...

אַ צענדליק קאָזאַקן, צווישן זיי שופּאַק און דאַנין, וועלכע האָבן זיך די ערשטע אַרויסגעשטעלט צו רעדן, האָבן אַרומגערינגלט די יאַטן פון דער דעלעגאַציע און זיי פאַרבעטן בלייבן געסט אף מיטיק, קעדיי זיך דערנאָך צוזאַמענצורעדן און באַשטימען וואָס ווייטער צו טאָן.

די דעלעגאַציע האָט, באַטירלעך, אָנגענומען די איינלאַדונג און איז פאַרבליבן. שפּעטער, גלייך ווי מען האָט אָפּגעגעסן, איז זיך די גרופּע ווידער צוזאַמענגעקומען. מען האָט אויך צוגערופן נאָך עטלעכע קאָזאַקן—פאַרטרעטער פון די אַנדערע מייעס, און עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ באַראַטונג, וואו די דעלעגאַציע האָט פאָרגעלייגט פּלענער פון ווייטערדיקער אַרבעט פאַר די קאָזאַקן...

לויט איר אָנווייזונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קאָזאַקן זאָלן אין די באָענסטע טעג דורכפירן וואַלן אף צום אָרגאַניזירן אַ סאָוועט. דערביי איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דעם אויפזיכט איבער די וואַלן און איבער דער דורכפירונג פון אַלע אַנדערע דרינגנדיקע אַרבעטן ביז דער סאָוועט וועט זיך האָבן אָרגאַניזירט, זאָל טאַקע האָבן די דאָזיקע ענגע גרופּע. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז זיי זאָלן צום קאָרפּוס־סאָוועט דערוויילן אַ פאַרטרעטער, וועלכער זאָל שטיין מיט זיי אין פאַרבינדונג, און זיי האַלטן אינפאָרמירט וועגן דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, פונקט ווי אַלע אַנדערע טיילן...

אין אָוונט האָט זיך די דעלעגאַציע גענומען קלויבן צוריקצוגיין. אַ

צאָל קאָזאַקן, צוזאַמען מיט זייער אָרקעסטער,— זענען ארויס באַגלייטן
אַ שפּאָר שטיקל וועג. באַם געזעגענען זיך האָבן שופּאַק און דאַניִן
באַדאַנקט אונדזערע יאַטן פאַר דעם קומען צו זיי און — איבעם נאָמען
פון אַלע „פּלאַסטונעס", פאַרשפּראָכן, אַז זיי וועלן קיינמאָל ניט טאָן
קיין זאַך, אָן דער צושטימונג פונעם קאָרפּוס-סאָוועט, און אַז זיי וועלן
אַלעמאָל אויספירן זיינע באַשלוסן, וואָס עס זאָל ניט זיין.

די דעלעגאַציע, ווידער, פון איר זייט, האָט באַדאַנקט די קאָזאַקן
סיי פאַרן אויסהערן און סיי פאַר דער פריינטלעכער באַציאונג ביכלאַל.
זי האָט זיי געווונטשן גליק צו זייער נייעם, באַפרייטן לעבן, און
איז — אַ צופרידענע — אַוועק איר וועג...

*****

**שפּעט** ביינאַכט איז די דעלעגאַציע, וואָס
איז אַוועק צו די „פּלאַסטונעס", צוריקגעקומען אין פאָלק אַריין. אפן
באַרג איז אַלץ שוין שטיל געווען. קימאַט אַלע סאָלדאַטן זענען שוין
געהאַט געשלאָפן. בלויז ביי אונדז אין קאָמאַנדע האָט נאָך געצאַנקט
דאָס קליינע קעראָסין-לעמפּל און אַ צאָל יאַטן האָבן מיט אומגעדולד
געוואַרט אף דעם צוריקקער. באַלד ווי גרישונין און דאַווידאָוו זענען
אַריין, האָבן די יאַטן זיי אַרומגערינגלט און באַוואָרפן מיט פראַגעס.
אַזוי גיך ווי די יאַטן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם דערפאָלג פון
דער דעלעגאַציע, האָבן זיי אויסגעשריגן אַזאַ הילכיקן הוראַ, אַז ניט
נאָר האָבן די שלאָפנדיקע זיך אויפגעכאַפּט מיט פאַרכידעשטע פּנימער,
— נאָר אַפילע דאָס זעמליאַנקע דעכל האָט זיך מאַמעש געהויבן.

אף צומאָרגנס, ווען איבערן פאָלק איז באַוואוסט געוואָרן, אַז די
קאָזאַקן האָבן זיך פאַרייניקט מיט אונדז, און אַז זיי וועלן ניט גיין אין
ערגעץ אָן דער צושטימונג פונעם סאָוועט, — האָט דאָס אַרויסגערופן
גרויס פרייד ביי אַלעמען. דער קאָרפּוס-סאָוועט האָט געהאַט אַ ספּעציעלע
זיצונג, וואו די דעלעגאַציע האָט אָפּגעגעבן דעם פולן אָפיציעלן באַריכט
וועגן איר באַזוך. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל לעקאַוועד
דער דערגרייכונג פראַוועון אַ יאָנטעוו; אַז מען זאָל איינלאַדן קאָזאַקישע
פאַרטרעטער און געבן פאַר די געסט אַ ספּעציעלן מיטיק מיט אַ פאָר-
שטעלונג אין דער טעאַטער-זעמליאַנקע פונעם פאָלק.

עטלעכע טעג שפּעטער איז דער יאָנטעוו טאַקע געפייערט געוואָרן.
עס זענען געקומען העכער פון הונדערט קאָזאַקן, וואָס האָבן פאַרטראָטן
אַלע „פּלאַסטונישע" מייעס. געקומען זענען זיי מיט געזאַנג און פרייד.

שוין באַ זייער אָנקומען האָבן זיי מיט פריילעכע געמיטער דערציילט, אַז דער באַזוך פון דער דעלעגאַציע האָט זיי פּאָשעט געראַטעוועט און אויפגעלעבט; אַז צוליב דעם האָבן זיי זיך דערוואָרבן אַזעלכע פרייהייטן און רעכטן, וועגן וועלכע זיי האָבן פריער ניט געכאָלעמט אַפילע. איינער פון זיי האָט איבערגעגעבן, ווי אַזוי עס איז באַ זיי צוגעגאַנגען דאָס אָרגאַניזירן פונעם סאָוועט; ווי זייערע אָפיצירן האָבן טכילעס געזוכט מיט אַלע מיטלען צו שטערן און דערנאָך אַפילע געמאַכט פאַרזוכן זיך אַליין אַרייַנצוכאַפּן ווי פאַרטרעטער אין די סאָוועטן אַריין, טאַינענדיק, אַז אויב גלייכע רעכט פאַר אַלעמען,— זענען זיי דערצו באַרעכטיקט ניט ווינציקער ווי די קאָזאַקן. זיי האָבן דאָס אָבער ניט אויסגעפירט:

— מיר האָבן זיך פעסט געשטעלט קעגן זיי! — האָבן די קאָזאַקן זיך באַרימט, — אָ, מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט ניט מער אַזוי צו ציטערן פאַר די דאָזיקע אומזיסטיקע פרעסער און פּאַראַזיטן!...אָ, ניין, מער וועלן מיר זיך שוין ניט לאָזן נאַרן פון זיי!...

די קאָזאַקן האָבן אויך דערציילט וועגן זייער דערפאָלג אָפּצושאַפן די שווערע דיסציפּלין, וועלכע איז געהאַנגען איבער זייערע קעפּ ווי אַ שאַרפע שווערד, און אַז זיי האָבן שוין אינגאַנצן אויסגעוואָרצלט דאָס אַמאָליקע שמייסן מיט נאַהייקעס איבער די נאַקעטע לייבער פון קאָזאַקן און אַלע אַנדערע ווילדע שטיק מיצאַד די וואַכמיסטערס:

— ס'האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן,— האָט איינער פון זיי, אַ יאַט מיט לויפנדיק־בלויע אויגן, ווי ער אַליין וואָלט געווען איבעראַשט פון דעם, דערציילט,— ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט די אַלע אַטאַמאַנען, וואַכמיסטערס, אורייאַדניקעס, זענען גאָרניט אַזעלכע גרויסע העלדן ווי מיר האָבן פריער געמיינט און ווי זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל. אַזוי גיך ווי מיר האָבן זיי נאָר דערלאַנגט איבער די שניוקעס,—האָבן זיי גלייך פאַרלוירן זייער גאַנצע העלדישקייט און — ווי געשלאָגענע הינט — פאַרבויגן די קעפּ און זיך צוריקגעצויגן...

אַ גאַנצן טאָג האָבן די קאָזאַקן פאַרבראַכט מיט אונדז. זיי האָבן געזונגען, געטאַנצט און געהוליעט, ווי זאָרגלאָזע קינדער. פאַר יענע יאַטן, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט אַ נעגאַטיווע פאָרשטעלונג וועגן די קאָזאַקן, איז דאָס געווען אַן אנגענעמע איבעראַשונג, וואָס זיי האָבן טאַקע עפנטלעך אויסגעדריקט. שפּעטער האָט מען אָפּגעגעסן דעם ספּעציעל־צוגעגרייטן יאָנטעוודיקן מיטיק און מען איז אַוועק אין טעאַטערל. דאָרט האָט מען לעקאָוועד די געסט פאָרגעשטעלט אַ נייע, צוגעגרייטע שפּיל. דאָס איז געווען עפּעס אַ קאָמעדיע, וואָס האָט געוויזן ווי אַ דענשטשיק, וועלכער איז ביז דער רעוואָלוציע געווען מאַמעש אַ דערשלאָגענער,

און וועלכער איז געהאַלטן געוואָרן פון זיין אָפיציר פאַר אַ גוטמוטיקן באַרעלע, האָט — באַכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען — דורכגעפירט זיין טייל אין אַן אייגנאַרטיקן שטייגער אין דער קיך ביים אָפיציר. ער האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעגלייכט, איז פּאָשעט געוואָרן אַזוי שענער, רייַנער און מענטשלעכער, — שוין גאָר ווייט פון דעם באַרעלע ווי מען האָט אים געפלעגט פאָרשטעלן. אַ טייל קאָזאַקן, וועלכע האָבן, זעט אויס, נאָך קיינמאָל אין זייער לעבן קיין טעאַטער־שפּיל ניט געזען, — זענען פּאָשעט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדער האַנאָע און געשפּרונגען ווי זאָרגלאָזע קינדער פון פרייד...

פאַרן לעצטן אַקט האָט קאַלינסקי געהאַלטן אַ רעדע ספּעציעל צו די געסט. אין נאָמען פון אַלע אונדזערע טיילן איבעם קאָרפּוס האָט ער די „פּלאַסטונעס" באַגריסט מיט זייער בייעם סאָוועט און זיי גערופן נאָך ענגער צוזאַמענשמעלצן די רייען און זיך גרייטן צו יענעם טאָג, ווען זיי וועלן דאַרפן דינען און שיצן די רעוואָלוציע...

— געדענקט, ברידער „פּלאַסטונעס", — האָט ער זיי שאַרף אַ זאָג געטאָן, — פּונקט אַזוי ווי אָן דער אייניקייט פון אַרבעטער און פּויערים וואָלט ניט מעגלעך געווען קיין רעוואָלוציע, אַזוי וועט אויך אָן דער אייניקייט פון קאָזאַקן און סאָלדאַטן, צוזאַמען מיט די אַרבעטער און די פּויערים, די רעוואָלוציע ניט קאָנען אָנהאַלטן און זיגן!...

די קאָזאַקן האָבן געענטפערט מיט אַ שטורמישן „הי־הי" געשריי. עטלעכע פון זייערע יאַטן זענען אַרויף אויף דער בינע און האָבן — אין נאָמען פון זייערע אַלע „פּלאַסטונישע" מייעס — צוגעטראָגן קאַלינסקין אַ זילבערנע שווערד — אַ מאַטאָנע...

קאַלינסקי האָט געוואָלט עפּעס אָפּענטפערן. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן דאָס מויל צו עפענען, האָבן אים די קאָזאַקן מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אים אויפגעהויבן אויף די הענט און אים גענומען וואַרפן אינדערהויך, שרייענדיק דערביי:

— הי־אי!... זאָל לעבן אונדזער נייער אַטאַמאַן קאַלינסקי!...

קאַלינסקי — זיך רויטלענדיק ווי אַ קאַלע־מיידל — האָט איינגאַנצן געציטערט. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געבעטן, אַז זיי זאָלן אים אָפּלאָזן. אַ ברויגעזער האָט ער — ווען זיי האָבן אים ענדלעך אַרונטערגעשטעלט — שוועראָטעמדיק זיי אויסגערעדט, אַז אַזאַ זאַך פּאַסט ניט פאַר באַפרייטע מענטשן און אַז די צייט אויף צו קרוינען אַטאַמאַנען איז שוין אויך אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט:

— איך זעט בעסער פּאָטער צו ווערן פון די אַלטע אַטאַמאַנען! — האָט ער געזאָגט, — איידער צו קרוינען נייע!... איצט קומט די צייט,

ווען יעדער איינער וועט זיין אייגענער אַטאַמאַן און הערשער!... ביטאָ שוין מער קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע פּאַראַזיטן אין אונדזער פרייען און נייעם רוסלאַנד!... אַרונטער מיט אַלע אַטאַמאַנען!...

די קאָזאַקן, האָט זיך געמערקט, האָבן זיך פאַרשעמט. זיי האָבן געבעטן, אַז ער זאָל זיי מויכל זיין. די זילבערנע שווערד, אָבער, — זענען זיי פּאָרט באַשטאַנען — אַז ער זאָל צונעמען. זיי האָבן פּראָבירט באַרעכטיקן זייער פאַרלאַנג דערמיט, וואָס אויב ניט קאַלינסקי מיט די אַנדערע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, וואָלטן זיי, די קאָזאַקן, נאָך אַלץ געווען פאַרבליבן די זעלביקע אומוויסנדיקע און אונטערדריקטע שקלאַפן אַזוי ווי פריער...

— זאָל דעריבער אָט די שווערד זיין אַ צייכן פון אונדזער נייעם באַפרייטן לעבן, וואָס איר האָט אונדז געבראַכט! — האָבן זיי זיך ווי געבעטן ביי אים. — זאָל די דאָזיקע שווערד אייך דינען אינעם קאַמף פאַר דער ווייטערדיקער באַפרייאונג!... זאָל זי דערביי זיין דער צייכן פון אונדזער צוזאָג צו שטיין צוזאַמען מיטן גאַנצן רוסישן פאָלק!...

קאַלינסקי האָט אומבאַקוועם געשמייכלט און באַדאַנקט די קאָזאַקן פאַר זייער פריינטלעכן אויסדרוק. ער האָט זיי נאָכאַמאָל אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן שטיין פעסט אף דער וואַך פון דער רעוואָלוציע און פון די דערגרייכטע רעכטן און אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרנאַרן פון זייער באַטשאַלסטווע. די קאָזאַקן האָבן פאַרזיכערט און זיך גענומען זינגען פריילעכע לידער. די גאַנצע שטימונג איז געווען אַ געהויבענע און אַ לוסטיקע. ערשט גאַנץ שפּעט ביינאַכט האָבן זיך די „פּלאַסטונעס" מיט אונדז אָפּגעזעגנט און — מיט פריילעכן געזאַנג — זיך פאַרנומען אפן וועג צוריק, אַהיים צו זייערע לאַגערן...

די פריילעכע שטימונג איז אָבער פאַרבליבן ביי אונדז אין פאָלק אויך נאָך זייער אַוועקגיין. אַ פּאָר טעג קעסיידער האָבן אונדזערע יאַטן זיך נאָך אַלץ געפרייט פונעם פאַרגאַנגענעם יאָנטעוו. די איינציקע זאַך, וואָס האָט דאָך פאַרטונקלט די פרייד, איז געווען די זאָרג וועגן דעם, וואָס מען גיט נאָך אַלץ ניט אַרויס דעם באַפעל אַהיימצוגיין...



# קאַפּיטל איינונפערציק

אײנעם פֿאָלק בײַ אונדז האָט זיך מיטאַמאָל, אומבאַוואוסט פֿונוואַנען און פֿון וואָס, גענומען פֿאַרשפּרייטן אַ בייער קלאַנג. יאַטן האָבן גענומען אונטערמורמלען צווישן זיך, אַז אַזוי ווי מען וועט שוין אײַנגיכן אַהיימפֿאָרן, וועט מען דערפֿאַר פֿריער נאָך האָבן אַ מישפּעט איבער דע־פּאָלע־פּאָלסקין, פֿאַר זײַן אַמאָליקער גראָבער באַהאַנדלונג פֿון סאָלדאַטן און — איבערהויפּט — פֿאַרן דערשיסן די פֿיר אומשולדיקע סאָלדאַטן. דער דאָזיקער קלאַנג האָט זיך פֿאַרשפּרייט ווי אַ בליץ און האָט מאַמעש דערפֿרייט אַלע סאָלדאַטן. יעדער איינער איז פֿון טאָמיד אָן געווען פֿול מיט האַס און סינע צו דעם דאָזיקן אָפֿיציר און פֿון לאַנג שוין געגאַרט נאָך נעקאָמע. קימאַט יעדער איינער פֿונעם פֿאָלק האָט געהאַט צו דערציילן וועגן עפּעס אַ שטראָף, וואָס ער האָט באַקומען; וועגן זידלערייען און אַפֿילע פּעטש, וואָס דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט אים צוגעטיילט, און יעדער איינער האָט דערפֿאַר געוואָלט, אַז מען זאָל אים אָפּצאָלן דערפֿאַר. בײַ אַלעמען איז נאָך גאָר פֿריש געווען אין זיקאָרן די בלוטיקע געשעעניש, ווען איבער אים, דע־פּאָלע־פּאָלסקין, דורך זײַן אוממענטשלעכער באַהאַנדלונג, האָט מען פֿיר סאָלדאַטן פֿאַרמישפּעט און דערשאָסן. באַ פֿיל יאַטן אין די אויערן האָבן נאָך געקלונגען די לעצטע ווערטער פֿון יענע פֿיר דערשאָסענע, אַז מען זאָל זיי געדענקען און נעקאָמע נעמען פֿאַר זייער אומשולדיק־פֿאַרגאָסענעם בלוט. ספּעציעל האָבן עס געוואָלט יענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געדינט אין זײַן, דע־פּאָלע־פּאָלסקיס, אַמאָליקן באַטאַליאָן, אונטער זײַן קאָמאַנדע, און וועמען עס איז מער ווי די אַנדערע אויסגעקומען צו ליידן פֿון זײַנע מעשוגעגנע, סאַדיסטישע פּײַניקונגען און אָפּטע באַשטראָפֿונגען.

דאָס דאָזיקע מורמלערײַ — כאָטש ניט באַגרינדעט מיט גאָר — איז דערגאַנגען צו אונדזער פֿאָלק־סאָוועט. דאָרט האָט מען וועגן אַזאַ מין באַשלוס ניט געוואוסט אַפֿילע. מען האָט אָבער מוירע געקראָגן, אַז די

סאָלדאַטן — נאָכדעם ווי אָט דער קלאַנג וועט ווערן איינגעפונדעוועט און זיי וועלן זען, אַז דע־פאָלע־פאָלסקי ווערט אַלץ ניט געמישפעט — זאָלן אַמאָל ניט פאַרטראַכטן זיך אַליין אָפצורעכענען מיט אים אף אַ געהעכטן, כאָטש העפקערדיקן און ניט פיינעם שטייגער. דער סאָוועט האָט דערפאַר אויפגענומען די דאָזיקע פראַגע און — קעדיי אויסצומיידן מעגלעכע עקסצעסן מיצאַד די אויפגעברויזטע סאָלדאַטן — קוידעם קאָל באַשלאָסן אַוועקצושטעלן אַ ספּעציעלן פאַטראָל לעבן דע־פאָלע־פאָלסקיס זעמליאַנקע. דעם פאַטראָל, דאָס הייסט — די סאָלדאַטן פונעם קאַראַאול, האָט מען גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן אַכטונג געבן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט; אַז זיי זאָלן אויפפאַסן און ניט צולאָזן צו דע־פאָלע־פאָלסקין קיינעם, סיידן אַזעלכן, וואָס וועט האָבן פון דעם סאָוועט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. איבערהויפט האָט מען זיי געהייסן אַכטונג געבן אף אים, דע־פאָלע־פאָלסקין אַליין, — היטן, אַז ער זאָל אַמאָל ניט פראָבירן אָפטאָן עפעס פאַרדעכטיקס...

דע־פאָלע־פאָלסקי האָט זיך טכילעס געוואָרפן, פראָטעסטירט קעגן דעם היים־אַרעסט און געשריגן, אַז ער וועט זיך קלאָגן ביז צום סאַמע הויפט־סאָוועט אין פעטראָגראַד. ער האָט זיך אָבער דאָך איינגעשטילט און, זעט אויס, זיך ענדלעך אונטערגעגעבן דער לאַגע. אָבער...

עטלעכע טעג שפעטער, אינמיטן באַכט, האָט רע־פאָלע־פאָלסקי זיך מיטאַמאָל געווענט צום סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען אף דער וואַך באַ דער זעמליאַנקע, אַז יענער זאָל אים אַרויספירן אין וועלדל, צו די סאַניטאַר־גריבער. דער סאָלדאַט האָט — ווי געוויינטלעך — מיט אַ פייף אַרויסגערופן צו זיך דעם קאַראַאול־עלטסטן און איבּ געמאָלדן וועגן דעם. יענעם איז אָבער ניט געפעלן געווען דע־פאָלע־פאָלסקיס נערוועזע האַלטונג און זיין אויפגערעגט רעדן. ער האָט דעריבער — נאָך איידער ער האָט באַשטימט אַ סאָלדאַט, וואָס זאָל איבּ אַוועקפירן און היטן — אים, דע־פאָלע־פאָלסקין, באַזוכט און... ביי אים אין קעשענע געפונען צוויי פול־אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן. און ווייל עס איז געהאַט געווען אַ שטרענגע פאַראָרדנונג פון דעם סאָוועט, אַז נאָכן זון־אונטערגאַנג זאָל קיינער — סיידן בלויז אין אַקטיוון דינסט — ניט טראָגן מיט זיך קיין געווער — האָט ער וועגן דעם גלייך געמאָלדן דעם דעזשורנע פונעם סאָוועט. די מאַיסע האָט אַלעמען מאַמעש אויפגערעגט ביז גאָר און עס איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן טאַקע צו אַרעסטירן דע־פאָלע־פאָלסקין אף אַן עמעס אויז איבּ אָפשיקן אין אַרעסט־הויז, ביז מען וועט באַשטימען און דורכפירן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג וועגן גאַנצן איניען.

דער ציל איז געווען: קוידעם קאָל אויסצוגעפינען, נאָך וויאַס ער,

דע־פּאָלע־פּאָלסקי, האָט געהאַט די צוויי געלאָדענע רעוואָלווערן באַ זיך. אַ כשאַד איז געווען, אַז צו אים האָט אַוודאי געמוזט דערגיין דער קלאַנג וועגן אַ באַלדיקן מישפּעט איבער אים, האָט ער זיך מיסטאָמע געקליבן צו דערשיסן דעם סאָלדאַט, וואָס וועט אים פירן צו די גריבער, אַנטלויפן פון פּאָלק און אַזוי־אַרום זיך פּטרן פון ראַטעווען פונעם מישפּעט...

ווען אינעם פּאָלק איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז אַרעסטירט, האָט דער קלאַנג, וואָס האָט שוין איצט געהאַלטן ביים אָפּשטאַרבן, זיך ווידער באַנייט מיט נאָך מער אימפּעט. אין דעם אַרעסט האָבן יאַטן געזען אַ באַשטעטיקונג, אַז עס קומט טאַקע אָן אַ מישפּעט. אַפילע באַ די סאָוועט־מיטגלידער אַליין איז שוין מער קיין סאָפיק ניט געווען, אַז די מאַיסע מיט די געפונענע רעוואָלווערן האָט דאָס געמאַכט בויטיק און אומפאַרמיידלעך. איצט איז די פראַגע בלויז געווען, ווען מען זאָל דעם מישפּעט דורכפירן.

און כאָטש אַ טייל מיטגלידער פונעם סאָוועט האָט אַלץ געהאַלטן, אַז עס איז איצט נאָך אַביסל פּריצייטיק אף דורכצופירן אַ מישפּעט איבער דע־פּאָלע־פּאָלסקין, האָט אָבער דער סאָוועט, ווי אַ גאַנצער, זיך געמוזט בויגן פאַרן ווילן פונעם פּאָלק. פאַר יעדן איז קלאָר געווען, אַז אויב דער סאָוועט וועט ניט האַנדלען גיך און זען אָפּצופּאַטערן דעם אייסעק אַהער אָדער אַהין, וועלן די סאָלדאַטן זיך סאָף קאָל סאָף אַליין אַריינכאַפּן אין פּאָלק־אַרעסט, וואו דע־פּאָלע־פּאָלסקי געפינט זיך, וועלן אים פון דאָרט אַרויסנעמען און מיסטאָמע אים אָפן פּלאַץ דערשיסן...

קעדיי צו פאַרהיטן פון אַזאַ מעגלעכקייט, איז באַשלאָסן געוואָרן אַז מען זאָל גלייך צוטרעטן צום איניען. און ווייל יעדע ראָטע אין פּאָלק האָט געוואָלט אנטיילנעמען אינעם מישפּעט, איז דער ריכטער־טריבונאַל צונויפגעשטעלט געוואָרן פון איינצלנע פאָרשטייער,— דערווײַלטע פון יעדער ראָטע באַזונדער. קאַלינסקי, וועמען מען האָט טכילעס געהאַט פאָרגעשלאָגן ער זאָל זיין פאָרזיצער פונעם טריבונאַל, האָט זיך גלייך אָפּגעזאָגט דערפון, ווייל — ווי ער האָט געהאַלטן — ער וועט ניט קאָנען האַנדלען אומפּאַרטייאיש, אַזוי ווי ער איז צו גוט באַקענט מיט די אַלע פּראָטים וועגן איניען. ער האָט דעריבער פאָרגעלייגט צו דערווײַלן דעם פּאַרטרעטער פון די „פּלאַסטונעס”, דעם קאָזאַק שופּאַק, ווייל ער איז, אַזוי צו זאָגן, אַ פרעמדער, ניט פונעם פּאָלק, און אים זענען דערפאַר ניט דירעקט באַקענט דע־פּאָלע־פּאָלסקיס אַלטע פּירונגען...

און בעעמעס: שופּאַק, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט גאָרניט געוואוסט וועגן די אַלע זאַכן און אַפילע דע־פּאָלע־פּאָלסקיס נאָמען איז פאַר אים ביי געווען. עס איז דעריבער קלאָר געווען, אַז ניט נאָר

איז ער דער סאַמע פּאַסיקסטער דערפאַר, נאָר אַז ער וועט דעריבער אויך קאָנען האַנדלען גאַנץ אומפּאַרטייאיש,— אַ זאַך, וואָס דער סאָוועט האָט דורכאויס געוואָלט. דערפאַר אָבער האָט שוין גרישונין, וועלכער איז פון סאַמע אָנהויב אָן געווען דערפאַר, אַז מען זאָל דורכפירן אַ מישפּעט, — זיך אונטערגענומען צו פירן די באַשולדיקונג, בעאייס דער פאָלק־קאָמאַנדיר — כאָטש ער האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דורכפירן דעם מישפּעט ביכלאַל — האָט געגומען אף זיך די אויפגאַבע צו זיין דער פאַרטיידיקער, אַזוי גיך ווי מען האָט עס אים נאָר פאָרגעשלאָגן.

באַלד ווי דער סאָוועט איז נאָר פאַרטיק געוואָרן מיטן באַשטימען דעם צוזאַמענשטעל פון געריכט־טריבונאַל,— האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען פאַרן מישפּעט. גרישונין האָט יעדן טאָג אויפגענומען בא זיך גרופּעס סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געמאָלדן און אויסגעדריקט זייער גרייטקייט אויפצוטרעטן אַלס איידעס און דערציילן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געוואוסט וועגן דעם אַרעסטירטן אָפיציר. איבערן פאָלק האָט דעריבער געהערשט אַן אָנגעצויגענע און נערוועזע שטימונג. אומעטום האָט מען נאָר גערעדט וועגן דעם מישפּעט און יאַטן האָבן אָן אויפהער ספּעקולירט, וואָסער אויסגאַנג ער וועט האָבן. עס האָבן זיך געשאַפן צדאָדים מיט פאַרשידענע מיינונגען, וועגן דעם גראַד שטראָף וואָס ער דאַרף קריגן, כאָטש אַלע האָבן געהאַלטן, אַז דע־פאָלע־פאָלסקי טאָר בעשום אויפן ניט אויסמיידן אַ וועלכע עס איז שטראָף...

*****

**דער** מישפּעט איז פאָרגעקומען אפן אָפענעם פלאַץ לעבן דער קאַנצעלאַריע פון פאָלק,— אפן זעלבן אָרט אַרום דעם צונויפגעקלאַפּטן טיש, וואָס איז נאָך געבליבן שטיין פון דער גרויסער אָפענער פאַרזאַמלונג, וואָס מיט אַ שטיקל צייט צוריק. און כאָטש נאָך פון סאַמע פאַרטאָג אָן זענען שוין אפן פלאַץ אַרום געווען אויסגעזעצט קימאַט אַ האַלבער פאָלק סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען בייצוואוינען די פּראָצעדור, האָט זיך פונדעסטוועגן ניט געהערט קיין שאָרך אַפילע. אַרום האָט געהערשט אַ מאָדנע מוירעדיקע שטילקייט, אַזאַ וואָס האָט אף אַלעמען אָנגעוואָרפן עפּעס אַזוינס ווי אַ רעליגיעזן פּאַכעד...

אָנגעהויבן האָט זיך דער מישפּעט מיט פאָרלעזן די באַשולדיקונג. אומבאַגרייפלעך פונוואַנען עס האָט זיך מיטאַמאָל דערנומען צו אים,— האָט גרישונין אין אַ שאַרפער און איינדרוקפולער רעדע פאָרגעבראַכט דעם באַשולדיקונג־אַקט. ער האָט דערציילט וועגן די אומענטשלעכע

באַהאַנדלונגען, געמיינע באַהערשונגען און אויסערגעוויינטלעך - ווילדע באַשטראָפונגען, וואָס סאָלדאַטן — אַפילו ניט פון דעם באַשולדיקטנס באַטאַליאָן,— האָבן געהאַט אויסצושטיין פונעם באַשולדיקטן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער באַשולדיקטער האָט זיך אַפילו קיינמאָל ניט גערעכנט מיט די דעמלטדיקע אָרימע באַגריפן וועגן יושער, מענטשלעכקייט און ראַכמאָנעס. גרישונין האָט געמאָלן אַ בילד פון סאַדיסטישע פייניקונגען און פון איזדיעקעווען זיך מיצאַד דעם באַשולדיקטן איבער די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס אומגליק אַריינצופאַלן אין זיין באַטאַליאָן. ער האָט אָנגעוויזן, ווי יענער האָט פּאָשעט מיט די פיס געטראָטן אויף זייערע אונטערגעוואָרפענע סאָלדאַטן, ווי אויף מיסע ווערים. צום לעצט האָט זיך גרישונין ברייט אָפּגעשטעלט אויף דער הויפּט-באַשולדיקונג. ער האָט דאַן דערציילט, ווי יענער האָט מיט אַן אומענטשלעכן סאַדיזם אויסגעמאָרעט זיין באַטאַליאָן אין גליענדיק-הייסע טעג; זיי ניט געגעבן קיין אָפּרו אין זייערע מאַרשן און ניט געלאָזט טרינקען קיין וואַסער בײַ די קוים-באַקומענע, זעלטענע אָפּשטעלונגען. ער, גרישונין, האָט מיט פייער אויך איבערגעגעבן, ווי אַזוי איינמאָל, בעת אַזאַ מאַרש, ווען די סאָלדאַטן האָבן שוין מער ניט געקאָנט איבערטראָגן זייערע פייניקונגען, האָבן זיי סאָף-קאָל-סאָף זיך אָנגענומען מיט מוט און געפאָדערט דעם געזעצלעכן אָפּרו. דער נעמלעכער אָפיציר אָבער, — נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן ווי אַ פּאַכדן פונעם אויפגעבראַזטן באַטאַליאָן און אָפּגעראַטעוועט זיין אייגענע פעל— האָט איינגעאָרדנט אַן עמעסע אינקוויזיציע איבער דעם גאַנצן באַטאַליאָן. און קעדיי אָנצוואַרפן אַ פּאַכער אויף אַלעמען, האָט ער פון צווישן די רייען ברוטאַל אַרויסגעטומען פיר אומשולדיקע מענטשן, אויף וועמען ער האָט געוואָרפן אַן אומכיין און דערנאָך, אָן שום אָנשטעל פון אונטערזוכונגען אַפילו, אָן גרינטלעכע באַווייזן, אָדער וועלכע עס איז באַשטעטיקונגען פון זייער שולד, נאָר אויף זיין אייגענער אָנווייזונג — דורכגעפירט אַ מיליטערישן פעלד-געריכט און זיי אָן ראַכמאָנעס געלאָזט דערשיסן...

די אַרומזיצנדיקע סאָלדאַטן, האָט מען געזען, האָבן זיך מיט טיפער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו גרישונינס רייד און פּונקט אַזוי זיך איינגעהערט אין דעם איידעס זאָגן פון די אַרויסגערופענע סאָלדאַטן. מיט אומגעדולד האָבן אַלע געוואַרט, אַז עס זאָל זיך שוין וואָס גיכער פאַרענדיקן. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס ראָוו יאַטן האָבן זיך מאַמעש געוואונדערט, צוליב וואָס מען האָט גאָר ביכלאַל געדאַרפט די גאַנצע פּראָצעדורע מיט אויספרעגן איידעס, מיט באַשולדיקן און פאַרטיידיקן, בעת יעדער איינער פון פאָלק, אויסער עפשער די ניי-אָנגעקומענע,

האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז וויפל מען זאָל ניט אָנהערציילן וועגן דע־פּאָלע־פּאָלסקיס זינד, וועט עס נאָך אַלץ זיין ניט דערזאָגט...

דער מישפּעט איז אָבער אַנגעגאַנגען מיט אַ סיידער. אַזוי גיך ווי גרישונין איז נאָר פאַרטיק געוואָרן מיט פאַרברענגען די באַשולדיקונג, האָט שופאַק, דער פאָרזיצער, איינציקווייז אַרויסגערופן די איידעס און זיי געבעטן צו דערציילן וואָס זיי ווייסן וועגן דעם באַשולדיקטן.

איינער נאָכן אַנדערן זענען סאָלדאַטן אַרויסגעטראָטן און האָבן — קימאַט מיט טרערן אין די אויגן — דערציילט פאַקטן וועגן אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט אויסשטיין פונעם אפיציר. פיל האָבן דערציילט וועגן יענעם הייסן טאָג, בעאייס זיי — אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם זעלבן דע־פּאַלע־פּאָלסקין — זענען געגאַנגען אף אַ קורץ־ציימיקן אָפּרו, נאָך אַ לענגערער צייט פון וואַלגערן זיך אפן פראָנט, אין די טראַנשייען און גריבער; ווי אָט דער אָפיציר האָט זיי געפּייניקט און ניט געוואָלט געבן זיי קיין מינוט אָפּרו, ווען זיי זענען פאַשעט געפאַלן פון היץ און פון דורשט. אַנדערע האָבן דערציילט וועגן דעם מיטאַמאָל־אויסגעבראָכענעם רעוואָלט אין באַטאַליאָן און וועגן דע־פּאַלע־פּאָלסקיס אַנטלויפן. דריטע האָבן איבערגעגעבן ווי אַזוי מען האָט נאָך דעם — ביים אָנקומען צום שטאַב — דעם באַטאַליאָן גלייך אַנטוואָפנט; ווי אַזוי דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז מיט אַ ציניש שמייכל פאַרבייגעריטן די אויסגעשטעלטע רייען סאָל־דאַטן; אַלעמען געפרעסן מיט זיינע שטעכיקע בליקן און מיט אַ לייכטן האַרץ אַרויסגענומען פון צווישן זיי פיר אומשולדיקע מענטשן, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן צום מיליטערישן פעלד־געריכט, וואו מען האָט זיי גלייך פאַרמישפּעט צום טויט...

— און אַז איינער פון די אַרויסגענומענע איז צוגעפאַלן צו דע־פּאָלע־פּאָלסקין און מיט טרערן געזאָגט, אַז ער איז אומשולדיק, — האָט דער איידעס פאַרענדיקט, — האָט יענער מיטן שטיוול אים געטאָן אַזאַ זעץ אין די ציין אַריין, אַז ער האָט אים אַזש צעבלוטיקט...

פון אונדזער קאָמאַנדע זענען אַרויסגעטראָטן אַלס איידעס גודמאַן און טשערניאַק. זיי האָבן דערציילט פאַרן טריבונאַל, ווי אַזוי מען האָט זיי, צוזאַמען מיטן פויקער יערמישין, וואָס איז שפּעטער דערטרונקען געוואָרן, געהייסן פויקן און טרובען אף זייערע אינסטרומענטן, בעאייס דער עקזעקוציע, קעדיי דערמיט צו פאַרטויבן און פאַרהילכן דעם יאָמער געשריי און דאָס געבעט פון די אומשולדיקע פאַרמישפּעטע; אַז זייערע שטימעס זאָלן כאָלילע ניט דערגיין צו די אויערן פון יענע סאָלדאַטן, פון דער אָפּטיילונג, וואָס האָבן געדאַרפט דורכפירן די עקזעקוציע...

דעם פיינלעכסטן איינדרוק האָט געמאַכט די פּאַטעטישע דערקלערונג

פון איינעם, נאָך גאָר אַ יונגן סאָלדאַט. ער איז געווען דער איינציקער לעבן־געבליבענער פון יענער אָפּטיילונג, וועלכער מען האָט, אין סאַמע ערשטן טאָג פון אָנקומען אפן פראָנט, געגעבן דעם בלוטיקן באַפעל דורכצופירן די בלוטיקע עקזעקוציע אף די פיר פאַרמישפּטע. אָט דער יונגער סאָלדאַטל,— פונקט ווי ער אַליין וואָלט עס דאָ גאָר געווען דער באַשולדיקטער,— האָט פּאָשעט געוויינט בעאייס ער האָט דערקלערט:

— מיר האָבן דאָך זיי, די פאַרמישפּטע— וועמען מען האָט אונדז געצוואונגען צו דערשיסן— אַפילו ניט געקענט. אונדז האָט מען דאַן דערקלערט, אַז דאָס זענען פּאָשעטע פאַרברעכער. דערביי האָט מען אונדז אויך געוואָרנט, אַז אויב מיר וועלן נאָר מאַכן דעם מינדסטן פאַרזוך ניט אויסצופאָלגן דעם באַפעל אין דער ערשטער מינוט, וועט מען אויך אונדז אַליין אפן פלאַץ מיט קוילן צעלעכערן...

ער האָט אָפּגעווישט די טרערן פון זיינע אויגן, זיך אויסגעהוסט פון דעם שטיקנדיקן געוויין און גלייך, נאָך מיט מער צעווייטיקטקייט ווי פריער, פאַרענדיקט:

— די געשרייען און געוויינען פון יענע פיר דערשאָסענע יאַטן, רוישן מיר נאָך ביז היינט אין מיינע אויערן און לאָזן מיך ניט קומען צו זיך, לאָזן מיך ניט באַרואיקן. דורך די נעכט אף דער פּאָזיציע, אין די גרעסטע געפאַרן, פאַרפאָלגן מיך נאָך אַלץ זייערע אויסרופן, אַז זיי זענען אומשולדיק... איך הער נאָך אַלץ זייער לעצטן אָנזאָג, אַז מיר זאָלן זיי ניט פאַרגעסן און, ווען די צייט וועט קומען, נעמען נעקאָמע פאַר זייער אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט, פאַר זייערע מיט געוואַלד־אומגעבראַכטע יונגע לעבנס...

אַ שוידערלעכער גרויל איז מאַמעש דורכגעלאָפן דורך די גלידער, בעאייס אָט דער לעצטער איידעס האָט אַזוי פּראָסט און נאַאיוו דערציילט זיין געשיכטע. פיל סאָלדאַטן — כאָטש פאַרהאַרטעוועט פון דעם לאַנגן פּאָזיציע לעבן — זענען געזעסן און האָבן געווישט די טרערן פון די אויגן. אַנדערע האָבן זיך אַפילו צעכליפּעט און געוויינט אפן קאָל...

נאָך אים, אָט דעם לעצטן איידעס, האָט דער פּאָלק־קאָמאַנדיר אָנגע־פאַנגען די פאַרטיידיקונג־רעדע. ער האָט קוידעם־קאָל אַפּעלירט צו די ריכטער, אַז זיי זאָלן באַהערשן זייערע פּאָרורטיילן, עמאָציעס און דעם „נאַטירלעכן" דראַנג נאָך נעקאָמע. ער האָט אַלעמען געבעטן, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן דעם פאַקט, וואָס זיי זענען פריער געווען געקריוודעטע און זענען איצט— זיגער, וועלכע האָבן אַ מעגלעכקייט אָפּצורעכענען זיך מיט אַ סוינע, וועלכן מען האָט אין האַנט אַריינגעקראָגן...

ער, דער קאָמאַנדיר, האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן און דערביי

אָנגעווענט פאַרשידענע קונציקע מיטלען, קעדיי צו מאַכן אַ ווירקונג. ער האָט געמאָלן דע־פאָלע־פאָלסקין פאַר אַ פּיינעם, אַן איידעלן מענטשן, נאָר מיט אַביסל אַ צו היציקן טעמפּעראַמענט, וואָס ער קאָן בעשוס אויפן ניט קאָנטראָלירן; אַז די געשעענישן יענעם טאָג איז עפּשער ניט אַזויפיל געווען זיין אייגענע שולד, ווי די שולד פון די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט אויספילן די מיליטערישע דיסציפּלין, און וועלכע האָבן אים, דע־פאָלע־פאָלסקין, אַפילו געדראָעט מיט דערשיסן.

— עס איז אַ פאַקט, ברידער מיינע,— האָט ער אויך אַ קאָל פאַטעטיש אויסגערופן,— אַז אָט דער בעמלעכער דע־פאָלע־פאָלסקי איז אין זיין אייגענער סוויווע באַקענט געווען ניט נאָר פאַר אַ קלוגן און האַרציקן מענטשן, אַזוי צו זאָגן, נאָר אַלע וועלכע זענען געקומען מיט אים אין באַריר, האָבן אים באַוואונדערט פאַר זיין איידלקייט און גוטהאַרציקייט. קאָלעגן אָפיצירן האָבן ניט געגלויבט, אַז ער וועט זיין געננוג שטרענג אין דער אַרמיי און...

דער קאָמאַנדיר, האָט זיך געמערקט, האָט געוואָלט ווייטער אָנגיין אין דער זעלבער ליניע. אַז ער האָט אָבער דערזען די איינגעהאַלטענע כויזעק שמייכלען פון די ריכטער און דערהערט דעם פאַרשטיקטן גע־לעכטער צווישן די סאָלדאַטן,— האָט ער אַפּאָנים פאַרשטאַנען, אַז זיינע רייד האָבן געמאַכט פּונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. ער האָט דעריבער גלייך איבערגעביטן דעם טאָן און כאַראַקטער פון זיינע רייד, האָט זיך, האָט מען געזען, אָנגעשטרענגט און— אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף דע־פאָלע־פאָלסקין — אַ זאָג געטאָן:

— מען טאָר ניט פאַרגעסן, ברידער, אַז דע־פאָלע־פאָלסקי האָט די אַלע יאָרן זיינע געלעבט אין לוקסוס און איז דערצויגן געוואָרן אין אַ פּריווילעגירטער הערשנדיקער סוויווע, וואו ער איז געוואָרן ניט נאָר אַ פאַרדאָרבענער, שלעכטער מענטש, אַזוי צו זאָגן, נאָר איז ביכלאַל ווי פאַרשיקערט געוואָרן פון דער מאַכט, וואָס ער האָט באַקומען אַלס אַן אָפיציר. איך בעט אייך דעריבער, ברידער ריכטער, אַז איר זאָלט דעם באַשולדיקטן פאַרגלייכן צו אַ שיקער, וועלכער איז, אַזוי צו זאָגן, ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מאַיסים...

און באַלד ווידער איבערגעענדערט די רייד:

— ברידער ריכטער, דער פאַד־פאָלקאָווניק דע־פאָלע־פאָלסקי, דער באַשולדיקטער, וועלכער זיצט דאָ פאַר אייך, איז באַגאַנגען זיינע פאַר־ברעכנס, אַזוי צו זאָגן, ניט דערפאַר וואָס ער פאַרזענלעך האָט עס אַזוי געוואָלט, נאָר דערפאַר ווייל אַזוי האָט ער געמוזט. ער האָט זיך געפונען אין אַ הערשנדיקער לאַגע און געהאַט מאַכט. ער האָט אַזוי געהאַנדלט,

ווייל אַזוי האַנדלען געוויינטלעך אַלע מאַכט־האָבער, יעדער שטאַרקער צאַד... וואָס זשע, כאַוויירים ריכטער, ווילט איר דאָס איצט באַכטאָן?... ווילט איר, ווייל איר האָט איצט, אַזוי צו זאָגן, די מאַכט באַקומען, נעקאָמע נעמען אין אים?... צי רעכנט איר, אַז...

ער האָט אָפּגעהאַקט אינמיטן די רייד, אַרומגעווישט דעם שווייס פון זיין פּאָנים און קאַרק און — מיט אַ געהויבענעם טאָן — דעקלאַמירט:

— אויב איר, כאַוויירים ריכטער, האָט באַשלאָסן, אַזוי צו זאָגן, צו פאַרמישפּעטן אָט דעם באַשולדיקטן פאַר זיינע אַמאָליקע זינד, דאָס הייסט, פאַר דער זינד, אַזוי צו זאָגן, בעאייס ער איז נאָך געווען אַן אָפיציר אונטערן צאַר, דאַן... דאַן וועט איר אויך דאַרפן מישפּעטן, אַזוי צו זאָגן, אַלעמען... כ'מיין... אַלע איבעריקע אָפיצירן. ווייל אַלע, אַלע אָן אַן אויסנאַם, האָבן געהאַנדלט פּונקט אַזוי ווי אָט דער באַשולדיקטער. דאַן וועט איר דאַרפן מישפּעטן אויך מיך, אַזוי צו זאָגן, ווייל...

— וואָס זשע מיינט איר טאַקע? — האָט עמעצער פון צווישן די יאַטן מיטאַמאָל צוגעוואָרפן, — עס וועט נאָך מיסטאָמע אויך קומען צו אייער ריי... נישקאָשע, מיר וועלן אין אייך ניט פאַרגעסן...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. אפן פּאָנים זיינעם האָט מען אָבער דערקענט, אַז דאָס האָט אים אַ שאַרפן בּרי געטאָן. ער האָט גענומען שנעל פאַרענדיקן:

— איך רוף אייך דעריבער, כאַוויירים און ברידער, אַז איר זאָלט האַנדלען ווי באַפרייטע, גרויסמוטיקע זיגער!... איך פאָדער אייך אויף, אַז איר זאָלט ניט באַשטראָפן דעם באַשולדיקטן פאַר זינד, וועלכע ער איז באַגאַנגען אין אַ צייט, ווען דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, ניט נאָר דערלויבט, נאָר טאַקע אַ פאָשעטער כויוו פאַר אים...

ער האָט זיך פאַרנויגט פאַר די ריכטער און זיך אַוועקגעזעצט אף זיין פּלאַץ. באַלד איז אויפגעשטאַנען גרישונין, דער באַשולדיקער, און געבעטן בּאַ די ריכטער אַ דערלויבעניש צו ענטפערן דעם קאָמאַנדיר אף זיין געבעט צו דער פערזענלעכקייט פון דעם באַשולדיקטן. ווען ער האָט די דערלויבעניש באַקומען, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן אין דער ריכטונג פון קאָמאַנדיר און גענומען גאַליק שניידן:

— דער כאָשעווער קאָמאַנדיר, דער פאַרטיידיקער אין דעם פאַל, וועט מיר, האָף איך, מויכל זיין, ווען איך וועל אים דאָ זאָגן, אַז מיר ווייסן אַליין גאַנץ גוט אָט דאָס אַלץ וואָס ער האָט אונדז דאָ פּראָבירט דערציילן. נאָך מער: מיר באַגרייפן, אַז ער, דע־פאָלע־פאָלסקי, פּונקט ווי די גרעסטע צאָל אָפיצירן, איז מיסטאָמע געווען אַ לייטישער און איידעלער מענטש אין זיין סוויווע. מיר שטעלן זיך אַפילע פאָר, אַז

ער האָט אַוואַדע געערדט שיינע, איידעלע רייד צו די דאַמעס פון זיין קרייז; האָט מיסטאָמע געלייענט פיינע ביכער און רעציטירט „הימלישע״ פּאָעזיע. ער האָט זיכער, ווי מיר שטויסן זיך אָן, זיך דערקלערט אין ליבע צו זיינע מיידלעך מיט אַזאַ הויכער, געטאָקטער און געאיידלטער שפּראַך, וואָס ניט איך און ניט קיינער פון מיינע כאַווירים פּאָשעטע סאָלדאַטן פאַרשטייט זי אַפילע. יאָ, דאָס אַלץ קאָן זיך זיין גאַנץ עמעס. אָבער וואָס אונדז אינטערעסירט דאָ איז אָט וואָס: ווער און וואָס ער, אָט דער דע־פּאָלע־פּאָלסקי, איז געווען דאָ, אין קאַזאַרמע, צווישן אונדזערע סאָלדאַטן?...ווי אַזוי האָט ער זיך באַצויגן צו אונדזערע יאַטן?... איך פרעג: וואָס קומט אונדז אַרויס דערפון, וואָס ער איז דאָרט, מעכוץ דער קאַזאַרמע, געווען אַ לייטישער, פיינער מענטש, בעאייס דאָ, אַזוי גיך ווי ער איז נאָר געקומען אין באַציאונג מיט אונדזערע סאָלדאַטן, האָט ער גלייך פאַרלוירן יעדן סימען פון מענטשלעכקייט. און מען מוז אויך געדענקען, אַז מיר מישפּעטן אים דאָ ניט פאַר טאַטן, וואָס ער זאָל האָבן באַגאַנגען דאָרט, אין זיין אייגענער, היימישער סווירווע, נאָר פאַר די אַלע אומענטשלעכע פאַרברעכנס, וואָס ער איז באַגאַנגען דאָ...

דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז דורך דער גאַנצער צייט געזעסן אַ שווייגנ־דיקער און ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אויסדרוק פון אַ פּאַרדראָס, אָדער כאַראָטע. עמעס, ער איז שוין מער ניט געווען דער אַמאָליקער אויסגעגלייכט־שטאָלצער, אייגנעקאָרסעטעוועטער פּראַנט. עס איז שוין מער ניט געווען צו דערקענען אין אים עטוואָס פונעם אַמאָליקן אָנשטעל און פון דער אָנגעבלאָזנקייט, וואָס ער פלעגט טראָגן אַף זיך. ער האָט גאָר אויסגעזען ווי אַ צעבראָכענער, געהויקערטער און דערשלאָגענער בעטלער,— נאָר אין אַ מיליטערישן מונדיר. דאָס בלאַסע, אומראַזירטע פּאָנים זיינס און די מאַטע אויסגעלאָשענע אויגן, זענען געווען שטייף און אומבאַווועגלעך. ער איז געזעסן ווי איינער וואָס האָפט אַף עפּעס אַן אומגעווייניטלעכס, וואָס זאָל אים אַרויסראַטעווען. עטלעכע מאָל איבער דער צייט האָט ער זיך געציילעמט און אינדערשטיל עפּעס געמורמלט מיט זיינע בלויע, ציטערדיקע ליפּן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, פּונקט ווי ער וואָלט עס אַזוי גאָט געבעטן, אַז עס זאָל אָנקומען אַן אומגעריכטע טעלעגראַמע, וואָס זאָל לאָזן וויסן, אַז די צאַרישע הערשאַפט איז צוריקגעשטעלט און אַז דער מישפּעט איבער אים ווערט איצט ניט נאָר אָפּגערופן, נאָר אַז די אַלע באַטייליקטע אין דעם ווערן טאַקע דערשאָסן ווערן. גערעדט האָט ער גאָרניט.

ער, דע־פּאָלע־פּאָלסקי, האָט זיך אַפילע שאַרף אָפּגעזאָגט פון דער פּריווילעגיע, וואָס מען האָט אים געגעבן, אַף צו זאָגן עטוואָס אין זיין

פאַרטיידיקונג. אף דער איינלאַדונג פונעם געריכט-פּאָרזיצער צו רעדן, האָט ער בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „מויכל, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט נאָר אַליין". אָבער דערפאַר שפּעטער, ווען שופאַק האָט שוין געהאַט רעזומירט די באַווייזן און דאָס אייגעס זאָגן פון די סאָלדאַטן, און שוין געהאַט גערופן די ריכטער אַריינצוגיין אין דער זעמליאַנקע, אף דער באַראַטונג, — האָט ער, דע-פּאָלע-פּאָלסקי, זיך מיטאַמאָל אַזוי ווי פאַרלוירן. זיינע אויגן האָבן פּלוצים אָנגעפאַנגען אַרומלויפן אַהין און צוריק, — נאָר ווי ביי אַ געפאַנגענער מויז אין אַ שטייג. די הויט אף זיין פּאָנים האָט גענומען ציטערן און זיך געכוואַליעט ווי די פעל ביי אַ מיד פערד. עפּעס נאָר ווי אַ געשלאָגענער הונט, וואָס שטעלט זיך אף די הינטערשטע לאַפּעס, אַזוי האָט ער זיך פּלוצים אַ שטעל אויף געטאָן פון זיין פּלאַץ און — מיט נאָכהענגעדיקע הענט — גענומען מיט שטיקנדיקע טרערן בעטן, אַז מען זאָל אים מויכל זיין; ראַכמאָנעס האָבן אף אים און אים ניט אומברענגען יונגערהייט פון דער וועלט...

קיינער האָט אים אָבער שוין איצט ניט געהערט. די פאַרהאַנדלונגען פונעם מישפּעט זענען שוין געווען געענדיקט. די ריכטער זענען שוין איצט געווען אף זייער וועג צו דער זעמליאַנקע. דאָרט האָבן זיי זיך פאַרמאַכט און קיין זייטיקן ניט אַריינגעלאָזט. זיי האָבן אָבער אינעווייניק אַזוי הויך אַרגומענטירט און גערעדט צווישן זיך, אַז זייערע שטימעס האָבן זיך געהערט אף ווייט אינדרויסן אַרום דער זעמליאַנקע. די צייט האָט זיך דערווייל געצויגן און געצויגן...

*****

**געלאַסן** האָט אָנגעהויבן צופאַלן דער אָוונט. שווערע וואָלקנס האָבן זיך געצויגן אינדערהויך און אויסגעזען, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן זיך פאַרנומען צו דערשטיקן די העכערע בערג-שפּיצן פונעם אַרום. די באַראַטונג פון די ריכטער האָט זיך ענדלעך געענדיקט. זיי זענען אַרויסגעקומען פון דער זעמליאַנקע. שווייגנדיקע, מיט מידע שטייפע פּענימער, האָבן זיי זיך אַלע צוריקגעזעצט אף זייערע פּלעצער. צווישן די פאַרזאַמלטע סאָלדאַטן האָט זיך גלייך אַ טראָג געטאָן אַ שטיל שושקעריי, וואָס האָט אויסגעדריקט אַן אומרואיקן אומגעדולד. שופאַק, דער פאָרזיצער, האָט גערופן צו אָרדנונג. ער האָט אַלעמען געבעטן זיך צו פאַרהאַלטן רואיק און, אַזוי גיך ווי עס איז נאָר שטיל געוואָרן, אַ זאָג געטאָן:

— כאַוויירים, דערלויבט מיר אינעם נאָמען פון אייערע דערוויילטע ריכטער, אין דעם נאָמען פונעם רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל פון אונדזער קאָרפּוס, אייך צו מעלדן, אַז מיר זענען געקומען צו אַן איינשטימיקן באַשלוס אין דעם אורטייל איבערן אַפּיציר דע־פּאָלע־פּאָלסקי און מיר ווילן אייער גוטהייסונג. אָבער איידער מיר מעלדן דעם באַשלוס פונעם געריכט, וועט כאַווער קאַלינסקי, דער סעקרעטאַר פונעם טריבונאַל, דאָ פאָרלייענען אונדזער דעקלאַראַציע...

אַרום איז גלייך געוואָרן אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. די אַרומזיצנדיקע און אַרומשטייענדיקע סאָלדאַטן האָבן מאַמעש איינגעהאַלטן די אָטעמס און, מיט אויסגעצויגענע קעפּ אַף פאָרויס, צו די ריכטער, זיך פּאָשעט איינגעגעסן מיט שאַרפע אויגן אין קאַלינסקין, וועלכער האָט דאָסמאָל אויסגעזען עפּעס נאָר ווי אַ הייליקער. ער האָט גענומען רעדן:

— איך וויל אייך קוידעם קאָל מעלדן, ברידער מיינע, — האָט ער געלאָסן און איינדרוקספול געלייענט פון אַ פּאַפּיר, — אַז מיר, זיגרייכע רעוואָלוציאָנערן, זוכן ניט נעקאָמע צו נעמען פון געפאַלענע געגנער און סאָנים. מיר האַנדלען גרויסמוטיק, קעדיי צו באַווייזן, אַז ניט מיט טויט און בלוט־פאַרגיסונג דאַרף און קאָן אָפּגעווישט ווערן אַ פאַרברעכן. מיר האָבן דערפאַר אויך די זעלבע מאָס געוואָלט אָנווענדן אַף אָט דעם דאָזיקן באַשולדיקטן. עס איז אָבער איצט אַ צו ערנסטע רעוואָלוציאָנערע צייט. די רעוואָלוציע איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט און עטאַבלירט. עס שטייען נאָך פאָר פאַר אונדז גרויסע און שווערע קאַמפן. אין אַזאַ צייט ווי די, איז יעדער אַקטיווער סוינע אַ גרויס געפאַר פאַרן ווייטערדיקן גאַנג און דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע. ספּעציעל איז עס ריכטיק אין פאַל פון אָט דעם־אָ באַשולדיקטן, וועלכער איז פון יענעם מין, וואָס פאַרגעסט ניט אַזוי גיך און היילט זיך ביכלאַל ניט אויס פון זיינע איינגעלעבטע איינגעשאַפטן. דעריבער איז ביי אונדז, אייערע דערוויילטע פאַרטרעטער, קלאָר געווען, אַז דער באַשולדיקטער דע־פּאָלע־פּאָלסקי, — וועלכער האָט טאָמיד געטראָגן אַ טיפע פאַראַכטונג און אַ פאַרביסענע סינע צו אונדז סאָלדאַטן, — וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן און פאַרגעבן, וואָס מיר, פּאָשעטע סאָלדאַטן, האָבן געהאַט אַ כוצפּע אים צו מישפּעטן. עס איז קלאָר, אַז ער, וואָס האָט ערשט לעצטנס — אַנשטאָט צו וואַרטן אפן כעסעד פון די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן — האָט זיך גאָר געקליבן צו דערשיסן זיין קאָנוואָי, קעדיי צו קאָנען אַנטלויפן, — וועט זיכער זוכן נאָך ענלעכע געלעגנהייטן. און אויב מיר זאָלן אים איצט לאָזן אומבאַשטראָפט פאַר זיינע אַלע פריערדיקע מאַיסים, וואָלט עס געהייסן, אַז מיר, מיט אונדזערע אייגענע הענט, גיבן אים די מעגלעכקייט, אַז ער

זאָל באַ דער ערשטער אונטערגעקומענער געלעגנהייט זיך נויקעם זיין אין אונדז. מיר וואָלטן אַזויאַרום אַליין אויסגעהאָדעוועט אַזאַ סוינע און באַקעמפּער, וואָס וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך, אַבי צו דערשטיקן די רעוואָלוציע, וועלכע האָט דערמעגלעכט אַ מישפּעט איבער אים. דעריבער...

אַ טויט־אָנגעצויגענע שטילקייט איז אַנטשטאַנען. דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז געשטאַנען מיט אַן אַרונטערגעבויגענעם קאָפּ און זיך אַפילע קיין באַוועג ניט געטאָן. די סאָלדאַטן האָבן מיט ברענענדיקן אומגעדולד געוואַרט אויף קאַלינסקיס לעצטע ווערטער, וואָס זענען געפאַלן עפּעס אַזוי שטיל, פּאַמעלעך און געהאַקט:

— דעריבער, — האָבן זיינע רייד געשניטן, — האָט דער רעוואָלו־ציאָנערער טריבונאַל באַשטימט, אַז די איינציק־פּאַרדינטע שטראָף פאַר דעם באַשולדיקטן דע־פּאָלע־פּאָלסקי, איז די העכסטע: — דערשיסן...

ווי אויסגעשעפּט פון אַ שווערער אַרבעט, אַזוי האָט קאַלינסקי זיך מיד אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק, גענומען ווישן דעם שווייס פון זיין פּאָנים און גלעטן די בלאָנדע באָרד. די סאָלדאַטן—ווי זיי וואָלטן איצט באַקומען אַ לאַנג־דערוואַרטעטע באַפרידיקונג—האָבן קימאַט אַלע פאַר־אַמאָל טיף אָפּגעאָטעמט און געשוויגן. דע־פּאָלע־פּאָלסקי — נאָר ווי אַ פאַרשטיינערטער — איז געבליבן שטיין אויפן פלאַץ אין אַ פאַרגעסנקייט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַפילע ניט באַגריפן, אָדער זיך ניט געוואָלט גלויבן, אין דעם ערנסט פון דעם נאָר־וואָס אַרויסגעבראַכטן אורטייל איבער אים.

שופּאַק, דער פּאָרזיצער, האָט געזאָגט צו דע־פּאָלע־פּאָלסקין:

— פאַרשטייט זיך, אַז איר האָט אַ רעכט צו אַפּעלירן קעגן דעם אורטייל צו דער רעגירונג, אָדער צום הויפּט־סאָוועט. מיר וועלן אייער ווענדונג ווי געהעריק אַריבערשיקן און...

דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט ניט געענטפערט מיט קיין בליק אַפילע.

ערשט אַ ווייל שפּעטער, ווען דער קאָנוואָי־עלטסטער, וואָס האָט אים געהיטן, האָט ווי מיט מיטגעפיל אים שטיל באַפוילן זיך צו גרייטן צוריקצוגיין אין אַרעסט־הויז — האָט ער, דע־פּאָלע־פּאָלסקי, ערשט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, צעטומלט זיך אַרומגעקוקט מיט זיינע צעגליטע אויגן און, מיט פאַרשטשעמעטע ציין, אַ ברום געטאָן:

— דאַ־אַ־אַס... הייסט עס, אַז אַזוי איז עס...

מער האָט ער גאָרניט געזאָגט. ער האָט ווידער פאַרזונקען דעם קאָפּ אין די אַקסלען אַריין און, געוואַרט אויפן באַפעל צו מאַרשירן...

*****

**אַרום,** אפן פלאַץ, איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אַ טומלדיק האַועריי ווי אף אַ מאַרק. די פּאַרזאַמלטע סאָלדאַטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין, אָבער דערביי געדעדט צווישן זיך אף אַזאַ קאָל, אַז עס האָט פאַרפולט דעם גאַנצן אַרום. בלויז דאָ און דאָרט האָט נאָך עמעצער פון די יאַטן זיך אומגעקערט און געכאַפּט אַ לעצטן בליק אף דע־פּאָלע־פּאָלסקין, ווי צום געזעגענען זיך מיט אים. די טריבונאַל־ריכטער זענען אַריין אין דער זעמליאַנקע. בלויז דער פאָלק־קאָמאַנדיר איז געבליבן אינדרויסן און, אַן אויפגערעגטער, זיך אַרומגעדרייט. אָט האָט ער געמאַכט אַ טראָט אין דער ריכטונג צו דע־פּאָלע־פּאָלסקין, אַ קוק געטאָן אַרום זיך און זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך געצאַנגעוועט. מיטאַמאָל, פונקט ווי ער וואָלט זיך ענדלעך באַשלאָסן, איז ער צוגעגאַנגען און...

מיט אַ וואונק האָט ער באַוויזן די קאָנוואָירן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּרוקן אף אַ ווייל פונעם פאַרמישפּעטן און אים לאָזן אַליין מיט אים. יענע האָבן עס גלייך געטאָן. דער קאָמאַנדיר איז צוגעגאַנגען נעענטער צו דע־פּאָלע־פּאָלסקין און טיף אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן אַריין:

— איר וועט דאָך זיכער ניט אָפּעלירן.— האָט ער אַ זאָג געטאָן, — די כעוורע וועלן עס אַפילע ניט איבערשיקן...

ער האָט שנעל און אומבאַמערקט אים עפּעס אַ רוק אַריין געטאָן אין דער קעשענע און דערביי שטיל אַ מורמל געטאָן צו אים:

— דאָ, פּאָלקאָווניק, זענען פאַראַן צוויי קוילן. דערמיט קאָנט איר פאַרשפּאָרן זיך — די שאַנד פון פאַלן דורך זייערע הענט, און זיי — די פרייד פון נעקאָמע און... קיינער וועט אייך זיכער ניט שטערן אין דעם. איר האָט צייט ביז אינדערפרי; איידער... נו, דערווייל אָבער, — העכער דעם קאָפּ, העכער...

ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט. יענער האָט זי גענומען מיט אַ פוילער באַוועגונג און דערביי אויך אַזוי פויל אַ שמייכל געטאָן:

— אַ דאַנק אייך, ניקאָלאַי סטעפּאַניטש, אַ דאַנק אייך!...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אָפּגערוקט און איז מיט געאיילטע טריט אַוועק צו זיך אין זיין זעמליאַנקע אַריין.

דער קאָנוואָי־עלטסטער איז אַרויסגעקומען פון זעמליאַנקע מיט די אונטערגעשריבענע פּאַפּירן. אָנשטאָט צום אַרעסט־הויז, וואוהין דער קאָנוואָי האָט געזאָלט אָפּפירן דע־פּאָלע־פּאָלסקין, האָט דער טריבונאַל אים געהייסן אָפּפירן אין זיין אייגענער זעמליאַנקע אַריין, קעדיי ער זאָל

דאָרט פאַרבראַנגען זיין לעצטע נאַכט. מען האָט בלויז געהייסן דאָרט צו פאַרטאָפּלען די וואַך און קיינעם ניט צולאָזן צום אַרעסטירטן.

אפן פּלאַץ איז ענדלעך געוואָרן שטיל און ליידיק. דער גאַנצער אוילעם איז שוין געווען פאַנאַנדערגעגאַנגען. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלץ וואָלט פאַרגעסן און אָפּגעמעקט געוואָרן, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָר קיין זאַך ניט געהאַט פּאַרגעקומען. די נאַכט איז צוגעפאַלן אַ שוואַרצע און פינצטערע. דער פאָלק־סאָוועט איז — ווי געוויינטלעך — גלייך זיך צונויפגעקומען ביי אונדז אין דער זעמליאַנקע, צום פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגן: וואו, ווען, ווי אַזוי און ווער עס זאָל אויספירן דעם אורטייל איבערן פאַרמישפּעטן. די פאַרטרעטער פון קימאַט אַלע ראָטעס פונעם פאָלק האָבן זיך פּאָשעט געריסן פאַר דער דאָזיקער זכיע... עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און די פראַגע איז געלייזט געוואָרן, באָטש גאַנץ אַנדערש ווי מען האָט דערוואַרט...

אינמיטן די פאַרהאַנדלונגען איז אין זעמליאַנקע אַריינגעלאָפן דער קאָנוואָי־עלטסטער און...

— כאַווירים, — האָט ער ווי געשטאַמלט און געצוקט מיט די ליפּן פון גרויס אויפרעגונג, — ליבינקע, באָר־וואָס האָט דע־פאָלע־פאָלסקיס קאָנוואָיר געמאָלדן, אַז ער האָט געהערט אַ שאָס אין דער זעמליאַנקע ביי דעם אַרעסטירטן... עס זעט אויס, אַז דאָרט איז עפּעס געשען און...

גרישונין איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ. פלינק האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם שינעל אף זיך, אַ וואונק געטאָן צו צוויי מיטגלידער פונעם סאָוועט און, — צוזאַמען מיט זיי, — זיך אַ לאָז געטאָן לויפן צו יענער זעמליאַנקע, אַ קוק צו טאָן וואָס דאָרט איז געשען...

זיי זענען אַריין אינעווייניק. עמעצער פון זיי האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און, באַ דער אויפגעבליצטער שוואַכער שיין, גלייך דערזען דע־פאָלע־פאָלסקין — אַ טויטן שוין — אויסגעצויגן אף דער ערד, לעבן זיין בעטל. דער קערפּער איז נאָך וואַרעם געווען. פונעם רעכטן שלייף האָט זיך געצויגן אַ פאַרגליווערט ריטשקעלע בלוט אין דער שמוציקער ערד אַריין. ניט ווייט פון אים, ביים פיסל פונעם בעטל, איז געלעגן אַ רעוואָלווער און אַ ניט־פאַרקלעפּטער קאָנווערט מיט אַ בריוו אין אים.

גרישונין האָט געהייסן אָנצינדן דאָס קליינע קעראָסין־לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אף דעם ערד־טישל אין דער זעמליאַנקע, און אַליין האָט ער דאַן פלינק אַ נעם געטאָן דעם רעוואָלווער, אים באַטראַכט אַ ווייל און אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען דעם בריוו פונעם קאָנווערט, וואָס איז געווען אַדרעסירט צום סאָוועט, און גענומען דורכלייענען דאָס אָנגעשריבענע. דערביי איז ער געוואָרן

מער און מער אויפגערעגט און אַזש פאַרביסן זיינע ליפּן פון פאַרדראָס. באַלד האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו זיינע באַגלייטער און אַף אַ קאָל גענומען לייענען פאַר זיי טיילן פון דע-פּאָלע-פּאָלסקיס בריוו, וואָס איז געווען פול מיט גאַליקע, מיעסע זידלערייען אַף דער רעוואָלוציע און אירע טוער, צוזאַמען מיט אַן אויסגעשפּראָכענער האָפנונג, אַז אָט באַלד-באַלד וועלן זיך אומקערן די אַלטע צאַרישע צייטן און אַז דעמלט וועט מען זיך נאָך אָפּרעכענען מיט זיינע מערדער און זיי אַ טויזנט-פאַכיק באַצאָלן פאַר זיין יונגן אומגעבראַכטן לעבן...

גרישונין איז געבליבן שטיין אַ ווייל, געקוקט אַף זיינע צוויי באַגלייטער און געשוויגן. באַלד האָט ער אויך דעם בריוו אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע, געגרעדט עפּעס מיטן קאָנוואָי-עלטסטן און מיט אַ פּאָר פון די קאָנוואָאירן און איז, צוזאַמען מיט די באַגלייטער, צוריק אַוועק צו דער זיצונג. אַן אויפגערעגטער האָט ער דערציילט אין סאָוועט וועגן אַלעם וואָס עס איז פּאָרגעקומען, איבערגעלייענט דעם בריוו און געמאָלדן, אַז לויט דער מאָמענטאַלער אויספאָרשונג דאָרט, אַפן פּלאַץ, לויט די רייד פון די קאָנוואָאירן, זעט עס אויס, אַז דער קאָמאַנדיר האָט עס דעם פאַרמישפּעטן געגעבן דעם רעוואָלווער. ער האָט דעריבער פאָרגעשלאָגן צו רופן דעם קאָמאַנדיר צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

סטעפּאַקין איז אויפגעשפּרונגען אינמיטן זיינע רייד:

— איך האַלט, אַז די הויפּט-שולד פאַלט גאָר אַף גרישונינען. ער — ווי דער קאָמענדאַנט — האָט עס געדאַרפט פאַרהיטן. דעריבער שלאָג איך פאָר איִם צו באַשטראָפן, פונקט ווי ער וואָלט דעם רעוואָלווער...

גרישונין האָט גאָרניט געענטפערט דערויף. ער איז געזעסן מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, אַקוראַט ווי ער וואָלט צוגעגעבן זיין שולד.

אויך די איבעריקע סאָוועט-מיטגלידער זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ שווערן שטילשווייגן. קלאָר: אַז דער אומגעריכטער אויסגאַנג פון גאַנצן איניען האָט אַלעמען מאַמעש צערודערט און זיי האָבן מאַשמאָעס ניט געפונען וואָס צו זאָגן. אָבער דאַווידאָוו, דער פאָרזיצער פון דער זיצונג, איז גלייך געקומען צו זיך און אַ זאָג געטאָן:

— כאַווירים, קיין צווייפל ניט, אַז דער קאָמאַנדיר פאַרדינט אַן אויסרייד און עפּשער אויך אַ שטראָף. איך גלויב אָבער, אַז גראָד איצט האָט זיין האַנדלונג געבראַכט מער נוצן ווי שאָדן. איך האַלט דעריבער, אַז מיר דאַרפן איִם עפּשער גאָר דאַנקען, וואָס ער האָט אונדז דאָ איצט איינגעבראַכט די אומאַנגענעמע אַרבעט פון פּאַטשקען זיך מיט אָט דעם אומווירדיקן, קרעציקן הונט,— דע-פּאָלע-פּאָלסקין...

קיינער האָט גאָרניט געענטפערט. קלאָר, אַז אַלע זענען זיי געווען

איינשטימיק מיט דאַווידאָוון. שטילע, אָבער מיט אַ געפיל ווי אַ שטיין וואָלט אַרונטער פונעם האַרצן, איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

צומאָרגנס, ווען די זון איז קוים אַרויסגעקראָכן פון צווישן די ווייטע בערג-שפּיצן, איז ביי אונדז אפן באַרג, לעבן די פאַרשאָטענע, אַמאָליקע סאַניטאַר-גריבער, צוגעקומען נאָך אַ פאַרשאָטענער גרוב. אַ שוואַרצע ברעט האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך מיט געלן אויפשריפט:

„דער, וואָס לעבט ווי אַ שלאַנג, בעאייס ער האָט די מאַכט — מוז שטאַרבן ווי אַ וואָרעם, נאָכדעם ווי די מאַכט ווערט צוגענומען ביי אים. פאַד-פאָלקאָוויק דע-פאָלע-פאָלסקי, וועמעס גוף עס פוילט דאָ, אין דער ערד, איז געווען נאָך ווילדער, בייסיקער און...גיפטיקער...״

*****

**ווידער** זענען דורך אַ פּאָר וואָכן אין פיינלעכן אומגעדולד. מען האָט אַלץ געוואַרט אף אַ יעדיע אף צו פאַרנעמען זיך אַהיימצוגיין. די האָפנונגען, אַז די ציטשווייליקע רעגירונג וועט אַליין אָפּשטעלן די מילכאָמע און געבן דעם באַפעל אַהיימצוגיין, — איז שוין אינגאַנצן אויסגערונען געוואָרן. עס איז קלאָר געווען, אַז מען וועט שוין מיסטאָמע אַוועקגיין פונעם פראָנט אָן דעם געהעריקן באַפעל...

ענדלעך איז אָנגעקומען פריילעכע נייעס. פון אונדזערע שעליכים, וואָס האָבן זיך געפונען איבערן גאַנצן וועג פון דער פּאָזיציע ביז צו טראַפּעזאָנד, זענען אָנגעקומען באַריכטן, אַז אַלע צוגרייטונגען זענען שוין קימאַט ווי פאַרענדיקט. זיי האָבן געמאָלדן, אַז אפן גאַנצן וועג, פון די פראָנט ליניעס ביז צום יאַם-ברעג אין טראַפּעזאָנד, זענען שוין אַוועקגעשטעלט אַלע בריטיקע שפּייז-פּונקטן, ביוואַקן, מעדיציניש סטאַנציעס און אַפילו אָפּרו-פּלעצער פאַר אָפּגעשטאַנענע סאָלדאַטן...

דער קאָרפּוס-סאָוועט, נאָכן דערהאַלטן די דאָזיקע מעלדונג, האָט גלייך געלאָזט וויסן איבער דער גאַנצער לענג פון דער פראָנט-ליניע, אַז די עוואַקואַציע וועט זיך מיסטאָמע אינגיכן אָנהויבן. עס איז איצט בלויז געבליבן צו באַשטימען דעם סיידער, דאָס הייסט, וועלכער פּאָלק עס זאָל אַרויסגיין דער ערשטער און וועלכער עס זאָל גיין נאָך אים. וואָס שייך אונדזער אייגענעם פּאָלק, האָבן מיר גלייך אין אָנהויב, נאָך איידער עפּעס איז באַשטימט געוואָרן, פרייוויליק גענומען אף זיך צו זיין די סאַמע לעצטע. געטאָן האָבן מיר דאָס צוליב עטלעכע טאַימים — ערשטנס דערפאַר וואָס מיר זענען געשטאַנען אפן סאַמע רעכטן פליגל פונעם קאָרפּוס-פראָנט און דורך אונדז האָבן געדאַרפט פאַרבייגיין אַלע

אונדזערע אַנדערע אָפּטיילונגען, וועלכע מיר האָבן, אַגעוו, טאַקע געוואָלט האָבן פאַר געסט באַ זיך און פאַרברענגען צוזאַמען מיט זיי עטלעכע פריילעכע שאָען. צווייטנס — כאָטש דער פאַרלאַנג אף צו פאַרלאָזן דעם פראָנט איז באַ יעדן זייער גרויס געווען — האָבן מיר אָבער געוואָלט גיין צוזאַמען מיטן קאָרפּוס-סאָוועט, וועלכער האָט, נאַטירלעך נאָך געדאַרפט וואַרטן ביז ער וועט האָבן אַרויסגעשיקט אַלע אונדזערע טיילן...

וואָס שייך די איבעריקע אונדזערע פּאָלקן און אָפּטיילן אין דעם קאָרפּוס, איז פון סאָוועט באַשטימט געוואָרן, אָנצוהויבן פונעם סאַמע ווייסטסטן פּאָלק און גיין אַזוי קעסיידער, ביז צום עקסטרעם רעכטן, ביז צו אונדזערן. מען האָט דעריבער ביי אונדז אין פּאָלק גלייך אָנגעהויבן צוגרייטן אַלע נויטיקע איינריכטונגען, אף צום קאָנען אויפנעמען די אָפּמאַרשירנדיקע טיילן. אפן אָפענעם פעלד, לעבן דער קאַנצעלאַריע, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ שפּייז-פּונקט פאַר סאָלדאַטן, וואָס וועלן — בעאייסן פאַרבייגיין — זיך אָפּשטעלן ביי אונדז אף איבערצונעכטיקן. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פעלד-שפּיטאָל מיט אַ צאָל דאָקטוירים, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אף דער וואַך אין אַ נויט-פאַל. אינמיטן דעם פעלד האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע, אָפענע פּלאַטפאָרמע, קעדיי צו קאָנען געבן אָנווייזונגען און דורכצופירן פאַרשטעלונגען. ווייל עס וואָלט אומעגלעך געווען צו באַדינען אַ גאַנצן פּאָלק פאַראַמאָל אין דעם קליינעם טעאַטער-זעמליאַנקעלע. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרוויילונג-קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן אַלע מעגלעכע פאַרשידענע שפּילן און פאַרוויילונגען פאַר די אָנגעקומענע יאַטן, בעאייס זיי וועלן זיך געפינען צו גאַסט ביי אונדז...

*****

**אין סאַמע** מיטן פון די צוגרייטונגען אף צום אָפּמאַרש פונעם פראָנט, בלויז עטלעכע טעג איידער דער ערשטער פּאָלק פון אונדזער קאָרפּוס האָט זיך געדאַרפט אַרויסרירן אין וועג אַריין, און בלויז אַ פּאָר טעג נאָכן מישפּעט איבער דע-פּאָלע-פּאָלסקין, — האָט דער קאָרפּוס-סאָוועט דערהאַלטן אַ מעלדונג פונעם קאָרפּוס-קאָמאַנדיר, אַז צוליב זיין שוואַכן געזונט-צושטאַנד איז ער געצוואונגען גלייך צו פאַרלאָזן זיין שטאַב און אָפּפאָרן אין טיל. ער האָט דערביי דערקלערט, אַז דערפאַר וואָס זיינע באַפעלן און פאַראָרדנונגען ווערן לעצטנס ניט דורכגעפירט ווי געהעריק, ווירקט עס אף אים צום ערגערן און אַז ער פילט זיך דעריבער ניט מער בעקויעך אָנצוהאַלטן זיין אַמט... עס איז

אָבער גלייך קלאָר געווען פאַר אַלעמען, אַז די עמעסע סיבע פון זיין רעזיגנאַציע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געזען, אַז די מאַכט זיינע גליטשט זיך אַרויס פון זיינע הענט און דעריבער...

דער סאָוועט האָט גלייך פאַרהאַנדלט אָט דעם איניען און, כאָטש עס זענען געווען מיינונגען צווישן די מיטגלידער, אַז מען זאָל זיין פאַרלאַנג צוריקווייזן און ניט באַפרייען קיין אָפיצירן, ביז מיר וועלן ניט זיין ווייט אין טיל, — האָט אָבער קאַלינסקי געהאַלטן פאַרקערט. ער האָט געטיינעט:

— איך האַלט, אַז אָן זיי וועט זיין פיל געזונטער...

דער סאָוועט האָט דעריבער באַוויליקט דעם פאַרלאַנג און צוגלייך מיט דעם אויך אַרויסגעגעבן אַן עפנטלעכע מעלדונג, אַז יעדער אָפיציר פון קאָרפּוס, וועלכער האָט אַ פאַרלאַנג אונדז צו פאַרלאָזן, וועט קריגן די דערלויבעניש דערפאַר, אַזוי גיך ווי ער וועט נאָר מעלדן...

די דאָזיקע מעלדונג, צוזאַמען מיטן אַוועקגיין פונעם קאָרפּוס-קאָ-מאַנדיר, איז געווען ווי אַ סיגנאַל פאַר דער גרעסטער מערהייט אָפיצירן פונעם קאָרפּוס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלאַף פון פּאָלקאָווניקעס, באַטאַליאָן-און אַפילו ראָטע-קאָמאַנדירן. עס איז קלאָר געווען, אַז דער מישפּעט-און אורטייל איבער דע-פּאָלע-פּאָלסקין האָט דאָס זיי אַלעמען אַזוי אָפּגעשראָקן. זיי האָבן אַפּאָנים מורירע געהאַט, אַז אפן וועג זאָלן די סאָלדאַטן אַמאָל ניט אויסלאָזן צו זיי די פאַרביטערטע הערצער און זיי אָפּצאָלן פאַר די אַמאָליקע קריוודעס...

אָבער ניט אַלע אָפיצירן זענען אַוועק. דאָ און דאָרט זענען ביי אונדז פונדעסטוועגן דאָך געבליבן אַ צאָל עלטערע אָפיצירן, צוזאַמען מיט אַביסל יונגע פּראַפּאָרשטשיקעס, וואָס האָבן ניט רעזיגנירט.

צווישן די געבליבענע אָפיצירן ביי אונדז אין פּאָלק, איז געווען דער פריערישער, מעגושעמדיקער אַפיציר, שטאַב-קאַפּיטאַן מעדאָטשקין. דער סאָוועט — גלויבנדיק, אַז דעם קאָרפּוס וועט נאָך אַוואַדע אויסקומען זיך אַריבערצוכאַפּן קיין פּעטראָגראַד, אָדער מאָסקווע און, דעריבער, זיך נאָך מיסטאָמע נויטיקן אין מיליטערישער דערפאַרונג און סטראַטעגיע-קענטעניש — האָט ביי אַ זיצונג פאַרהאַנדלט די פראַגע וועגן באַשטימען אַ נייעם קאָרפּוס-קאָמאַנדיר מיט פּאָלקאָווניקעס. דער ערשטער אויסוואַל איז געפאַלן אף מעדאָטשקינען און עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך מיט אים דורכצורעדן און זען, אַז ער זאָל אָננעמען די באַשטימונג.

מעדאָטשקין, ווען מען האָט דאָס אים פּאָרגעלייגט, האָט טכילעס, ווי עס האָט אויסגעזען, ניט געוואָלט גלויבן זיינע אייגענע אויערן. ער האָט ברייט צעעפנט זיינע גרויסע גוטמוטיקע אויגן און שטוינענדיק —

מיט אַ באַאיוון אומגלויבן — זיך אַרומגעקוקט, ווי צום איבערצייגן זיך, אַז עס כאָלעמט זיך אים ניט. ווען מען האָט אים אָבער באַלד באָכאַמאָל דערקלערט, אַז דאָס איז קיין שפּאַס ניט און אַז מען האָפט, ער וועט עס אָננעמען און דינען געטריי דעם סאָוועט און בעמיילע דעם קאָרפּוס, ביז מען וועט זיך איינגאַנצן אויפלעזן, — האָט ער עס ערשט אָנגעהויבן גלויבן. זיינע אויגן האָבן גלייך אויפגעבליצט מיט אַ פריידיק פייערל. ער האָט מאַמעש געציטערט פון דער אָנגעלאָפענער פרייד. ער האָט זיך אַזש גענומען קלאַפּן אין דער ברוסט אַריין און געשטאַמלט:

— אָ, גאָט מיינער, גאָט מיינער, הערן כאַווירים!...איז דאָס טאַקע עמעס, וואָס איך הער?...איך... איך דאַנק אייך!... איך דאַנק אייך פאַר דעם צוטרוי און פאַרן קאָוועד!...און...א, הערן כאַווירים, איר וועט זיך ניט אַנטוישן אין מיר!...איך...איך בין דאָך איינגאַנצן אייערער!...

ער האָט זיך גענומען שטיקן מיט די ווערטער און זיך שיער ניט צעוויינט. טרערן, האָט מען געזען, זענען אַרונטערגעהאנגען פון זיינע פלאַטערנדיקע וויעס. ער איז אָנגעגאַנגען:

— דאָס איז דאָך צום ערשטן מאָל, וואָס מיין פויערשאַפט איז מיר ניט געשטאַנען אין וועג...ביז איצט האָב איך דאָך ניט געהאַט קיין שום ווערט און אַפילו ניט געקאָנט קומען פריי אין זייער געזעלשאַפט...איך בין דאָך עפּעס ניט קיין „דוואָריאַנין", קיין פּאָרעץ...מיין פאָטער האָט דאָך קיין שקלאַפן ניט געהאַט און...גאָט מיינער, מיט אייך, כאַווירים, בין איך דאָך ווי אַן אייגענער... איך וועל אייך דעריבער נאָך קאָנען באַווייזן, אַז וואָס שייך מיליטערישער און טאַקטישער קענטעניש, ווייס איך נאָך פונקט אַזויפיל ווי זיי, די גרויסע פריצים...אָ, גיט מיר נאָר די געלעגנהייט עפּעס צו טאָן און איך, ביי גאָט!...

ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט און איבערגעפולט פון פרייד, אַז ער האָט גערעדט אָן אָפּשטעל. מיטאַמאָל אָבער, פונקט ווי עפּעס וואָלט זיך אים פּלוצים אין האַלדז געשטעלט, וואָס ער קאָן ניט אַרונטערשלינגען, — איז ער שטיל געבליבן. ער האָט זיך געדרייסלט און צוגעגעבן:

— עס וועט שוין זיין רעכט, כאַווירים. איר וועט זען, אַז...

מעדאָטשקין איז דערקלערט געוואָרן פאַר קאָרפּוס־קאָמאַנדיר. דער סאָוועט האָט אים דערביי גלייך דערקלערט, אַז צו אים וועט צוגעשטעלט ווערן דער מיטגליד פון סאָוועט, קאַלינסקי, מיט וועמען ער וועט זיך דאַרפן באַראַטן אין אַלע פראַגן און צוזאַמען אויסאַרבעטן אַלע נויטיקע מיליטערישע איניאַנים, וואָס וועלן עפּשער אַרויפשווימען. מעדאָטשקין האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט מיט טיפער אויפמערקזאַמקייט און זייער אַ צופרידענער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דאָס איז ריכטיק, מיינע הערן כאַווײרים! דאָס איז בעעמעס אַ גרויסער געדאַנק! ביי גאָט, הערן כאַווײרים, דאָס וועט דאָך מיך זיכער אָפּהיטן פון בלאָנדזשען און מאַכן טאָעסן. איך, הערן כאַווײרים, איך פאַרשטיי, צום באַדויערן, נאָך זייער ווינציק פּאָליטיקע און נאָך פיל ווינציקער רעוואָלוציאָנערע טאַקטיקע... איך...

מען האָט אים פאַרגעשטעלט קאָלינסקין, זיין פּאָליטישן אויפּפּאַסער און אייצע־געבער. מעדראָטשקין איז גלייך צוגעגאַנגען, אים געדריקט די האַנט און זיך פאַרנויגט:

— איך האָף, כאַוועער קאָלינסקי, אַז מיר ביידע וועלן קאָנען גוט צוזאַמענאַרבעטן און... איך פון מיין זייט וועל זיך פלייסן, אַז...

מעדראָטשקינען איז גלייך געגעבן געוואָרן אַן אויפגאַבע, אַז ער זאָל באַלד צוזאַמענרופן די פאַרבליבענע אָפיצירן, פּראַפּאָרשטשיקעס און די פעלדפעבלען, צו באַשטימען פון זיי די געהעריקע קאָמאַנדירן פאַר די פּאָלקן, באַטאַליאָנען, ראָטעס, באַטאַרייעס, ווי אויך צונויפשטעלן דעם שטאַב פאַר זיך גופע. אינעם נאָמען פון קאָרפּוס־סאָוועט איז איבערן גאַנצן קאָרפּוס אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע פאַרבליבענע אָפיצירן זאָלן זיך גלייך מעלדן צו מעדראָטשקינען, דעם נייעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר, און אויספאָלגן זיינע מיליטערישע באַפעלן און באַשלוסן.

די ערשטע אַרבעט מעדראָטשקינס איז געווען צו באַשטימען, טאַקע גלייך אויפן פלאַץ, גרישוניגען פאַרן קאָמאַנדיר פון אונדזער אייגענעם פּאָלק. גרישונין האָט עס אָן קווענקלעניש אָנגענומען, אָבער מיט איין איינציקן באַדינג, אַז דאַווידאָוו זאָל ווערן צוגעזעצט צו אים ווי זיין פּאָליטישער אייצע געבער:

— איך אַליין, כאַווײרים, בין נאָך אויך זייער רוי אין די אַלע פּאָליטישע פראַגן. — האָט ער עפּנטלעך אַ זאָג געטאָן. — דאָס וואָס איך ווייס יאָ, האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין גוטן כאַוועער דאַווידאָוון און... עס וואָלט געווען ניט מער ווי יוישערדיק, ער זאָל מיך ווייטער פירן אויפן ריכטיקן וועג פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין...

דאַווידאָוו האָט צוגעשטימט צו דעם און... זיי האָבן זיך ביידע האַרציק צעקושט...



# קאַפּיטל צוויינפערציק

ענדלעך האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון אונדזער קאָרפּוס. אין פּאָלק ביי אונדז האָט זיך שטאַרק געטומלט און געררודערט. עס איז אויסערלעך קלאָר געווען, אַז מען שטייט ערעוו עפּעס אַ גרויסער, וויכטיקער געשעעניש. די אָבאָז-וועגעלעך — אָנגעפּאַקטע מיט זאַפּאַסן שפּייז, פּראָוויאַנט, אַמוניציע און געווער — זענען שוין געשטאַנען איינגעדעקט מיט שווערע ברעזענטן — גרייטע זיך אָנצוהויבן לאָזן אין וועג אַריין, צוריק אַהיים פון דער מילכאָמע...

אַ ווערטעלע אויסצורעדן — „אַהיים פון דער מילכאָמע"! סאָלדאַטן זענען אַרומגעגאַנגען, ביין, האָבן מאַמעש ווי אַרומגעשוועבט, פריידיקע און אויפגעלעבטע. פּונקט ווי אין די ערשטע טעג נאָך דער מעלדונג וועגן דער רעוואָלוציע, אַזוי האָבן זיך יאַטן געקושט און געהאַלדזט. עס האָט זיך בלויז געשפּירט אַ געוויסער מין אומגעדולד איבער יעדער איבעריקער מינוט וואָס מען דאַרף נאָך בלייבן אַפן באַרג. די איינציקע רייד צווישן כעוורע ביים באַגעגענען זיך, איז געווען:

— נו, ברודערל, גייען מיר, הייסט עס, פאָרט אַהיים, האַ?...

— יאָ, אַפּאָנים, אַז ווען מען לעבט — דערלעבט מען זיך!...

עס האָבן זיך אָבער אויך געפונען אַ צאָל סאָלדאַטן, סקעפּטיקער, וועלכע האָבן נאָך אַפילו איצט ניט געגלויבט, אַז אָט-אָט און מען גייט טאַקע אַוועק פונעם פראָנט, פון דער פּאָזיציע, און צוריק אַהיים:

— אָט, — האָבן זיי געזאָגט, — אַז איך וועל זיין צוריק ביי זיך אין דאָרף, וועל איך דעמלט וויסן אף זיכער, אַז... ביז דעמלט אָבער, ווער ווייסט וואָס עס קאָן נאָך געשען...

און אָט איז צו אונדז אָנגעקומען דער ערשטער, אַוועקגייענדיקער פּאָלק. די סאָלדאַטן זענען געקומען מיט געזאַנגען און פרייד-געשרייען. נאָך פונוויייטן, אַ שטיק וועג פון אונדזער לאַגער, האָבן זיך שוין צו אונדז דערטראָגן זייערע פריילעכע לידער, די הילכיקע אויסרופן און

קלינגענדיקע לאָזונגען, וועלכע זיי האָבן צעוואָרפן בעאייס זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען הינטער די פראָנט-ליניעס, פּאַזע יענע פּלעצער, וואו אַנדערע פאָלקן פון אונדזער קאָרפּוס זענען נאָך אַלץ געשטאַנען און געוואַרט אויף זייער ריי אַוועקצוגיין. די געגנט האָט אַזש אויפגעציטערט פון די הילכיקע עכאָס, וואָס זענען זיך צעפּאַלן איבער די בערג און טאָלן. פון אומעטום, פון אַלע ראָטעס, זענען יאָטן מאַסנווייז אַרויס אַנטקעגן די פאַרביימאַרשירנדיקע. אַפילו די טערקישע סאָלדאָטן — אַז זיי האָבן דערהערט די געזאַנגען מיט די אויסרופן — זענען אַרויס פון זייערע טראַנשייען און גריבער, וואָס אויף די בערג אַנטקעגן אונדז, און האָבן פונווייטן אַ שטיק צייט נאָכגעקוקט מיט קינע נאָך אונדזערע יאָטן ביז זיי זענען פאַרשוואונדן הינטער אַ בערגל...

ווי עס איז שוין פריער באַשטימט געווען, האָט יעדע אָפּגייענדיקע אָפּטיילונג זיך קודעם אָפּגעשטעלט אויפן ערשטן אָפּרו ביי אונדז. די סאָלדאָטן — אַזוי גיך ווי זיי זענען נאָר אָנגעקומען — האָבן זיך צעוואַלגערט אויף דער ערד און ערשט אויף דאָס ביי זיך צעלאָזט מיט בייע, הילכיק-פריילעכע געזאַנגען און לידער. שפּעטער, נאָכדעם ווי די געסט האָבן אָפּגעגעסן דעם צוגעגרייטן מיטיק, איז ערשט אונדזער שפּילער-גרופּע — אַ גרימירטע און איבערגעטאָנענע — אַרויף אויף דער גרויסער פּלאַטפאָרמע, וואָס איז ספּעציעל אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם באַרג, און געגעבן אַ פאַרשטעלונג פון קאָמישע טענץ, אינסצענירטע לידער און קורצע שפּילן, וועלכע מען האָט צו דער געלעגנהייט צוגעגרייט. צווישן די אַנטראַקטן און נאָך דער פאַרשטעלונג, האָבן יאָטן געטאַנצט און געהוליעט. די קאָמאַנדע האָט פאַר זיי געשפּילט מאַרשן, האָפּקעס, קאָזאַטשקעס און אַנדערע טענץ, פלייסנדיק זיך צו פאַרווילן די געסט אויף דעם מונטערסטן אויפן...

די באַציאונג צום שפּילן איז בא יעדן אַזוי ערנסט געווען, אַז אַפילו גרישונין, וועלכער איז שוין איצט געווען דער פּאָלק-קאָמאַנדיר, און דאַווידאָוו — זיין פּאָליטישער געהילף,ביידע מיטגלידער פון פּאָלק-און קאָרפּוס-סאָוועטן — זענען ניט אָפּגעשטאַנען און האָבן געשפּילט צוגלייך מיט אַלע אַנדערע. און אַז עמעצער — צי אין שפּאַס, צי אין ערנסט — האָט עפּעס אַריינגעזאָגט אויף זייער רעכנונג, — האָבן זיי דערויף זיך בלויז צעשמייכלט. גרישונין האָט געזאָגט:

— אויב מיר האָבן געמעגט שפּילן זיי צו באַגלייטן אויף מילכאָמע, וואָס ניט מיר האָבן זי געוואָלט און ניט מיר האָבן זי דערקלערט, — מעגן מיר דאָך אַוואַדע שפּילן איצט, ווען זיי קערן זיך שוין צוריק פון דער מילכאָמע, וועלכע מיר אַליין האָבן טאַקע אָפּגעשטעלט...

און דאַווידאָוו האָט צוגעגעבן:

— און איבערהויפּט ווען דאָס שפּילן איז ניט אַף צום פאַרטרייבן די מוּיכעס באַ די יאַטן און אָפּציען זיי פון טראַכטן, נאָר פאַרקערט: אויפצוהויבן באַ זיי די פרייד פון דער רעוואָלוציע...

סיי ווי סיי, אַ גאַנצן אָוונט איז ביי אונדז אין לאַגער געווען גאָר לעבעדיק און טומלדיק. די מוזיק־קאָמאַנדע, אויסער קורצע איבעררייסן, האָט געשפּילט קימאַט אָן אויפהער. די סאָלדאַטן־געסט האָבן געטאַנצט און געזונגען. צווישן די שפּילן און די טענץ האָט זיך יעדע ווייל פון אַן אַנדערער זייט אַ טראָג געטאָן אַ נייער, פריידיקער אויסרוף, אָדער לאָזונג, וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די אַרומיקע מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און הוראַ־געשרייען. ערשט גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע זענען שוין גוט אויסגעמידט געווען, האָט זיך דער גאַסט־פּאָלק קוים צו ביסלעך אָנגעהויבן איינצושטילן. די סאָלדאַטן האָבן צעשטעלט זייערע וועג־פּאַלאַטקעס אפן אָפענעם פּלאַץ אפן באַרג־פּלאַך און זיך געלייגט שלאָפן, קעדיי אין עטלעכע שאָ אַרום צו זיין ווידער פריש און אויסגערוט פאַרן ווייטערדיקן גאַנג...

פאַרטאָג צו האָבן מיר דעם גאַסט־פּאָלק אַרויסבאַגלייט מיט מוזיק אַ שטיקל וועג אף באַרג אַרונטער. די סאָלדאַטן זענען געגאַנגען מיט לעבעדיקע טריט און פריילעכע געמיטער. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט אַ מאַרש, האָבן די סאָלדאַטן זיך אַ צעזונג געטאָן אין זייער גאַנג אַזוי, אַז עס האָט אַזש פאַרקלונגען דעם גאַנצן אַרום מיט טויזנטער עכאָס. נאָך אַ שטיקל גאַנג האָבן מיר זיך אָוועקגעשטעלט באַ דער זייט פונעם וועג און דורכגעלאָזט דעם פּאָלק מיט אַ הילכיקן מאַרש. דערביי האָבן מיר ערשט געקאָנט זען זייערע פריילעך־אויפגעהייטערטע פּענימער מיט די ברייט־צעגאָסענע שמייכלען, אַז עס האָט אַזש אונדז אָנגעשטעקט.

גריגאָריעוו, וועלכער איז מיטגעשיקט געוואָרן מיטן ערשטן אָפּגיי־ענדיקן פּאָלק, ווי אַ פאַרטרעטער פונעם קאָרפּוס־סאָוועט — האָט בעאייסן פאַרבייגיין אונדז, צוגעוואָרפן אַ געזעגענונג־בליק און געשמייכלט. עס האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט עפּעס אַזאַ מאָדנע שווערע בענקשאַפט, אַזאַ שאַרף פּיינלעכער געפיל און געדריקטקייט, וואָס איז געווען ענלעך צו דער אַמאָליקער צעווייטיקטקייט, בעאייס מען האָט, נאָך אין פרידן־צייט, געפלעגט אַרויסבאַגלייטן די אויסגעדינטע סאָלדאַטן־גרופּעס פון דער קאַזאַרמע צו דער באַן, און אַליין האָט מען נאָך געדאַרפט בלייבן, ווער אַ יאָר און ווער גאַנצע צוויי, אף אָפּצופּינצטערן אין מיליטער־דינסט. עס האָט אַזוי פאַרכאַפּט באַם האַרצן, — נאָר צום וויינען...

צום גליק איז קיין סאַך צייט פאַר בענגשאַפט ניט געבליבן. מיר

האָבן גלייך געדאַרפט צוריקגיין. בלויז אין עטלעכע שאָ אַרום, אַביסל שפּעטער ווי יעבע אָפּטיילונג איז אַרויסבאַגלייט געוואָרן, האָט געדאַרפט אָנקומען אַ צווייטע, פאַר וועלכער עס האָט זיך שוין ביי אונדז געגרייט אַ מיטיק מיט אַ פאַרוויילונג און וועלכער מיר האָבן ווידער געדאַרפט אונטערהאַלטן מיט טאַנץ-מוזיק און קאָנצערט-שטיקלעך.

אַזוי איז עס געגאַנגען קעסיידער. יעדער טאָג איז אָנגעקומען צו אונדז אַן אַנדער אָפּטיילונג. אַמאָל — אַ שיסער-פּאָלק, אַ צווייטמאָל — אַ באַטאַרייע אַרטילעריע, אַ סאַפּיאָרן-באַטאַליאָן, אָדער גאָר עטלעכע מייעס קאָזאַקן. די אָנגעקומענע האָבן ביי אונדז פאַרבראַכט דעם אָוונט, אַזוי ווי די ערשטע; געהוליעט, איבערגעשלאָפן די עטלעכע שאָ און, פאַרטאָג — פּונקט ווי יענע — זיך אַרונטערגעלאָזט פונעם באַרג, אונטער דער באַגלייטונג פון אונדזער מוזיק-קאָמאַנדע, אויף זייער לאַנגן וועג קיין טראַפּעזאָנד..

*****

**נאָך קנאַפּע** דריי וואָכן, זינט מיר האָבן אַזוי טאָג טעגלעך אַרויסבאַגלייט אונדזערע שיסער-פּאָלקן, סאַפּיאָרן, קאָזאַקן, אַרטילעריסטן און אַנדערע אָפּטיילונגען, איז ענדלעך אויך אָנגעקומען אונדזער אייגענע ריי צו פאַרנעמען זיך אין וועג אַריין.

אָבער נאָך מיט אַ טאָג פריער, איידער מיר האָבן זיך געדאַרפט פאַרנעמען אין וועג אַריין, זענען מיטאַמאָל אַלע געוואָרן עפּעס אַזוי מאָדנע אומרואיק און אומגעדולדיק, אַז מען האָט זיך קוים געקאָנט אַן אָרט געפינען. עפּעס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שווער און בענגלעך, אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן ווי יעדן פון אונדז וואָלט פּלוצלונג אַ שאָד געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם באַרג, וואו מען האָט איבערגעלאָזט אַזאַ שטיק לעבן; וואו מען האָט פאַרלוירן אַזויפיל אייגענע כאַווערים, גוטע פריינט און באַקענטע, וועמען מען קאָן ניט מיטנעמען מיט זיך. דערביי האָט אָבער די פרייד פונעם באַלדיקן אַוועקגיין אונדז אַזוי באַוועלטיקט און צעטומלט, אַז מיר האָבן פּאַשעט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. פון גרויס אומגעדולד האָבן מיר נאָך מיט אַ טאָג פריער — אַזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר געהאַט אַרויסבאַגלייט דעם לעצטן פּאָלק — גאָר פּלוצים פאַנאַנדערגענומען אונדזערע אייגענע פּאַלאַטקעס, זיי איינגעפּאַקט, און צומאָל ניט געטראַכט אַפילו, אַז מיר וועלן נאָך דאַרפן איבערשלאָפן אַ נאַכט אין זיי...

דעם לעצטן אָוונט, וואָס מיר האָבן געדאַרפט פאַרבלייבן אויפן באַרג,

האָבן מיר פאַר זיך — פּונקט ווי פאַר אַלע געסט — אָנגעגרייט אַ גוטן יאָנטעוודיקן מיטיק. מיר האָבן דערביי אײַנזינען געהאַט צו פאַרבעטן די טערקישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געשטאַנען אויף פּאָזיציע אַנטקעגן אונדז, קעדיי צוזאַמען אָפּצועסן און צו פאַרברענגען מיט זיי עטלעכע שאָ. מיר זענען אָבער געבליבן אַנטוישט אין דעם. די טערקישע קאָמאַנדירן, צו וועמען מיר האָבן זיך געווענדט נאָך אַ דערלויבעניש פרייצולאָזן זייערע סאָלדאַטן צו דער סודע, האָבן געענטפערט אונדזערע שעליכים, אַז אַזאַ דערלויבעניש קאָן ניט געגעבן ווערן. עס איז גאַנץ קלאָר געווען, אַז זיי האָבן דאָס אָפּגעזאָגט דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן די טערקישע סאָלדאַטן קומען אין קאָנטאַקט מיט אונדז, וואו מיר זאָלן זיי קאָנען אַגיטירן און דערוועקן בײַ זיי אַ כיישעק אונדז נאָכצוטאָן. אַפּאָניב, אַז זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז פאַר אַן אונטערדריקטן פאָלק איז רעוואָלוציע אַ זייער אָנשטעקנדיקע זאַך...

זענען מיר טאַקע געווען אַנטוישט און אַפילע פאַרביטערט, אָבער זייער אָפּזאָג האָט זיי סיי ווי ווינציק וואָס געהאָלפן. מיר האָבן זיך דאָך אָן אייצע געגעבן. דאָס צוגעגרייטע עסן האָבן די טערקישע סאָלדאַטן דאַווקע יאָ געגעסן צוזאַמען מיט אונדז און דערביי אַפילע אויסגעהערט אַלץ וואָס מיר האָבן זיי נאָר געהאַט צו זאָגן. געטאָן האָבן מיר עס אויף אַ גאַנץ פּאָשעטן אויפן:

אָנשטאָט דעם, וואָס — ווי מיר האָבן טכילעס גערעכנט — צו עסן, ווי געוויינטלעך, אויפן באַרג, לעבן דער טעאַטער-זעמליאַנקע, און האָבן די טערקן אַריבערגעקומען צו אונדז, — זענען מיר, אַזוי גיך ווי עס איז נאָר טונקל געוואָרן, אַריבער צו די טערקן. מיר האָבן זיך אַלע אײַנגאַנצן אַריבערגעטראָגן צום באַרג-ראַנד, אַנטקעגן דער סאַמע טערקישער טראַנשייען-ליניע. פון דאָרטן האָבן מיר אַריבערגעשיקט מיט עטלעכע יאַטן די קעסלען מיט דער צוגעגרייטער שפּייז צו די טערקן, און אַליין האָבן מיר זיך אויסגעזעצט דאָרט, וואו עס איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געווען אונדזער אייגענע פראָנט-ליניע, אײַנגאַנצן אַ פּאָר הונדערט טריט פון דער טערקישער. מיר האָבן צעלייגט עטלעכע גרויסע פייער-שייטערס, קעדיי צוצוגעבן דעם צוזאַמענקום אַ פייערלעך-יאָנטעוודיקע שטימונג און אויך קעדיי צום צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע טערקישע סאָלדאַטן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די טערקישע סאָלדאַטן זייער צופרידן געווען פון דעם אײַנפאַל. אויך זיי האָבן צעלייגט שייטערס און פונווייטנס זיך באַגריסט מיט אונדז, דורך פאָכען מיט טיכלעך, אָדער מיט די הימלען.

אינמיטן דעם עסן, האָט גרישונין — מיט דער הילף פון אונדזער

בעסטן פֿאָלק-איבערזעצער—געהאַלטן אַ פֿייערדיקע רעדע צו די טערקישע סאָלדאַטן. מיט פּאַטאָס, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער הילכיק, אָבער פּראָסט, דערקלערט פֿאַר זיי די סיבע פֿאַרוואָס מיר פֿאַרלאָזן דעם פֿראָנט און רייניקן מיטאַמאָל אָפּ די פֿאַרנומענע דורך אונדז געגנטן. ער האָט זיי דערביי אָנגעוויזן, אַז מיר, די רוסישע סאָלדאַטן, זענען — פּונקט ווי זיי אַליין — ניט שולדיק אין די אַלע בלוט-פֿאַרגיסונגען און שכיטעס פֿון די לעצטע עטלעכע יאָר; אַז ניט מיר האָבן געוואָלט האָבן די מילכאָמע, נאָר אַז מיר זענען דערצו געטריבן געוואָרן מיט געוואַלד און צוואַנג פֿון אונדזערע פֿריערדיקע הערשער— דעם געוועזענעם צאַר און זיין זעלבסטהערשערישער רעגירונג...

— און ווי לעכערלעך דאָס זאָל ניט אויסזען, — האָט ער ביטער אויסגערופֿן,— אָבער געהאַלטן אין צוואַנג האָבן מיר זיך אַליין — איינער דעם אַנדערן, דורך מוירע פֿאַרן צווייטנס געדאַנקען...

און באַלד צוגעגעבן:

— אַז מיר האָבן גאָרניט צו אייך און ווילן גאָרניט פֿון אייערס, קאָנט איר דאָך זען אין דעם, וואָס מיר — באַלד ווי מיר האָבן זיך באַפֿרייט פֿון יענע, וועלכע האָבן די מילכאָמע אַרויפֿגעצוואונגען אויף אונדז — גייען פֿרידלעך אַוועק, גיבן צוריק אָפּ אַלע פֿאַרנומענע פּלעצער און האָפֿן צו פֿאַרבלייבן מיט אייך, דעם טערקישן פֿאָלק און סאָלדאַטן, די בעסטע און פֿרידלעכסטע פֿריינט אויף שטענדיק...

די טערקן האָבן יעדע ווייל איבערגעריסן דעם איבערזעצערס רייד מיט פֿרייד-געשרייען און אויסרופֿן. עס איז קלאָר געווען, אַז זיי האָבן אונדז פֿאַרשטאַנען. גרישונין האָט דאַן פֿאַרענדיקט:

— אונדזער פֿרייד, ברידער, וואָלט אַוודאי גרעסער געווען, ווען אויך איר — פּונקט ווי מיר — וואָלט זיך באַפֿרייט פֿון אייער אייגענעם שווערן יאָך און וואָלט אויך אַרונטערגעוואָרפֿן פֿון זיך אייערע היימישע באַהערשער און אונטערדריקער, אַזוי ווי מיר האָבן עס געטאָן. דעמלט וואָלטן מיר — צוזאַמען מיט אייך — ערשט אויף אַן עמעס געקאָנט קעמפֿן פֿאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט, פֿאַר אַ בעסער און גליקלעכער לעבן. פֿאַר אַזאַ לעבן, צו וועלכן מיר, די האָרעפּאַשנע קינדער פֿון דיביידע לענדער, זענען בעעמעס באַרעכטיקט...

די לעצטע ווערטער פֿון איבערזעצער האָבן די טערקן — צוזאַמען מיט אונדזערע יאַטן — פֿאַרדעקט מיט אַזאַ שטורעם פֿון אויסרופֿן, אַז דער גאַנצער באַרג האָט זיך אַזש פּאַשעט אונטערגעוויגט פֿון די מאַסן קלינגענדיקע עכאָס. קלאָר איז געווען, אַז די טערקן האָבן אַלץ קלאָר פֿאַרשטאַנען. געפֿילט האָט זיך, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן בעעמעס אָט

איצט אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן, אַז זיי זענען שוין גרייט זיך אַ נעם צו טאָן און פאַרענדיקן מיט זייערע באַהערשער און טאַקע גלייך איינשטעלן סאָוועטן אין טערקיי, אַזוי ווי מיר האָבן עס געטאָן...

שפעט אין אָוונט זענען מיר פאַרטיק געוואָרן מיט דער סודע, מיט די רעדעס, און מיר זענען אַוועק צוריק צו זיך אין לאַגער. אָבער די שייטערס זענען נאָך אַלץ געבליבן ברענען אף ביידע זייטן, אף ביידע באַרג-ראַנדן. יאַטן, סיי פון אונדזער אייגענעם פאַטרול און סיי די פון דעם טערקישן, האָבן אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין איין צולייגן פרישע שטיקער האָלץ צו די פייערן, ווי צום פריינטלעכן געזעגענען זיך...

*****

**פאַרטאָג** צו האָט אונדזער פאָלק זיך גענומען איינזאַמלען. און מאָדנע: אנשטאָט פרייד, ווי דערוואַרט, ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין, האָט גאָר אַלעמען מיטאַמאָל באַהערשט עפעס אַ שווערער, פיינלעכער געמיט. געווען איז עס אַפּאָנים דערפאַר, וואָס דעמלט האָט מען ערשט צום ערשטן מאָל געקאָנט זען דעם שיטערן צוזאַמענשטעל פון די רייען און בוילעט אָנזען די אַנדערשדיקייט ביכלאַל. דאָס ראָוו פון די סאָלדאַטן אין די רייען — ניט אַריינגערעכנט די פאָלק-שרייבער, די קוכערס, דענשטשיקעס און צום טייל אויך די שטאַפעטן, — איז איצט באַשטאַנען פון גאָר אַנדערע, קימאַט אומבאַקאַנטע מענטשן. יענע יאַטן, וועלכע זענען אין אָנהויב מילכאָמע אַרויסגעפאָרן צום פראָנט צוזאַמען מיט אונדז, זענען שוין איצט קימאַט ווי ניט געווען מער. ווער פון זיי עס האָט שוין פון לאַנג צוריק געפוילט ערגעץ אין איינעם פון די מאַסן ברידער-קוואָרים, וואָס האָבן זיך אָן צאָל געפונען אף די בערג-קייטן און טאָלן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון די עטלעכע הונדערט וויאָרסט פאַרנומענער טעריטאָריע; ווער עס האָט זיך נאָך איצט געמוטשעט אין גסיסע-ווייטיקן ערגעץ אין אַ ווייטן שפּיטאָל, מיט אַ צעשמעטערטן פוס, אַן אַרונטערגעריסענער האַנט, אַ צעלעכערטער ברוסט, צי גאָר מיט אויסגעלאָשענע אויגן, אָדער — נאָך ערגער — ווער עס האָט זיך איצט, ווי אַ נוצלאָזער אינוואַליד, אַ פאַרגעסענע באַשעפעניש, שוין געפייניקט אינדערהיים, אין ווייטן דאָרף, וואָס האָט אים ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק אַרויסבאַגלייט אַזאַ יונגן, געזונטן און אַזאַ פריילעכן... יאָ, עפעס אַזאַ שווער-דריקנדיקע פיין האָט אַרומגעכאַפּט דעם מויעך, בעאיס מען האָט זיך דערמאָנט וויפל סאָלדאַטן דער פאָלק האָט איבער די עטלעכע יאָר פאַרלוירן אף די פרעמדע בערג אַרום און וויפל מאָל מען האָט די

זעלבע רייען אָנגעגאָסן מיט נייע, פריש־צוגעבראַכטע מענטשן...

די דאָזיקע צעווייטיקטקייט האָט זיך קלאָר אַרויסגעזען פון אַלעמענס אויגן און האָט זיך שאַרף צעלייגט אויף זייערע פּענימער. מאַשמאָעס, אַז שרעקעווודיקע מאַכשאָוועס האָבן אַלעמען פונעם פאָלק געפּייניקט. עס האָט אויסגעזען, ווי יעדע מינוט, וואָס מען האָט נאָך געדאַרפט בלייבן שטיין אויף אָט דעם בלוטיקן פּלאַץ, איז שוין געווען צופיל פאַר יעדן. מען האָט געקאָנט שפּירן, ווי יעדער איינציקער וואָלט מאַמעש מוירע געהאַט, אַז איידער מען וועט נאָך באַוויין צו פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטענע פּלאַץ, וועט נאָך, מעגלעך, פון ערגעץ אַרויסשפּרינגען דער טויט און וועט פאַרצערן נאָך אַ צאָל קאָרבאָנעס, קעדיי צו זעטיקן זיין טייוולשן אַפּעטיט. אין דעם אומרואיקן טרעטן פון זייערע פיס האָט זיך געפילט, אַז יעדער איינער וויל שוין וואָס גיכער אַנטלויפן, אַנטלויפן...

ענדלעך האָט דער פאָלק־סיגנאַליסט געגומען שפּילן דעם לעצטן „סבאָר”־סיגנאַל און דערמיט צוזאַמענגערופן יענע סאָלדאַטן, וואָס זענען נאָך ניט פאַרטיק געווען מיטן איינפּאַקן זייערע זאַכן. עס איז געוואָרן אַ האַוועריי. פון אַלע זייטן האָבן יאַטן זיך אַ לאָז געטאָן לויפן און, אין געאייל, זיך אַוועקגעשטעלט אויף זייערע פּלעצער אין די רייען...

מיר, די קאָמאַנדע, זענען געשטאַנען פאָרויס פונעם אויסגעשטעלטן פאָלק און געוואַרט אויפן באַפעל אויפצושפּילן אַ מאַרש און אַרויסגיין אין וועג. אָן אַ זייט פון אונדז זענען געשטאַנען די עטלעכע פאַרבליבענע מיטגלידער פון קאָרפּוס־און פאָלק־סאָוועטן, און האָבן אין דער שטיל געערעדט עפּעס מיט גרישונינען,— דעם ניי־באַשטימטן פאָלק־קאָמאַנדיר. עס איז געווען טומלדיק. איבערן פאָלק האָט זיך געצויגן אַ מאָדנע אומגעדולדיקער געטומל,— אַזאַ געמורמל, וואָס הערשט געוויינטלעך בּאַ סאָלדאַטן, בעאייס זיי זענען ניט אונטער אויפמערקזאַם־באַפעל. דערפאַר איז שוין אָבער אויפן גאַנצן באַרג אַרום אונדז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ שווערע פּוסטע שטילקייט. דאָס דערבייאיקע סאָסנע וועלדל איז איצט געשטאַנען מאַמעש ווי פאַרשלאָפן. די זעמליאַנקעס, אין וועלכע מיר האָבן אָפּגעפינצטערטע אונדזערע לעבנס פאַר אַזאַ שטיק צייט, זענען — אַזוי ווי שוואַרצע לאָטעס — געלעגן פאַרטייעט אויפן באַגרינטן פּלאַץ ווי פאַרכאַלעשט. אַפילע דער באַרג ראַנד, וואו אונדזערע יאַטן פלעגן ליגן אין די פּראָסטיקע נעכט אויף צום היטן די פּאָזיציעס קעגן די טערקישע סאָלדאַטן,— האָט אויך אויסגעזען גאַנץ אַנדערש ווי טאָמיד. אַלץ איז געווען אַזוי ווי פאַרלאָזן, אָפּגעליידיקט און פאַרוויסט. עפּעס האָט עס אויסגעזען, ווי אַלץ אַרום און אַרום וואָלט געטרויערט אין בענגשאַפט, וואָס מיר פאַרלאָזן זיי פּלוצים...

און אָט האָט מען פון אַלע ראָטעס ראַפּאָרטירט, אַז אַלע זענען שוין פאַראַן אויף די פּלעצער, פאַרטיק און גרייט אַרויסצוגיין. גרישונין האָט זיך דאַן אַ שטעל געטאָן אויף זיין פערד, פאָרויס פון אַלעמען, אַ ווארונק געטאָן סטעפּאַקינען אָנצוהויבן שפּילן, און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— פּאָלק — פאָרויס, אין טראָט — מאַרש!...

מיר האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אַ הילכיקן מאַרש און דער פּאָלק — נאָך אונדז — האָט מיט געהאַקטע טריט זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַנג...

נאָך אַ הונדערט טריט איז גרישונין, — דער קאָמאַנדיר, אַזוי ווי אַריינגעגאָסן געוואָרן אין די רייען פון דער קאָמאַנדע. ער האָט גלייך ווי גאָרניט אַ נעם געטאָן דעם באַס, וואָס אַ סאָלדאַט האָט דערווייל געהאַט געטראָגן פאַר אים און, — פונקט ווי אַלעמאָל, — גענעבן דעם טאַקט אויף זיין אינסטרומענט...

די טערקישע סאָלדאַטן פון אַנטקעגן, האָט זיך געמערקט, זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע טראַנשייען און גראָבנס. מאַסנווייז האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט ווי אַ וואַנט אויף דעם באַרג־ראַנד און פון דאָרט אונדז נאָכגעקוקט. אַנדערע, איינציקע טערקן, זענען אַפילו אַריבער אויף דער זייט באַרג — צום פּלאַץ, וואו ערשט נעכטן איז נאָך געווען אונדזערע, די רוסישע פּאָזיציע, און האָבן פון דער נאָענט געקוקט אויף אונדז מיט מאָדנע בענגלעכע בליקן. פיל האָבן דערביי צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אַנדערע האָבן געפּאָכעט מיט די הענט, מיט שטיקלעך שמאַטקעס און מיט בוים־צווייגלעך. עס האָט זיך געפילט, אַז אַלע זענען זיי אונדז פּאָשעט מעקאַנע געווען מיט אונדזער אַוועקגיין...

מיר האָבן מאַרשירט באַרג אַרונטער. הינטער אונדז, אָפּגערוקט אויף עטלעכע הונדערט טריט, זענען געגאַנגען עטלעכע באַוואָפנטע טערקישע פּאַטרולן. עס האָט אויסגעזען, פּונקט ווי די טערקישע באַטשאַלסטווע וואָלט נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז מיר פאַרלאָזן טאַקע אויף אַן עמעס די פּאָזיציעס. זיי האָבן אַפּאָנים גערעכנט, אַז דאָס נאַרן מיר זיי אָפּ... אַז אָט־אָט וועלן מיר זיך עפּשער אומגעריכטערהייט אַ דריי אויס טאָן אויף צוריק און אומדערוואַרט זיי נעמען באַוואַרפן מיט פייער...

*****

**אינמיטן** באַרג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף צום אָפּרוען זיך. יאַטן האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיינער באַ דער זייט פונעם וועג, זיך צעלייגט אויף דער ערד און האָבן פאַרדרויכערט. ניט ווילנדיק איז אפּן געדאַנק געקומען, אַז ערשט מיט אַ פּאָר כאָדאָשים

צוריק, בלויז אַ קורצע צייט פאַר דער רעוואָלוציע, זענען מיר, אונדזער קאָמאַנדע, געזעסן קימאַט אפן זעלבן פּלאַץ, אינמיטן דעם באַרג. דאָס איז געווען בעאייס מיר זענען געגאַנגען באַגעגענען די צאַרישע הויף־דאַמע, וועלכע איז דעמלט — צוזאַמען מיט אַ סוויטע מיידלעך — געקומען ספּעציעל פון פּעטערבורג, קעדיי צו פּרובירן אויפהויבן דעם פאַלנדיקן מוט בא די אויסגעמידטע און אומצופרידענע סאָלדאַטן אפן פראָנט.

אַז קימאַט אַלע סאָלדאַטן האָבן געטראַכט דערפון, איז קלאָר געווען, באַכדעם ווי דראַבולקין האָט עפּעס אַזוי ווי גלאַט אין דער וועלט אַריין אַ פרעג געטאָן:

— און ווי לאַנג, אַ שטייגער, איז שוין טאַקע פון זינט אָט די צאַרישע קראַסאַוויצע מיט אירע בעקייוועס איז אַהערגעקומען ראַטעווען אונדזערע נעשאָמעס, האַ?...

די פראַגע איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַלעמען אין קאָמאַנדע און עס איז אַוועק אַ גערעדעריי. טשעריאַק האָט פלינק צוגעוואָרפן:

— אונדזערע נעשאָמעס, זאָגסטו? — ווייסיך וואָס!... זי איז גאָרניט אַזוי אויסן געווען צו ראַטעווען אונדזערע נעשאָמעס, ווי בלויז זייערע אייגענע שקורעס. איצט ווייסן מיר דאָך שוין. זיי האָבן פּאָשעט מוירע געהאַט פאַר דער רעוואָלוציע און זיך געוואָלט באַוואָרענען מיט געטרייע קנעכט, וואָס זאָלן אָפּגעבן די לעבנס צו פאַרהיטן זייערע פאַרמעגנס און די קרוין פון זייער באַלעבעסל, אויב עס וועט האַלטן דערביי...

— עך, יאָ־יאָ, — האָט דוקעל אַ זיפץ געטאָן, — עס זעט אויס טאַקע אַזוי. אונדז געוואָלט פאַרהיטן פון אַ רעוואָלוציע, די סטערוועס!...

אָבער דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו האָט זיך עפּעס אַזוי כיינדלדיק געפּיעסטשעט און ווי אין בענגשאַפט אַ מורמל געטאָן:

— יאָ, אָבער די פיינע בעקייוועלעך וואָס זי האָט געהאַט מיט זיך מיטגעבראַכט פאַר אונדזערטוועגן, זענען דאָך...

טשעריאַק האָט שפּאָטיש אַ קוק געטאָן אף אים און אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער:

— פכע־כאָ־כאָ, הערט נאָר וועך עס רעדט, — פאַר זייענטיועגן. נו, און וואָס מען טוט מיט אַ מויד ווייסטו שוין כאָטש?...

— וואָלסטו מיך געלערנט, מאַמעליגע! — האָט אַרטיאָמאָוו, ווי אַ באַליידיקטער, גלייך צוריקגעוואָרפן. — ביסטו שוין צופרידן?...

עמעצער פון דער אַנדערער זייט האָט צוגעגעבן:

— עס האָבן איך אָבער ניט געהאָלפן, דעם טאַטעלע אונדזערן, די קורבנן זיינע, מיט די מיידלעך... ווען די צייט איז געקומען, האָט ער געמוזט נעמען די פיס אף די פּלייצעס און זיך אָפּטראָגן!...

„וויעטער“, וועלכער איז איבער דער גאַנצער צייט געזעסן עפּעס ווי פאַרטראָגן אין אַ צווייטער וועלט, האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— פונדעסטוועגן איז טשיקאַווע צו וויסן, וואו ער איז אַצינד, דער צאַר? א וואונדער, צי ער ווייסט כאָטש, אַז מיר גייען שוין אַ[illegible] פון דער מילכאָמע, אין וועלכער ער האָט אונדז אַריינגעשלעפּט?...

טשעריאַק, וועלכער האָט ליב געהאַט אַריינצוזאָגן „וויעטערן“, האָט דאָ געפונען אַ געלעגנהייט דערפאַר. ער האָט אָנגעשטעלט זיין שטימע אַף אַ באַס און ברייט אויסגעצויגן:

— וואָס ווייסטו ניט? דער צאַר זיצט איצט מיסטאָמע ערגעץ אין מיטן יאַם און וואַרט דאָרט נעבעך אַף עפּעס אַ ליישישן ווינט. ער וויל אַוואַדע דערשווימען צו עפּעס אַ רואיק פּלאַץ, וואו מען מאַכט קיינמאָל קיין רעוואָלוציעס ניט און...

און גלייך אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג צו „וויעטערן“:

— אַזוי ווי דו ביסט דאָך שוין יאָ עפּעס אַ געניטער אין אָט די זאַכן, דאַרפסטו עס דאָך טאַקע וויסן. איז ווי רעכנסטו טאַקע, וועט ער זיך נאָך דערוואַרטן אַף אַזאַ ווינט?...

„וויעטער“ האָט ניט געענטפערט. אַנשטאָט איבן האָט קאָטאָיעוו גאָר אַריינגעוואָרפן:

— אַ ווינט עפשער יאָ. מיר אָבער דאַרפן זען, אַז אויב עס וועט ווען עס איז יאָ נעמען בלאָזן, זאָל עס זיין ניט אהער, צוריק צו אונדז צו, נאָר ווייטער פון אונדז, ווי זאָגסטו „וויעטער“?.. מיין דיך מאַכן פאַרן הויפּט־בלאָזער און דו וועסט אַבטונג געבן דערויף, האַ?...

יאַטן האָבן שטיפעריש געלאַכט און גוטמוטיק שטעכעלירט איינער דעם אַנדערן. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דעם קאָמאַנדיר גריטונינס באַפעל זיך אויפצושטעלן און דאָס האָט אַלץ איבערגעשלאָגן. מען האָט זיך גלייך אויפגעשטעלט און זיך צעשטעלט אין די געהעריקע רייען. מיר האָבן אויפגעשפּילט אַ מאַרש און זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַנג...

דער גאַנצער וועג איז אונדז גוט באַקענט געווען. מיר האָבן גוט געוואוסט יעדן קער אין יעדן דריי. מיר האָבן געקענט יעדעס איינציקע שטיינדעלע, בערגל און גריבל. פיל מאָל זענען מיר שוין געגאַנגען אפן זעלביקן באַרג, איבערן אייגענעם וועג, אָבער ווי אַנדערש האָט ער דאָסמאָל אונדז אויסגעזען!... נאָך קיינמאָל איז אונדז דער גאַנג אַזוי לייכט ניט אָנגעקומען ווי איצט. די פיס האָבן זיך פּאָשעט געהויבן ווי פון זיך אַליין, אַז מען האָט מאַמעש ניט געפילט די טריט...

אונטן, אינעם דערפל, באַם סאַמע באַרג פוס, דאָרט וואו אונדזער ערשטער ראַנג אָבאָז האָט געפלעגט שטיין, ווען אונדזער פּאָזיציע האָט

זיך געפונען אינדערהויך, אפן בארג, — האבן מיר זיך ווידעראמאל צוגעזעצט אפצורוען. די פויערים פונעם דערפל זענען ארויסגעקומען אונדז באגעגענען און באגלייטן. קימאט אלע, קינד און קייט, זענען זיי ארויס פון זייערע ארימע, האלב־צובראכענע און פינצטערע הייזלעך, זיך ארויסגעשטעלט אין ביידע זייטן פונעם וועג און אונדז דורכגעלאזט צווישן זיך, ווי צווישן צוויי גלייכע ווענט. דער פאלק האט זיך דערנאך צוגעזעצט אף דער ערד און די טערקן האבן זיך גאנץ געמיטלעך און פרייַנטלעך אדורכגעדרייט צווישן אונדז. עטלעכע פויערים האבן געהאט אף זיך פעל־לאגלען, אנגעפילטע מיט טעמפּעראַטור־פרייען קוואל־וואסער, און מעכאבעד געווען אונדזערע יאכן מיט א קאלטן טרונק. אנדערע האבן אונדז צוגעטראגן צו ביסעלעך טאבאק און ביבולע־פאפיר, ווי ארימע, אבער הארציקע מאטאנעס. דערביי האבן זייערע אויגן געגלאנצט פון פרייד און זיי האבן קעסיידער געפלאפלט צו אונדז:

— אללא זאל אייך בענטשן, כארדאש מאסקאבי! קומט בעשאלעם אהיים צו זיך און צו אייערע אייגענע!...

אנדערע האבן דעם איניען באנומען טיפער. זיי האבן פארזיכטיק און פרום באגעוואונטשן:

— זאל אללא באגליקן אייער רעוואלוציע און פרייהייט!...

קלאר איז געווען, אז די טערקן האבן באגריפן דעם גאנצן עמעס. אין זייערע רייד האט זיך געשפירט א קינע צו אונדז, וואס מיר האבן זיך שוין דערשלאגן צו דעם, וועגן וועלכן זיי קאנען בלויז כאלעמען. זיי האבן אפילע, זעט אויס, באנומען, אז מיר, די סאלדאטן, זענען ניט שולדיק געווען אין זייערע ביז איצטיקע ליידן. דער „מוכטאר" פונעם דארף, אן אלטינקער פויער, ווי געוויינטלעך, האט אין נאמען פון אלע פויערים דערקלערט, אז איצט באגרייפן זיי, אז אפילע די פערזענלעכע באליידיקונגען און שווערקייטן, וועלכע זיי האבן געהאט אויסצושטיין פון איינציקע סאלדאטן אונדזערע, איז ניט געווען דערפאר וואס מיר, די רוסישע מענטשן, זענען — ווי מען האט זיי געהאט דערציילט און ווי זיי האבן טאקע געגלויבט — שלעכטע מענטשן בכלל, נאר ווייל אונדז אליין איז אויך שלעכט געווען; ווייל מיר אליין האבן אויך געהונגערט און האבן דערביי געזוכט א מעגלעכקייט מיט עפעס דעם הונגער צו שטילן, כאטש וואס ניט אפט געבייגט אף זייער כעזשבן...

— אונדז אבער, — האט דער „מוכטאר", קימאט מיט טרערן אין די אויגן, עפעס אזוי ווי ארויסגעזונגען, — איצט, אז איר זענט יא געווארן פרייע מענטשן, וועט מען ערשט זען באשיינפערלעך, אז איר זענט גוטע מענטשן, פונקט ווי מיר אלע, — גוטע, פאשעטע און הארציקע מענטשן,

וואָס זענען בלויז געטריבן געוואָרן שלעכטס צו טאָן...

אָט די דאָזיקע ווערטער האָבן בײַ פיל פון אונדזערע אייגענע יאַטן אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן. אַפילו גרישונין — דער קאָמאַנדיר פון פאָלק, איז טיף גערירט געוואָרן. און ווי צו ענטפערן אויף אָט די ווערטער מיט אַ פּראַקטישן אַקט, האָט ער זיך אויף גיך דורכגערעדט מיט דאַווידאָוון און באַלד האָט ער באַפוילן דעם פאָלק־קאָפּטענאַרמוס ער זאָל עפענען דעם לעצט־פאַרבליבענעם שפּייכלער, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שטאַל דערבײַ, און איבערגעבן דעם „מוכטאַר" פונעם דאָרף די פאַרבליבענע זאַכן, אויף צום פאַרטיילן צווישן זײַנע דאָרפסלײַט.

די טערקן זענען געוועזן איבערגליקלעך. דער „מוכטאַר" האָט אונדז באַדאַנקט פאַר דער שפּייז און ספּעציעל פאַר די אַלטע הויזן, העמדלעך און פאַר די אַנדערע זאַכן, וואָס מיר האָבן זיי געשענקט און וועלכע עס איז פאַר אונדז סיי ווי געוועזן קימאַט אומעגלעך מיטצושלעפּן מיט זיך אין אונדזער פאָרשטייענדיקן לאַנגן וועג.

שפּעטער, נאָך אונדזער אָפּרו, ווען מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון דאָרף, האָבן נאָך אַ שטיק צײַט אין אונדזערע אויערן געקלונגען די הילכיקע אויסרופן און וואונטשן, מיט וועלכע די טערקישע פויערים פונעם דאָרף האָבן אונדז באַגלייטן. אינדרויסן, שוין אויפן אָפענעם וועג, האָט איינער פון די פאָרזינגער פאַרצויגן אַ ניי ליד און עס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן אַ געזאַנג איבערן גאַנצן פאָלק:

— „אַרבעטער־ברידער, צו באַריקאַדן,
דרייסטע — אײנאײנעם, פאָרויס צום זיג!
קיין שרעק פאַר קוילן, ביקסן, פריקלאַדן, —
קעמפן פאַר פרייהייט, פאַר מענטשלעכן גליק!
שטאָל אין די האַנט
מיט פייער און בראַנד,
פינקלען זאָל שטאָל
און יובלען דער קאָל:
מיט גליאיקן פונק
און הייליקן וואונק;
שטיי אויף, דערוואַך,
אַ סאָף צו שקלאַפערײַ מאַך!..."

די ווערטער — נײַע, וועגן קאַמף און פרייהייט, האָבן געקלונגען מיט פרייד און אַזש צעציטערט די אַרומיקע בערג פון דער לוסטיקייט, מיט וועלכער דאָס ליד איז געזונגען געוואָרן...

*****

**פאַרנאַכט,** נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּמאַרשירט אַריבער צוואַנציק ווערסט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעגער ערגעץ אין אַ קליין דערפל, לעבן אַ ספּעציעל־צוגעגרייטן ביוואַק און שפּייז־פּונקט. דאָרט איז שוין פאַר אונדז געווען אָנגעגרייט אַ וואַרימער מיטיק און מיר — מידע און אויסגעהונגערטע — האָבן זיך טאַקע פּאָשעט מעכאַיע געווען.

דאָס דערפל, אין וועלכן מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען פון יענע דערפלעך, וועלכע מיר האָבן בעערעך נאָך מיט אַ יאָר צוריק געהאַט פאַרנומען. עס האָט זיך נאָך גוט געדענקט ווי אַזוי עס האָט דעמלט אויסגעזען, ווען מיר זענען צום ערשטן מאָל אַריין אין דעם. אָבער וואָסער גרויסער כילעק איז עס געווען פון דעמלט ביז איצט!... עס האָט זיך דערמאָנט, ווי דעמלט, בעאייס אונדזער אַריינקומען אַהינצו, איז עס געווען קימאַט אינגאַנצן אויסגעליידיקט. די איינוואוינער זענען געווען אַנטלאָפן פון זייערע געבורט־פּלעצער, פון זייערע איינגעזעסענע היימען, פון זייערע אָרימע שטיבלעך, און האָבן זיך מיסטאָמע דעמלט געוואַלגערט ערגעץ אין די אַרומיקע בערג, אויס מוירע פאַר אונדז, די רוסישע אַריינדרינגער. די עטלעכע פאַרבליבענע אַלטע לייט האָבן אונדז דעמלט געהאַט באַטראַכט פאַר פּאָשעט ווילדע מענטשן־פרעסערס. דאָסמאָל אָבער איז גאָר אַנדערש געווען. ניט נאָר זענען די טערקן שוין ניט אַנטלאָפן פאַר אונדזער אַריינקומען, נאָר פאַרקערט: זיי זענען אונדז גאָר אַנטקעגנגעגאַנגען. זיי האָבן אַרויסגעטראָגן פאַר אונדז צו גאַנצע „לאַוואַשן", קריגלעך מיט האָניק, פּעקעלעך טאַבאַק און נאָך אַנדערע קליינע מאַטאָנעס. זיי האָבן שוין ניט אויסגעזען ווי וואַנדלדיקע טויטע שאָטנס. אין זייערע אויגן האָט זיך שוין אַפילע מער ניט געזען דער אַלטער דערשלאָגענער געמיט און די פיינלעכע שרעק, וואָס האָט עפּעס אַזוי שטאַרק ווי געטאָן. אַ פריידיקער צוטרוי האָט איצט יעדן איינעם פון זיי מאַמעש באַוועלטיקט.

מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט און פאַרפרי זענען מיר שוין ווידער געשטאַנען גרייט פאַר אונדזער ווייטערדיקן גאַנג. מיט אונדז צוזאַמען איז אויך אַרויסגעגאַנגען דער פּערסאָנאַל מיט די מאַטעריאַלן פון דעם ביוואַק און שפּייז־פּונקט, וועלכע האָבן שוין ניט געהאַט וועמען צו באַדינען, ווייל מיר זענען געווען די לעצטע. מיר זענען אַוועק ווייטער, אין דער ריכטונג פון דער פאָרט־שטאָט טראַפּעזאָנד...

נאָכדעם ווי מיר זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע שאָ, האָבן מיר, ביי

דער זייט פונעם וועג, מיטאַמאָל דערזען עטלעכע גרויסע הילצערנע צלאָמים פון איינציקע און פון ברידער־קוואַרים. מיר האָבן זיך דאָרט אָוועקגעזעצט אָפּרוען. אָבער גלייך האָבן אַ צאָל יאַטן פון פאָלק, ווי צוזאַמענגערעדט, זיך צעשפּרייט איבער די אַרומיקע פעלדער. זיי האָבן אָפּגעריסן פיל ראָמאַשקעס און קאָלירפולע פעלד־בלומען, און דער גיך אויסגעפלאָכטן פון זיי פאַרמיקע קראַנצן און געגומען באַצירן מיט זיי די אָנגעוואָרפענע ערד־בערגלעך און די איינגעגראָבענע צלאָמים.

דער גאַנצער פאָלק האָט זיך דאַן אַוועקגעשטעלט מיט אַנטבלויזטע קעפּ און אין הייליקער שווייגעניש זיך צוגעקוקט. פון די אויגן ביי אַלעמען האָט אַרויסגעוויינט אַ שווערער טרויער. עס האָט אויסגעקוקט, אַז עס האָט יעדן ווי געטאָן פאַר אָט די פרעמדע, אָבער דאָך אייגענע קאַווירים, וועלכע וועלן שוין אַזוי אויף אייביק בלייבן ליגן אין אָט דער ווייטער, פרעמדער ערד, אין פרעמדן לאַנד. עס האָט זיך געדאַכט, ווי מען וואָלט זיך געפילט שולדיק קעגן זיי פאַרן איבערלאָזן זיי דאָ און — ווי שולדיקע — האָט זיך געוואָלט עפּעס זאָגן, זיי מעכילע בעטן...

דאַווידאָוו האָט זיך טאַקע באַלד אַרויפגעכאַפּט אויף די אַקסלען פון צוויי יאַטן און גענומען רעדן. ער האָט אָנגעוויזן אויף די אורזאַכן פון די מילכאָמעס, וואָס די בורזשואַזיע פאַרפירט; אויף די קרבנות, וואָס האָבן זיי געשטיצט און אויף די אומזיסטיקע קאָרבאָנעס, וואָס זענען געפאַלן פאַר אָט די גייציקע, פאַרברעכערישע אינטערעסן. דערנאָך, ווענדנדיק זיך צו איינעם פון די קוואָרים, האָט ער מיט פייער פאַרענדיקט:

— ליגט רואיק, ברידער, איר אומזיסטיק געפאַלענע! עס איז זיך שווער צו געזעגענען מיט אייך! אָבער איין טרייסט, וואָס מיר קאָנען געבן סיי זיך און סיי אייערע אייגענע, וואָס טרויערן נאָך אייך, איז די: אַז מיר וועלן נעקאָמע נעמען אין יענע, וואָס האָבן אייך געשיקט צו אייער טויט! מיר וועלן נעקאָמע נעמען פון דער בורזשואַזיע, זי אויסראָטן ביזן וואָרצל אין באַשאַפן אַזאַ וועלט, אין וועלכער עס וועלן קיין מילכאָמעס שוין מער ניט קאָנען פאָרקומען. מיר זאָגן אייך צו, אַז ווי ווייט זיין צו יענע, וואָס וועלן נאָכאַמאָל זיך פרואוון אָנצינדן אַ שכיטע אויף דער וועלט!...

די יאַטן אַרום, האָט זיך געמערקט, האָבן געווישט די טרערן פון די אויגן און האָבן אַפּאָנים דערפילט אַ שטיקל דערלייכטערונג. באַלד האָבן מיר זיך שטילערהייט אויסגעשטעלט אין די געהעריקע רייען און זענען אַוועק ווייטער. שפּעטער, וואו מיר האָבן נאָר אָנגעטראָפן ערגעץ אויף אונדזער וועג אַ ברידער־קייווער, האָבן מיר זיך דאָרט אָפּגעשטעלט, אָנגעוואָרפן, אָדער באַפּוצט דעם קייווער מיט מאַסן פעלד־בלימלעך און

זיך געזעגנט מיט די געפֿאַלענע...

די גאַנצע צייט פֿון אונדזער גאַנג האָט אונדז באַהערשט עפּעס אַזאַ האָדנע געפֿיל. עפּעס איז אויסגעקומען, ווי נאָך יעדן טראָט אונדזערן וואָלט זיך הינטער אונדז פֿאַרמאַכט אַ שווערער טויער, — אַ צווישנשייד צווישן אונדז און אַ ווייטער וועלט. הינטער אונדז איז שוין קיינער פֿון אונדזערע נישט געבליבן. אַלע אַנדערע מיליטער־טיילן, וועלכע זענען געהאַט געשטאַנען אויף לינקן פֿלאַנג, האָבן אַפּאָניב שוין אויך געהאַט פֿאַרלאָזט זייערע פּאָזיציעס און — ווי מיר האָבן געהערט — זיך שוין פֿאַרנומען אויף וועג אַהייב דורך ערזערום. בלויז פֿונעם סאַמע עקסטרעם רעכטן פֿליגל פֿון אונדזער געוועזענעם פֿראָנט, וואָס האָט אַרום דער שטאָט טראַפּעזאַנד, האָבן מיר גאָרנישט געהערט. אַ סוואָרע, אַז אויך זיי זענען דורך עפּעס אַן אַנדערן וועג, אָדער שוין אַוועקגעגאַנגען, אָדער האָבן־זיך שוין — פּונקט ווי מיר — געפֿונען אויף וועג. דערפֿאַר, אָבער, האָבן מיר — וואָס נעענטער מיר זענען דערגאַנגען צו טראַפּעזאַנד — אָנגעטראָפֿן פֿאַרשידענע דרוזשיניקעס, אָדער אַזוי באַזונדערע קליינע גרופּעס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די וועגן, אָדער געהיטן די דערפֿער. מיר זענען אָנגעקומען צו אַ שפּייז־פּונקט פֿון דעם זעמסקע פֿאַרבאַנד, וועלכער האָט שוין נישט געהאַט וועמען צו שפּייזן, נאָר די אייגענע דינער זיינע. מיר האָבן געטראָפֿן אַ זייטיקן פֿעלד־שפּיטאָל, וועלכער האָט שוין מער קיין קראַנקע נישט געהאַט. צווישן די באַדינער דאָרט זענען געווען אַ צאָל אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך גאַנץ קנאַפּ געוואוסט וועגן די לעצטע געשעענישן אין רוסלאַנד און נאָך ווייניקער וועגן אַהיימגיין. ערשט ווען זיי האָבן דערזען אונדזער אָפּמאַרש און זיך דערוואוסט פֿון אונדז ווי עס האַלט אין דער וועלט, האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געטאָן און... מיטאַמאָל, נישט אָנפֿרעגנדיק בא קיינעם — זיך פֿאַרזאַמלט, אויף גיך זיך דורכגערעדט און גלייך הינטער אונדז זיך אויך פֿאַרנומען אין וועג אַריין.

דער וועג, דורך וועלכן אונדז איז אויסגעקומען צו גיין פֿון דעם סאַמע פֿראָנט ביז צו טראַפּעזאַנד, איז קימאַט אינגאַנצן געלעגן צווישן בערג־שפּאַלטן, — האָט זיך געדרייט דורך שמאָלע בערג־דורכגאַנגען און זיך געבויגן פֿאַזע גיך־פֿליסנדיקע טייכלעך, וועלכע האָבן זיך — פּונקט ווי מיר — געיאָגט מיט זייערע וואַסערן צום יאַם צו. מיר זענען געגאַנגען לעבעדיקע און פֿריילעכע. די גאַנצע צייט האָבן מיר געשפּילט הילכיקע, מונטערע מאַרשן. אַזוי גיך ווי מיר האָבן אָפּגעשפּילט אַ מאַרש און זיך אָפּגערוט אויף צום שפּילן אַ צווייטן, — האָט דער פֿאָלק זיך צעקלונגען מיט פֿריילעכן געזאַנג. און די לידער זענען שוין איצט נישט געווען פֿון יענע אַלטע און נאַרישע, נאָר נייע, קעמפֿערישע. דאָס סאַמע באַליבטע

ליד, וואָס די יאַטן האָבן לייכט איפגעכאַפּט און געזונגען מיטן האַרץ און נעשאָמע, איז געווען דאָס ליד פון דער רויטער פאָן:

— „עס צאַפּן אונדזער בלוט די הענקער,
און פּייניקן אונדז גאָר אָן שיער.
נאָר ס'קומט דער טאָג אָן פון גערעכקען —
און דעמלט מישפּעטן וועלן מיר. (2 מאָל)
צעטראָגט פּאָרויס, ברייט און ווייט, אונדזער ליד,
צעווייט די פאָנען איבער טראָנען!
צעטראָגט מיט זיך דעם פרייהייט־שאַל, איבעראַל:
מיר קומען אונדזער רעכט מאָנען!
און רויט איז אונדזער פאָנס קאָליר:
ווייל אַרבעטער־בלוט איז אף איר,
ווייל אַרבעטער־בלוט איז אף איר...

ביסלעכווייז איז געוואָרן וואַרעמער. די זון האָט גענומען באַקן איבער אונדזערע קעפּ, אָבער דאָס האָט אַפּאָנים אַלעמען גאַנץ ווינציק וואָס געאַרט. נאָך יעדער קנאַפּער שאָ גאַנג האָבן מיר באַקומען אַ גאַנץ־געהעריקן אָפּרו. דעמלט האָבן יאַטן זיך אָנגעטרונקען מיט פרישן און קילן וואַסער פון דעם דערבייאיקן טייכל, אַרומגעוואַשן און אַרומגעווישט די פאַרשוויסיקט־שטויביקע פּעניִמער און זיך צוגעזעצט אָפּצורוען און רויכערן. דערביי האָט מען צווישן זיך גערעדט, געלאַכט און געשפּאַסט. אונדזער טשעריאַק, וועלכער האָט אַלעמאָל געפונען פון וואָס צו לאַכן און צו כויזעקן, האָט איצט גאַנץ ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— איך זאָג אייך, יאַטן, אַז עס איז מאַמעש אַ מעכאַיע צו לעבן אף דער וועלט אָן אַ צאַר!...דאַכט זיך, גאָרניט, האַ? פונדעסטוועגן... זעט נאָר: איין מענטש אינגאַנצן, אָבער אַ גאַנץ לאַנד האָט געליטן, ווי מען וואָלט באַ זיך אַליין אַ קנעכט געווען. איצט אָבער, אַזוי גיך ווי מען איז נאָר פּאָטער געוואָרן פון אים און פון זיינע באַטשאַלניקעס, איז מען אויך פּאַרטיק געוואָרן פון דער מילכאָמע און מען איז פריי, און מען פאָרט אַהיים און...איר באַגרייפט כאָטש וואָס דאָס מיינט?!...אַז איצט מעג מען דאָך שוין אַפילע לאַכן ווען עס איז פריילעך און זיך קלאָגן ווען עס טוט וויי...דעמלט האָט מען דאָך געמוזט לאַכן, אַדער לעכאָל האַפּאָכעס שוייגן און דריקן אין זיך ווען די ווייטיקן זענען געווען ניט צום איבערטראָגן...און דאָס ערגסטע, דאַכט זיך, איז ווען אַ מענטש טאָר ניט קרעכצן בעאייס עס טוט אים וויי...

און אין אַ ווייל שפּעטער, צוגעגעבן:

— אָבער איצט, איצט ווילט זיך שוין ניט קרעכצן! איצט ווילט

זיך גאָר זינגען, זינגען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן!...

און מיטאַמאָל טרויעריק און שטראָפעריש פאַרענדיקט:

— זאָגט אַליין, כעווריע, זענען מיר ניט ווערט אַז מען זאָל אונדז שמייסן און שמייסן?...עך־מאַ, וואָסערע גרויסע טיפשים מיר זענען עס געווען, צו אַלדע טייוול! געליטן, געליטן, און זיך אַפילע ניט געוואָלט קיין ריר טאָן עפּעס צו טאָן קעגן דעם...מען וואָלט דאָך...

קאַטאַיעוו האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— איך רעכן, אַז עס איז פּאָרט אַ שאָד וואָס דע־פּאָלע־פּאָלסקי, אַ באַדריפּעטן געהענעם זאָל ער דאָרט האָבן, איז דאָ ניטאָ מיט אונדז. מיר דאַכט זיך, אַז די בעסטע נעקאָמע אָן אים וואָלט געווען, ווען מען לאָזט אים לעבן און מען פירט אים מיט זיך איצט אַ געבונדענעם אף אַ קייט, ווי אַ בער, אָדער אַ מאַלפּע. אָט, זאָל ער זען ווי מען לעבט זיך פריי נאָך אַ רעוואָלוציע; ווי מען קאָן לעבן ווי מענטשן, זיך אָפּרוען ווי עס דאַרף זיין, און דאָך אָנקומען אין צייט אפן פּלאַץ...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. די דערמאָנונג וועגן דע־פּאָלע־פּאָלסקין איז געגוג געווען, אַז עס זאָל מיטאַמאָל אויפבליצן אין די געדאַנקען דאָס בילד, ווי ער, דע־פּאָלע־פּאָלסקי, האָט אונדז איינמאָל אַזוי געהאַט געפּייניקט, בעאייס מיר זענען אונטער זיין קאָמאַנדע געגאַנגען אין מאַרש מיט אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן, אפן וועג פון פראָנט אף אָפּרו. עס האָט זיך דערמאנט די אויפרודערונג דאַן באַ די סאָלדאַטן... אַ סקרוך איז אַזש דורכגעלאָפן דורכן לייב, ווען מען האָט זיך דערמאנט אין דער ברוטאַלער עקזעקוציע, וואָס ער, צוזאַמען מיט נאַטשאַלסטווע, האָט אָן שום באַגרינדונג דורכגעפירט איבער די פיר אומשולדיקע יאַטן...

אַ גליק בלויז וואָס קאַטאַיעוו האָט פּלוצים געביטן די רייד:

— איך טראַכט איצט, יאַטעלעך, אַז אַפילע בלויז צוליב באַפרייען זיך פון אַזאַ קעלעוו ווי דע־פּאָלע־פּאָלסקי, האָט זיך שוין אַליין אויך געלוינט צו מאַכן די רעוואָלוציע...ווי רעכנט איר, האַ?...

קאַטאַיעוו איז אָנגעגאַנגען מיט זיין פילאָזאָפירן און פאַנטאַזירן, אָבער די אַרומיקע האָבן איב שוין סיי ווי סיי ניט געהערט. יעדער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע אייגענע מאַכשאָוועס...



# קאַפּיטל דרײַונפֿערציק

**דער וועג** פֿונעם פֿראָנט ביז צו טראַפּעזאָנד, וואָס האָט אײגנטלעך געדאַרפֿט דויערן בלויז אַרום פֿינף־זעקס טעג, האָט גענומען בײַ אונדז אַריבער אַכט. פֿאַר אונדז איז פֿיל וויכטיקער געווען צו קומען קײן טראַפּעזאָנד אויסגערוטע און פֿרישע, אײדער צו קומען אַביסל פֿריער, נאָר מידע און אָפּגעשוואַכטע.

ענדלעך, נאָכן סאָף פֿון אַכטן טאָג, נאָכדעם ווי מיר זענען געהאַט אַרויסגעגאַנגען פֿון דער פּאָזיציע, האָבן מיר פֿונדערווײַטן דערזען די הויכע „מינאַרעטן" פֿון די טערקישע „מעטשעטן", וועלכע האָבן זיך געהויבן אינעם אָוונטיקן פֿאַרוואָלקנטן הימל. בײַ דעם אַרײַנגאַנג אין שטאָט האָט אונדז באַגעגנט אַ דעלעגאַציע פֿון אונדזערע פּאָלק־סאָוועטן, וועלכע האָבן זיך שוין געפֿונען אין שטאָט. די יאַטן האָבן דערציילט, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס אונדזערע ערשטע צוויי אַרויסגעגאַנגענע פּאָלקן זענען אָנגעקומען קײן טראַפּעזאָנד שוין העכער פֿון צוויי וואָכן, האָבן זײ ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק קוים באַקומען די ערשטע שיף אָף אָפּצופֿאָרן. די דעלעגאַציע האָט אונדז אויך געמאָלדן, אַז ביז איצט איז קוים געלונגען אַוועקצושיקן פֿון טראַפּעזאָנד קײן באַטום בלויז אַרום אַ העלפֿט פֿונעם קאָרפּוס און אַז עס ווערט, ווי עס זעט אויס, די איבעריקע אויסקומען צו וואַרטן אַ שפּאָר שטיקל צײַט ביז די זעלביקע שיפֿן וועלן צוריקקומען זײ אויפֿצונעמען. מיר האָבן זיך פֿון זײ אויך דערוואוסט, אַז די סאָלדאַטן פֿונעם שטענדיקן געווײנטלעכן גאַרניזאָן פֿון און אַרום טראַפּעזאָנד, ווען זײ האָבן דערזען, אַז אונדזער קאָרפּוס גייט טאַקע אַוועק אָן אַקטועלער דעמאָביליזאַציע און אָן אַן אָפֿיציעלער דערלויבעניש פֿון העכערער נאַטשאַלסטווע, — האָבן זײ זיך מיסקאַנע געווען אין אונדז און, כאָטש נאָך זײ זענען די אָפֿיצירן נאָך אַלץ געווען אָף די פּלעצער און געבאַלעבאַטעוועט קימאַט ווי פֿאַר דער רעוואָלוציע— האָבן זײ פֿונדעסטוועגן נאָך דער ערשטער זיצונג פֿון זײער אײגענעם

הויפּט־סאָוועט אויפגענומען די פראַגע וועגן אַהיימגיין און האָבן גלייך באַשלאָסן אויך אַזוי צו טאָן.

דער דאָזיקער מיטאַמאָליקער באַשלוס פון טראַפּעזאָנדער גאַרניזאָן — כאָטש אין עצעם אַ דערפרייענדיקער — האָט פאַרערגערט פאַר אונדז גופע די מעגלעכקייט זיך אײנגיכן אַרויסצורייסן פון דאָרט, אַוועקצופאָרן קיין באַטום. די טראַפּעזאָנדער אָפּטיילונגען האָבן טאַקע גלייך געפאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן זיי לאָזן אַרויספאָרן פריער פאַר אונדז. ביי אַ זיצונג פונעם ספּעציעל אָרגאַניזירטן אַלגעמיינעם גאַרניזאָן־סאָוועט האָבן זייערע פאַרטרעטער אַזוי געטיינעט:

— מיר זענען געווען אפן סאַמע רעכטן פליגל פון דער פּאָזיציע, נעענטער צום יאַם, דאַרפן מיר דעריבער אויך זיין די סאַמע ערשטע אף צום אַוועקפאָרן פון דאַנען...

אונדזערע ווידער האָבן זיי געפּרוּווט באַווייזן, אַז אַזאַ פאָדערונג איז ניט־יוישערדיק; אַז עס איז גראָד פאַרקערט: טאַקע דערפאַר וואָס מיר זענען געווען טיפער אין לאַנד ווי זיי און, דעריבער, זיך בעמיילע אויך מער אָנגעליטן ווי זיי, דאַרפן מיר זיין די ערשטע צום אָפּפאָרן. עס האָט אָבער גאָרניט ניט געהאָלפן. זיי זענען באַשטאַנען אף זייערע פאָדערונגען. מיר האָבן זיי אַפילע פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן פון איצט אָן זיך טיילן מיט זיי מיט די שיפן, — איין שיף פאַר אונדזערע פאָלקן און איין שיף פאַר זייערע, אָבער אויך דאָס האָבן זיי ניט אָנגענומען.

איבער אונדזער אָנקומען קיין טראַפּעזאָנד, איז די שטאָט מאַמעש איבערגעפּאַקט געוואָרן מיט מיליטער. די פּאָר קאַזאַרמעס — די אַמאָליקע טאַמאָזשנעס און סכוירע־שפּייכלערס, ביים ברעג פונעם יאַם, — זענען געווען פאַרנומען פון מיליטער־טיילן, וועלכע זענען דאָרט געשטאַנען און פון יענע, וואָס זענען פריער פאַר אונדז אַהיינגעקומען. מיר האָבן דעריבער ניט געהאַט קיין פּלאַץ וואו אַהינצוטאָן זיך. וועגן אויפשטעלן פעלד־פּאַלאַטקעס אינדרויסן, האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. איבער די גרויסע רעגנס, וואָס האָבן די לעצטע עטלעכע טעג מאַמעש געפּליוצט איבער דער שטאָט, איז דאָס געווען קימאַט אומעגלעך. מיר האָבן זיך דעריבער אַרויסגעלאָזט איבער די זייטיקע געדרייטע געסלעך, פאַרנומען ליידיקע הייזלעך, שאָפּעס, שטאַלן, סטאָדאָלעס און אַלע אַנדערע מינים כורוועס, וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט געפינען און מיר האָבן זיך, ווי ניט איז, איינגעאָרדנט גרופּעסווייז אין זיי. עס איז טאַקע געווען פאַר אונדז זייער אומבאַקוועם, אָבער מיר האָבן קיין אַנדערע ברירע ניט געהאַט. מיר האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט דעם, אַבי איבערצוקומען די עטלעכע טעג, וואָס מיר האָבן דערוואַרט דאָרט צו פאַרבלייבן.

עס איז אָבער גאָרניט צוגעגאַנגען אַזוי שנעל ווי מיר האָבן עס טאָילעס געהאַט גערעכנט. טעג זענען פאַרביי און קיין איינציקע שיף איז אַפילו ניט אָנגעקומען. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט מען — צוליב עפּעס אַן אומבאַוואוסטער פאַר אונדז סיבה — די שיפן פאַרהאַלטן אין באַטום. און וויפל מיר האָבן ניט טעלעגראַפירט אַהינצו, איז פון דאָרט אַלץ קיין ענטפער ניט אָנגעקומען. מיר האָבן אַזש אָנגעהויבן ווערן אומרואיק. דער סאָוועט אונדזערער האָט געטראַכט וועגן פאַרשידענע פּלענער און מיטלען, אָבער זיך ניט געקאָנט דערטראַכטן צו קיין פּראַקטישער זאַך.

אויסער דעם פאַרדראָס איבער די שיפן, האָבן מיר אין טראַפּעזאָנד געהאַט נאָך אַנדערע צאָרעס. דער קאָמענדאַנט פון שטאָט, אַ פּאָליציישקער אָפיציר, האָט ניט נאָר געהאַלטן טראַפּעזאָנד אין קריגס־צושטאַנד, נאָר ער האָט זיך אויך קעסיידער געטשעפּעט צו אונדזערע פּאָלקן און אונדז געשטערט אין יעדן טראָט וואָס מיר האָבן זיך נאָר פאַרגומען צו מאַכן. געשמועסט האָט מען, אַז אָט דער דאָזיקער אָפיציר איז עס געווען אַ פריערדיקער פּריסטאַוו אין דער שטאָט וואַרשע, פון וועלכער ער איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיטן רוסישן מיליטער אײדער די דייטשן האָבן זי געהאַט פאַרנומען. אַ באַשטעטיקונג דערויף האָבן מיר געהאַט דערפון, וואָס די פּאָשעטע פּאָליציסטן אין טראַפּעזאָנד האָבן נאָך אַלץ געטראָגן די בלעכלעך מיטן וואַרשעווער הערב אויף די מונדירן און היטלען. עס האָט אויסגעזען, אַז די רעוואָלוציע האָט גאָרניט געביינט פאַר זיי, ווייל ניט געקוקט אויף דער רעוואָלוציע, האָבן זיי, די דאָזיקע פּאָליציסטן, — צוזאַמען מיט זייער פּאָליצײַמייסטער — נאָך אַלץ געפירט די גרענדע אויף זייער אַלטן, צאַרישן שטייגער. זיי האָבן קיינעם ניט געלאָזט אַ קאָפּ אויפהויבן און פונקט אַזוי אויך געוואָלט געוועלטיקן איבער אונדז.

אָט האָט דער פּאָליצײַאישער קאָמענדאַנט באַפוילן אָפּצולײדיקן אַ הויז, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַרנומען און אָט האָט ער גאָר פאַרבאָטן צו האַלטן עפנטלעכע גאַסן־פאַרזאַמלונגען, באַ וועלכע מען האָט גערופן די סאָלדאַטן פון גאַרניזאָן צו שטיצן די צענטראַלע סאָוועטן קעגן דער צײַטווײַליקער רעגירונג. און אויב דאָס איז נאָך ניט גענוג געווען פאַר אים, האָט ער גאָר פּלוצים אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז נאָך אַכט אַ זייגער אין אָוונט זאָל זיך קיין סאָלדאַט ביכלאַל ניט טאָרן באַווייזן אויף די גאַסן פון טראַפּעזאָנד...

מיר האָבן דעריבער ערשט געהאַט צו פירן אַ נייעם ביטערן קאַמף מיט דעם פּאָליצײַאישן קאָמענדאַנט און קעגן זיינע מעשוגענע באַפעלן. ניט איינמאָל איז טאַקע געקומען צו פאַקטישע געשלעגן צווישן אונדזערע יאַטן און זיינע פּאָליציאַנטן, און איינמאָל אַפילו שיער ניט צו עמעסע

בלוט־פאַרגיסונג. די גרעסטע כוצפע פון קאָמענדאַנט איז אָבער געווען, וואָס ער האָט איינמאָל געלאָזט אַרעסטירן עטלעכע יאַטן אונדזערע און זיי באַשטראָפט מיט צו צען טעג אין אַרעסט־הויז, דערפאַר וואָס יענע זענען דאַווקע אַרויס אויף דער גאַס שפּעט ביינאַכט. אונדזער סאָוועט האָט דאַן אים געלאָזט וויסן מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל בעסער אָפּשטעלן זיינע ווילדע שטיק און זיין צופרידן וואָס מיר לאָזן אים אַליין צורו. דערביי האָט מען אים גאַנץ קלאָר געלאָזט וויסן, אַז די צייט פון זיין אַמאָליקער אַבסאָלוטער הערשאַפט איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט און אַז גרעסערע לייט פון אים האָבן געמוזט אָפּטרעטן. און מאָדנע: ער, דער קאָמענדאַנט, ווען ער האָט דערזען און דערשפּירט, אַז מיר מיינען קיין שפּאַס ניט, — האָט ער זיך ענדלעך צוריקגעצויגן ווי אַ געשלאָ־גענער הונט און מיר זענען אָנגעגאַנגען מיט דער אויפקלער־אַרבעט, אַזוי ווי מיר האָבן עס געפּונען פאַר נייטיק און ניצלעך...

טאָג טעגלעך האָבן מיר איינגעאָרדנט צו עטלעכע עפנטלעכע גאַסן־פאַרזאַמלונגען, בעת וועלכע מען האָט גערעדט צו סאָלדאַטן, ווי אויך צו די ציווילע. די רוסלענדישע און טערקישע געדונגענע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט בעת בויען אַ האַפן אין טראַפּעזאָנד, האָבן איבערגעהאַקט זייער אַרבעט פון ברעכן די שטיינער אויף די שטיין־בערג, אָפּגעשטעלט די ברעך־מאַשינען, הויביצעס און שלעפּ־וואַגאָנלעך, אויף וועלכע זיי האָבן צוגעפירט די שטיינער צום ברעג, און זיי האָבן זיך איינגעהערט צו די רעדנער. אַפילו די סאַפּיאָרן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, האָבן אויך אַוועקגעוואָרפן אַלץ מיט אַן אַנדער און זיך גלייך גענומען אָרגאַניזירן אויף אַהיימצופאָרן. יעדער קלענסטע אָפּטיילונג, וועלכע איז אַריינגעקומען קיין טראַפּעזאַנד, האָבן מיר גלייך געהאָלפן איינשטעלן אַן אייגענעם סאָוועט און זיי צוגעגרייט צום אַהיימפאָרן. די איינציקע און שאַרפע פראַגע, וואָס איז געשטאַנען פאַר אונדז, איז נאָר געווען: די פראַגע וועגן שיפן אויף צום אַריבערפאָרן קיין באַטום...

*****

## **ווי שטאַרק** דער אומגעדולד איז ניט געווען

ביי אונדזערע יאַטן איבער דעם געצוואונגענעם זיצן אין דער ווייטער, פרעמדער, האַפן־שטאָט טראַפּעזאָנד, און איבערן ניט קאָנען זיך אַליין באַטייליקן אין די קאַכיקע געשעענישן אין אונדזער אייגענעם לאַנד, — איז עס אָבער אַלץ ניט געווען אַזוי שווער איבערצוטראָגן ווי דאָס זיין אָפּגעריסן פון דעם לעבעדיקן קאָנטאַקט און אַפילו פון דירעקטע

מעלדונגען פונעם צענטער. די צייט, וואָס מיר זענען געשטאַנען אין טראַפּעזאָנד, האָבן מיר ניט געוואוסט וואָס עס הערט זיך דאָרט און ניט געהאַט אַ מינדסטן באַגריף וועגן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען פון דער רעוואָלוציע. אַלץ וואָס מיר האָבן זיך יאָ געקאָנט דערוויסן, איז געווען פון ציווילע טערקן, וועלכע האָבן צופעליק באַקומען אַ צייטונג פון פישערלייט, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַ ווייטערער, גרעסערער טערקישער שטאָט. אַזוי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ביי אונדז אינעם צענטער, אין מאָסקווע און אין פּעטראָגראַד, קומען פאַר אָפענע גאַסן־שלאַכטן צווישן די אָנהענגער פון די סאָוועטן פון איין זייט מיט די פאַרטיידיקער פון דער צייטווייליקער רעגירונג פון דער צווייטער. די דאָזיקע ידיעס האָבן ביי אונדז אינעם גאַרניזאָן אַרויסגערופן שאַרפע קריגערייען און אַפילו געשלעגן. די סאָלדאַטן פון טראַפּעזאָנד, וועלכע זענען אין זייער גרעסערער מערהייט געווען געניגט צו שטיצן דער צייטווייליקער רעגירונג, האָבן זיך אַרומגעריסן מיט אונדז, פראָנט־יאַטן, וועלכע זענען קימאַט אויסשליסלעך געווען פאַר די סאָוועטן. די דאָזיקע קריגערייען זענען געווען גאָר ביטערע. זיי האָבן אונדז באַשריגן, אַז מיר זענען געדונגענע דייטשע שפּיאָנען, וואָס ווילן אומברענגען דאָס ליבע פאָטערלאַנד און אַז מען דאַרף אונדז דערפאַר פּאָשעט אויסשיסן. מיר זענען, פאַרשטייט זיך, זיי ניט שולדיק געבליבן און... דאָס האָט קיין פריינטשאַפט זיכער ניט געשאַפן צווישן אונדז...

און אָט איז פּלוצים צו אונדז דערגאַנגען אַ שטיקל ניט גאָר קיין פריילעכע, אנגענעמע נייעס. אין אַ טערקישער צייטונג, וואָס מען האָט פאַר אונדז פאָרגעלייענט און איבערזעצט, איז געווען אַ מעלדונג, אַז קערענסקי — קעדיי צו באַקעמפן די וואַקסנדיקע מאַכט פון די סאָוועטן, — האָט ערשט־אָ באַפוילן דעם צאַרישן גענעראַל קאָרנילאָוון, ער זאָל אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע אַרמיי און זיך אַרויסלאָזן אין קאַמף קעגן די סאָוועטן און זייערע אָנהענגער, די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן...

ניט געקוקט דערויף, וואָס אָט די דאָזיקע ידיעה האָט אַלעמען פון גאַרניזאָן אויפגערעגט און פאַרביטערט, — זענען די קריגערייען דאָך ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן ביי אונדז, נאָר פאַרקערט: זיי האָבן זיך אף דאָס ביי ערשט שטאַרק צעפלאַקערט. עס איז שוין מער ניט געשטאַנען די פראַגע, ווער עס איז גערעכט, נאָר ווער עס האָט דערפירט צו דעם. אָנהענגער פון קערענסקין האָבן געטיינעט, אַז שולדיק זענען נאָר די סאָוועטן, וואָס האָבן מיט זייערע אָנפאַלן דערפירט דערצו און אַז ער, קערענסקי, האָט דעריבער קיין אַנדערע ברירה ניט געהאַט, נאָר צום פאַרטיידיקן זיך און זיין רעגירונג מיט אַלע מיטלען...

אונדזערע ווידער האָבן אָנגעוויזן אַפן פּאַראַט פון קערענסקין און זיין ציישווייליקער רעגירונג; אַף זייער בונד מיט דער בורזשואַזיע פון רוסלאַנד גופא און מיט די אימפּעריאַליסטן פון אַלע אַנדערע לענדער ביכלאַל, ווייטער אָנצוגיין מיט דער מילכאָמע, וואָס איז קעגן דעם ווילן פונעם פאָלק און פון די סאָלדאַטן...

פאַרטרעטער פון אונדזער סאָוועט האָבן אויפגעקלערט די געגנער און זיי דערציילט וועגן דער געשיכטע פון פאָלק-רעוואָלוציעס ביכלאַל. קאַלינסקי און דאַווידאָוו האָבן אָנגעוויזן אַף די מאַסן געשיכטלעכע ביישפּילן פון מענטשלעכן דראַנג צו באַפרייאונג, און ווי די פעלקער זענען טאָמיד אויסגענוצט געוואָרן פאַר די אינטערעסן פון די רייכע הערשנדיקע קלאַסן. זיי האָבן אָנגעוויזן אַפן אומפאַרמיידלעכן פאַראַט פון יענעם טייל סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך אין סאַמע אָנהויב פון דער מילכאָמע דערקלערט פאַר אירע שטיצער און מיטהעלפער. דערצו האָבן זיי קלאָר געמאַכט פאַר די צוהערער, אַז די נעמלעכע שטעלונג האָט, באַטירלעך, געמוזט פירן צו ווייטערדיקע פאַראַטן, אַזש ביז צום שטעלן זיך אין דינסט פון די צאַרישע גענעראַלן, וואָס ווילן ווערן די הענקער און באַגראָבער פון דער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער זיי האָבן זיך דערשראָקן. קאַלינסקי האָט דערקלערט, אַז אויב עס זאָל כאָלילע געלינגען קאָרנילאָוון צו דערשלאָגן די סאָוועטן, וועט ער זיך דעמלט ניט אָפּשטעלן באַ דעם, נאָר ער וועט זיך ערשט דאַן אַ נעם טאָן צום באַקעמפן די ציישווייליקע רעגירונג אַליין, — די זעלביקע מענטשן אין איר, וועלכע האָבן אים פריער צום לעבן און צו מאַכט געבראַכט...

אָבער שאַרפער פון אַלעמען און דערפאַר אויך איינדרוקספולער, איז געווען גרישונין. ער האָט גערעדט אַף זיין פאָשעטן אויפן, נאָר אויך מיט פייער און פאַטאָס:

— אויב, ברידער מיינע, — האָט ער געשריגן, — מען וועט אים באַצייטנס ניט אָפּשטעלן, וועט ער, אויב ניט אַליין ווערן דער הערשער פון רוסלאַנד, איז צוריק אַרויפזעצן אַפן טראָן אַרויף זיין האַר, דעם אַרונטערגעזעצטן צאַר, און דאַן...

ער האָט גערופן די אַרומשטייענדיקע סאָלדאַטן צו בלייבן שטיין מיט דער ביקס און ווייטער צו העלפן פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע, אַף וועלכער מען האָט יאָרן לאַנג געוואַרט. ער האָט גערופן, אַז מען זאָל זיך ניט לאָזן באַרויבן פון די געווינסן, וועלכע די רעוואָלוציע האָט שוין געבראַכט מיט זיך און די וואָס זי וועט נאָך שפּעטער ברענגען... באַם סאָף האָט ער מיט גרויס היסלייוועס אויסגערופן:

— ברידער מיינע און כאַווײרים! מיר, די סאַמע אונטערדריקטע,

האָבן איצט צום ערשטן מאָל באַקומען די געלעגנהייט צו לעבן פריי!...
מיר האָבן איצט געוועהר אין אונדזערע הענט און מיר טאָרן זיך ניט לאָזן פאַראַטן!...אַלע, ווי איינער — קיין פעטראָגראַד, קיין מאָסקווע, צו הילף פון די סאָוועטן און קעגן קאָרנילאָוון!... מיר טאָרן זיך ניט לאָזן צוריק אָנטאָן די שקלאַפן־קייטן, וועלכע מיר האָבן ערשט קוים פון זיך אַרונטערגעוואָרפן!...

מאַסן סאָלדאַטן, האָט זיך געזען, זענען פון די דאָזיקע רייד זייער, גרישונינס, אַזוי ווי פאַרכאַפט געוואָרן. עס האָט זיי אַפּאַניר טאַקע גוט דערוואַרעמט. עס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן און אויסרופן. עס זענען אַפילע אויך געווען פאָרשלאַגן, אַז דער האַלבער קאָרפּוס אונדזערער זאָל אפן פלאַץ דאָ באַשליסן, אַז מיר צעפּאָרן זיך ניט פריער אַהיים צו זיך, איידער די רעוואָלוציע וועט ניט באַפעסטיקט ווערן און ביז קאָרנילאָווס און קערענסקיס אַוואַנטיורעס וועלן ניט זיין פולשטענדיק צעשמעטערט. סאָלדאַטן האָבן געשריגן:

— אַרונטער מיט קערענסקין!... אַ טויט צו קאָרנילאָוון!...

— פאָרויס, צו הילף דער רעוואָלוציע!...

— קיין פעטראָגראַד, קיין מאָסקווע!...

צווישן זיך האָבן יאַטן שפּעטער געהאַלטן אין איין רעדן:

— אויב מיר האָבן געקאָנט אויסהאַלטן אַזאַ לאַנגע צייט אף אַלע פראָנטן און זיך דאָרט שלאָגן פאַר פרעמדע, וועלן מיר איצט נאָך קאָנען אָפּשפּאָרן אַ שטיקל צייט אף צום שלאָגן זיך פאַר זיך אַליין...

עס האָט אויסגעזען, אַז אַפילע קיין איינציקער פון די יאַטן איז ניט געווען קעגן דעם. אַלע, האָט אויסגעזען, זענען גרייט געווען זיך צו לאָזן אפן ערשטן רוף וואוהין מען וועט זיי באַר דאַרפן.

ערשט איצט האָבן יאַטן פון גאַרניזאָן אָנגעהויבן שמועסן צווישן זיך, אַז די סיבע, וואָס די שיפן זענען נאָך אַלץ ניט צוריקגעקומען פון באַטום אונדז אויפצונעמען און אַוועקצופירן, — מוז אַוואַדע זיין קערענסקיס אַ שטיקל אַרבעט; אַז ער האָט עס זיי אַוואַדע געהייסן דאָרט פאַרהאַלטן, ווייל ער האָט מיסטאָמע געהערט די שטימונג פון אונדזערע יאַטן און ער האָט דעריבער מוירע געקראָגן, אַז מיר — נאָך אונדזער אָנקומען קיין רוסלאַנד — וועלן זיך אַוואַדע שטעלן צו הילף פון די סאָוועטן און...

אין פאַרבינדונג דערמיט, האָבן זיך גענומען הערן מיינונגען פון סאָלדאַטן, אַז מען זאָל מער ניט וואַרטן אף קיין שיפן, נאָר זיך טאַקע גלייך אַרויסלאָזן צופוס קיין טראַפּעזאָנד און אַזוי גיין פאַזע דעם ברעג פונעם שוואַרצן יאַם ביז צו באַטום...

דאָס איז אָבער געווען סיי אומפּראַקטיש און סיי ניט־דורכפירבאַר. די גאַנצע געגנט, וואָס אַרום דעם ברעג פון שוואַרצן יאַם, פון סאַמע טראַפּעזאָנד ביז צו באַטום, איז געווען אַ באַרגיקע. מיר, וועלכע האָבן אַליין דורכגעשפּאַנט צופוס די גאַנצע דאָרטיקע געגנט פון זינט מיר האָבן אַריינמאַרשירט קיין טערקיי אין אָנהויב מילכאָמע, — האָבן גאַנץ גוט געדענקט די געדרייטע שטיינערדיקע וועגן און די האָזן־שטעגלעך, וועלכע האָבן זיך דורכגעשניטן דורך די הויכע דורכגאַנגען אין די בערג, אָדער גאָר געווען אַריבערגעוואָרפן אין געדרייטע זיגזאַגן איבער די מעשופּעדיקע בערג־הויקערס. אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַ גאַנג דורך אָט יענע וועגן וואָלט אונדז געדאַרפט דויערן וואָכן, אויב ניט טאַקע כאָדאָשים לאַנג צו גרייכן באַטום, — איז עס סטאַם געווען ריזיקאַליש. וואָרים מיר — בעאייס מיר האָבן פּלאַנירט דעם אָפּמאַרש פונעם פראָנט, האָבן אויסגעאַרבעט דעם מאַרשרוט דורך טראַפּעזאָנד און האָבן דעריבער אין דער אַנדערער געגנט ניט איינגעשטעלט קיין שפּייז־פּונקטן און קיין אַנדערע נויטיקע איינריכטונגען פאַר אַ מאַרשירנדיקער אַרמיי. עס וואָלט דעריבער געווען אומעגלעך צו קריגן שפּייז פאַר אונדז און פיטער פאַר די פערד פון אָבאַז און פון דער אַרטילעריע...

אָבער פּונקט ווי גראָד דערפאַר וואָס די שטימונג בא די סאָלדאַטן איז געווען אַזאַ, כאָטש דורך ווילדע וועלדער און דורך שווערע וועגן צו קריכן, אַבי וואָס גיכער אַריינצוקומען צוריק קיין רוסלאַנד און זיך אַריינוואַרפן אין קאַמף קעגן קאָרנילאָוון — זענען סטעפּאַקין און זיין געהילף פּערווין, צוזאַמען מיט דער איבעריקער כאַליאַסטרע פון זיינע אָנהענגער, מיטאַמאָל ווי קאַפּויער געקומען, פּונקט ווי זיי וואָלטן גאָר פּלוצלונג אויפגעשטאַנען טכיעס־האַמייסים נאָך אַ לאַנגן טויט. זיי. וואָס האָבן איצט געפונען אַביסל מיטהילף פון אַ צאָל סאָלדאַטן פונעם אָרטיקן גאַרניזאָן, האָבן אַפּאָנים געטראַכט, אַז ערשט איצט האָבן זיי באַקומען די לאַנג דערוואַרטעטע געלעגנהייט פאַר זיך און זייערע וועגן. זיי האָבן דעריבער, ווי אין די פריערדיקע טעג, גענומען אַריינוואַרפן ווערטלעך און העצערישע אויסרופן צווישן די סאָלדאַטן און האָבן אַלץ ניט אויפגעהערט צו בורען:

— וואָס האָבן מיר, פּאַשעטע סאָלדאַטן, צו טאָן מיט דער פּאָליטיק, וועלכע ווערט געפירט אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקווע?... וואָס האָט דאָס גאָר צו טאָן מיט אונדז?...

— געהערט אַ מאַיסע, באַשער עס ווילט זיך דאָרט זייער לעבינען ווערן דער גאַנצער מאַכער פון רוסלאַנד, דאַרפן מיר דאָ...

צומאָל האָבן זיי גענומען קלאַפּן אויף אַן אַנדערן וועג:

— דאָס איז דאָך אַן אומדערהערטע פאַרברעכערישע אַוואַנטיורע!
— האָבן זיי אַפּילע אין אָפענע דיסקוסיעס אָנגעהויבן שרייען, — מען האָט בעקיוון אויסגעטראַכט אַ געשיכטע וועגן קאַרנילאָוון, קעדיי אונדז צו פאַרביטערן קעגן קערענסקין און קעגן דער ציישווייליקער רעגירונג. מען וויל אונדז אַריינשלעפּן אין אַ נייער, צווייטער מילכאָמע, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן פון יענער!... יאָ, מען וויל איצט פאַרגיסן אונדזער בלוט און פאַרניכטן אונדזערע לעבנס, וועלכע מיר האָבן קוים מיט די לעבנס אַרויסגעראַטעוועט!...
זייערע רייד האָבן, נאַטירלעך, באַלד געפונען אַ צאָל אָנהענגער. פיל סאָלדאַטן — אַפּילע פון אונדזערע — כאָטש זיי זענען קימאַט אַלע געווען איינשטימיק, אַז די ציטווייליקע רעגירונג און — צוזאַמען מיט איר — קערענסקי, באַגייען אַ פאַרברעכן, אָדער עפּשער אַ פאַראַט קעגן דעם לאַנד און דעם פאָלק, — זענען זיי אָבער, אַפּאָנים איבער זייער מידקייט פון דער מילכאָמע, גרייט געווען זיך אַרויסצודרייען פון צו דאַרפן גיין אין אַ נייעם קאַמף אַריין, ספּעציעל איצט, ווען סטעפּאַקין און זיינע כעווורע האָבן געגעבן אַ נייע באַגרינדונג דערפאַר.
— און דאָס ערגסטע,—האָבן זיי געטיינעט, — וואָס דאָ האַנדלט זיך עס ניט וועגן גיין אין מילכאָמע קעגן פרעמדע סאָנים, נאָר קעגן אייגענע ברידער. אַ בירגער־קריג צווישן פאָלק גופע...
דער סאָוועט האָט אַרויסגעגעבן אַ געגן רוף און אָנגעוויזן:
„אויב עס וועט קומען צו אַ בירגער קריג, וועט עס בעשום אויפן ניט זיין די שולד פונעם פאָלק, פון די סאָלדאַטן, אָדער אַרבעטער און פויערים, נאָר בלויז פון די קאַפּיטאַליסטן און צאַרישע שטיצער, וואָס ווילן זיך ניט שיידן מיט זייערע פּריווילעגיעס. דאָס וועט זיין די פולע שולד פון קערענסקין, וועלכער האָט אָנגעשטעלט קאָרנילאָוון..."
אַ כוץ דעם האָט דער סאָוועט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע און אָפענע מעלדונג צו די סאָלדאַטן פונעם קאָרפּוס, אַז קיינער פון זיי איז ניט געצוואונגען צו גיין קעגן זיין אייגענעם ווילן און, אַז יענע סאָלדאַטן, וואָס זענען גרייט איבערצולאָזן די גאַנצע רעוואָלוציע מיט דער געוואונענער פרייהייט אפן כעסעד פון קאָרנילאָוון, וועלן זיין פריי אַהיימצוגיין צו זייערע אייגענע היימען, אין זייערע דערפער. דערביי איז אָבער קלאָר אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז דערווייל, ביז דער גאַנצער קאָרפּוס אונדזערער וועט ניט אָנקומען בעשאָלעם קיין באַקו, וועט מען זיך מוזן האַלטן צוזאַמען און אַז ערשט דאָרט, אין באַקו, וועט יעדער איינער קריגן די מעגלעכקייט צו באַשטימען פאַר זיך אַליין, צי ער וויל אַהיימפאָרן צו זיך, אָדער מיטגיין מיט אַלע אַנדערע, צום העלפן

באַפעסטיקן די רעוואָלוציע און אירע פרייהייטן...

דאָס האָט אויסגעזען צו זיין צופרידנשטעלנדיק פאַר אַלעמען און די אַגיטאַציע קעגן סאָוועט האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט...

*****

**דערווייל** האָבן זיך די טעג געשלעפּט אין אַ שווערן, פיינלעכן אומגעדולד. שוין העכער פון פיר וואָכן זינט מיר, די לעצטע קאָלאָנע פון אונדזער קאָרפּוס, זענען געהאַט אָנגעקומען קיין טראַפּעזאָנד, און מיר האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרויסצורייסן זיך פון דאָרט. דער זומער האָט זיך דערווייל אָפּגערוקט צו ביסלעך און איז שוין קימאַט באַלד אינגאַנצן געווען אַריבער. און כאָטש אין טראַפּעזאָנד גופא איז נאָך טאַקע גאַנץ וואַרעם געווען, האָבן מיר זיך אָבער פאַרגעשטעלט, אַז דאָרט, אויף די בערג, וואו מיר האָבן זיך געהאַט אָפּגעוואָלגערט אַזאַ לאַנגע צייט,— מוזן שוין אַוואַדע איצט שטיין גרויסע פרעסט מיט טיפע שנייען. דאָס האָט פאַרשטאַרקט אונדזער אומגעדולד. עס האָט זיך שוין געוואָלט וואָס גיכער אַוועק פון טערקיי און זיין דאָרט, וואו מען האָט אונדז אַוואַדע זייער בויטיק געדאַרפט.

מיר האָבן זיך אָבער גאָרניט געקאָנט העלפן. קיין שיפן זענען נאָך אַלץ ניט אָנגעקומען. די איינציקע זאַך וואָס איז פאַרבליבן פאַר אונדז, איז געווען, געדולדיק — כאָטש פאַרדראָסיק — ווייטער צו וואַרטן.

אָבער מיר האָבן זיך סאָף־קאָל־סאָף פאַרט דערוואַרט. אפן סאָף פון דער פינפטער וואָך זינט מיר זענען אָנגעקומען צום ברעג יאַם, האָבן זיך — איינמאָל אין אַ פאַרטאָג — באַוויזן עטלעכע שיפן אפן האָריזאָנט. די דאָזיקע נייעס האָט זיך גלייך צעטראָגן איבער דער שטאָט. יעדער איינער איז געלאָפן אָנזאָגן די בשורה צו אַ צווייטן. מיר אַליין האָבן זיך שוין ניט געקאָנט גלויבן, אַז אָט די שיפן קומען דאָס טאַקע נאָך אונדז. קימאַט דער גאַנצער גאַרניזאָן איז אַרויסגעלאָפן צום ברעג יאַם, צו קוקן ווי די שיפן דערנעענטערן זיך. דער רויש און געדרענג איז אַזוי גרויס געווען, דאָס גערעדעריי און דער טומל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט געקאָנט מיינען עס איז גאָר אַ יאַריד אַזאַ...

און די אויפרעגונג איז געשטיגן מיט יעדער מינוט...

ענדלעך האָבן זיך די שיפן אָפּגעשטעלט ניט ווייט פונעם ברעג און דאָרט געוואָרפן זייערע אַנקערס. מיר האָבן גלייך אויף אַ קאַטער־שיפל אַרויסגעשיקט צו די שיפן עטלעכע פאַרטרעטער פון גאַרניזאָן־סאָוועט, אויסצוגעפינען, ערשטנס, וויפל סאָלדאַטן די אַלע שיפן וועלן קאָנען

אויפנעמען און, צווייטנס, ווען זיי וועלן קאָנען גרייט זיין סיי אף צום אויפנעמען אונדז און סיי אף אַרויסצופאָרן.

אף אונדזער באַפרעגן זיך באַ די קאַפּיטאַנען, פאַרוואָס עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט צו קומען, האָט יעדער פון זיי אונדז אָנגעגעבן עפּעס אַן אַנדערן טערעץ. אייבער האָט געזאָגט, אַז די סיבע דערפון איז געווען וואָס מען האָט די שיפן געדאַרפט אויספאַריכטן איידער זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אַהערצו. אַ צווייטער — אַז מען האָט אין צייט ניט געקאָנט קריגן קיין שפּייז און באַהייצונג פאַר דער נעסיע און נאָך אַזעלכע ענלעכע פאַרענטפערס. עטלעכע מאַטראָזן, אָבער, האָבן אונדז שפּעטער בעסאָד איבערגעגעבן, אַז די עמעסע סיבע פון פאַרהאַלטן די שיפן אין באַטום, איז געווען גאָר אַן אַנדערע, אַן אויסערגעוויינטלעכע.

זיי האָבן דערציילט, אַז באַלד נאָך זייער אָנקומען קיין באַטום, האָבן די דריי קאַווקאַזער פעלקער — די גרוזינער, אַרמענער און די אייזערביידזשאַנער טאַטערן, זיך אָפּגעריסן פון איבעריקן רוסלאַנד, האָבן זיך דערקלערט פאַר אומאָפּהענגיק און האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער קאַווקאַזער רעפּובליק, אינגאַנצן ניט־אָפּהענגיק פון גאַנץ רוסלאַנד. און אַזוי ווי די דאָזיקע רעפּובליק האָט באַשלאָסן צו נעמען אַלץ וואָס וועט זיך נאָר לאָזן ווי אַ יערושע פון געוועזענעם רוסלאַנד, האָבן זיי אויך די שיפן געוואָלט פאַרכאַפּן. זיי האָבן מוירע געהאַט די שיפן אַרויסצושיקן נאָך אונדז, טאָמער וועלן מיר זיך אַוועקלאָזן מיט זיי צו ערגעץ אַן אַנדערן, אַ רוסישן פּאָרט, און ניט קיין באַטום.

— זיי האָבן אָבער געכאַפּט איבער די הענט! — האָבן די דאָזיקע מאַטראָזן צוגעגעבן, — מען האָט זיי קלאָר געלאָזט וויסן, אַז אָדער זיי שיקן אַרויס די שיפן, אָדער...

די מאַטראָזן האָבן אונדז דערציילט, אַז אַ דאַנק דער פעסטער און קעמפערישער שטעלונג פונעם האַלבן קאָרפּוס אונדזערן, וועלכער איז אָנגעקומען מיט די זעלביקע שיפן און זיך געפונען אין באַטום, זענען די סעפּעראַטיסטן געווען געצוואונגען זיך צוריקצוציען. עמעס, דאָס האָבן זיי געטאָן ערשט נאָכדעם, ווי זיי האָבן אַוועקגעשטעלט אַ צאָל פון זייערע אייגענע מענטשן פאַר קאַפּיטאַנען און פאַרביטן אַ גרויסן טייל מאַטראָזן מיט גרוזינער, אַרמענער און טאַטערן...

— מיר זענען אָבער פאָרט דאָ! — האָבן זיי שטאָלץ פאַרענדיקט.

די דאָזיקע נייעס וועגן דעם אָפּרייסן זיך פון אַט די דריי פעלקער פון דעם איבעריקן רוסלאַנד, האָט אונדז אַלעמען שטאַרק אויפגערעגט. עס איז קלאָר געווען, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך פאַרנומען אף זייער אַ פאַלשן, אויב ניט שעדלעכן וועג. מיר זענען געוואָרן צעווייטיקט

און געבּרענט מיט אומגעדולד וואָס גיכער אַוועקצופאָרן.

עס האָט זיך אָבער גלייך אַרויסגעוויזן, אַז די שיפן וועלן גאָרניט קאָנען אויפנעמען דעם גאַנצן גאַרניזאָן פאַראַמאָל. מיר האָבן אַפילע שוין געהאַט צונויפגעשלעפט יעדע איינע נוצבּאָרע בּאַרזשע, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט געפינען אין האַפן פון טראַפּעזאָנד גופע, אָבער אויך דאַן האָט מען ערשט מער ווי אַ העלפט פון די סאָלדאַטן ניט געקאָנט איינאָרדענען. מען האָט זיך מאַמעש ניט געקאָנט קיין אייצע געבן.

און דאָס ערגסטע איז נאָך געווען, וואָס ניט די יאַטן פונעם אַלטן גאַרניזאָן און ניט אונדזערע אייגענע, האָבן ניט געוואָלט הערן וועגן אָפּגעבן די אַנדערע דעם פאָרצוג אַרויסצופאָרן פריער פאַר זיי. יעדער טייל האָט געהאַלטן, אַז ער איז מער בּאַרעכטיקט צום אָפּפאָרן פריער.

און קעדיי אויסצומיידן קריגערייען און מעגלעכע געשלעגן צווישן דעם גאַרניזאָן פון טראַפּעזאָנד און אונדזער אייגענעם האַלבּן קאָרפּוס, איז געוואָרן בּאַשלאָסן צו וואַרפן גורל, וועלכער טייל עס זאָל פריער אָפּפאָרן. געוואונען האָבן מיר, אונדזער האַלבּער קאָרפּוס. מיר האָבן אָבער דערבּיי פאַרזיכערט די אַנדערע, אַז מיר — אַזוי גיך ווי מיר וועלן נאָר אָנקומען קיין בּאַטום — וועלן זיך פון אָרט ניט רירן, בּיז מיר וועלן ניט זען, אַז די שיפן זאָלן גלייך אַרויספאָרן נאָך זיי...

אַרויפצולאָדן זיך אף די שיפן אַרויף, ווייל זיי זענען געשטאַנען פאַראַנקערט ווייט פונעם בּרעג — האָט, נאַטירלעך, געדאַרפט זיין אַ גאַנץ שווערער אייסעק. דער האַפן, וואָס מען האָט געהאַלטן אין בּויען, איז נאָך דער רעוואָלוציע פאַרהאַלטן געוואָרן אינמיטן דער אַרבּעט און איז געווען נאָך ניט פאַרענדיקט. עס וואָלט אונדז דעריבּער אויסגעקומען זיך אויפצולאָדן אף דעם אַלטן שטייגער: דאָס הייסט, זיך אויפזעצן אף קאַטערס, בּאַרזשעס און אַזוי רודער שיפלעך, צושווימען אין זיי צו די שיפן, וואו זיי זענען געשטאַנען פאַראַנקערט ווייט אין יאַם, און ערשט דאָרט זיך אַריבּערזעצן. אָבער דאָס האָט געדאַרפט דויערן גאָר אַ לאַנגע צייט און מיר האָבן עס, נאַטירלעך, שטאַרק געוואָלט אויסמיידן.

דער אומגעדולד און דער בּאַגער וואָס גיכער אַוועקצופאָרן, איז בּאַ יעדן אַזוי גרויס געווען, אַז מיר האָבן בּאַשלאָסן דאָס צו פאַרגיכערן מיט אַלע מעגלעכקייטן. מיר האָבן דעריבּער אָנגעשלעפּט אַלע מעגלעכע קלעצער און בּרעטער, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט געפינען אַרום דעם האַפן, און זיי אַריבּערגעלייגט איבּער די אַלטע, געזונקענע שיפן, וואָס זענען — אָנגעפילטע מיט גרויסע שטיינער און צעמענט — שוין געווען פונדאַמענטירט בּאַם סאַמע בּרעג, ווי אַ פעסטע בּאַזע אף צו בּויען דעם האַפן גופע. אָט די דאָזיקע בּרעטער און קלעצער האָבן מיר ווי ניט איז

באַפעסטיקט און פון זיי געמאַכט אַ מין פּאַנטאָן־בריק. עס איז פּאָשעט געווען צו באַוואונדערן מיט וואָסער כיישיק און ברען אונדזערע יאַטן האָבן געאַרבעט דערביי. אין צוויי טעג צייט זענען די דאָזיקע קלעצער און ברעטער געווען צוגעפעסטיקט אַזוי, אַז עס האָט זיך פאָרמירט אַ פעסטע בריק מיט אַ פלאַטפאָרמע, ווי אף אַן עמעסן האַפן. די גרויסע שיפן זענען דאַן צוגעפאָרן האַרט צו אָט דעם אימפּראָוויזירטן האַפן באַם ברעג, און מיר — צוזאַמען מיט אונדזערע אָבאָזן, קאַנאָנען און פערד, — האָבן זיך גענומען אַרויפלאָדן דירעקט פונעם ברעג...

נאָך צוויי טעג פון שווערער מי און פראַצע, זענען מיר, ענדלעך, פּאַרטיק געוואָרן מיטן אויפלאָדן זיך און זענען גרייט געווען אף צום אָפּשווימען. אַזוי ווי עס איז אָבער געווען אַ געפאַר צו פאָרן אין דער פינצטער, איבער די מאַסן מינעס, וועלכע זענען אַרומגעשוואומען אינעם יאַם, — האָבן מיר באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אף די שיפן און ערשט אינדערפרי, ווען עס וועט ליכטיק ווערן, אַרויסרודערן.

ווען די ערשטע שיף — די פלאַג־שיף, אַזוי צו זאָגן — אף וועלכער מיר, די קאָמאַנדע, צוזאַמען מיטן סאָוועט, האָבן זיך געפונען, האָט זיך אַרויסגעגליטשט פונעם האַפן און צוגעוואָרפן צו דעם ברעג דעם שווערן געבברום פון איר גרויסן קוימען, — איז באַ די אַרומיקע יאַטן אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון פרייד. אַ הוראַ־געשריי, אויסגעמישט מיט פאַרשידענע אויסרופן, האָט אַזש די לופט געשפּאָלטן. אַלע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט באַ די באָרטן און געפּאָכעט מיט די הענט און מיט די טיכלעך צום ברעג, צו יענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן, צום באַדויערן, נאָך געדאַרפט פאַרבלייבן דאָרט אף אַ שטיקל צייט.

ענדלעך זענען די שיפן אַרויס אין אָפענעם יאַם און האָבן זיך פאַרנומען צו מיזרעך צו, אין דער ריכטונג פון באַטום...

דאָס האַרץ, האָט זיך געפילט, האָט אָנגעהויבן האַסטיקער קלאַפּן...

*****

**שטיל** און רואיק איז דער יאַם געלעגן אויס־געשפּרייט אין דעם פרימאָרגן פון אונדזער אַרויספאָר. דאָס בלוילעך־גרינלעכע וואַסער האָט זיך גלאַטיק געשפּיגלט און געדולדיק געלאָזט די שיפן זיך גליטשן אף זיך. די שיפן — איינע הינטער דער אַנדערער — האָבן זיך געצויגן אין אַ לאַנגער, גלייכער ליניע, און יעדע פון זיי האָט באַכגעשלעפּט נאָך זיך צו צוויי, אָדער צו דריי באַרזשעס, וואָס זענען אויך געווען אָנגעפּילט מיט סאָלדאַטן, אָבאָז־וועגעלעך, קאַנאָנען,

פערד און פאַרשידענע מינים אַמוניציע, פוראַזש און שפּייז... שוואַרצע קנוילן רויך האָבן זיך געצויגן פון די קוימענס און זיך צונויפגעביילט אין איין גרויסן וואָלקן. פון צייט צו צייט האָט דער קוימען פון דער ערשטער, דער „פלאַג־שיף”, אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנע געבּרום, וואָס איז געווען אַזאַ סיגנאַל צו בייטן די ריכטונג, אָדער שנעלקייט, און גלייך האָבן אויך די איבעריקע שיפן אונטערגעכאַפּט דעם סיגנאַל מיט זייערע קוימענס און עס איז אַוועק אַ פייפעריי אין פאַרשידענע טענער, ווי אַן אויסטערלישער, אום־האַרמאָנישער כאָר, וואָס האָט אָבער דאָסמאָל ביי אונדז אין די אויערן געקלונגען ווי די שענסטע סימפאָניע...

דער ווייטער האָריזאָנט האָט זיך געכיינדלט צו אונדז און האָט מיט קליינע, ווייסע וואָלקנדלעך — ווי מיט טיכלעך — געפאָכעט צו אונדז, אַזוי ווי צום געזעגענען זיך. אפן גאַנצן נאָענטן ברעג, אין דער רעכטער זייט פון אונדז, האָט זיך געצויגן אַן אומענדלעכע קייט מיט בערג און אף זיי — וועלדער מיט שווערע, טיף־גרינע בוימער, וועלכע האָבן — נאָר ווי פאַרבענגטע — אונדז אַלץ נאָכגעקוקט. זיי האָבן אויפגעכאַפּט סיי די פייפערייען פון די שיפן און סיי אונדזערע הילכיקע געזאַנגען און האָבן אָפּגעענטפערט מיט לעבעדיק־קלינגענדיקע עכאָס...

אף די שיפן גופא האָט זיך שטאַרק געטומלט. אָט האָט אף איינער פון די שיפן מיטאַמאָל אויפגעשפילט אַן אָרקעסטער און, אַזוי גיך ווי ער האָט געענדיקט אַ מאַרש, האָט אף אַ צווייטער שיף זיך אָנגעהויבן אַ הילכיק געזאַנג פון די סאָלדאַטן. די מוזיק און דאָס געזאַנג האָבן צעוואָרפן הילכיקע טענער אין דער גרויסער, פרייער פוסטקייט אַריין. אפן דעק ביי אונדז האָבן יאַטן געטאַנצט קימאַט אָן אויפהער. כעוורע זענען געשטאַנען אַרומגעשטעלט און האָבן, פריילעכע, צוגעפּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט...

עס איז געווען לעבעדיק, האָפנונגספול און פריילעך...

די פלאָטיליע האָט זיך בעריעש געגליטשט אין פאָרויס און דערביי איבערגעלאָזט הינטער זיך צעשוימטע ווייסע פאַסן איבערן וואַסער און צעקנאָדערטע רעשטלעך רויך־קנוילן, וואָס האָבן זיך געדרייט אין דער לופט, ווי זיי וואָלטן פאַר זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, ביז זיי זענען ענדלעך ערגעץ ווייט אינדערהויך פאַרפאַלן געוואָרן, די שפּיציקע נעז פון די שיפן האָבן זיך איינגעטונקען אין די אַנטקעגנקומענדיקע כוואַליעס און, מיט וואַזשנעקייט, ברייט פאַנאַנדערגעשוימט דאָס וואַסער פון זיך, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן אָנגעזאָגט:

— מאַכט וועג!...מיר פירן דאָ די העלדישע און רעוואָלוציאָנערע יאַטן צוריק פונעם פראָנט!...מאַכט וועג פאַר זיי!...

יעדער איינער פון אונדז איז געווען איבערפולט מיט פרייד. די פּנימער ביי אַלעמען האָבן געלויכטן און די אויגן האָבן געגלאַנצט... מען האָט געשלונגען לידער און פאַרטרונקען מיט ברוסטיקן געלעכטער. טשעריאַק, וואָס איז געווען באַוואוסט פאַר אַ וויצלינג, האָט צוזאַמען מיט קאַטאַיעוון פאַרפאַסט אַ ביי ליד צו דער מעלאָדיע פון „בעריאָזע”, און דאָס איינגעזונגען מיט די יאַטן, וועלכע האָבן דאָס מיט פריידיקן כיישעק איפגעכאַפּט און עס איז אַוועק אַ געזינגעריי:

— „אין רוסלאַנד איז אַ צאַרעלע געזעסן,
די לעבנס פונעם פאָלק האָט ער געפרעסן.
איי־ליו־ליו־לי — געזעסן,
איי־ליו־ליו־לי — געפרעסן!...

דאָ זענען אַלע יאַטן אַריינגעפאַלן און האָבן פאָרגעזעצט:

— טאַרי־באַרי, זינגט געזאַנגען: —
אַלטע צייטן שוין פאַרגאַנגען,
בייע לידער, בייע קלאַנגען,
ס'פאָלק איז פריי שוין, ניט געפאַנגען!...

און ווידעראַמאָל טשעריאַק:

— העי, דו צאַר, אַראָפּ!

מיט אַן ענטפער פון אַלעמען:

— אַראָפּ! אַראָפּ! אַראָפּ!
געגוג געפרעסן, גענוג געזעסן
באַם פאָלק אפן קאָפּ!...

און פאַרענדיקט מיט פייפעריי און היסליירועס:

— וואונדער, אָ, וואונדער,
וואונדער, וואונדער, הער נאָר הער:
אָט אַ וואונדער, גאָר אַ וואונדער,
בייע, פרייע לאַנד דו מיינס,
אָט אַ וואונדער, גאָר אַ וואונדער,
בייע, פרייע לאַנד דו מיינס!...

דאָס דאָזיקע לידל האָט אַזוי אויסגעקומען באַ די יאַטן, אַז זיי האָבן עס איבערגעזונגען אַ צענדליק מאָל. זיי האָבן אַפילע פאַרלאַנגט פון טשעריאַקן, אַז ער זאָל פאַרפאַסן נאָך ענלעכע לידער:

— העי, פושקין, — האָבן יאַטן גוטמוטיק אים געקרוינט מיט אַ נייעם נאָמען, — דערלאַנג אַהער נאָך פון דעם סאָרט!...

דער טאָג איז דערווייל אַזויאַרום דורך קימאַט ווי אומבאַמערקט. די זון האָט זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן. די ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס

זעבען אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען אינדערהויך, קימאַט איבער די קעפּ, האָבן זיך — ווי זילבער־ווייסע זקיינים — אַוועקגעשטעלט ביי דעם סאַמע האָריזאָנט, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעגרייט מעקאַבל־פּאָנים צו זיין די זון, וועלכע האָט זיך — אַ פייערדיק־רויטע — מיד אַרונטערגעלאָזט צו איר געלעגער. דער הימל און דער יאַם האָבן זיך באַלד אילומינירט מיט רויט־פּיאָלעטעווע קאָלירן, וואָס האָבן זיך יעדע ווייל געמיניעט מיט פאַרשידענע שאַטירונגען און אַלערליי קאָליר־קאָמבינאַציעס צווישן די זילבער־קרוינען פון די אַלטע וואָלקן־מעשאָרסים. עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקעלער. באַלד האָט זיך עפּעס אַזאַ אַזור־בלויער פאָרהאַנג אַ פאַרצי געטאָן איבער דער זונס שלאָף־בעט, דאָרט, נידעריק, הינטער דעם האָריזאָנט און... מיטאַמאָל איז אינגאַנצן פינצטער געוואָרן.

די באַכטיקע שטילקייט, האָט זיך געדאַכט, האָט געזונגען עפּעס אַזעלכע זיסע, סוידעסדיקע וויג־לידער, וואָס — כאָטש מען האָט זיי ניט געהערט, נאָר בלויז באַנומען מיט די געפילן — האָבן אַזש פאַרכאַפּט באָם האַרצן. דער הימל, פונקט אַזוי טונקל ווי דער יאַם, האָט גענומען פינקלען מיט בלישטשענדיקע פייערלעך, וואָס האָבן דערציילט מאָדנע וואונדער־מאַיסעלעך. די כוואַליעס אַרום דער שיף האָבן זיך געשפּילט אין פּעטשעלעך. אָט האָט איין כוואַליע זיך אונטערגעגאַנוועט אונטער אַ צווייטער, דערלאַנגט אַ שטיפעריש פּעטשל אין זייט און באַלד גראַציעז זיך אַ גליטש אַוועק געטאָן און זיך באַהאַלטן הינטער אַ דריטער. אָט איז אַ צווייטע כוואַליע אַ שפּרונג געטאָן איבער אַן אַנדערער און צעוואָרפן אַרום זיך מיליאָנען ליכטנדיקע אויגן. אַלע האָבן פאַרגאַפט געקוקט אַף דער דאָזיקער פּראַכט־שפּיל און זיך מאַמעש פון דעם ניט געקאָנט אָפּוואונדערן. עמעצער האָט מיטאַמאָל דערשטוינט אַ געשריי געטאָן:

— זעט נאָר, יאַטן, זעט, פייערלעך! עמעסע פייער־פונקען באָדן זיך דאָך דאָרט אינעם וואַסער!... יאָ, עמעסע פייער־פונקען!...

כעוורע האָבן גענומען אָפּלאַכן און איבערשפּאַרן:

— גיי שוין, גיי, שוטע איינער! ווי איז עס גאָר מעגלעך אַזאַ זאַך?... ווי קאָן עס געמאָלט זיין פייער פונקען אין וואַסער?...

— עס איז אָבער פאָרט פייער.— האָט יענער זיך געשפּאַרט,— וואָרים אָט, איר זעט דען ניט?...

— אָ, גיי שוין, מעשוגענער! עס איז מיסטאָמע בלויז אַ מיראַזש אַזאַ. אַוואַדע אַן אָפּשפּיגלונג פון די שטערן אפן הימל און...

— נו־יאָ, זיכער די שטערן.— האָט שוין אַ דריטער אָפּגעלאַכט,— דאָס באָדן זיי זיך דאָך איצט אינמיטן דער נאַכט...

— און איך זאָג אייך, יאַטן, אַז דאָס זעבען גאָר די טאַיוועדיק־

מאַניעדיקע אויגן פון די וואַסער־מוידן, די „נימפעס", ווי מען רופט זיי. איך אַליין האָב אַמאָל געהערט, אַז...

— טאַקע וואַסער־מוידן? — האָט שוין טשעריאַק, ווי ער וואָלט דאָ דערטאַפּט אַ געלעגנהייט אַף צום אָפּכויזעקן, זיך אַריינגעמישט, — אויב אַזוי, וואָלט מען געדאַרפט צורופן אונדזער גרישוניבען. ער דאַרף זיין אַ מייוון אַף אַזעלכענע זאַכן. וואו איז ער?...

ער האָט אַפילע געמאַכט אַ באַוועג ווי ער וואָלט זוכן גרישוניבען, אָבער אין דער מינוט האָט אים עמעצער פון די יאַטן אַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן באַ דער האַנט און ביז אַ זאָג געטאָן:

— אָ, פאַרמאַך שוין אַמאָל דעם נאַריש־קאַמישן סמיטניק דייבעם, מאַמעליגע אייבע! גרישוניבן איז איצט דער קאָמאַנדיר פונעם פּאָלק און אונדזערער אַן אייגענער יאַט! עס פּאַסט ניט פאַר קיין רעוואָלוציאָנערן סאָלדאַט אָפּצולאַכן און כויזעק מאַכן פון אַזאַ קאָמאַנדיר!... עס רייסט אַרונטער דעם פּרעסטיזש און...דו וואָלסט שוין, כ'לעבן, געמעגט אַמאָל מער סייכל האָבן, ערן וואָרט...

טשעריאַק האָט זיך פאַרשעמט אַוועקגעזעצט. דאָס אַמפּעריי איבער דער סיבע פון די פייערלעך איז אָבער נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען. און ה'ער ווייס ווי ווייט עס וואָלט אַוועק, ווען ניט „ווייטער", וואָס איז גראָד אָנגעקומען פון אונטן און דערהערט וועגן וואָס מען אַמפּערט זיך. ער, וואָס איז געווען אַ יאַם־מענטש און באַקענט מיט אָט די זאַכן מער ווי יעדער אַנדערער פון קאָמאַנדע, האָט זיך אַריינגערוקט אינמיטן און — זיך אַרומקוקנדיק אין אַלע זייטן — אַ לאַך געטאָן:

— פכע־כע־כע, אוי זענט איר, טאַטעלעך מיינע, איר זאָלט מיר מויכל זיין, אַזעלכע טיפּשים; איר האָט אַזעלכע לידיקע קעפּ, אַז דער קלענצטער ווינט קאָן אייך אַוועקבלאָזן! צי ווייסט איר דען טאַקע ניט וואָס דאָס איז?... דאָס זענען דאָך פאָספאָר־פונקען!...יאָ, פּאָשעטע און פּראָסטע פאָספאָר־פונקען!...

— פאָספאָר־פונקען? — האָבן עטלעכע יאַטן מיטאַמאָל אויסגערופן, — מיט וואָס עסט מען דאָס? וואָסער סאָרט כאַיע איז עס?...

— ווייסיך וואָס ער פּלאַפּלט! — האָט דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו ברויגעז אַ וואָרף צו געטאָן, — דאָס זענען ניט, ווי זאָגט ער דאָרט, קיין פאָספאָר־פונקען...דאָס זענען גאָר די אויגן פון אונדזערע יאַטן, וועלכע זענען דערטרונקען געוואָרן אין יאַם. פאָספאָר־פונקען גאָר!... מיין פאָטערל, אָסיפּ גאַווריל׳אָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער דאָרט האָבן, האָט געפּלעגט זאָגן, אַז צען כאַדאָשים נאָכן דערטרונקען ווערן, שווימען אַרויס די נעשאָמעס פון די אומגעקומענע און...

קאַטאַיעוו האָט אַ דעק געטאָן אַרטיאָמאָוון מיט דער האַנט:

— נו, דו רעדסט שוין גאָר ווי אַ טיפּעש, ווי אַ...געפּאַסט וואָלט עס פאַר דער רעוואָלוציע, ווען מיר זענען נאָך געווען, ווי דאַווידאָוו זאָגט, פאַרפינצטערטע. עך, נעשאָמעס גאָר!...

סיי ווי סיי, יאַטן האָבן מיט כידעש און אומגלויבן געקוקט דאָ אויף „וויעטערן", דאָ אויף קאַטאַיעוון, און געהויבן מיט די אַקסלען.

„וויעטער" האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מיט אָטעם און גענומען דערציילן, אַז אין אָט די דאָזיקע כאַדאָשים פון יאָר זענען די מערסטע יאָמים, ספּעציעל דער שוואַרצער יאַם, פול מיט פאָספאָר, וואָס דאָס איז דער מאַטעריאַל פון וואָס מען מאַכט שוועבעלעך, און אַז אין די אָוונטן, אין פינצטערע נעכט, קאָן מען זען די דאָזיקע פייער-פונקען, ווען דאָס וואַסער צעשפּילט זיך...אָבער יאַטן האָבן אים אַלץ ניט געגלויבט:

— ווייסיך וואָס, — האָבן יענע געטיינעט, — ווי קאָן זיך עס גאָר פאָרן פייער מיט וואַסער?...

— און דערפון, זאָגט ער, מאַכט מען נאָך שוועבעלעך!...

— „וויעטער" האָט זיך אַ צעבלאָז געטאָן!...

קעדיי צו באַווייזן, אַז ער איז גערעכט, האָט „וויעטער" גלייך גענומען זיין שפּייז-קעסעלע, צוגעבונדן דאָס פאַלאַטקע-שטריקל צום הענטל און דאָס אַריבערגעלאָזט איבערן באָרט פון דער שיף, אין דעם וואַסער אַריין. ער האָט אָנגעשעפּט אַ פול קעסעלע, דאָס אַרויפגעצויגן און מיט זיין לעפל גענומען מישן און איבערגיסן דאָס וואַסער. אין קעסעלע האָבן זיך גלייך באַוויזן בליצנדיקע פונקען. „וויעטער" האָט זיגעריש געלאַכט און דערביי קעסיידער געמישט דאָס וואַסער. ער האָט דעמלט אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויסטערלישער קישעף-מאַכער, וועלכער באַשאַפט וואונדער. אַ ווייל זענען יאַטן שטיין געבליבן מאַמעש ווי געפּלעפטע. קיינער פון זיי האָט ניט געקאָנט, אָדער ניט געוואַגט קיין וואָרט אויסצורעדן פון איבעראַשונג. באַלד אָבער האָבן זיי אָנגעהויבן קומען צוריק צו זיך און עס איז געוואָרן טומלדיק און לעבעדיק. די יאַטן האָבן געכאַפּט זייערע קעסעלעך, אָנגעשעפּט יאַם-וואַסער אין זיי און — יעדער פאַר זיך — גענומען צעוואַרפן די פונקען. די גאַנצע שיף איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פאַרכידעשטן געלעכטער...

ביסלעכווייז איז די דאָזיקע שפּיל צוגעגעסן געוואָרן און עס האָט זיך צוריק איינגעשטילט. קיינער פון די יאַטן איז אָבער ניט אַוועק זיך שלאָפן לייגן. דער אומגעדולד און דער אומרו האָט אָפּאָנים באַדריבט דעם ווילן צום שלאָף, עפּעס ווי יעדער איינער וואָלט מוירע געהאַט צו פאַרשלאָפן דעם אַריינפאָר אין באַטום, צום ברעג פונעם אייגענעם און

היימישן לאַנד, פון וועלכן מען איז אַזאַ צייט געווען אָפּגעריסן. אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, האָט מען געקאָנט זען דורך דעם, וואָס פאַר אַ צייט לאַנג האָט קימאַט קיין איינציקער אַ וואָרט ניט אויסגערעדט און אַפילע ווען עמעצער האָט יאָ געוואָגט צו רעדן, האָט ער עס געטאָן עפּעס אַזוי שטיל, שעפּטשענדיק, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ הייליקן פּלאַץ, אין אַ קירך, אָדער בײַ אַ „סמאָטר" פון אַ הויכן גענעראַל. אַלע זענען פאַרבליבן אפן דעק און יעדער איינער האָט מיט גאַפנדיקע אויגן זיך שטאַר איינגעקוקט אין דער גרויסער און כאָלאָדיקער פּינצטערניש אַריין. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס שטילע בּאַכט-געזשום און דאָס פּאַטשן פון די כוואַליעס אף די זייטן פון דער שיף. מיטאַמאָל...

איינער פון די מאַטראָזן, וועלכער איז געשטאַנען וואַכטע בּאַ דעם שפּיץ פון דער שיף, האָט מיט אַ געשריי איבערגעשניטן די שטילקייט. אין שוואַכן שיין פון דער שיף-בּאַלויכטונג האָט מען געקאָנט זען ווי ער האָט דאָרט געוואָרפן מיט די הענט, אָנווייזנדיק אף עפּעס אַ זאַך אינעם וואַסער און דערבּיי ניט אויפגעהערט צו שרייען:

— אָ-האָ! אויפמערקזאַם! פּאָרזיכט! פּאָרויס! לינקס!...

יאַטן זענען צעשראָקן אויפגעשפּרונגען פון די פּלעצער און מען האָט גענומען קוקן אַהינצו, אין דער ריכטונג וואו דער מאַטראָז האָט געוויזן. אפן ערשטן בליק האָט מען גאָרניט געקאָנט זען. בּאַלד האָט איינער פון אונדזערע יאַטן אַ וויַיז אָן געטאָן מיט דער האַנט אף עפּעס אַ בלישטשעדיקער זאַך, וואָס איז געשוואומען גלייך צו אונדז:

— זעט, כעווורע, — האָט ער געשריגן, — אָט איז עס דאָך!... אָט, עס שווימט דאָך גלייך אף אונדז אַרויף!...

— אוי, עס זעט דאָך אויס ווי אַ מינע! — האָט שוין אַ צווייטער פאַרלוירן און צעשראָקן געשריגן, — עס שווימט טאַקע אַהער!...

עס איז געוואָרן אַ טומל און גערודער. אויסגעשרייען האָבן זיך צעטראָגן פון איינעם צום צווייטן און עס איז געוואָרן אַ שטופּעניש צו כאַפּן אַ קוק דערויף. עס האָט אויסגעזען, אַז דער בייגיר צו זען ווי דאָס זעט אויס, האָט איבערוועלטיקט די געפאַר. גרישונין האָט יאָ געוואָלט אויסשרייען אַ בּאַפעל צו אַלעמען זיך אַוועקצוזעצן און זיך פאַרהאַלטן רואיק, אָבער איידער וואָס האָט אפן קאַפּיטאַנס בריקל דער גלאָק אַ שאַרפן און אָפּגעהאַקטן קלונג געטאָן. בּאַלד האָט אויך דער קוימען פון שיף אַרויסגעלאָזט אַ דרייפאַך-אַלאַרמירנדיקן און שאַרף-אָפּגעהאַקטן בּרום. די שיף האָט זיך גענומען קירעווען אף רעכטס און זיך אָנגעהויבּן בּאַוועגן פּאַמעלעכער. מאַטראָזן האָבן גענומען לויפן פאַרפאָרעטע אַהין און צוריק. עס איז קלאָר געווען, אַז דער קאַפּיטאַן

האָט מאַנעווּרירט מיט דער שיף, קעדיי אויסצומיידן די בלישטשעדיקע זאַך דאָרט, אינעם וואַסער. דער באַצמאַן האָט דערווייל ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אויסצוזידלען און אָנצושרייען אויף די סאָלדאַטן און זיי וואָרענען, אַז זיי זאָלן זיך ניט דרייען אונטער די פיס. אָבער דאָס אַלץ האָט דערווייל ניט אַריינגעבראַכט קיין באַרואיקונג. דער טומל און דאָס שטויסעריי האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן ווי פריער.

אָבער אין אַ ווייל שפּעטער האָט דער גלאָק אויפן קאַפּיטאַנס בריקל אַ טאָפּלטן קלונג געטאָן. דער קוימען האָט ווידער — דאָסמאָל שוין — אַ לאַנגן, צעצויגענעם פּיף געטאָן און, די שיף האָט זיך צוריק גענומען פּאַרקירעווען אויף איר רעגולערן וועג. שפּעטער האָט עס זיך אַרויסגע־וויזן, אַז די שווימענדיקע זאַך איז גאָר געווען אַ פּראָסטער קלאָץ, וואָס האָט — איבער די פּאָספּאַר־פּונקטן, וועלכע האָבן דערויף אָפּגעשלאָגן — באַקומען דעם אויסזען פון אַ מעטאַלענער מינע. און כאָטש אַלע האָבן שוין דערפילט דערלייכטערט און זיך אַפילע אויסערלעך שוין געהאַט אַביסל באַרואיקט, האָט עס אָבער דאָך איבערגעלאָזט אַ מאָדנע דריקעניש אויף אַלעמען. קיינער האָט אַלץ קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. מען איז אַ צייט לאַנג געשטאַנען און באַטראַכט דאָס אַוועקשווימענדיקע שטיק האָלץ, וואָס האָט זיך דערווייטערט אַלץ ווייטער און ווייטער פון אונדז.

און מיטאַמאָל, ווען עס האָט אויסגעזען, אַז מען האָט שוין פאַרגעסן, — האָט עמעצער פון די יאַטן פלוצלונג אַ זיפץ געטאָן:

— עך־עך־ע, און אַ טראַכט צו טאָן, אַז דאָס האָט דאָך טאַקע יאָ געקאָנט זיין אַ מינע און...

— יאָ, — האָט אַ צווייטער לעבן אים אונטערגעכאַפּט, — ווען דאָס וואָלט געווען אַ מינע, וואָלט אונדז שוין איצטער גאָרניט געווען אַזוי היימלעך... מען וואָלט שוין אַוואַדע געווען ביי אַ פיש אין פּיסק...

— דאָס וואָלט געווען אַ מיעסער אייסעק, — האָט אַ דריטער פון זיין זייט צוגעוואָרפן; — דורכגעקומען אַזאַ לאַנגע מילכאָמע אפן סאַמע פראָנט, אונטער דעם טויטס קוילן און דאָך אויסגעמיטן דעם טויט, און ערשט ביים אַהיימפאָרן, אומצוקומען אַזוי באַריש, אַזוי אומזיניק...

אַ ווייל איז ווידער שטיל געווען. דערנאָך האָט עמעצער, ווי צו זיך אַליין, שטיל אַ מורמל געטאָן:

— אָס־אָ־דאַ־אָ, אָדער קימאַט דאָ, האָט דאָך אַ מינע מיט אַ צייט צוריק אַרונטערגעשלונגען אונדזער אייגענעם יערמישינען און אים דאָ באַגראָבן אין אָט די אייגענע טיפענישן...

אַ טיפער טרויער האָט גליך אַלעמען אַרומגעכאַפּט און גענומען שטאַרק דריקן. מען האָט געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, ווי איבער דער

ביינאַכטיק־שוואַרצער פּוסטקייט וואָלט זיך מיטאַמאָל אויסגעשפּרייט אַזאַ ריזיקע דראָענדיקע לאַפּע, וואָס לויערט אויף אונדזערע לעבנס. עס האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט עפּעס אַזאַ שווערע פּוסטע דריקעניש אין מויעך און אין האַרצן, אַז עס האָט זיך אַזש געוואָלט אויסשרייען...

אין אַ רעגע אַרום, קימאַט ווי ניט־דורכגערעדט זיך, האָבן יאַטן פון דער קאָמאַנדע, איינער נאָכן צווייטן, גענומען די אינסטרומענטן און באַלד האָט זיך איבער דער נאַכטיקער ווייטקייט צעשפּרייט דאָס געוויין פונעם צעצויגענעם טרויער־מאַרש:

— „קאָרבּאָנעס געפאַלן זייט איר אין דעם קאַמף...״

די איבעריקע יאַטן, וואָס אויפן דעק, זענען אַרומגעשטאַנען אַרום אונדז מיט אַנטבלויזטע קעפּ און — קוקנדיק מיט טרויעריק־פאַרלאָפענע אויגן אַרונטערצו, צום שוואַרצן, פינקלדיקן יאַם־פלאַך אַרונטער — האָבן זיי מיט וויינענדיקע שטימעס מיטגעזונגען:

— „קאָרבּאָנעס געפאַלן זייט איר אין דעם קאַמף,
פון ליבשאַפט צום פאָלק — אייער שטערבן;
איר האָט אָפּגעגעבן וואָס איר האָט פאַרמאָגט —
פאַר פרייהייט, פאַר רעכט און פאַר לעבן...
געשפּאַנט האָט איר מידע, אין קייטן געשמיט,
געבייטשט פון די רויבער און הענקער;
זיי האָבן דעם גוף בלויז פון אייך אומגעבראַכט, —
דאָס פאָלק אייער גייסט וועט געדענקען!...״

עס האָט זיך געפילט אַ שווערע אָנגעלאָדנקייט אויפן האַרצן, — אַזאַ געפיל — אַקוראַט ווי ביים באַערדיקן אַ נאָענטן, אַן אייגענעם...

די געדריקטקייט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז קיינער האָט אַפילע ניט געוואָלט אַרונטערקריכן אין די טריומען זיך צוצולייגן שלאָפן אויף די נאַרעס דאָרט. מען האָט זיך אַזוי צוגעזעצט אויפן דעק וואו איינער איז געשטאַנען, און אַזוי געזעסן פאַרטאָן אין די אייגענע מאַכשאָוועס. ענדלעך, צי פון מידקייט, אָדער גאָר פון דער רעגונג איבער די נאָר וואָס דורכגעלעבטע געפילן, — האָבן יאַטן, זיצנדיק אַזוי־אָ, אָנגעהויבן איינציקווייז איינצודרימלען...

און דער יאַם־פלאַך — ווי די טאַצן פון אַ וואָגשאָל, — האָט אַלץ געוויגט און געוויגט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ...



# קאַפּיטל פֿירונפֿערציק

שטיל, היימיש און פֿאַרבענגט האָט דער יאָם אויסגעזען אין דעם ביי־געבוירענעם פֿרימאָרגן. די ראָזיק־באַפּאַרבטע כוואַליעס האָבן געשלונגען מאַסן פֿרישינקע זון־שטראַלן, וואָס זענען דיאַגאָנאַל געפֿאַלן צו זיי אין די שוימיקע פּיסקעס אַריין, און האָבן זיך, — צוזאַמען מיט זיי, — איינגעטונקען אין די טיפֿענישן אַריין. די באַוואַלדערטע בערג, וואָס האָבן זיך — נאָך אונדזער אַרויספֿאָרן פֿון טראַפּעזאָנד — געקייטלט אויפֿן רעכטן ברעג, זענען צוזאַמען מיט דער נאַכט ערגעץ פֿאַרשוואונדן. דאָרט, אויפֿן ברעג, האָט זיך איצט געשפּרייט אַ גרין פֿלאַכלאַנד. עס האָט מיטאַמאָל פֿאַרשמעקט מיט היימישקייט און אייגנס. עפּעס האָבן מיר אַלע מיטאַמאָל זיך דערפֿילט אַזוי זיכער, אַזוי פֿריידיק, פּונקט ווי דאָ, אין די „רוסישע” וואַסערן, וואָלט דער יאָם שוין ניט געווען אַזוי טיף, אַזוי סוידעסדיק, און פּונקט אַזוי ווי דאָ וואָלטן שוין קיין געפֿערלעכע מינעס ניט געקאָנט שווימען. עס איז געוואָרן ליכטיקער און — צוזאַמען מיט דעם — אויך פֿריידיקער. מען האָט דערשפּירט מיט אַלע כושים, אַז מען דערנעענטערט זיך.

און טאַקע אַזוי. אינגיכן האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן:

— אָט איז דאָך באַטום, יאָט!... באַטום!...

אַלע, וואָס זענען באַר געווען אויפֿן דעק, זענען צוגעלאָפֿן צו דעם באָרט, פּונקט ווי יעדער איינער וואָלט געוואָלט זיין פֿון די ערשטע צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם ברעג פֿון דער היימישער, אייגענער און אַזוי שטאַרק־באַליבטער ערד...

אַ לייכט־טורעם, ניט זייער קיין הויכער, איז פֿאַרבייגעשוואומען אין דער זייט און, עפּעס אַזוי ווי שעלמיש צופֿינטלענדיק מיט זיינע גלעזערנע אויגן, — זיך אַוועקגערוקט ערגעץ אַף הינטן. די שיף איז אַריינגעשוואומען צווישן שטיינערדיקע כוואַליע־שניידער. דאָס וואַסער — אַ ברודיקס און טונקלס — איז געלעגן גלאַטיק און שטיל. אין בלויז

עטלעכע מינוט אַרום — קיינער האָט אַפילו ניט באַמערקט ווי אַזוי און ווען — איז שוין אונדזער שיף, די ערשטע, געשטאַנען מיט אַ זייט צום האַפן. און כאָטש קיין שום באַפעל איז נאָך ניט געגעבן געוואָרן אַף אַרונטערצוגיין, האָט דאָך יעדער איינער אַ כאַפּ געטאָן אַף זיך זיינע זאַכן און איז געשטאַנען גרייט, וואַרטנדיק מיט אומגעדולד אַפן צייכן.

אינדרויסן, אַפן ברעג, איז געווען טומלדיק. מאַסן סאָלדאַטן פון אונדזער ערשטן האַלבן קאָרפּוס, זענען אונדז געקומען באַגעגענען. אַן אָרקעסטער מוזיק האָט געשפּילט. פאַרטרעטער פון די פּאָלק־סאָוועטן, — בעראָש מיט אונדזער אייגענעם גריגאָריעוון, וועלכער איז טכילעס אַרויסגעגאַנגען פון דער פּאָזיציע, צוזאַמען מיט די ערשטע פּאָלקן, — האָבן אונדז באַגריסט. אַ שטורמישער הוראַ געשריי איז אויסגעבראָכן בעאייס די יאַטן פון אונדזער קאָרפּוס־סאָוועט האָבן זיך באַוויזן אַפן קליינעם איבערגאַנג בריקל, באַם אַרונטערגיין. די פרייד־געשרייען האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן מינוטן לאַנג...

גלייך נאָכן אויסלאָדן זיך פון די שיפן, און — נאָך איידער מיר, די ניי־אָנגעקומענע פּאָלקן, האָבן זיך איינגעאָרדנט אין לאַגער, האָט דער קאָרפּוס־סאָוועט געהאַט אַ זיצונג. מען האָט דעלעגירט עטלעכע יאַטן, וואָס זענען אַוועק צו דער האַפן־פאַרוואַלטונג מיט אַ פאָדערונג, אַז מען זאָל די שיפן גלייך אַרויסשיקן צוריק קיין טראַפּעזאָנד, קעדיי אויפצונעמען דאָרט די פאַרבליבענע סאָלדאַטן. דאָרט, אין דער האַפן־פאַרוואַלטונג, האָט מען די שעלוכים פאַרזיכערט, אַז דאָס וועט גלייך געטאָן ווערן. און בעעמעס, טאַקע גלייך אַף צומאָרגנס, אַזוי גיך ווי די שיפן האָבן נאָר אָנגענומען קוילן, וואַסער און שפּייז, האָבן זיי — צו אונדזער גרויס וואונדער — זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין...

ווי עס האָט אויסגעזען, האָט די האַפן־פאַרוואַלטונג זיך פּאָשעט אונטערגעאיילט דערפאַר, ווייל זי האָט מוירע געהאַט זיך צו פאַרטשעפּען מיט אונדז. אונדזערע יאַטן האָבן אונדז דערציילט, ווי זיי האָבן נאָך פריער געהאַט דערלאַנגט אַ קאַמף דער האַפן־פאַרוואַלטונג, ווען יענע האָבן ניט געוואָלט אַזוי גיך אַרויסשיקן די שיפן אונדז צו ברענגען... לויט דער איצטיקער צופרידנשטעלנדיקער באַנעמונג פון דער זעלבער האַפן־פאַרוואַלטונג ביכלאַל, איז קלאָר געווען, אַז זי האָט שטאַרק ניט געוואָלט, אַז אַזאַ זאַך זאָל זיך באַכאַמאָל איבערכאַזערן.

דערפאַר, אָבער, זענען שוין אַלע אַנדערע זאַכן אונדז ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען. מיר האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אָנשטויסן אָף בייע שוועריקייטן און שטערונגען. מיר האָבן מאַמעש געדאַרפט קעמפן פאַר יעדן טריט אונדזערן. אָט האָט די מיליטערישע קאָמענדאַנטור פון דער

שטאָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מיר, דאָס הייסט, די סאָלדאַטן פון אונדזער קאָרפוס, זאָלן זיך האַלטן אין די סאַמע גרענעצן פון אונדזער לאַגער און אַז קיינער פון אונדז זאָל זיך ניט דערוועגן צו באַווייזן אין שטאָט גופא אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פונעם קאָמענדאַנט; אַז מער ווי פינף אין אַ גרופּע זאָלן ביכלאַל ניט אַרומגיין צוזאַמען און אויך דאַן — בעשום אויפן ניט באַוואָפנטערהייט. די שפּייז־פאַרוואַלטונג האָט אונדז אויך ניט באַהאַנדלט ווי עס באַדאַרף זיין. מען האָט אונדז געשפּייזט מיט ניט קיין איבעריק־פרישער שפּייז און אויך דאָס נאָר אַף אַזויפיל, וואָס איז קויב געגוג געווען אונדז באַם לעבן צו דערהאַלטן.

דאָס ערשטע האָט אונדז ניט אַזוי שטאַרק געאַרט. קיין באַזונדערן אינטערעס אין דער שטאָט באַטום, — האָט קימאַט קיינער פון אונדז ניט געהאַט. יענע יאַטן, ווידער, וועלכע האָבן יאָ געוואָלט אַרויסגיין אין שטאָט אַריין, צו זוכן זיך אַ באַקענטשאַפט מיט אַ מיידל, האָבן שוין געפונען וועגן און מיטלען ווי אַזוי זיך צו באַגיין אָן אַ דערלויבעניש פונעם קאָמענדאַנט און עס האָט זיי לאַכלוטן ניט אויסגעמאַכט, צי זיי האָבן יאָ מיט זיך געווער, אָדער ניט. סיי ווי האָבן געוויסע מיידלעך גיכער געטראָפן דעם וועג צום לאַגער, ווי עס וואָלט גענומען די יאַטן צו טרעפן צו זיי. די צעפּאָרענע און האַלב־כאָרעווע הייזלעך, וואָס אין די טונקעלע, געדרייטע געסלעך, אַרום דעם לאַגער, זענען מאַמעש גלייך פאַרפּלייצט געוואָרן פון מאַסן צווייפלהאַפטע פרויען און מיידלעך פון אַ פאַרשידענעם עלטער און אויסזען, און האָבן איינגעשפּאָרט די סאָלדאַטן דעם איבעריקן גאַנג. צוזאַמען מיט דעם האָבן זיך דאָרט אויך באַוויזן פּלעצער, וואו יאַטן האָבן געקאָנט קריגן צו קויפן אַ גלעזל ביר און אַ פלעשל ניט־איבעריק־גוטן בראנפן. אַ סוואָרע, אַז די מיליטערישע קאָמענדאַנטור, פּונקט ווי די שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָבן זיך געמאַכט ניט־זעענדיק און ניט־וויסנדיק — אויב טאַקע ניט אַליין אינספּירירט — קעדיי ניט בלויז צו קאָנען אַרויסציען פון אונדזערע יאַטן אַזויפיל געלט וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן, נאָר אויך — און עפּשער טאַקע די הויפּט־זאַך — זיי צו דעמאָראַליזירן...

וואָס שייך דער שפּייז־פראַגע, וועלכע האָט אונדז יאַ געאַרט און פאַרדראָסן, איז זי אָבער אויך אינגיכן געלייזט געוואָרן אַף אַ מער־ווייניקער צופרידנשטעלנדיקן אויפן. עמעס, אויך דאָס האָבן מיר פריער גערדאַרפט אויסקעמפן. אַפּאָנים, אַז אונדזערע יאַטן האָבן זיך איבער דער צייט שוין געהאַט אויסגעלערנט און געוואוסט, אַז קעדיי צו קריגן עפּעס פאַר זיך, איז נויטיק צו קעמפן דערפאַר און דאָס פאָדערן. מיר האָבן דעריבער גלייך אין אָנהויב אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע סיי צום

קאָמענדאַנט און סיי צום הויפּט שפּייז־פּאַרוואַלטער, און זיי גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז אויב די שפּייז וועט גלייך ניט פאַרבעסערט ווערן, איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז די יאַטן זאָלן זיך אַרויסלאָזן איבער די שטאָטישע מיליטערישע שפּייז־סקלאַדן און פאַרנעמען אַלץ וואָס זיי וועלן דאַרפן. און אויב דאָס וועט ניט גענוג זיין,— עפּשער אויך אַ זוך טאָן איבער די פּריוואַטע שפּייז־קראָמען פון שטאָט. דאָס האָט, אַפּאָנים, געהאַט די געהעריקע ווירקונג. אפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז שוין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פיל בעסערע שפּייז ווי פריער, און איינמאָל אין טאָג — אַפילע פליייש, — אַ זאַך, וואָס אונדזערע יאַטן, וועלכע זענען געקומען פאַר אונדז, האָבן באַקומען בלויז אין די זונטיקס...

די איינציקע עמעסדיקע זאָרג, וואָס איז ביי אונדז יאָ פאַרבליבן, איז געווען די פראַגע וועגן טראַנספּאָרטאַציע. קיין עשאַלאָנען אף צום אַוועקפאָרן האָבן מיר נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַקומען. מען האָט אונדז געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אָפּלייגן פון איין טאָג אפן צווייטן, אָבער קיין סאָף האָט זיך דערווייל נאָך אַלץ ניט געזען.

עס איז דעריבער ביי אונדז באַשלאָסן געוואָרן אַוועקצושיקן אויך אַ דעלעגאַציע צום הויפּט פון דער אייזנבאַן־פּאַרוואַלטונג אין שטאָט, און טאַקע מיטן האַרבן וואָרט פאָדערן ביי איב, ער זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל זען אַ סאָף צו מאַכן און אונדז געבן עשאַלאָנען...

ווי עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, איז אונדז שוין מיט דעם־אָ ניט אַזוי גוט געגאַנגען. דער הויפּט פון דער אייזנבאַן־פּאַרוואַלטונג, אַ גרוזינער — האָט אונדזער דעלעגאַציע אַזוי גיך ניט אויפגענומען. בא דער טיר פון זיין קאַנצעלאַריע זענען געשטאַנען וואַך עטלעכע שטאַרק־באַוואָפנטע גרוזינער, וועלכע האָבן אונדז ניט אַריינגעלאָזט צו איב. ערשט ווען מיר האָבן גענומען שטאַרק פּראָטעסטירן און געדראָעט, אַז מיר וועלן, אויב נייטיק, אַהערברענגען מיטן גאַנצן קאָרפּוס, — האָבן די דאָזיקע היטער יעדן איינציקן פון אונדזער טיכ[illegible] באַזוכט, צי מיר האָבן כאָלילע ניט מיט זיך קיין באַהאַלטענע געווער, און ערשט דערנאָך — אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך — אונדז אַריינגעפירט אין קאַבינעט...

*****

## דער הויפּט פון דער אייזנבאַן־פּאַרוואַלטונג,

— אַ געזונטער מיטל־יאָריקער גרוזין, מיט גרויסע, צעפּלאָשעטע און שוואַרצע וואָנצעס אף אַ געזונטן, אָנגעזעטיקטן פּאָנים, פון וועלכן עס האָט מאַמעש געשפּריצט מיט בלוט, איז בעאייס אונדזער אַריינקומען אין

קאַבינעט אַריין,— געזעסן אין אַ טיפער, ווייך-געבעטער שטול, לעבן אַ מאַסיוון שרייב-טיש. ער האָט ווי בעקיוון אַרייַנגעקוקט אין עפּעס אַ פּאַפּיר אַריין און דערביי געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואָלט דאָ געווען זייער שטאַרק פאַרנומען. ענדלעך האָט ער אונדז דאָך געשענקט אַ בליק, ביט איילנדיק אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּיר, פּויל זיך אויפגעשטעלט פונעם פּלאַץ און איז מיט געלאַסענע טריט,— סקריפּענדיק דערביי מיט זיינע גלאַנציק-ווייכע, געפּאַסטע שטיוועלעך,— אונדז אַנטקעגנגעגאַנגען. ביט ווייט פון אונדז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און דורכגענומען אונדז אַלע-מען מיט זיינע שאַרפע, שנעל-לויפנדיקע בליקן. דערביי האָט ער איין האַנט פאַרלייגט אויף דער ברוסט פון זיין רויטער „בעשמעטקע״1), און געהאַלטן זי, פּונקט ווי ער וואָלט מיט איר געוואָלט פאַרדעקן די צוויי אויסגעבייטע קוילן-טאַשן, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט די קעפּ פון די באַגילדעטע קוילן-גילזן. זיין אַנדערע האַנט האָט ער פאַרוקט איבעם שמאָלן לעדער-פּאַסיקל, וואָס איז געווען פול מיט זילבער-איינ-פאַסונגען און באַפּוצט מיט זילבער-טראָלדן, און אויף וועלכן עס זענען געהאַנגען אַ האַלב-רונדער קינזשאַל מיט אַ זילבערן הענטל, אַ לאַנגע, פאַרקיילעכיקטע שווערד און אַ ברוינער רעוואָלווער טאַש, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט אַ הענטל פון אַ „נאַגאַן״2). נאָכדעם האָט ער לייכט, אַזוי ווי טעאַטראַליש, אַ בויג געטאָן זיין שוואַרץ-געקרויזלטן קאָפּ און, צונויפּלייגנדיק איין האַנט אין דער צווייטער, שאַרף אַ ברום געטאָן צו אונדז אויף רייבנדיקן גרוזיניש:

— „גאַאומאַרדזשאָבאַ, קאַצאָסי, גאַאומאַרדזשאָבאַ״!...3)

פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז דאָס איז אַוואַדע אַ באַגריסונג, און מיר האָבן גאַנץ פריינטלעך, נאָר אויף רוסיש, אָפּגעענטפערט.

איינער פון דער דעלעגאַציע האָט אים דערקלערט נאָך וואָס מיר זענען געקומען און דערביי צוגעגעבן, אַז דער קאָרפּוס אונדזערער איז שטאַרק אומרואיק און, אַז אויב עס וועט ווייטער אַזוי אָנהאַלטן, קאָן נאָך אַמאָל קומען צו גאַנץ ערנסטע פאָלגן.

יענער איז גלייך געוואָרן נאָך רויטער ווי פריער, האָט גענומען אין אויפרעגונג אַרומשפּאַנען איבער דעם צימער און דערביי געדרייט אַ האַלבע וואָנצע. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, שטייף זיך אַ דריי אויס געטאָן צו אונדז און— מיט אַ האַרטן, גרילצנדיק-שאַרפן רוסיש, וואָס איז אויסגעקומען ביי אונדז פּונקט ווי ער וואָלט זיך געשטיקט אין האַלדז מיט עפּעס— גענומען רעדן צו אונדז:

— עס פאַרדריסט מיך, „אַמכאַנאַקאָס״4),— האָט ער, צעשפּרייטנדיק

1) מאַנטל. 2) רעוואָלווער. 3) גוט מאָרגן, מענטשן. 4) כאַווירים.

די הענט אין דער ברייט, געברומט, — איך פערזענלעך וואָלט אייך גערן געוואָלט העלפן און אייך אָפּשיקן פון דאַנען, אָבער... איך... איר פאַרשטייט... איך האָב ניט קיין לאָקאָמאָטיוון...

גרישונין, איינער פון דער דעלעגאַציע, האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אָ, הער נאַטשאַלניק, מיר דאַרפן ניט קיין סאַך לאָקאָמאָטיוון, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, זיך צוגעבויגן צום גרויסן פענצטער און אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט ערגעץ אין אַ זייט, — דאָס ביסל לאָקאָמאָטיוון, וועלכע שטייען ביי אייך דאָרט, אינעם דעפּאָ, וועט פאַר אונדז זיין נאָך מער ווי גענוג...

דער נאַטשאַלניק, האָט מען געזען, האָט פאַרביסן אַ ליפּ און זיך ווידער גענומען אַרומדרייען אַן אויפגערעגטער. דערביי האָט ער עטלעכע מאָל אַ טאַפּ געטאָן ביים רעוואָלווער, אַקוראַט ווי ער וואָלט מיט דעם געוואָלט באַווייזן, אַז ער האָט ניט קיין מוירע פאַר קיינעם. ער האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעשטעלט און ווידער האַרט אַ זאָג געטאָן:

— אָבער, „מאַמאַדזאַרלי״*), פונעם דעפּאָ קאָן איך דאָך אייך ניט געבן קיין לאָקאָמאָטיוון... איר פאַרשטייט... איך... דערויף דאַרף איך האָבן אַ דערלויבעניש פון מיין רעגירונג, פון טביליסי, און...

ער האָט עטוואָס אַרונטערגעלאָזט די שטימע און צוגעגעבן:

— און אַזאַ דערלויבעניש, „אַמכאַנאַקאָס״, וועט — אף וויפל מיר איז איצט באַוואוסט — ניט געגעבן ווערן, ביז מיר וועלן אייך האַבן אינטערנירט און...

אונדזערע יאַטן האָבן אים פאַרכידעשטע אָנגעקוקט.

— איר פאַרשטייט, — האָט ער ווידער גענומען רעדן, — מיר מוזן פריער אָפּנעמען ביי אייך דאָס געווער און... מיר קאָנען דאָך אייך ניט דערלויבן דורכצופאָרן אונדזערע שטעט באַוואָפנטערהייט...

ער האָט זיך צוריק געזעצט אין זיין ווייכער שטול אַריין, אויסגעצויגן די פיס אין דער גאַנצער לענג, און געלאַסן פאָרגעזעצט:

— איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין, — האָט ער, פונקט ווי ער וואָלט פאַרגעסן וואָס ער אַליין האָט פריער געזאָגט, צוגעגעבן, — מיר זענען איצט אַ גאַנץ באַזונדערע רעפּובליק, מיט אַן אייגענער רעגירונג, וואָס האָט מער קיין שום שייכעס ניט מיט רוסלאַנד. מיר מוזן דאָך באַקומען אונדזער טייל ירושע פון דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע, אין וועלכער מיר אַליין זענען ביז איצט געווען אַ טייל... מיר מוזן דאָך אָפּנעמען דאָס, פאַר וועלכן מען האָט ביי אונדז אַזויפיל לאַנגע יאָרן געצאַפּט אין שטייערן. דאָס איז דאָך אונדזערס, ניט אַזוי?... נו, און

*) היינטישער זון.

אַ כורץ דעם, האָבן מיר ביכלאַל באַשלאָסן צו בלייבן נייטראַל אין דעם בירגער־קריג, וואָס קומט איצט פאָר אין רוסלאַנד און... ווי אַ נייטראַל לאַנד, טאָרן מיר דאָך ניט דערלויבן, אַז איר זאָלט אַדורכפאָרן דורך אונדזער לאַנד באַוואָפנטערהייט און זיך דערנאָך שטעלן אף איינעם, צי אַ צווייטן צאַד אין אָט דעם בירגער־קריג... איר פאַרשטייט?... מיר...

מיטאַמאָל, פונקט ווי ער וואָלט זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז ער האָט דאָ אַרויסגערעדט עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט, האָט ער — ווי אָפּצומעקן דאָס געזאָגטע,— אַ מאָדנע הוסטעלע געטאָן און איז גאָר אַנטשוויגן געוואָרן, עפּעס נאָר ווי אַ טיר וואָלט זיך מיטאַמאָל איבער זיין מויל פאַרהאַקט. פאַר אונדז איז שוין אָבער סיי ווי קלאָר געווען די גאַנצע שפּיל. געווען איז צו פאַרשטיין, אַז כאָטש די פראַגע וועגן יערושע איז באַ זיי איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן, האָבן אָבער זיי, די ניי־געשאַפענע קאַווקאַזער הערשער, ווייל זיי האָבן געוואוסט ווער מיר זענען און מיט וועמען מיר שטייען,— אונדז טאַקע געוואָלט פאַרהאַלטן אף אַ שטיק צייט באַ זיך, אונדז אינטערנירן — אויב עס וועט זיך נאָר לאָזן — קעדיי מיר זאָלן אַזוי גיך ניט קאָנען, באַוואָפנטע, אַרויסכאַפּן זיך אין צענטער און דאָרט, מיט אונדזער קראַפט, צו באַווירקן דעם אויסגאַנג פון בירגער קריג; איבערוועגן, הייסט עס, און פאַרשטאַרקן מיט זיך די קויכעס פון די קעמפנדיקע סאָוועטן־אָנהענגער...

די דעלעגאַציע האָט דאָס פאַרשטאַנען און דערפאַר גלייך אפן פלאַץ אָפּגעענטפערט דעם דאָזיקן נאַטשאַלניק, אַז מיר וועלן בעשום אויפן ניט אָפּגעבן אונדזער געווער. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז אויב עס איז אַ פראַגע וועגן יערושע, האָבן מיר, די אַקטיווע פראָנט־סאָלדאַטן, מער רעכט דערויף ווי ווער עס איז אַנדערער, ווייל מיר האָבן זיך מיט אָט דעם געווער געשלאָגן אף די פראָנטן, באַצאָלט פאַר אָט דעם געווער מיטן אייגענעם בלוט און אַפילו מיט די אייגענע לעבנס...

יענער האָט אונדז קאַלטבלוטיק אויסגעהערט און דערביי קעסיידער געגלעט זיינע געקרייזלטע האָר. מיטאַמאָל האָט ער גאָר אַ ברייטן שמייכל געטאָן און אַלץ אַזוי קאַלטבלוטיק ווי פריער, אויסגעצויגן:

— אָ, לאָמיר זיך ניט קריגן בעכינעם, „אַמכאַנאַקאָס”... איך קאָן אייך בלויז זאָגן, אַז אנדערש וועט עס ניט גיין... איך ווייס גאַנץ גוט דעם באַשלוס פון אונדזער רעגירונג און...

מיר האָבן געזען, אַז מיט אים איז ניטאָ מער וואָס צו רעדן. עס איז קלאָר געווען, אַז אין דעם איז טאַקע שולדיק עפּעס גרעסערס פון אים — די רעגירונג אליין, און אַז מען וועט מיט איר איצט דאַרפן אַ רעד טאָן האַרבע דיבורים...

אַז דאָס וועט העלפן, אין דעם זענען מיר זיכער געווען. מיר האָבן זיך שוין — זינט מיר זענען געקומען קיין באַטום — געהאַט דערוואוסט, אַז די דרייפּאַכע קאַווקאַזער רעפּובליק צוזאַמענגענומען, האָט נאָך ביז פאַרמאָגט קיין איינציקן אָרגאַניזירטן קאָרפּוס, וועלכער זאָל זיך קאָנען פאַרמעסטן מיט אונדזערן. עס האָט זיך אָבער שטאַרק געוואָלט אויסמיידן אומזיסטיקע בלוט-פאַרגיסונגען. מיר אַלע האָבן אַלץ געהאָפט צו קאָנען דורכקומען מיט זיי אף אַ גלייכן וועג — בעשאָלעם...

מיר האָבן דעריבער פאָרגעשלאָגן דעם אייזנבאַן-נאַטשאַלניק, אַז ער זאָל גלייך טעלעגראַפירן קיין טיפליס און איבערגעבן אונדזער פאַרלאַנג, מען זאָל אַרויסשיקן אַהערצו צו אונדז אַ ספּעציעלן פאָרשטייער פון דער רעגירונג, מיט וועמען מיר זאָלן קאָנען פאַרהאַנדלען וועגן די אַלע פראַגן, און קומען צו אַ מעגלעכן אויסגלייך.

דער נאַטשאַלניק — אַפּאָנים אַ דערלייכטערטער פון אָט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג אונדזערן, וואָס וואָלט אַרונטערגענומען פון אים די שווערע, ניט-אנגענעמע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — האָט צופרידן אַ פּאַטש געטאָן מיט אַ האַנט אף זיינס אַ קני און איז פריילעך אויפגעשפּרונגען:

— וואַ-אַ-אַ! — האָט ער אויסגעשריגן, — דאָס איז דאָך אַ טייערער פּלאַן, כ׳לעבן... דאָס איז דאָך, יעי באָך, אַ...

ער האָט זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער גרויס, פּונקט ווי אַ באַרג וואָלט אַרונטער פון זיינע פּלייצעס, און זיין פּאָנים האָט מאַמעש אויפגעלויכטן. ער האָט שוין גענומען רעדן פריינטלעכער און שטילער, און אַפילע אונדז געבעטן זיך זעצן. עס איז שוין גאָרניט געווען דער אייגענער מענטש וואָס פריער. ער האָט אַרומגעטראָגן צו אונדז זיינס אַ זילבערנע פּאַפּיראָסן-פּושקע און גערעדט צו אונדז אין אַ ריינעם רוסיש, אָן דעם צומיש פון אַן איינציקן גרוזינישן וואָרט אַפילע:

— פאַרדיכערט, כאַווײרים, — דער פיינסטער טאַבאַק!...

באַלד האָט ער אַליין זיך אויך צוגעזעצט, אָנגעשריבן אַ טעקסט פאַר אַ טעלעגראַמע און זי איבערגעלייענט און איבערזעצט פאַר אונדז. דאַן האָט ער צוגערופן איינעם פון דער וואַך און — אף גרוזיניש — אים באַפוילן דאָס אַריינצוטראָגן אין טעלעגראַף-אָפּטייל פון דער סטאַנציע. באַם באַגלייטן אונדז צו דער טיר, האָט ער מיט פעסטקייט געזאָגט:

— נו, איצט, כאַווײריב, איז שוין אַלץ, האָף איך, אין אָרדנונג. אַזוי גיך ווי עס וועט נאָר אָנקומען אַן ענטפער, וועל איך אייך באַלד, כאַווײרימלעך, לאָזן וויסן, און...

מיר זענען אַוועק צוריק צו זיך אין לאַגער אַריין...

*****

**אונדזער** באַריכט צו די סאָלדאַטן פון קאָרפּוס, האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג בײַ דאָס ראָוו יאַטן. די פאָדערונג פון דער קאַווקאַזער רעגירונג, דורך דעם אײַזנבאַן-פּאַרוואַלטער, אונדז צו פאַרהאַלטן ביז מען וועט ביי אונדז אָפּנעמען דאָס געווער — האָט געשאַפן בײַ אַלעמען אַ שטורעם פון פאַרדראָס. עס האָבן זיך אַפילע אַ טראָג געטאָן אַ צאַל שטימען, אַז מיר זאָלן ניט וואַרטן אױף קײנעם, זיך צונויפנעמען און צוגיין שלאַכט-גרייטע צו דער באַן-סטאַנציע, דאָרט פאַרכאַפּן מיט גוואַלד צוגן, וואָס וועלן אָנקומען, און אָפּפאָרן וואו מיר דאַרפן. צום גליק איז אָבער אינגיכן אָנגעקומען אַ שעליעך פון דעם אייזנבאַן-נאַטשאַלניק, וועלכער האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז אונדזער פאַרלאַנג איז פון דער רעגירונג באַוויליקט געוואָרן; אַז גלייך ווערט אַרויסגעשיקט צו אונדז אַ ספּעציעלער דעלעגאַט, מיט וועמען מיר זאָלן קאָנען פאַרהאַנדלען, פאָרלייגן אונדזערע טאַינעס, און קומען מיט אים צו אַ גיכן, צופרידנשטעלנדיקן אויסגלייך...

די דאָזיקע ידיעה — ספּעציעל נאָך ווען יאַטן האָבן זיך דערוואוסט, אַז אָט דער פאַרטרעטער איז אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט און אַ געוועזענער דעפּוטאַט אין דער צאַרישער דומע — האָט בײַ פיל פון די יאַטן מאַמעש אַרויסגערופן גרויס פרייד און אַ גלויבן, אַז אַלץ וועט זיך נאָך טאַקע פאַרענדיקן גוט און פיין. בלויז קאַלינסקי און גריגאָריעוו האָבן זיך באַצויגן סקעפּטיש און אונדז געוואָרנט קעגן פאַלשע אילוזיעס. דערביי האָט קאַלינסקי אָנגעוויזן, אַז בלויז דער פאַקט אַליין, וואָס זיי, אָט די גרוזינישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, — די מענשעוויקעס, — האָבן איצט, אין סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציע, זיך אַרויסגעוויזן פאַר סעפּעראַטיסטן, זיך אָפּגעריסן פון גאַנצן לאַנד און געשאַפן אַן אייגענע און — ווי עס זעט אויס — נאַציאָנאַליסטישע רעפּובליק, באַווייזט אױף קלאָר, אַז זיי זענען ניט סאָציאַליסטיש און דעריבער אויך ניט אָרנטלעך און אַז זיך צופיל פאַרלאָזן אױף זייער יושער און אײַנזען, איז אומגעזונט:

— אָט, — האָט ער געזאָגט, — דער פאַקט פון אָפּרייסן זיך פון דעם איבעריקן לאַנד גראָד דאַן ווען עס האָט זיך באַפרייט פון דעם צאַריזם און געגנומען איינשטעלן אַ רעפּובליק, וואו אַלע פעלקער זאָלן קאָנען לעבן גלײַכבאַרעכטיקט, אַנשטאָט צו בויען און באַפעסטיקן די זעלביקע רעוואָלוציע, וואָס זיי האָבן יאָרן געפאָדערט, דאָס אַליין באַווייזט, אַז זיי זענען ניט קיין סאָציאַליסטן, זאָל זיין אַפילע מענשעוויקעס...

און אַז קאַלינסקי איז טאַקע גערעכט געווען, האָט מען געהאַט די

געלעגנהייט זיך צום איבערציייגן גלייך אף צומאָרגנס, אַזוי גיך ווי עס איז אונדזער דעלעגאַציע אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אָט יענעם ספּעציעלן פּאַרטרעטער.

ער, דער פּאַרטרעטער, איז — פּונקט ווי די מערסטע גרוזינער — געווען אַ הויכער, געזונטער און פעסט געבויטער מאַן מיט שטאַרק רויטע בעקעלעך, ווי אַ ליאַלקע. און כאָטש דאָס פּאָנים זיינס איז געווען נאָך גאָר א יונגס, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון זיך מיט אַ פּאָר לעבעדיק לאַכנדיקע אויגן,— איז ער אָבער שוין געווען וויַיט אַריבער די מיטעלע יאָרן. דאָס קאָמעץ־בערדל זיינס האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט געווען באַשאָטן מיט אַ ווייסן פּודער, און אף די זייטן פּונעם קאָפּ האָבן זיך זיינע נאַכלעסיק־צעשויבערטע האָר שוין געקייטלט מיט זילבער פּעדים. מיט זיינע רייד, האַלטונג און מאַניערן, האָט ער אף אונדז געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פּראָפעסאָר, אָדער אַזוי עפּעס אַ הויך געלערנטן מענטשן. ער האָט אונדז אַפּילע טכילעס אויפגענומען גאַנץ פריינטלעך, זיך אַלץ געפלייסט צו מאַכן אַן איינדרוק אף אונדז און זיך געמאַטערט צו מאַכן וואָס וויַיכער די האַרטע רוסישע אויסשפּראַך, וואָס איז אַזוי באַטירלעך פאַר גרוזינער, און אונדז איידל און אויפמערקזאַם אויסגעהערט...

אַזוי גיך, אָבער, ווי איינער פון אונדזער דעלעגאַציע האָט אים נאָר דערקלערט, אַז די פאָדערונג מיצאַד זיין רעגירונג, אַז מיר זאָלן זיי אָפּגעבן דאָס געווער, איז פּונקט אַזוי ניט יורישערדיק, ווי עס איז ניט־סאָציאַליסטיש — און, אַז די איינציקע באַזע פאַר די פאַרהאַנדלונגען קאָן זיין די פאַרשטענדיקונג גלייך אין אָנהויב, אַז מיר, די טרעגער פונעם געווער, זענען באַרעכטיקט דערצו,— איז ער גלייך גאָר אַנדערש געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן שרייען און זיך קאָכן, אַז דאָס בלוט איז אים אַזש אין פּאָנים געקומען דורך די טויזנטער דיניקע אָדערלעך אף דעם. ער האָט באַלד פאַרלוירן זיין גאַנצע אָנגעסטראָיעטע איידלקייט מיט די מאַניערן און זיך צעשריגן:

— דאָס געווער איז אונדזערס!...איר הערט? —- אונדזערס!...

מיט אַ שטימע, וואָס האָט געריבן ווי אַ צעשטשערבעטער מילשטיין, האָט ער אונדז געגומען דערקלערן, אַז די טעאָריע וועגן יערושע, איז באַ דער רעגירונג פון דער פאַרייניקטער קאַווקאַזער רעפּובליק ניט סטאַם קיין רייד, נאָר אַז זי, די רעגירונג, איז אַנטשלאָסן דאָס דורכצופירן און דאָס באַקומען פאַר יעדן פּרייז. אף אונדזער פאָרוואורף, פאַרוואָס זיי מישן זיך אַריין אין דעם קאַמף צווישן די צדאָדים אין רוסלאַנד,— האָט ער געענטפערט, אַז ער זעט ניט איין קיין שום פאַרברעכן אין דעם, וואָס זיי, די קאַווקאַזער פעלקער, הייסט עס, זענען פאַרבליבן נייטראַל

און ווילן ניט דערלאָזן, אַז דורך זייער לאַנד זאָל דורכגיין אַ וועלכע ס'איז באַוואָפנטע אַרמיי, וועלכע קאָן מיט זיך באַווירקן דעם אויסגאַנג פון דעם קאַמף און מיט איר הילף באַשטימען, אַז רוסלאַנד זאָל טאַקע פאַרבלייבן אונטער דער הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס...

אין קאָף פון זיינע רייד האָט ער מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט:

— מיר קאָנען ניט פאַרבלייבן קיין זייטיקע צוקוקער! — האָט ער געדונערט אַ היציקער, — דער זיג פון די באָלשעוויקעס, וועלכע זענען ניט מער ווי בייע, רויטע אימפּעריאַליסטן, וואָלט פאַר אונדזער לאַנד געמיינט צו בלייבן אויך אויף ווייטער פאַרשקלאַפט אונטער דעם רוסישן אַבסאָלוטיזם און דאָס, דאָס ווילן מיר ניט!...

ער האָט געפאָדערט פון אונדז אַ פולשטענדיקע אַנטוואָפענונג. ער האָט געפאָדערט, מיר זאָלן אָפּגעבן דאָס גאַנצע געווער וואָס מיר האָבן: די ביקסן, קוילן, קאַנאָנען, פּולעמיאָטן, אָבאָזן, פערד און... ביכלאַל דאָס גאַנצע מיליטערישע פאַרמעגן, וואָס איז אין אונדזער רעשוס...

די דעלעגאַציע איז געוואָרן אויפגערעגט ביז גאָר. גרישונין האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן און האָט מיט איראָניע אויסגעשריגן:

— און מער ווילט איר טאַקע גאָרניט?!...אָ, טוט נאָר אַ טראַכט!... נו, עפּשער ווילט איר אויך האָבן אונדזערע נעשאָמעס?...עפּשער אייך אָפּגעבן אונדזערע הויזן און העמדער אויך?...דאָס אַלץ איז דאָך אויך מיליטערישער פאַרמעגן...

דער פאַרטרעטער האָט ווי ניט-אַרנדיק זיך אַ וויש געטאָן די בלוט-רויטע, פעטלעכע ליפּן און דערנאָך, גאַנץ ציניש, און מיט אַ קאַלטן, גאַזלאָנישן שמייכעלע, אַ גראַגער געטאָן:

— כ'מיין... אויב עס וואָלט נאָר טאַקע געווען פּראַקטיש, אָדער מעגלעך, איז עפּשער דאָס אויך. פאַרוואָס ניט?...

און מיט אַ ווייכערן טאָן צוגעגעבן:

— צו וואָס די איבעריקע רייד, כאַווירים, אַז אַנדערש וועט עס ניט גיין. דאָס געווער וועט איר מוזן אָפּגעבן...

די דעלעגאַציע איז אַוועק אויף אַ באַראַטונג, מיט אַ צוזאָג צו געבן דעם ענטפער אין אַ פּאָר שאָ אַרום. גלייך איז צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרברייטערטע זיצונג פון אַלע אונדזערע פּאָלק-סאָוועטן, אינאיינעם מיטן הויפּט, קאָרפּוס-סאָוועט, און מען האָט גענומען די פראַגע ברייט אַרומרעדן. עס האָט זיך צעפלאַמט אַ טיפע דיסקוסיע און צום סאָף איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז קעדיי ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן אַלע ניט-אָנגענעמע רעזולטאַטן, זאָלן מיר גיין אַזוי ווייט, ווי אָפּצוגעבן צו די קאַווקאַזער בלויז אונדזערע זאַפּאַסן. עס זאָל אָבער דערביי מיט זיי אויף

קלאָר אָפּגעמאכט ווערן, אַז מיר לאָזן איבער פאַר זיך אַזויפיל געווער און זאַפּאַסן, וויפל מיר אַלע, דאָס הייסט, דער גאַנצער קאָרפּוס, וועט קאָנען באהערשן מיט די אייגענע הענט...פאַר יעדן איז קלאָר געווען, אַז עס לוינט זיך צו באצאָלן דעם דאָזיקן פרייז, אַבי וואָס גיכער זיך צו באפרייען און אויפבינדן די געפּענטעטע הענט און פיס...

דער דעלעגאַט מיט וועמען מיר האָבן געפירט די פאַרהאַנדלונגען, האָט אָבער טכילעס אונדזער פאָרשלאַג ניט געוואָלט אָננעמען. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז מיר זאָלן זיך פולשטענדיק אַנטוואָפּענען, און זיי אָפּגעבן אלץ וואָס מיר האָבן. ער האָט אַפילע געפאַדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אָפּגעבן די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן אויך...

— אַלץ איז אונדזערס!—האָט ער געדונערט,— אַלץ, וואָס געפינט זיך נאָר אין די גרענעצן פון אונדזער טעריטאָריע, געהערט צו דער פאַרייניקטער קאַווקאַזער רעפובליק און...

דאַווידאָװ האָט גענומען רעדן. מיט אַ געוויסער באַצוואונגענער איינגעהאַלטנקייט האָט ער דאַן אָנגעוויזן, אַז פונעם רעוואָלוציאָנערן, ווי סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, באַלאַנגט דאָס געווער צום פאָלק און אַז די פאָדערונג — דערצו נאָך מיצאַד אַ סאָציאַליסט, וואָס פאַרטרעט אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג, ווי ער אַליין פרעטענדירט — פולשטענדיק צו אַנטוואָפּענען דאָס פאָלק, איז ניט סאָציאַליסטיש, ניט באַרעכטיקט, און אַז מיר קאָנען דעריבער אף דער פאָדערונג ניט איינגיין. דערביי האָט ער, דאַווידאָװ, אָפן און גאַנץ שארף באַטאָנט, אַז אַזאַ פאָדערונג מיינט שפּילן זיך מיט פייער און אַז דער סאָוועט וועט זיך ביכלאַל ניט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַקציע מיצאַד די סאָלדאַטן גופע, אויב זיי וועלן אַרויס פון געדולד און...

— וואָס זשע, — האָט דער פאַרטרעטער ציניש איבערגעשלאָגן,— זענט איר דאָך דערויף עפּעס זייערע פירער... נו, און פירער דאַרפן קאָנען קאָנטראָלירן זייערע מענטשן. ניט אַזוי עפשער?...

— און מיר קאָנען! — האָט גרישווין דערויף גלייך אָפּגעענטפערט, — מיר קאָנען דאָס אָבער טאָן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מיר פירן זיי אף דעם וועג פון זייערע אייגענע אינטערעסן, און ניט צו פּאַראַט, אָדער גאָר צו קאַפּיטולאַציע...

און גלייך צוגעגעבן:

— מיר קאָנען אייך דאָ בלויז פאַרזיכערן איין זאַך, ליבער הער פאַרטרעטער, אַז אונדזערע סאָלדאַטן זענען שוין איצט ניט מער די אַמאָליקע בלינדע, אומדויסנדיקע פּוערים און זיי וועלן זייער געווער ניט אָפּגעבן. דער גאַנצער קאָרפּוס, יעדער איינער סאָלדאַט זיינער, איז

גרייט מיט זיין געווער צו פאַרטיידיקן זיין געווער און רעכט...

דער פאַרטרעטער האָט איראָניש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך ציניש פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַזוי?... דער גאַנצער קאָרפּוס, זאָגט איר, יעדער סאָלדאַט?... נו, דאָס, זעט איר, רעכן איך, איז שוין אַביסעלע איבערגעטריבן... יאָ־יאָ... מיר, לעמאָשל, האָבן באַשטימטע ידיעות, אַז גאָר ווייט ניט אַלע אייערע סאָלדאַטן זענען מיט אייך. מיר ווייסן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל, מען קאָן אַפילו זאָגן, — דער גרעסטער, וויל גאָר אינגאַנצן אַהיימגיין, ווייל עס ליגט אים ניט אינזינען אייערע אַוואַנטיורעס. איר קאָנט דעריבער ניט רעדן אין זייערע נעמען אַפילו...

די דעלעגאַציע, האָט זיך געמערקט, האָט מאַמעש געשטוינט פון אָט די רייד דעם פאַרטרעטערס. יענער האָט דאָס אַפּאָנים באַמערקט. ער האָט זיך ברייט און באַקוועם צוריק איינגעזעצט אין זיין שטול אַריין, פאַרוואָרפן די פיס איינעם איבערן צווייטן און זיגעריש צוגעשמייכלט. נאָך אַ ווייל טראַכטן, האָט ער מיטאַמאָל גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט איר גאָר וואָס, כאַווײרים סאָלדאַטן, לאָמיר גאָר שפּילן מיט אָפענע קאָרטן. מיר וואָלטן גרייט געווען אייך צו מאַכן אַ געוויסע ברייטהאַרציקע האַנאָכע. גוט, מיר וועלן דערלויבן צו האַלטן זיך מיטן געווער בלויז יענע סאָלדאַטן, וואָס וועלן זיין גרייט צו גיין מיט אייך וואוהין איר וועט זיי רופן. אָבער דאָס בלויז מיט איין באַדינג, אַז איר וועט יעדן איינעם פון זיי געבן אַ מעגלעכקייט פריי און אומבאַצוואונגען אַליין צו באַשטימען וואָס ער וויל. און די סאָלדאַטן, וואָס וועלן האָבן באַשטימט אַהיימצוגיין צו זיך און ניט מיט אייך,— וועלן אונדז דאַרפן אָפּגעבן דאָס געווער. נו, איז וואָס זאָגט איר דערויף? גייט עס?...

קיינער האָט ניט געענטפערט דערויף. ער האָט פאָרגעזעצט:

— איר פאַרשטייט, יעדער, וואָס וועט נאָר באַשליסן צו גיין מיט אייך, וועט פון אונדז קריגן אַ דערלויבעניש מיטצונעמען מיט זיך זיין אייגענע ביקס מיט... נו, לאָמיר זאָגן, אַרום אַ הונדערט, אָדער אַרום אַ הונדערט מיט פופציק קוילן... וואָס שאַייך פּולעמיאָטן, קאַנאָנען און די אַנדערע מינים געווער, וועלן מיר דערלויבן אייך צו האָבן לויט דעם פאַרבליבענעם פערסאָנאַל ביי אייך און... איצט—איז ווי איר ווילט...

די דעלעגאַציע איז ווידער אַוועק. ס'האָט אויסגעזען, אַז פאַר אונדז איז געבליבן איינס פון די ביידע: אָדער אַרויסרופן דעם קאָרפּוס און דערלאַנגען אַ געהעריקן קאַמף, אף צו געווינען אונדזערע פאָדערונגען, אָדער גלייך נאָכגעבן דעם פאָרשלאַג פונעם פאַרטרעטער...

*****

**אונדז** איז ביז גאָר מאָדנע אויסגעקומען דעם פּאַרטרעטערס פּאָרשלאַג. אַ כשאַד האָבן מיר געהאַט, אַז די אינפאָרמאַציע וועגן דער צעטיילונג אין אונדזער קאָרפּוס, איז איבּ אונטערגעטראָגן געוואָרן פון עמעצן אַן אינפאָרמאַציע... צו אויגנשיינלעך איז געווען זיין זיכערקייט וועגן דעם. מיר האָבן אָבער ניט געהאַט קיין באַווייזן, און בויען בלויז אויף כשאַד האָט מען, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט.

דער סאָוועט איז זיך דעריבער ווידער צונויפגעקומען אינעם פּולן באַשטאַנד און מען האָט גענומען באַטראַכטן פּלענער ווי צו האַנדלען מיט די גרוזינער. די גרעסטע צאָל דעלעגאַטן איז געווען דערפאַר, אַז מען זאָל בעשום אויפן זיי ניט נאָכגעבן די פאָדערונג, ווען עס זאָל אונדז אַפילע אויסקומען צו קעמפן מיט געווער קעגן זיי...

אָבער צו אַלעמענס איבעראַשונג האָט זיך דאָסמאָל גאָר קאַלינסקי געשטעלט קעגן אָט דער טענדענץ:

— כאַווײרים,— האָט ער געטײנעט,— מיר טאָרן איצט, נאָך אָט דער פּראָוואָקאַציע, זיך ניט אַרײנלאָזן אין קיין אַוואַנטיורעס, אויף וועלכע אַ געוויסער עלעמענט, אַפילע אין אונדזערע אייגענע רייען, וואַרט זיכער מיט אומגעדולד. לאָמיר בעסער צעמענטירן דעם קאָרפּוס... זאָלן טאַקע אַהיימפאָרן יענע, וועלכע זענען גרייט אונדז צו פאַרלאָזן, און זאָלן דאָ בלייבן די, וועלכע זענען גרייט ווייטער צו שטיין מיט אונדז!... אַדראַבע, לאָמיר טאַקע זען מיט וועמען מיר האָבן צו גיין!...יאָ, איך בין זיכער, אַז אָן יענע וועט, פאַרקערט, פאַר די פאַרבליבענע יאָטן זיין פיל געזונטער און לייכטער...

דאַווידאָוו און גריגאָריעוו האָבן ניט אַזוי געהאַלטן:

— דעם גרוזינישן פּאַרטרעטערס פּאָרשלאַג,— האָט דער ערשטער אַרגומענטירט,— איז בלויז אַזאַ ווענטקע, אַ מאַנעוורע, אויף אָפּצושוואַכן אונדזער פאַרייניקטע קראַפט און צעשפּליטערן דעם קאָרפּוס, וועלכן זיי וועלן דערנאָך אַזויאַרום לייכטער קאָנען באַזיגן...

— אַז מיר וועלן זיין אין אַ קלענערער צאָל,— האָט דער צווייטער געטאַענעט,— וועלן מיר ניט גאָר זיין שוואַכער צו קעמפן קעגן זיי, נאָר זיי אַליין, די קאַווקאַזער הייסט עס, וועלן דערנאָך כאַראָטע קריגן אויף זייער אייגענעם אָפּמאַך און וועלן אונדז פאַרוואָרן אַרויסצופירן מיט זיך אַפילע אַן איינציקע ביקס און עפּשער אויך אַן איינציקן סאָלדאַט...

קאַלינסקי איז אָבער באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע. ער איז מאַמעש געוואָרן אַ צעקאָכטער. זינט מיר האָבן אים דערקענט, איז דאָס, דאַכט

זיך, געווען צום ערשטן מאָל, וואָס ער זאָל האָבן פאַרלוירן זיין קילע געלאַסנקייט. ער האָט שטורמיש געקנאַקט מיט אַ פויסט אין דער דלאָניע אַריין און געשריגן:

— איך וועל בעסער גיין מיט צען סאָלדאַטן, נאָר איבערגעגעבענע און אַף וועלכע מען קאָן זיך פולשטענדיק פאַרלאָזן, איידער מיט צען פולע קאָרפּוסן, נאָר לויזע, שוואַך-האַרציקע און געצוואונגענע... איך וויל ניט גיין מיט אַזעלכע מענטשן,— מעגן עס זיין מיליאָנען,— וואָס זענען ניט איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון זייער גאַנג און וואָס זענען דעריבער פייאיק אין אַ שווערן מאָמענט ניט נאָר איבערצולאָזן אונדז אַליין אין קאַמף קעגן דעם סוינע, נאָר זיך טאַקע אויך שטעלן אַנטקעגן אונדז גופא און אונדז נאָך עפּשער גאָר באַשיסן פון הינטן, אין אונדזערע פּלייצעס אַריין...

אויך גרישונין האָט אַזוי געהאַלטן:

— לאָמיר קודעם זען ווער איז וועד, — האָט ער איינגעטאַינעט, — צי וואָס זאָלן מיר לעבן אין אַן אומבאַשטימטקייט און גאָרניט וויסן אַפילו וועד עס איז מיט אונדז און וועד קעגן אונדז?..

די דאָזיקע אַרגומענטן, קאַלינסקיס און גרישונינס,— האָבן געהאַט די נויטיקע ווירקונג אַף קימאַט אַלע מיטגלידער פון די פאַרזאַמלטע סאָוועטן. מען האָט גלייך געלאָזט וויסן יענעם פאַרטרעטער וועגן דעם באַשלוס, אַז עס ווערט אָנגענומען זיין פאָרשלאַג און באַדינג, און — קעדיי ער זאָל דערנאָך ניט האָבן קיין געלעגנהייט צו זאָגן, אַז מען האָט ניט דורכגעפירט קיין פרייע אָפּשטימונג, אָדער סטאַם אַזוי עמעצן געצוואונגען צו שטימען קעגן דעם אייגענעם ווילן, — האָבן מיר אים, דעם נעמלעכן פאַרטרעטער, פאָרגעלייגט צו קומען פערזענלעך צו אונדז און אַליין בייוואוינען די גאַנצע אָפּשטימונג-פּראָצעדורע.

אַף צומאָרגנס, אַזוי גיך ווי דער גרוזין — צוזאַמען מיט עטלעכע געהילפן זיינע — איז אָנגעקומען אין לאַגער צו אונדז, האָט מעדאָטשקין, דער באַשטימטער קאָרפּוס-קאָמאַנדיר, געגעבן אַ באַפעל, אַז אונדזערע ראָטע-סיגנאַליסטן זאָלן גלייך אויסשפּילן „סבאָר", און אַז מען זאָל אויסשטעלן דעם קאָרפּוס אין פולע פאָלק-קאָלאָנעס.

אין ניט מער ווי צען מינוט צייט איז שוין דער גאַנצער קאָרפּוס געשטאַנען אויסגעשטעלט אַפן פּלאַץ באַם לאַגער. דער קאָרפּוס-סאָוועט — צוזאַמען מיט די גרוזינישע געסט — איז געגאַנגען קעסיידער, פון איין פאָלק צום צווייטן, און דורכגעפירט די אָפּשטימונג. פריער פאַר אַלעם האָט איינער פון דעם סאָוועט דערקלערט פאַר די אויסגעשטעלטע סאָלדאַטן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און אָנגעוויזן, אַז יעדער איינער

פון זיי איז פולשטענדיק פריי צו באַשטימען, צי ער וויל איצט פאַרלאָזן דעם קאָרפוס און אַהיימגיין, אָדער בלייבן שטיין מיטן סאָוועט און גיין צוזאַמען מיט אים וואו און ווי לאַנג מען וועט דאַרפן. דערביי איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז כאָטש יעדער איינער, אויב ער וועט אַזוי האָבן באַשטימט, וועט זיין פולשטענדיק פריי צוגן אהיימגיין, דאַרף עס אָבער קלאָר זיין, אַז דאָס אַוועקגיין אין דעם איצטיקן מאָמענט און פאַרלאָזן די איבעריקע יאַטן, מיינט א פאַראַט צו זיך אַליין און צו דער יונגער רעוואָלוציע...

גרישונין האָט אף זיין שטייגער אַפּעלירט צו די סאָלדאַטן:

— ברידער, אַבסאָלוט ניט פון דער רעוואָלוציע! — האָט ער מיט גליאיקן פייער אין זיין שטימע געדונערט, — געדענקט, אַז ערשט ניט לאַנג צוריק האָט די רעוואָלוציע אייך באַפרייט פון שקלאַפעריי און אַז איצט איז געקומען די צייט איר זאָלט זי באַפרייען!...און געדענקט, אַז דאַווקע איצט, ווען איר זייט פריי צו גיין באַזונדער, דאַרפט איר זיך ערשט האַלטן צוזאַמען!...

סטעפּאַקין, ווידער, וועלכער איז שוין פון אַ צייט צוריק געווען ווי אַ פאַרגעסענער, און האָט ביז איצט ניט געקאָנט געפינען קימאַט קיין איינציקן סאָלדאַט, וואָס זאָל זיך וועלן צוהערן צו אים און צו די פון זיין גרופּע, האָט איצט — דורך דער געשאַפענער לאַגע — באַקומען אַ נייע געלעגנהייט פאַר זיך. ער האָט געפאָדערט און, מיט דער הילף פון דעם גרוזינישן פאַרטרעטער, באַקומען אַ דערלויבעניש צו רעדן צו די סאָלדאַטן און זיי פאַרלייגן זיין שטאַנדפּונקט. באַ יעדן אויסגעשטעלטן פּאָלק איז ער אַרויסגעטראָטן און האָט אַפּעלירט צו די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פונעם סאָוועט אף נייע אַוואַנטיורעס און אַז זיי זאָלן זיך ניט שטעלן קעגן דעם ווילן פון דער קאַווקאַזער, דעמאָקראַטיש־רעפּובליקאַנער רעגירונג...

— באַשטימט זשע, ברידער סאָלדאַטן, — האָט ער געשריגן אף זיין פאַלצעטל, — אַז איר קערט זיך אום אַהיים צו זיך!... גיט אָפּ אייער געווער און קריכט ניט אַריין אין אַ נייער מילכאָמע, בעאייס איר האָט די פרייע מעגלעכקייט זי אויסצומיידן!...

דערביי האָט ער, סטעפּאַקין, מאַשמאָעס וויסנדיק, אַז ער האָט די פולע שטיצע און פּראָטעקציע פון די גרוזינער, — אָפן דערקלערט, אַז יענע אַלע, וועלכע רופן איצט די סאָלדאַטן צו פאַרבלייבן מיטן קאָרפּוס און צו גיין זיך שלאָגן קעגן אייגענע ברידער, — זענען היפּאָקריטן און סטאַם שווינדלער; אַז זיי מיינען ניט אַזוי דאָס שטיין צוזאַמען, ווי זיי אַריינצוציִען אין אַ נייעם קריג; אַז זיי האָבן בעדייע אַוועקצופירן

די כאַלדאַטן קיין פּעטראָגראַד, אָדער מאָסקווע, וואו מען וועט זיי ערשט איבער אַ נייעס הייסן ריזיקירן מיט די לעבנס, וועלכע מען האָט קוים פון טערקיי אַרויסגעראַטעוועט...

— אָט,-- האָט ער אַ טייטל געטאָן מיט אַ פינגער אויף די דערנעבן־שטייענדיקע סאָוועט־דעפּוטאַטן און געשריגן, — פריער האָבן זיי אַלץ געטומלט און אייך אַגיטירט, אַז איר זאָלט זיך אָפּזאָגן פון צו בלייבן ווייטער אין קריג, און איצט... איצט רופן זיי אייך גאָר זיך צו לאָזן גיין אין נייע שלאַכטן!... איז הערט זשע זיי ניט, ברידער!... פאָלגט מיך, לייגט גלייך אַוועק אייער געווער און...

די אַלע אויסרופן, סטעפּאַקינס, האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף פיל כאַלדאַטן פונעם קאָרפּוס. זיי, דאָס ראָוו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן אינעם כילעק צווישן אַ מילכאָמע קעגן פרעמדע פעלקער און לענדער, ביז אַ קאַמף קעגן די וואָס האָבן זיך פאַרנומען אומצוברענגען די נאָר וואָס געבוירענע, לאַנג געגאַרטע רעוואָלוציע, — האָבן אויף סטעפּאַקינס רוף גלייך אַוועקגעלייגט זייערע ביקסן אויף דער ערד, לעבן די פיס. און דאָס האָט, אָן שום צווייפל, געמיינט, אַז זיי זענען גרייט צו פאַרלאָזן דעם קאָרפּוס און אַהיימגיין...

אַ געדריקטע שטימונג האָט זיך פאַרצויגן איבער דעם קאָרפּוס. די רעזולטאַטן פון דער אָפּשטימונג זענען געווען מאַמעש איבעראַשנדיקע און אומדערוואַרטע. אַפילע די שוואַכסטע אָפּטימיסטן פון דעם סאָוועט זענען געווען אַנטוישט. די צאָל פון יענע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו בלייבן מיטן סאָוועט, איז געווען פיל גרעסער ווי מען האָט זיך גאָר געקאָנט ריכטן. דערפאַר האָט זיך אָבער בולעט אָנגעזען דער שאַרפער קאַאָס אויף די פּענימער פון יענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן באַשלאָסן יאָ צו בלייבן. אין זייערע אויפגערעגטע באַוועגונגען און גליענדיקע בליקן איז געווען צו מערקן אַ גרייטקייט זיך אָט שוין אַרויפצוואַרפן אויף די אָפּטרינניקע דעזערטירן אין זיי פּאָשעט אפן פלאַץ צעררייסן אויף פיצלעך. בלויז צוליבן שטאַרקן אַפיל פון די פירנדיקע סאָוועט־דעפּוטאַטן, האָבן יענע יאַטן זיך ווי ניט איז איינגעצאַמט און האָבן — מיט קריצנדיקע ציין און פאַרקוועטשטע פויסטן — אונטערגעדריקט דעם קלאָר־מערקבאַרן ברויזנדיקן צאָרן אין זיך...

דער גרוזינישער פאַר[illegible]ער, האָט מען געזען, איז געשטאַנען אַ צו[illegible] און האָט געשמייכלט. ער האָט גלייך ערגעץ אַוועקגעשיקט זיינע אַ שטאַבן אין, עס האָט ניט לאַנג גענומען, איז אָנגעקומען דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון שטאָט און נאָך איס — אַ צאָל גרוזינער מיט וועגענער — גרייט צו פאַרנעמען דאָס אַוועקגעלייגטע געווער. גלייך

האָבן זיי איבערגעציילט די פאַרבליבענע סאָלדאַטן אין די רייען, לויט אָט דער דאָזיקער צאָל אָפּגעציילט אַזויפיל ביקסן פאַר זיי און — לויטן אָפּמאַך — צוגעציילט אַ צאָל פּולעמיאָטן, קאַנאָנען, פערד, אָבאָז־וועגלעך, טעלעפאָנען, טעלעגראַף־אַפּאַראַטן און אַפילו מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. דאָס איבעריקע האָבן גרוזינישע סאָלדאַטן גענומען אַרויפלאָדן אויף די וועגענער, אָדער אַזוי אָפּגעלייגט דערביי און אַוועקגעשטעלט אַ וואַך, ביז זיי וועלן עס קאָנען פאַרנעמען אין זייער אַרסענאַל אַריין...

די פאַרעטער־דעזערטירן — ווי מען האָט די אַנטריניקע ביי אונדז גלייך אַ נאָמען געגעבן, — האָבן זיך גלייך — לויט דער קאָמאַנדע פונעם קאָמענדאַנט — פאַרמירט אין באַזונדערע קאָלאָנעס און לויט זיין באַפעל זיך גענומען גרייטן אַוועקצוגיין ערגעץ אין אַ צווייטן טייל פון דער שטאָט. ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן זיי — מיט רעכט — שטאַרק מוירע געהאַט, אַז אויב זיי זאָלן פאַרבלייבן ביי אונדז אויף איבער נאַכט, אָדער אַפילו סטאַם אַביסל לענגער, וועט מען זיך אָפּרעכענען מיט זיי אַזוי ווי זיי האָבן עס פאַרדינט. אין געאייל און אונטער דעם אויפזיכט פון באַוואָפנטע גרוזינער, האָבן זיי פאַנאַנדערגענומען די פּאַלאַטקעס, אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך זייערע אַמוניציע־זעק און האָבן — שוין אָן זייער געווער — גענומען אָפּמאַרשירן. די פאַרבליבענע יאָטן האָבן זיי אָבער פונדעסטוועגן אַזוי טרוקן ניט געלאָזט אַוועקגיין. מיט פייפעררייען און קלאָלעס, מיט זידלערייען און אויך מיט אַ שפּאַר ביסל שטיינער, האָבן זיי באָכבאַגלייט יענע אַ היפּש שטיקל וועג, ביז יענע זענען ענדלעך פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן אַרויס...

*****

**אויסער** דער גרויסער אויפרעגונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט די פאַרבליבענע סאָלדאַטן איבער דעם פאַראַט פון די אָפּטריניקעס, איז איצט אויך צוגעקומען דער פאַרדראָס איבער דעם, וואָס עס וועט איצט נעמען אַ שטיק צייט ביז מען וועט זיך האָבן איבעראָר־גאַניזירט אין פולע אייגנהייטלעכע טיילן, קעדיי אויסצופילן די לויז־געוואָרענע רייען. עס איז קלאָר געווען פאַר יעדן איינעם, אַז איבער אָט דער געשעעניש וועט אונדז איצט אויסקומען ווער ווייסט ווי לאַנג צו בלייבן אין באַטום, פונוואַנען אַלע האָבן געגאַרט שוין וואָס גיכער אַרויסצופאָרן. עס האָט דעריבער געהערשט אַ מיינונג ביי אַלעמען, אַז דער סאָוועט זאָל זיך גלייך צונויפקומען, קעדיי צו קאָנען טאַקע וואָס גיכער דורכפירן די נויטיקע רעאָרגאַניזאַציע...

עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט אין אָוונט, אָבער קיינעם פון די יאַטן איז אַפּאָנים ניט געלעגן אין זינען צו טראַכטן וועגן שלאָפן. מען האָט פריער געוואָלט וויסן ווי עס האַלט. דער סאָוועט האָט אָבער סיי ווי ניט געוואַרט אַף גאָר. באַלד איז צונויפגערופן געוואָרן אַ זיצונג און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט פון איבערטיילן און איינשטעלן די פאַרבליבענע סאָלדאַטן, אַף צום באַשאַפן פון זיי נייע, איינהייטלעכע אָפּטיילונגען. עס איז גלייך באַשטימט געוואָרן צונויפצושטעלן פון די געבליבענע אַ פולע דיוויזיע, מיט פולע פּאָלקן, באַטאַריעס, פּולעמיאָטן־קאָמאַנדעס, טעלעפאָן און טעלעגראַף־גרופּעס, אָבאָזן און אַפילע גאַנצע מוזיק־קאָמאַנדעס, אַף וויפל מעגלעך, פאַר יעדן פּאָלק באַזונדער. און כאָטש די צאָל פון די געבליבענע איז געווען בלויז עפּעס מער פון אַ פולער דיוויזיע, זענען אָבער דערפאַר אַלע יאַטן געווען אַלץ אַזעלכע, וואָס זענען גרייט געווען צו שטיין מיטן סאָוועט אַזוי לאַנג ווי עס וועט נויטיק זיין און אַף זיין רוף זיך לאָזן אַפילע אין פייער אַריין...

אפן פינפטן טאָג, באַלד אינדערפרי, אַזוי גיך ווי מען איז נאָר פאַרטיק געוואָרן מיט דער רעאָרגאַניזאַציע,— איז גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ שעליעך צום באַן־קאָמענדאַנט, אים צו לאָזן וויסן, אַז מיר זענען פאַרטיק און גרייט פאַר דער עוואַקואַציע. יענער האָט דאָס אָבער אויפגענומען גאַנץ קאַלט און פלעגמאַטיש געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין איבעריקע עשאַלאָנען, און אַז די וואָס ער האָט יאָ, קאָן ער אונדז סיי ווי ניט געבן, ביז ער וועט פריער ניט האָבן אַרויסגעפראַוועט פון באַטום די אינטערנירטע...

זיין כוצפּעדיקער ענטפער איז אונדז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען צום האַרצן. מען האָט דעריבער גלייך אַוועקגעשיקט צו אים אַ גאַנצע גרופּע און מיטן האַרבן וואָרט אים געלאָזט וויסן, אַז מיר וועלן בעשום אויפן ניט וואַרטן ביז אָט יענע פאַרעטער וועלן אָפּפאָרן, נאָר אַז מיר פאָדערן— לויטן אָפּמאַך מיטן ספּעציעלן פאַרטרעטער פון זיין אייגענער רעגירונג— שוין צו קריגן די נויטיקע עשאַלאָנען אַף אָפּצופאָרן. מען האָט אים דערביי אויך געגעבן אַ קלאָרן און שאַרפן אולטימאַטום, אַז אויב מיר וועלן פון אַרום מיטיקצייט ניט קריגן קיין טראַנספּאָרטאַציע, וועלן מיר זיין געצוואונגען צו פאַרכאַפּן סיי די פראַכט־צוגן און סיי די פּאַסאַזשיר־צוגן, וואָס וועלן אַריינקומען אין שטאָט אַריין...

די דאָזיקע פעסטע שטעלונג אונדזערע האָט אַפּאָנים טאַקע גלייך געהאָלפן. ער האָט זיך גענומען דרייען און פאַרענטפערן און... אַרום מיטיקצייט איז שוין געשטאַנען אַ פאַרטיקער עשאַלאָן־צוג פון העכער צוויי צענדליק פראַכט־וואַגאָנען— גרייט אויפצונעמען אַרום אַ באַטאַליאָן

סאָלדאַטן. מיר האָבן אויך באַקומען אַ פייערלעכע פאַרזיכערונג פונעם אייזנבאַן-פאַרוואַלטער, אַז אין פאַרלויף פון אַ צוויי-דריי טעג וועט די גאַנצע דיוויזיע אונדזערע באַזאָרגט און אַרויסגעשיקט ווערן.

די שטימונג האָט זיך אַביסעלע געהויבן ביי אונדז. דער סאָוועט האָט אויסגעטיילט אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן, וואָס זאָל זיין דער ערשטער אָף אַרויסצופאָרן, און מיר האָבן זיך געקליבן אַרויסצובאַגלייטן אים צום וואָקזאַל. אין לאַגער ביי אונדז האָבן זיך די סאָלדאַטן צוזאַמענגעקליבן אין מאַסן און האָבן פריידיק געטומלט. די פרייד איז געווען ענלעך צו יענער, ווי בעאייס מען איז אַוועק פונעם פראָנט. און צו באַגלייטן די אָפּפאָרנדיקע זענען אַרויסגעגאַנגען קימאַט אַלע, שיער ניט די גאַנצע דיוויזיע, אויסער אַ געווענדיקע וואַך, וואָס איז פאַרבליבן אין לאַגער צו היטן אונדזער געווער מיטן פאַרמעגן, און אַזוי אַ צאָל יאַטן, וואָס האָבן זיך סטאַם געפוילט צו גיין. די עטלעכע מוזיק-קאָמאַנדעס, וועלכע מיר האָבן געהאַט, האָבן זיך צעשטעלט איינע הינטער דער אַנדערער, אָף געוויסע פונקטן איבער דעם וועג פון לאַגער צום וואַקזאַל, און — גייענדיק פון איין פונקט צום צווייטן — געשפילט הילכיקע מאַרשן, וואָס האָבן פאַרקלונגען די גאַנצע געגנט. פיל איינוואוינער פון אַרום, און אַרבעטער פונעם פאַרט און פון דער אייזנבאַן, האָבן באַגריסט די יאַטן און דערביי געפאָכעט מיט רויטע פענדלעך, אָדער היטלען. מאַסן פון זיי האָבן זיך אַפילו אָנגעשלאָסן אין דעם מאַרש און האָבן מיט אונדז אַלעמען מיטגעזונגען:

— „שטייט אויף, איר אַלע, אַלע שקלאַפן,
ווער הונגער ליידן מוז, און נויט!
דער גייסט ער קאָכט און רופט צום וואָפן,
אין שלאַכט אונדז פירן איז ער גרייט...
די וועלט פון גוואַלדטאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר. און דאַן —
פון פרייהייט, גלייכהייט, אַ גאַניידן, —
באַשאַפן וועט דער אַרבעט-מאַן...
דאָס וועט זיין אונדזער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט;
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל, —
שטייט אויף, איר אַרבעט-לייט!...

עס איז געווען אַ פרייד צו פילן, אַז דאָס פאָלק איז מיט אונדז...

באַם וואַקזאַל האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אין צעצויגענע רייען און דאַרט, אין פראָנט פון די מיטגלידער פונעם הויפּט-סאָוועט, האָבן

די אָפּפּאָרנדיקע — איידער זיי זענען אַריין אין די וואַגאָנען — נאָכאַמאָל אָפּגעגעבן אַ פּייערלעכע שוואוע, צו שטיין צוזאַמען מיטן סאָוועט אַזוי לאַנג ווי עס וועט נאָר זיין נויטיק, און אַז זיי וועלן ניט אָפּטרעטן, אויב אַפילו אַן איינציקער סאָלדאַט בלויז פון אונדזער דיוויזיע וועט פאַרהאַלטן, אָדער געקריוודעט ווערן...

פאַר אָנפירער פון דעם דאָזיקן ערשטן עשאַלאָן איז מיטגעשיקט געוואָרן גריגאָריעוו. ער האָט געדאַרפט פאַרטרעטן דעם סאָוועט אין אַלע מעגלעכע סיכסוכים מיט דער אייזנבאַן-נאַטשאַלסטווע וואָס איבערן וועג און — ווי אָפּגעמאַכט — וואַרטן מיט דעם באַטאַליאָן אין באַקו, ביז מיר, די איבעריקע טיילן פון דער דיוויזיע, וועלן אָנקומען אַהינצו.

אַ ברויזנדיקע פרייד האָט אַרויסגעשיינט פון אַלעמענס פּענימער, וואָס האָבן געלויכטן ווי די באַטומער ליטערע, בלענדנדיקע זון איבער אונדז. די פרייד איז בעעמעס אַזוי גרויס געווען, אַז עס האָט אונדז, דאַכט זיך, ווי אָפּגעצאָלט פאַרן גאַנצן האַרצווייטיק, וואָס מיר האָבן געהאַט ביז ערשט מיט אַ טאָג צוויי צוריק. יאַטן זענען זיך געפאַלן אויף די העלדזער און האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געהאַלדזט און געקושט. אַנדערע האָבן געזונגען, אָדער אַזוי געשטיפט. ענדלעך האָט זיך דער־הערט דער לאַנג-דערוואַרטעטער פייף פון לאָקאָמאָטיוו און יאַטן האָבן זיך גענומען איינזעצן אין די רויט-געפאַרבטע פראַכט-וואַגאָנען...

גלייך האָבן זיך אומעטום, אין אַלע ברייט-צעעפנטע וואַגאָן-טירן און לופט-לעכער באַוויזן רויטע פּענדלעך, וואָס די יאַטן האָבן געהאַט צוגעטשעפּעט צו זייערע ביקס-שפּיזן, און געפאָכעט צו אונדז. עטלעכע דערפינדערישע יאַטן פון די איבערגעבליבענע, האָבן דערווייל געקראָגן ערגעץ שטיקער קרייד און דערמיט געמאַכט פאַרשידענע אויפשריפטן און קאַריקאַטורן אויף די ווענט פון די וואַגאָנען, וואָס האָבן אַרויסגערופן גרויס געלעכטער ביי אַלעמען...

דער לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט ביז איצט נאָך אַלץ געהאַט מאַנעווירט אַהין און צוריק, איז ענדלעך צוגעפאָרן. ער האָט אַ שטויס געטאָן דעם עשאַלאָן, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט לאָזן וויסן, אַז אָט באַלד, און ער וועט אים אָוועקרייסן פונעם פּלאַץ. די וואַגאָן-בופערן און קייטלען האָבן זיך צעקלונגען מיט אַ פּיל-טאָניקער און אַ צוזאָגנדיקער פרייד. עס האָט זיך ווידער דערהערט אַ צעצויגענער פייף פונעם לאָקאָמאָטיוו און... דער עשאַלאָן האָט זיך גענומען רירן...

די רעדער אונטער די וואַגאָנען האָבן גענומען רוישן און קלאַפּן. דער צוג האָט זיך גענומען פּאַמעלעך באַוועגן. פאַרביי די אויגן פון די שטייענדיקע אַפן פּעראָן האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן שרעגנעס פריילעכע

פּענימער פון די יאַטן, וואָס זענען געשטאַנען אין די צעעפנטע וואַגאָן טירן. הענט האָבן געפאָכעט מיט ווייסע טיכלעך און רויטע פענדלעך. הילכיקע אויסרופן און בוילעטע אויפשריפטן האָבן — ווי מיט ראַשיקע קוילעס — צוגעוואָרפן צו אונדז פריידיקע לאָזונגען:

— זאָל לעבן די רוסלענדישע רעוואָלוציע!...

— נידער מיטן פאַרעטערישן סעפּעראַטיזם!...

— די גאַנצע מאַכט צו די סאָוועטן!...

— נידער מיט דער צייטווייליקער רעגירונג!...

— זאָל לעבן אונדזער באַפרייער לענין!...

— נידער מיט קערענסקין און זיין הענקער קאָרנילאָוו!...

— זאָל לעבן די פרייהייט!...

מאַכטיקע הוראַ געשרייען פון די ביישטייענדיקע האָבן געענטפערט אויף יעדן אויסרוף באַזונדער און זיך צוזאַמענגעגאָסן אינאיינעם...

דער צוג האָט גענומען יאָגן גיכער און האַסטיקער. די באַזונדערע וואַגאָנען האָבן זיך אַזוי ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איין לאַנגן, רויטן פּאַס. די פּענימער פון די פאַרנדיקע סאָלדאַטן זענען געוואָרן עפּעס אַזוי ווי איין שטיק צונויפגעגאָסענע מאַסע. די אויסרופן פון די יאַטן און די אויפשריפטן אויף די וואַגאָנען, זענען אויך געוואָרן געדיכטער און צונויפגעמישטער. עס האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ געהערט אויסרופן:

— זאָל לעבן!...

— נידער!...

— זאָל לעבן!...

— נידער!...

דער צוג האָט זיך שנעל דערווייטערט, ביז ער איז ענדלעך גאָר פאַרשוואונדן געוואָרן הינטערן געדיכט באַגרינטן האָריזאָנט. פריילעכע און דערלייכטערטע האָבן מיר, די פאַרבליבענע, אַוועקמאַרשירט צוריק צום לאַגער, וואַרטן אויף אונדזער אייגענער ריי אָפּצופאָרן...

אַזוי האָבן מיר, אין עטלעכע טעג, ביסלעכווייז, אַרויסבאַגלייט די גאַנצע ניי־אָרגאַניזירטע דיוויזיע אונדזערע, ביז מיר אַליין האָבן זיך ענדלעך אויך דערוואַרט דערויף...



# קאַפּיטל פינפונפערציק

דער טאָג פון אונדזער אָפּפאָר פון באָטום — שוין ביים סאַמע סאָף זומער — איז געווען אַ טריבלעך־רעגנדיקער... פאַר אונדז, אָבער, האָט דער טאָג אויסגעזען בעסער און ליכטיקער ווי דער שענסטער זוניקער טאָג. אַפּאָנים, אַז ניט דער אויסזען פון אַ טאָג איז דאָס וויכטיקסטע, נאָר די געשעעניש אין אים. גאַנץ פרי האָבן מיר פאַנאַנדערגענומען אונדזערע פּאַלאַטקעס, זיך אויסגעשטעלט אין אָרדנונג און, מיט אַ מאַרש, וואָס האָט נאָך קיינמאָל אַזוי הילכיק ניט געקלונגען ווי אין יענעם טאָג, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן דורך די הויפּט־גאַסן פון שטאָט, צום וואָקזאַל, און איבערן גאַנצן וועג, צווישן איין מאַרש און דעם צווייטן, צעוואָרפן פריידיקע לאָזונגען...

ביים פּעראָן, אין פראָנט פון וואָקזאַל, זענען שוין די וואַגאָנען געשטאַנען גרייט פאַר אונדז. מיר האָבן זיך גלייך איינגעזעצט אין זיי און יעדע מינוט וואַרטן איז אונדז אויסגעקומען צו לאַנג. מיר האָבן זיך פּאָשעט די אויגן אויסגעקוקט, אַז דער לאָקאָמאָטיוו זאָל שוין אַמאָל צופאָרן, געבן דעם לאַנג־דערוואַרטעטן שטויס און אונדז אַוועקפירן...

דערווייל האָבן יאַטן געזונגען און געשטיפּט אין די וואַגאָנען. פון די צעעפנטע טירן אין די פראַכט־וואַגאָנען האָט זיך אַרויסגעטראָגן אַ הילכיק געלעכטער און געזאַנג. ביי אונדז אין דעם וואַגאָן האָט פון אַלעמענס אויגן אַרויסגעלויכטן אַ גרויסע פרייד. קלאָר איז געווען, אַז יעדער איינער איז געווען איבערוועלטיקט פון גליק, וואָס ענדלעך ווערט מען שוין פריי פון דער לעצטער פאַרגוואַלטיקונג מיצאַד דער בייער קאָווקאַזער רעגירונג; וואָס מען וועט זיך שוין ניט דאַרפן שלאָגן פאַר פרעמדע אינטערעסן און פאַר פאַרבּרעכערישע אינטריגעס פון די קאַפּיטאַליסטישע באַהערשער; וואָס מען וועט זיך ענדלעך קאָנען מיט אַ נייעם אימפּעט אַריינוואַרפן אין דער לעצטער שלאַכט, אַף אויסצוראָטן די הערשאַפט פון בלוט־זויגער און אַף זייער פּלאַץ איינשטעלן אַ נייע

רעגירונג, אַן אייגענע, אַ פּראָלעטאַרישע—צוזאַמענגעשטעלט פון בלויז אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן,— אַ רעגירונג, וואָס וועט לויכטן ווי אַ ליכט-זייל פאַרן האָרעפּאַשנעם פאָלק פון דער גאָרער וועלט...

אָט די ווערטער — כאָטש אַרויסגעזאָגטע פון קאַלינסקין — זענען אָבער געווען דער איבערלעכער אויסדרוק פון יעדן איינעם ביי אונדז אין וואַגאָן. די הוראַ-געשרייען און די פרייד-אויסרופן נאָך יעדער פראַזע, האָט דאָס נאָך מער ווי באַשטעטיקט.

אָבער מאָדנע: כאָטש יעדן איינעם האָט אַרומגענומען אַן אַלגעמיינע פרייד און אַן ענלעכער געדאַנק,— האָט זיך דאָך בוילעט אַנגעזען, ווי יעדער איינער וואָלט ערגעץ טיף ביי זיך אין האַרצן פאַרבליבן מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, ווי אין אַ באַזונדערער ווייטער וועלט. עפּעס אַזאַ מאָדנע, ניט-דערקלערבאַרע בענגשאַפט, האָט זיך געשפּירט אין יעדנס פריידיקן בליק, וואָס איז שווער געווען צו באַשיידן און דערקלערן.

אַזוי איז פאַרביי אַ שאָ און אַ צווייטע, און קיין לאָקאָמאָטיוו איז נאָך אַלץ ניט צוגעקומען צו אונדזער צוג. יאַטן האָבן שוין אָנגעהויבן ווערן אומרואיק. אַ כשאַד איז געווען, אַז די אָרטיקע רעגירער קלויבן זיך שפּילן עפּעס אַ מיעס שפּיצל מיט אונדז,— די לעצטע צום אָפּפאָרן. אַ דעלעגאַציע איז אַוועק צום נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע, זיך מיט אים דורכגערעדט אף אַ שאַרפן אויפן און... עס האָט געהאָלפן. ער האָט צוגעזאָגט, אַז עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען. און טאַקע אַזוי: נאָך איידער די עטלעכע יאַטן זענען צוריקגעקומען פון דער קאַנצעלאַריע, איז פון דערבייאיקן דעפּאָ צוגעפאָרן אַ לאָקאָמאָטיוו. דאָס האָט ווידער אַלעמען איבערצייגט, אַז דער איינציקער וועג צו קריגן וואָס עס קומט, איז דורך פאָדערן. סיי ווי סיי, דער לאָקאָמאָטיוו איז צוגעפאָרן, האָט געגעבן דעם געווינטלעכן שטויס, די בופערן און די קייטלען האָבן זיך צעקלונגען און...

יאַטן, וואָס זענען נאָך געשטאַנען אינדרויסן, לעבן די וואַגאָנען, זענען אין געאייל אַריינגעשפּרונגען אינעווייניק. אַ טומל און אַ הור־האַ האָט זיך אַ טראָג געטאָן, וואָס האָט אַזש פאַרהילכט דעם גאַנצן פּעראָן און דעם וואקזאַל מיט געקייטלטע עבאָס. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ פּייף געטאָן און דער צוג האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס.

פאַר אַ ווייל איז שטיל געוואָרן. דער מעשונעדיקער טומל איז עפּעס ווי פאַרהאַקט געוואָרן. יאַטן—אַרומגעכאַפּטע פון דער פרייד— האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו די וואַגאָן-טירן, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אַליין איבערצייגן, צי מען פאָרט שוין טאַקע. באַלד האָט זיך פון אַ וואַגאָן ערגעץ אין עשאַלאָן אַ טראָג געטאָן אַן אויפברויזנדיקער הוראַ-געשריי,

וואָס האָט זיך איבערגעקייקלט פון איין וואַגאָן צו דעם צווייטן און איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון הונדערטער שטימעס אין זיי. אַ פּאָכעריי פון הישלען, פענער און נאָז־טיכלעך, האָט געבלענדט פאַר די אויגן.

דער צוג האָט אָנגעהויבן גיין גיכער. די רעדער אונטער אונדזערע וואַגאָנען האָבן געטומען קלאַפּן געדיכטער און געהאַקטער, ווי אין אַ פריילעך־ריטמישן טאַנץ, און עס איז אויסגעקומען פונקט ווי לויט דעם ריטם פון אונדזערע הערצער, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געהאַמערט בײַ יעדן. דער צוג האָט זיך גענומען גליטשן ווי אַ יאַכט־שיף אויף אַ גלאַטן טייך. די פרייד האָט זיך געהויבן מיט יעדן מאָמענט און עפּעס אַזוי ווי געזוכט אַן אויסגאַנג פאַר די געפילן. מיטאַמאָל איז אין אַ דערבײַיאיקן וואַגאָן אויסגעבראָכן אַ געזאַנג. דאָס ליד איז געוואַקסן אַלץ פולער און פולער, האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע וואַגאָנען און אָפּגעקלונגען מיט אַ הילכיקן ווידערקאָל אויף די גערטנער און הייזער, וואָס האָבן זיך גע־פונען אויף ביידע זייטן פון די באַן־שינעס. דער צוג איז פון רעגע צו רעגע געלאָפן אַלץ האַסטיקער און האָט זיך אין עטלעכע מינוטן אַרום אַרײַנגעשניטן אין אַ געדיכט באַבוימטער אַלייע, וועלכע איז געווען באַר ווי אײַנגעטונקען אין גאָלד און גרין...געזאָגט האָט מען, אַז דאָס־אָ פּלאַץ ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען: „דער גאָלדענער האָרן". און טאַקע אַזוי: דאָס גאַנצע פּלאַץ איז געווען ווי באַגילט מיט אַ גאָלדיקן רעגנבויגן, אונטער אַ טיולענעם פאָרהאַנג פון אַ זוניקן פונקען־שפּריץ. די געדיכט־באַבלעטערטע צווײַגן אין די רייען ביימער, וועלכע זענען געשטאַנען אין ביידע זייטן פונעם באַן־וועג, — זענען געהאַנגען איבער אונדז ווי אַ באַלדאַכינע, אָדער אַ טריומף־טויער. שאַרפע, שמעקנדיקע רייכעס פון פאַרשידענע בסאָמים און עקזאָטישע געווירצן, האָבן אָנגעפילט די לונגען, אַז עס האָט אַזש די אָטעמס פאַרכאַפּט. עס האָט זיך אַזוי געוואָלט ברייט צעעפענען דאָס מויל און טיף־טיף אין זיך אַרײַנאָטעמען אָט־די זעלטן־כיעסדיקע אַראָמאַטן פון די טראָפּישע און האַלב־טראָפּישע ביימער, קוסטעס, בלום־שטאָקן און אַנדערע קריכנדיקע געוויקסן. און פונקט ווי די רייכעס, אַזוי האָבן זיך אויך געמיניעט די פאַרשידענע קאָלירן פון די בלעטער און גראָזן, מיט אַלע מינים שאַטירונגען און ניואַנסן... עס איז געווען עפּעס אַזוי פאַנטאַסטיש, אַזוי שיין, מאַמעש באַר ווי אין אַ קינסטלערישער באַשרײַבונג אין אַ קישעף־מאַיסע. אַלע צווישן אונדז זענען מאַסקים געווען, אַז דאָס פּלאַץ האָט טאַקע פאַרדינט דעם נאָמען: „דער גאָלדענער האָרן". אַלע זענען מיר געשטאַנען בײַ די אָפענע טירן און פאַרגאַפטע געקוקט אויף דעם ברייטן, ווייטן אַרום, בעאייס דער צוג האָט זיך דורכגעשניטן דורך אָט־דער פאַרקישעפטער ביימער־כופּע. אָפּט

האָט אַן אַריבערגעהאנגענע צווייג פול מיט שמעקנדיקע בלעטער עמעצן פון אונדז שטיפעריש אַ פעטשל געטאָן איבער די באַקן און איז פונקט אַזוי שטיפעריש אַנטלאָפן ווייט צוריק. עס איז געווען אַזוי רייצנדיק שיין, אַז מען האָט אַזש ווי פאַרגעסן אין אַלעם אַרום זיך...

אינגיכן אָבער איז דער עשאַלאָן אַרויס פון „גאָלדענעם האָרן" און זיך צעטראָגן אַף אַ פרייען, ברייטן פעלד, וואָס האָט זיך געגרעניצט — פון איין זייט — מיט ווייטע, גאָר הויכע בערג, אַף וועלכע עס האָבן געהויערט גרויע וואָלקנס, און — פון דער צווייטער, דער לינקער זייט — מיטן אויסגעשפרייטן יאַם. געפאָרן זענען מיר, ווי עס האָט אויסגעזען, לעבן אַ שאַרפן אָפּריס, וואָס איז געשטאַנען גאַנץ באָענט, אָבער זייער הויך איבערן יאַם־ברעג. טיף אונטן איז געלעגן דאָס גרויליך־בלויע וואַסער, וואָס האָט זיך געמיטלעך געשפּרייט ווייט און ברייט ביז צו דעם רונדן האָריזאָנט, פונקט ווי ער וואָלט זיך נאָר־וואָס אַוועקגעלייגט צום אָפּרוען זיך פון עפּעס אַ שווערער אַרבעט. פון צייט צו צייט האָט מען פון אויבן געקאָנט זען די אָנגעלאָפענע שוימיקע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך אַ שטעל געטאָן אַף די פאַנטאַסטיש־לאַנגע פיס און האָבן מיט טויזנטער שוימיקע הענט געפּלעסקעט אַף די אַרויסגעשטאַרטשעטע סקאַלעס, וואָס ביים ברעג, פונקט ווי זיי וואָלטן אַזויאַרום אונדז געוואָלט איבערגעבן היימישע גרוסן פון דער ווייטער וועלט...

דער צוג האָט געשוועבט גאָר גיך און זיך קימאַט ניט אָפּגעשטעלט בײַ די קלענערע סטאַנציעס. בלויז צומאָל האָט ער זיך יאָ ערגעץ פאַרהאַלטן, קעדיי אָנצונעמען וואַסער, אָדער באַהייצונג פאַרן ווייטערדיקן גאַנג. און מאָדנע: בײַ יעדן אָפּשטעל אַזעלכן, האָבן זיך פון ערגעץ גלייך אָנגערוקט גרופּעס באַוואָפנטע גרוזינישע גוואַרדייער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם עשאַלאָן און אונדז ניט געלאָזט אַוועקגיין פון די וואַגאָנען מער ווי אַף פופציק טריט. דאָס איז אָבער סיי ווי געווען אַ גאַנץ איבעריקע זאַך, ווייל קיינער פון אונדז האָט דעמלט ניט געטראַכט וועגן אַוועקגיין. פאַרקערט: יעדער איינער פון אונדז האָט געברענט מיט אומגעדולד, פאַרוואָס מען בלייבט שטיין צו לאַנג, און געפאָדערט, אַז מען זאָל וואָס גיכער ווייטער פאָרן...

*****

**צוזאַמען** מיט דער טונקלקייט פון דעם אָוונט, וואָס האָט געהאַלטן באַם צופאַלן, האָט אויך גענומען ווערן קעלטער און קעלטער. מיט יעדן וויאָרסט, וואָס מיר האָבן זיך דערווייטערט פון באַטום,

אַלץ ווינטיקער און קעלטער איז געוואָרן אינדרויסן. געהערט האָט מען, אַז דאָס דערנעענטערן מיר זיך צום באַרימטן לאַנגן טונעל אונטער די בערג לעבן אַלעקסאַנדראָפּאָל, וואָס איז דער קעלטסטער פּונקט צווישן באַטום און באַקו. אַביסל האָבן מיר דאָס טאַקע נאָך געדענקט פון דער צייט ווען מיר זענען געפאָרן אַהער, צו דער מילכאָמע, און דער טאַאַם דערפון איז נאָך געלעגן אין די ביינער. עס איז אונדז בלויז געווען גאַנץ אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי אַזאַ פּראַקטיקער פלאַץ האָט עס גאָר ביכלאַל געקאָנט פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין אַזאַ וואַרעמער געגנט...

ביסלעכווייז, און שוין גאַנץ שפּעט ביינאַכט, איז די קעלט געוואָרן גאָר אומדערטרעגלעך, אַז מען האָט אַזש אָנגעהויבן ציטערן אין וואַגאָן. שלאָפן האָט מען ניט געקאָנט און אויך ניט געוואָלט. עס האָט אויסגע־זען, פּונקט ווי יעדער איינער פון אונדז וואָלט מוירע געהאַט, אַז ער זאָל אַמאָל אין שלאָף ניט פאַרשטייפט ווערן פון דער קעלט. דערצו נאָך האָט דער אומגעדולד געשניטן נאָר ווי מיט מעסערס. מען איז געזעסן און געשאָלטן מיט טויטע קלאָלעס גלאַט אין דער וועלט אַריין. עס איז קלאָר געווען, אַז יעדן האָט זיך שוין וואָס-גיכער געוואָלט זיין כאָטש אויף דער צווייטער זייט פון טונעל, און וואָס ווייטער אַוועק פון איס, בעענטער צו אַ וואַרעמערן פלאַץ, וואו מען זאָל ווידער קאָנען אַביסל לייכטער אָפּאָטעמען...

אָבער דאַווקע ווי אויף צו לעהאַכעס אונדז אַלעמען, האָט מען גאָר אונדזער עשאַלאָן פּלוצים פאַרהאַלטן ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער סטאַנציע, וואָס ביים אַריינפאָר אין טונעל. עס איז דאַן געווען אינמיטן נאַכט. די קעלט האָט געשטשיפּעט ווי מיט שפּיציקע צווענגלעך און דער ווינט האָט געביסן ווי אַ מעשוגענער הונט. אַרום איז געווען זייער פּוסט און פּרעמד. דער וואַלד—אַ שוואַרצער — האָט געוואָרפן פון די אַרומיקע שניי בערג מיט סוידעסדיקער דראָאונג. מיר זענען אַלע געזעסן איינגענורעטע אין די שינעלן און געוואַרט. געגלויבט האָט מען, אַז דאָס פאַרהאַלטן פון עשאַלאָן מוז אַוואַדע זיין דערפאַר, ווייל אינעם טונעל איז פאַראַן אַן אייבציקע פּאָר שינעס, וואָס איז זיכער פאַרנומען מיט אַן אַנטקעגנקומענדיקן צוג און מען וועט דערפאַר מוזן וואַרטן ביז דער וועג וועט פריי ווערן. אין גרויס אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אַ שאָ און אַ צווייטע, אָבער קיין סאָף האָט זיך ניט געזען. עטלעכע יאַטן זענען דאַן אַוועק אין וואקזאַל אַריין זיך נאָכפרעגן, אָבער דאָרט איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל אונדז אַפילע קאָנען ענטפערן. קוים מיט צאָרעס האָט מען ענדלעך געפונען דעם סטאַנציע-נאַטשאַלניק, וועלכער איז זיך רואיק געשלאָפן אין עפּעס אַ זייטיקן צימערל פונעם וואקזאַל.

ער — ווען מען האָט אים אויפגעוועקט — האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויסגע־גענעצט און אַ פאַרשלאָפענער אונדז אויסגעהערט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיץ פינגער און פויל געזאָגט, אַז דער לאָקאָמאָטיוו פון אונדזער עשאַלאָן איז גאָר קאַליע געוואָרן און אַז עס וועט אַוואַדע דויערן כאָטש ביז אינדערפרי, איידער מען וועט אים קאָנען ווי ניט איז פאַריכטן, אָדער קריגן אַ צווייטן לאָקאָמאָטיוו פון דער סטאַנציע, וואָס אויף יענער זייט פון דעם טונעל. די געשיכטע זיינע האָט אונדז אַ גוטן ברי געטאָן, אָבער דערביי איז אונדז אויסגעקומען ביז גאָר פאַרדעכטיק דער גאַנצער איניען. עס האָט זיך ניט געקאָנט גלויבן, אַז דער זעלבער לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז צוגעקומען צו דער סטאַנציע אין בעסטער אָרדנונג, זאָל גאָר מיטאַמאָל — שטייענדיק אויפן פּלאַץ — האָבן אַזוי, מיר ניט־דיר ניט, קאַליע געוואָרן.

מיר זענען דאַן צוגעגאַנגען צום לאָקאָמאָטיוו. קאַלינסקי, וועלכער איז געווען אַ מעכאַניק און געהאַט געאַרבעט אין אַ באַן־דעפּאָ, — האָט געוואָלט פּראָבירן און אַליין זען, צי עס איז טאַקע עמעס. אָבער די מאַשיניסטן האָבן עס אים איינגעשפּאָרט. זיי — איינגעקוטעטע אין וואַרעמע פעלצלעך — האָבן באַדייטנדיק צוגעשמייכלט. איינער פון זיי האָט אַפילע אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און שעלמיש צוגעוואָרפן:

— אַוואַדע איז ער קאַליע. אַז מען האָט ניט דעם שליסל, איז ווי זשע קאָן מען אים לאָזן גיין?...

עס איז שוין קיין פראַגע ניט געווען, אַז עפּעס איז דאָ ניט גאָר גלאַטיק; אַז עמעצער שפּילט דאָ אַ מיעס שפּיצל מיט אונדז. מען איז ווידעראַמאָל אַוועק צום נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע און, — דאָסמאָל אים שוין גאָר שאַרף געלאָזט וויסן, אַז אויב מיר וועלן גלייך ניט ווערן אַרויסגעשיקט פון דאַנען, וועלן מיר פאַרכאַפּן אַ לאָקאָמאָטיוו פון דעם ערשטן אַריינקומענדיקן צוג און ...

דער נאַטשאַלניק איז בלאַס געוואָרן. ער האָט אַפילע בעאייס דעם גענומען הויבן מיט די אַקסלען, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואונדערט פאַרוואָס מיר זענען פאַרהאַלטן געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז ער פערזענלעך איז דאָ גאָרניט שולדיק, ווייל ביז איצט האָט מען אים פון דער אַנדערער סטאַנציע ניט געוואָלט טעלעגראַפירן דאָס לויז לאָזן פונעם וועג־שליסל, אָן וועלכן קיין צוג קאָן זיך ניט אַ ריר טאָן פון דער סטאַנציע אין וועג אַריין. אַזוי גיך, אָבער, ווי מיר האָבן אים געזאָגט, אַז אין דעם פאַל וועלן מיר מוזן פאַרכאַפּן אַ וועג־שליסל פונעם ערשטן בעסטן פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס וועט דאַרפן אָפּפאָרן אין דער ריכטונג, — האָט ער, דער נאַטשאַלניק, — אַ פאַרלוירענער —

אונדז געבעטן וואַרטן אַ ווייל און אַליין איז ער אַריין אין אַ צווייטן צימער, וואָס איז געווען דער טעלעגראַף אָפּטייל פון דער סטאַנציע. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס ניט-ריטמישע טיקטאַקעווען פון די עלעקטרישע פינטעלעך און פּאַסיקלעך איבערן טעלעגראַף אַפּאַראַט — אַ סימען, אַז ער רעדט זיך דורך מיט עמעצן וועגן וואָס צו טאָן מיט אונדז.

אַרום צען מינוט שפּעטער איז דער נאַטשאַלניק אַרויסגעקומען פון דעם טעלעגראַף צימער און דערביי עפּעס אַזוי נאַרישוואַטע בניפּעדיק געשמייכלט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן עפּעס אַזאַ מאָדנע שטאָלענעם רונדן שטעקל, וואָס איז געווען — ווי קאַלינסקי האָט אונדז דערקלערט — דער שליסל, אַז דער וועג איז אָפּן פאַר אונדז און אַז מען מעג דעם עשאַלאָן אַרויסשיקן ווייטער אין דער געהעריקער ריכטונג.

דער נאַטשאַלניק איז דאַן צוגעגאַנגען צום לאָקאָמאָטיוו, אַ דערלאַנג געטאָן איינעם פון די מאַשיניסטן דאָס שטאָל-שטעקעלע און אַ סאַלוטיר געטאָן. באַלד האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַ שאַרפן פייף געטאָן אין דער טיף-שוואַרצער נאַכט אַריין, און דאָס האָט אָפּגעקלונגען מיט אַזעלכע מאָדנע שרעקנדיקע עכאָס אין די אַרומיקע בערג וועלדער, ווי דאָס געבריל פון סטייעס אויסטערליש-ווילדע כאַיעס. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעהויבן סאָפּען און פּרייכן. דער עשאַלאָן האָט זיך גענומען פּאַמעלעך רוקן בײַ דער זייט פונעם באַרג און זיך גלייך אַריינגעשניטן אין דעם אָפּענעם שוואַרצן פּיסק פון פינצטערן באַרג...

*****

**אין וואַגאָן** — וואָס האָט זיך פריער דערנערט פון צופעליקע ליכט-שטראַלן, וואָס זענען דורך שפּאַרעס אַריינגעפאַלן פון די טונקעלע וואקזאַל לאָמפּן — איז מיטאַמאָל שטאָק פינצטער געוואָרן. קיין שום באַלייכטונג האָבן מיר ניט געהאַט. די קאַװוקאַזער רעגירונג, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט אַ יערושע, האָט אָבער ניט געוואָלט באַזאָרגן מיט קיין לעכט די, וועמען זי האָט געוואָלט יאַרשענען. מיר אַליין — בעאייס מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון באַטום — האָבן זיך ניט געכאַפּט, אַז עס איז בוריטיק זיך צו פאַרגרייטן מיט לעכט אפן וועג. גודמאַן, דער איינציקער, וועמען עס וואָלט זיכער יאָ איינגעפאַלן אַזאַ זאַך, איז שוין איצט מער ניט געווען מיט אונדז. ער איז געווען איינער פון יענע, וואָס האָבן אין באַטום, אַף סטעפּאַקינס רוף, דעזערטירט, און איז געבליבן מיט יענעם טייל. אָבער אַ כוץ דער שווערער פינצטערניש, האָבן מיר, פאַרנדיק אין טונעל, געהאַט נאָך אַן ערגערע צאָרע. דער

לאָקאָמאָטיוו — אַ באַהייצטער מיט האָלץ — האָט צעוואָרפן אַ שווערן, סמאָליקן רויך, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין פרייען אַרויסגאַנג צו דער לופט. ער האָט זיך דעריבער אַריינגעשפּאַרט צו אונדז אין וואַגאָן דורך די טיר־שפּאַרעס, מוירעדיק געביסן אין די העלדזער און געשניטן אין די אויגן בײַ יעדן פון אונדז — נאָר דערשטיקט צו ווערן. אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך ניט באַקלאָגט. מען איז בלויז געזעסן שטיל אין דער שטיקנדיקער פינצטערניש און געדולדיק געוואַרט, אַז מען זאָל שוין וואָס גיכער אַרויס פון טונעל, אויף דער פרייער לופט...

לויטן סאָפּען פונעם לאָקאָמאָטיוו איז קלאָר געווען, אַז מיר פאָרן באַרג אַרויף צו. עס האָט זיך מאַמעש געפילט, אַז דער צוג שלעפּט זיך אַזוי מוירעדיק שווער און פּאַמעלעך. דאָס רעגלמעסיק־צעצויגענע און ריטמישע קלאַפּעריי פון די רעדער אונטער די וואַגאָנען, האָט פּאָשעט דעם מויעך צעטרייסלט און די נערוון געשניטן. עס האָט זיך געדאַכט, ווי די רעדער וואָלטן אין זייער געקלאַפּ זיך געקלאָגט:

„לעבן איז קאַמף... קאַמף איז לעבן..."

ענדלעך, נאָך אַרום אַ צענדליק מינוט פון שלעפּן זיך באַרג אַרויף אינעם שטיקנדיק־פינצטערן טונעל, האָט זיך מיטאַמאָל — פונוויטן און פאָרויס פון אונדז — דערהערט אַ שאַרף־איבערגעכאַזערטער קלונג אונטער די רעדער, וואָס איז אויסגעקומען ווי דאָס קלאַפּן מיט האַמערס איבער אַ קאָוואַדלע. דאָס קלינגען האָט זיך געקייקלט נעענטער און נעענטער, זיך איבערגעקייקלט פון איין ראָד צום אַנדערן און ענדלעך אָפּגעקלונגען אונטער אונדזער וואַגאָן. צוזאַמען מיט דעם קלונג האָט אין די אויגן אַ בליץ דורך געטאָן אַ ליכט־בליאַסק און דער קלונג האָט זיך גענומען דערווייטערן, ביז ער איז פאַרפאַלן געוואָרן און ווי אָפּגעשטאָרבן ערגעץ בײַם סאָף פון עשאַלאָן. מיר האָבן זיך געוואונדערט און ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָס איז געווען. עמעצער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַזאַ צייכן, אַז מיר זענען שוין דערפאָרן צום סאַמע צענטער פונעם טונעל, וואָס אפן העכסטן פונקט פונעם באַרג און אַז באַלד וועלן מיר אָנהויבן צו פאָרן באַרג אַרונטער. און בעמעס: נאָך איידער יענער האָט פאַר־ענדיקט די פראַזע, האָט דער צוג אָנגעהויבן גיין לייכטער, גיכער און האַסטיקער. דאָס סאָפּען פון לאָקאָמאָטיוו איז מיטאַמאָל גאָר פאַרשטומט געוואָרן. דער געקלאַפּ פון די רעדער איז געוואָרן אָפּטער און געהאַקטער מיט יעדער רעגע. דערפאַר אָבער איז דאָס שטיקעניש פונעם רויך אַלץ שווערער געוואָרן און עס האָט זיך געדאַכט, מען וועט ניט אויסהאַלטן. צום גליק זענען מיר באַלד פאַרט אַרויסגעפאָרן פונעם טונעל אַרויס און דער רויך האָט אויפגעהערט שטיקן...

מיר האָבן גלייך צעעפנט די וואַגאָן-טירן און טיף אָפּגעאָטעמט. דאָ איז שוין קיין ווינט ניט געווען. אָבער דערפאַר האָט דער פראָסט נאָך אַלץ געביסן אַזוי בייז ווי פריער, אָף יענער זייט טונעל. אינדרויסן, הויך אין הימל, איז אָף אַ קליין וואָלקנדל געזעסן אַ בלאַסע, דרימלדיקע לעוואָנע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שלאָפנדיקע קוואָקע, וועלכע זיצט אויס הינדלעך. אַלץ אַרום איז געלעגן אין טיפן שלאָף...

מיר זענען געפאָרן ווייטער און שוין באַרג אַרונטער. ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן אַלץ וואַרעמער און וואַרעמער. פאַרויס פון אונדז האָט זיך שוין ניט געזען אַזויפיל שניי אָף דער ערד. בלויז גאַנץ ווייט אַוועק און דאָס אָף די הויכע בערג, וואָס האָבן זיך פונקט ווי צוויי האַלבע טויערן מיטאַמאָל צערוקט אין ביידע זייטן הינטער אונדז, — האָבן זיך נאָך אונטער דער פרימאָרגן-שיין געזילבערט מאַטע שניי-פלאַכטעס אָף די גאַנץ הויכע שפּיצן.

די גאַנצע געגנט אַרום איז דאָ ביכלאַל געווען גאָר אַנדערש ווי די וועלכע מיר האָבן געזען אַביסל פריער, אין יענער זייט פונעם טונעל. צו ביסלעך האָט מען שוין אַרום זיך אָנגעהויבן באַמערקן אַלץ מער און מער בוימלעך און קוסטעס. דאָ און דאָרט איז פאַרבייגעפלויגן אַ קליין, פאַרטאָגעדיק דערפל, וואָס איז געלעגן אויסגעצירט מיט פאַרביק רייכע קאָלירן אינעם ראָזעווען פאַרטאָג, ווי דערוואַרטנדיק היימישע געסט. די באַזונדערע כאַטקעס, ווי אָף הינער-פיסלעך, האָבן פונווייטן אויסגעזען ווי ליאַלקע שטיבלעך. ערגעץ אָף אַן אויסגעפוצטן פעלד ווייט אַוועק, האָט אַ פאַסטעך — אַ זויג-קינד די גרויס — געטריבן אַ סטאַדע בעהיימעס, וואָס האָבן אויסגעזען ניט גרעסער ווי נאָר וואָס געבוירענע הינטעלעך. אָף די סטאַנציעס דאָ איז אויך געווען פיל לעבעדיקער. פויערים און פויערטעס האָבן פאָרגעלייגט פרישע קוקורוזענע פלעצלעך, אָדער מילך צו פאַרקויפן. די רויטע פענער אָף די וואָקזאַל דעכלעך, האָבן שוין דאָ אַרונטערגעווייעט ניט אַזוי פאַרשלאָפן און נעבעכדיק ווי אָף יענע, די פריערדיקע סטאַנציעס. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי פריילעכער און היימלעכער אַפן האַרצן...עפּעס האָט זיך געפילט אַזאַ פרייד, פונקט ווי מיר וואָלטן זיך שוין טאַקע דערנעענטערט צו דער אייגענער היים...

אונדז האָט מען פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געהיטן און ניט געלאָזט פריי זיך אַ באַוועג צו טאָן. פאַרקערט: מיט יעדער סטאַנציע נעענטער צו טיפליס, די הויפּט שטאָט פון דער נייער רעפּובליק, אַלץ מער האָט מען אונדז געהיטן, פונקט ווי מיר וואָלטן געווען ווער ווייסט וואָסערע שרעק-לעכע באַנדיטן. אָבער אויב דאָס דאָזיקע היטן איז געווען באַצוועקט, אַז מיר זאָלן ניט קאָנען קומען אין באַריר מיט דער ציווילער באַפעלקערונג

— איז עס געווען אַן אומזיסטיקע אַרבעט, ווייל...

ניט געקוקט אויף דער גאַנצער שטרענגער וואַך, האָבן מיר דאָך, פון די וואַגאָנען אַרויס, געהאַלטן רעדעס צו די פויערים. זיי — ווייל די גוואַרדייער האָבן זיי געהאַלטן אין טרייבן פון אונדז — פלעגן אַוועקגיין פון פעראָן און האָבן זיך פון דער אַנדערער זייט פון דער דראָטענער פאַרצאַמונג — אויפמערקזאַם איינגעהערט צו אונדזערע רייד. מיר האָבן זיי דערציילט ווי עס האַלט מיט דער רעוואָלוציע בכלאַל און איבערהויפּט באַלויכטן פאַר זיי די פראַגע וועגן דעם סעפּעראַטיזם פון זייערע נייע רעגירער. דאָס ראָוו פון די צוהערער זענען געווען צופרידן און האָבן אַפילו האַרציק אַפּלאָדירט אונדזערע רעדנער.

ענדלעך איז אונדזער עשאַלאָן אָנגעקומען קיין טיפליס. ער איז, אָבער, איבער עפּעס אַן אומבאַוואוסטער, אומפאַרשטענדלעכער פאַר אונדז סיבה, אַרויפגעוועקסלט געוואָרן אויף אַ זייטיקער רעזערוו־ליניע, ערגעץ גאַנץ ווייט אַוועק פונעם וואָקזאַל און דער סטאַנציע. דאָרט, אינמיטן און צווישן עטלעכע „טויטע" פראַכט־צוגן, זענען מיר געשטאַנען ווי צווישן פעסטע מויערן און ניט געזען פאַר זיך קיין איינציקן מענטשן, אַ כוץ די גרוזינישע גוואַרדייער, וועלכע האָבן אונדז באַוואַכט.

פונדערווייטנס, פונעם וואָקזאַל, האָט זיך צו אונדז דערטראָגן אַ ווייטער, בלאַסער אָפּשיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן. טיילמאָל האָט זיך געהערט דאָס גערויש פון אַן אָנקומענדיקן, אָדער אַוועקפאָרנדיקן צוג, צי גאָר אַ געדיכטע טומלעריי און האָווערײַ פון מענטשן אויפן פעראָן. אויף אונדזערע באַכפראַגן און פּראָטעסטן פאַרוואָס מען האָט אונדז פאַרהאַלטן, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז מיר וועלן שוין דאָ דאַרפן פאַרבלייבן אויף איבער נאַכט און אַז ערשט אינדערפרי וועט מען אונדז געבן אַ צווייטן לאָקאָמאָטיוו אַוועקצופאָרן ווייטער, קיין באַקו. אונדז איז אָבער עפּעס פאָרט ניט געפעלן געוואָרן דער טאָן פון דעם ענטפער און מיר האָבן דעריבער דורך דער נאַכט דורכגעפירט אַזאַ טומל און אַזעלכע געשרייען אין אונדזערע וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך זיכער צעטראָגן ווייט אין דער שטאָט אַריין. די באַן־פאַרוואַלטונג — אויב זי האָט אַפילו געטראַכט צו שפּילן אַ מיעסע קונץ מיט אונדז — האָט זיך אַפּאָנים טאַקע דערשראָקן. אינדערפרי האָט מען אונדזער עשאַלאָן אָפּגעשיקט אין וועג אַריין...

*****

**אַפּאָנים,** אַז קיין נאַכעס איז אונדז פאָרט ניט באַשערט געווען. אין באַקו האָבן מיר ערשט געהאַט נייע צאָרעס און נייע

צוזאַמענשטויסן מיט די פאַרטרעטער פון דער קאַווקאַזער רעגירונג. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען עטלעכע פון אונדזערע באַטאַליאָנען שוין געווען אָפּגעפאָרן פון דאָרט בעאייס מיר זענען אָנגעקומען. זיי זענען ניט געבליבן וואַרטן אויף אונדז, ווי עס איז טכילעס, אין באַטום, געווען אָפּגעמאַכט צווישן אונדז. די סיבע דערפון — ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן, — איז געווען די, וואָס אויף עטלעכע סטאַנציעס ווייטער פון באַקו, אויפן וועג צו אַסטראַכאַן צו, האָט זיך אין איינעם פון די פישער שטעטלעך באַוויזן אַ באַנדיטן־באַנדע, וועלכע האָט דאָרט טעראָריזירט די באַפעלקערונג, פאַגראָמירט די פיש־אַרבעטער און צעטריבן די סאָוועטן. אונדזערע יאַטן האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר זייער כויוו אַרויסצופאָרן אַהינצו, ניט וואַרטנדיק אויף אונדז, און וואָס גיכער העלפן די אַרבעטער צו פאַרטרייבן די באַנדיטן.

דערפאַר האָבן מיר, די ביי־אָנגעקומענע באַטאַליאָנען, שוין ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַזוי גיך אַרויסצופאָרן פון באַקו. די אָרטיקע באַן־פאַרוואַלטונג — אַפּאָנים אויס מוירע צו פאַרלירן זייער טייל פון דער יערושע — האָט אונדז ניט געוואָלט געבן קיין וואַגאָנען, סיידן זי וועט פאַר יעדן אַרויסגעפירטן וואַגאָן באַקומען אַן אַנדערן, וואָס וועט אַריינקומען פון דער צווייטער, דער רוסלענדישער, ריכטונג.

ווי אויף צו לעהאַכעס אָבער, זענען קיין פראַכט־צוגן קימאַט מער ניט אָנגעקומען פון יענער, פון דער אַסטראַכאַנער זייט, און — ווי עס האָט אויסגעזען — זענען אַפילע קיין אויסזיכטן דערויף ניט געווען, ווייל די באַנדיטן האָבן דאָרטן איבערגעשניטן דעם וועג.

אונדזער סאָוועט האָט געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט די פירער פון דער אָרטיקער רעגירונג און זיי פייערלעך צוגעזאָגט, אַז אַלע וואַגאָנען וועלן אָפּגעשיקט ווערן צוריק צו זיי, אַזוי גיך ווי מיר וועלן נאָר אָנקומען צו דער ערשטער גרויסער סטאַנציע. עס האָט אָבער גאָרניט ניט געהאָלפן. ספּעציעל האָבן זיי ניט געוואָלט אַרויסלאָזן קיין לאָקאָמאָטיוון איבער דער ביי־געשאַפענער גרענעץ, אַלץ אויס מוירע, אַז זיי וועלן זיי שוין מער ניט קאָנען צוריקקריגן.

— מיר האָבן נאָך דערווייל ניט צוריקגעקראָגן די לאָקאָמאָטיוון, וועלכע אייערע פריערדיקע פאָלקן האָבן גענומען, — האָבן זיי געהאַלטן אין איין טאַינען, — און ביז דאַן...

מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גאָר שווערער לאַגע. מיר האָבן זיך געריסן וואָס גיכער אַרויסצופאָרן. און כאָטש מיר האָבן זייער שטאַרק ניט געוואָלט האָבן קיין איבעריקע, אומנויטיקע רייסערייען און קאַמפן, זענען מיר אָבער דאָך געצוואונגען געווען עפּעס צו טאָן אויף אַרויסצורייסן זיך.

מיר האָבן דעריבער, אינמיטן דער נאַכט, פאַרכאַפּט אַ צאָל לאָקאָמאָטיוון פונעם דעפּאָ און — אין צען מינוטיקע אינטערוואַלן — אַרויסגעשיקט אונדזערע עשאַלאָנען איינעם נאָכן אַנדערן אפן וועג צו אַסטראַכאַן...

אף דער סטאַנציע ד. ניט ווייט פון פלאַץ וואו די באַנדיטן האָבן געבושעוועט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט צו נעמען וואַסער און באַהייצונג פאַרן ווייטערדיקן וועג. עס איז אָבער געווען אַ שווערער אייסעק. קיין פיצל קוילן, אָדער האָלץ איז דאָרט ניט געווען אַפילע אף אַ רעפּוע צו קריגן, און עס איז אויסגעקומען כאָטש צו בלייבן שטיין און זיך פון דעם אָרט ניט צו רירן. צום גליק האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אף דער פּראַכט־סטאַנציע זענען פאַראַן עטלעכע וואַגאָנען מיט קלעפּקעס פאַר הערינג־פּעסער, וואָס זענען נאָך מיט אַ צייט צוריק אָנגעקומען פאַר דער דאָרטיקער הערינג־פּראָדוקציע, און דאָס האָט אונדז געראַטעוועט.

דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע — אַ יונגערמאַן אין ציווילן — האָט זיך פאַרהאַלטן מער ווי פריינטלעך צו אונדז און אַפילע אונדז ניט געשטערט צו נעמען די קלעפּקעס. ער איז ביכלאַל געווען דער ערשטער צווישן נאַטשאַלניקעס, מיט וועמען עס איז אונדז ביז דעמלט געהאַט אויסגעקומען זיך צו טרעפן, וואָס האָט גערעדט און געהאַנדלט ווי אַ לייטישער מענטש. ער האָט אונדז איבערגעגעבן די געבוריע איינצלהייטן וועגן די באַנדיטן, וואָס בושעווען אף דער אַנדערער סטאַנציע, און וועגן דעם קאַמף, וואָס דויערט שוין עטלעכע טעג צווישן די אַרבעטער פון די אַרומיקע געגנט קעגן זיי. דערנאָך האָט ער קימאַט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביי אונדז, אַז מיר זאָלן אין שטעטל איבערלאָזן כאָטש אַ ראָטע סאָלדאַטן, קעדיי צו קאָנען צוריקשטויסן די באַנדיטן, אין פאַל זיי זאָל כאַלילע געלינגען אַריינצוכאַפּן זיך אַהערצו. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צוצושטעלן שפּייז פאַר דער ראָטע און זען, אַז עס זאָל איר דאָ גאָרניט פעלן...

מיר האָבן אים באַדאַנקט פאַר דער אינפאָרמאַציע און איינלאַדונג, אָבער האָבן זיך דאָך געמוזט אָפּזאָגן פון צו פאַרבלייבן דאָ. מיר האָבן אים אויפגעוויזן, אַז מיר דאַרפן — פאַרקערט — דאַווקע וואָס גיכער יאָ אָפּפאָרן, קעדיי דאָרט — צוזאַמען מיט אונדזערע אַנדערע טיילן, וועלכע זענען שוין אַוואַדע דאָרט פאַרוויקלט אינעם קאַמף — צו דערלאַנגען אַ געהעריקן קלאַפּ די באַנדיטן און זיי וואָס גיכער פאַרניכטן אין סאַמע וואָרצל, אַזוי, אַז זיי, אָדער אַנדערע פון זייער מין, זאָלן שוין בעמיילע ניט קאָנען אַהערקומען...

דער נאַטשאַלניק האָט אונדז געוואונטשן גליק און זיך אַ נעם געטאָן פאָרען מיט די באַן־וועקסלען, קעדיי אונדז אַרויסצולאָזן. ווי עס האָט

זיך אַרויסגעוויזן, איז דער דאָזיקער יונגערמאַן פאַר דער רעוואָלוציע געהאַט געווען אַ פּאָשעטער אייזנבאַן-אַרבעטער. דער אָרטיקער סאָוועט האָט אים באַשטימט צום אַמט פון סטאַנציע-נאַטשאַלניק, נאָכדעם ווי דער אַלטער נאַטשאַלניק מיטן פריסטאַוו פונעם שטעטל, ווי אויך די ראָרטיקע צוויי זשאַנדאַרן, זענען אַנטלאָפן, ווען די סאָוועטן האָבן אָנגעהויבן צו פירן דעם קאַמף אף איבערצונעמען די מאַכט...

*****

**ענדלעך** זענען מיר אָפּגעפאָרן. אויס מוירע, אַז די באַנדיטן זאָלן אמאָל ניט האָבן פאַנאַנדערגענומען די שינעס אף דעם וועג, קעדיי אַרויסצורופן אַ קאַטאַסטראָפע און אונדז אַזויאַרום צו פאַרהאַלטן,— זענען מיר געפאָרן זייער פּאָרזיכטיק און געלאַסן. איין עשאַלאָן פון צווייטן איז געווען אָפּגעטראָטן אף אַ גאַנץ קליינעם שטעך. אַ שאָ שפּעטער, איידער מיר זענען דערפאָרן צו דער צווייטער סטאַנציע, האָבן מיר די עשאַלאָנען אָפּגעשטעלט אינמיטן פעלד. פונווייטן האָט זיך שוין געהערט דאָס איבערשיסן פון ביקסן. מיר זענען געזעסן אין די וואַגאָנען און געוואַרט אף אַנטוויקלונגען און יעדיעס. קיין פאַרבינדונגען מיט אונדזערע פּאָלקן, וועלכע זענען געווען פאָרויס, אין דעם שטעטל, זענען נאָך ניט געווען איינגעשטעלט. מיר האָבן ביכלאַל ניט געוואוסט ווי גרויס די באַנדע איז און וואו זי געפינט זיך. עס איז אונדז דעריבער אויסגעקומען צו זיצן און צו וואַרטן...

ענדלעך זענען צו אונדז אָנגעלאָפן עטלעכע יאַטן, שטאַפעטן פון יענע פּאָלקן אונדזערע, וועלכע זענען מיט אַ טאָג צוויי פריער געהאַט אָנגעקומען און האָבן זיך שוין באַטייליקט אין דער שלאַכט. זיי, אָט די יאַטן, האָבן אונדז דאַן דערקלערט וועגן דער לאַגע אין אַלגעמיין און דערביי ווי ניט איז אָנגעמערקט די פּאָזיציעסביידע לאַגערן. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן, אַז דער אָנפירער פון באַנדע— עפּעס אַ קאָזאַקישער אָפיציר, וועלכער האָט זיך געקרדינט פאַרן אַטאַמאַן פונעם צאָפן-מיזרעך געגנט פון קאַווקאַז, — האָט אונטער זיך אַרום עטלעכע טויזנט אומפאַראַנטוואָרטלעכע און אוואַנטיוריסטישע קאָזאַקן, איינאיינעם מיט סטאַם אַן ערעוו-ראַוו, וועלכע ער האָט פאַרנאַרט מיט צוזאָגן זיי צו דערלויבן פּאָגראָמירן און ראַבירן יעדעס שטעטל, וואָס זיי וועלן נאָר באַווייזן צו פאַרנעמען. פון אָט די שטאַפעטן האָבן מיר זיך אויך דערוואוסט, אַז בעאייס אונדזערע ערשטע עשאַלאָנען האָבן געדאַרפט צופאָרן צו דער סטאַנציע, האָט אַ טייל פון דער דאָזיקער באַנדע טעראָריזירט

דעם דאָרטיקן סטאַנציע באַטשאַלניק און אים געצוואונגען, אַז ער זאָל אונטער עפּעס אַן אויסרייד אַרונטערפירן די עשאַלאָנען אױף אַ זייטיקער ליניע. דערנאָך, אינמיטן דער נאַכט, האָבן די באַנדיטן שטילערהייט זיך אונטערגעגאַנוועט צו די עשאַלאָנען, זיי אַרומגערינגלט און געצוואונגען אונדזערע יאַטן אָפּצוגעבן זיי דאָס גאַנצע געווער. אונדזערע יאַטן—ווייל פאַרכאַפּט אומגעריכט—האָבן קיין אַנדערע ברירה ניט געהאַט און געמוזט קאַפּיטולירן. אַזוי גיך ווי יענע האָבן פאַרנומען דאָס געווער, האָבן זיי פאַררוקט די וואַגאָן-טירן און זיי פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט פון דרויסן, אַז זיי זאָלן ניט קאָנען אַרויסגיין. צום גליק האָט עמעצער פון זיי זיך אינמיטן נאַכט אַרויסגעגאַנוועט דורך אַ לופט-לאָך. ער האָט דאַן גלייך צעעפנט די טירן און ערשט דאַן האָבן זיך עטלעכע יאַטן אַרויסגעלאָזט קריכנדיקערהייט, קעדיי צו וואָרענען די עשאַלאָנען, וועלכע האָבן באַלד געדאַרפט אָנקומען, וועגן דעם געפאַר. און בלויז אַ דאַנק אָט די יאַטן, איז געלונגען צו ראַטעווען די איבעריקע און צו דערמעגלעכן, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען אַרייננוואַרפן אין קאַמף קעגן די באַנדיטן.

מיר, די אָנגעקומענע, אַז מיר האָבן דערהערט ווי עס האַלט, האָבן זיך גלייך אַרויסגעזעצט פון די וואַגאָנען, פאָרמירט אַ שיסער-קייט און גענומען פאַרלייגן אַ טעלעפאָן-פאַרבינדונג מיטן דיוויזיע-שטאַב, וואָס האָט זיך — לויט דער אָנווייזונג פון די שטאַפּעטן — געפונען ערגעץ פאָרויס, ניט ווייט פון דער שלאַכט-ליניע.

אַזוי זענען מיר אָפּגעלעגן די גאַנצע נאַכט אינמיטן דעם פעלד, ניט ווייט פון אונדזער עשאַלאָן, און געוואַרט. ערשט פאַרטאָג צו זענען די פאַרבינדונגען איינגעשטעלט געוואָרן און מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל פון מעראָטשקינען — דעם דיוויזיע-קאָמאַנדיר — אַז מיר זאָלן אָנהויבן זיך באַוועגן אין אַ באַשטימטער ריכטונג, — פאָרויס...

מיר, די שיסער-באַטאַליאָנען, צוזאַמען מיט אונדזערע פּולעמיאָטן קאָמאַנדעס, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט. די באַטאַרייע איז געבליבן אין די וואַגאָנען. מיר האָבן די אַרטילעריע ניט געקאָנט נעמען דערפאַר, ווייל — ערשטנס — איז עס דערווייל ניט נויטיק געווען און — צווייטנס — ווייל אָן אַ פּלאַטפאָרמע איז זיי ביכלאַל אומעגלעך געווען אויסצולאָדן.

דערווייל האָבן מיר זיך אַזוי גערוקט אױף פאָרויס טריט בײַ טריט און איבגיכן זיך אַרייגעוואָרפן אין דער שלאַכט אַריין. אין עטלעכע שאָ שפּעטער זענען די באַנדיטן פון אונדזער ספּעציע שוין געווען פאַריאָגט פונעם וואַקזאַל, אױף דער צווייטער זייט פונעם שטעטל.

מיר האָבן, באַטירלעך, גלייך באַפרייט אונדזערע צוויי אַנטוואָפנטע ראָטעס, וועלכע זענען פון די באַנדיטן געווען מאַמעש ווי פאַרקאָוועט

אין די וואַגאָנען, ווי הינטער אַ וואַנט. די יאַטן האָבן אָבער קיין סאַך ניט געקאָנט אויפטאָן, פּאַשעט דערפּאַר, וואָס זיי האָבן קיין געווער ניט געהאַט. זיי האָבן זיך דעריבער צונויפגעגאָטן מיט אונדזערע באַטאַליאָנען און פון צייט צו צייט פאַרביטן אונדזערע יאַטן אין דער שלאַכט גופא, אָדער אַזוי געהאָלפן אַרום די פאַרוואונדעטע.

אונדזער פּאָזיציע האָט זיך געפונען פונקט אַנטקעגן דעם קליינעם הילצערנעם וואקזאַלעכל, פונוואַנען מיר האָבן ערשט געהאַט פאַרטריבן די באַנדיטן. די שיסער קייט איז געלעגן אונטערן שוץ פון די וואַגאָנען, וועלכע די באַנדיטן האָבן געהאַט אַרונטערגעפירט אַף דער זייטיקער ליניע, און פון דאָרט האָבן מיר מיט ניט זייער אָפטן פייער באַשאָטן די גרופּעס, וועלכע האָבן געמאַכט אַ פאַרזוך צו גיין קעגן אונדז...

שפּעט אין אָוונט איז טאַקע דאָרט, אפן אָפענעם פעלד, פאָרגעקומען אַ זיצונג פונעם סאָוועט, צוזאַמען מיטן שטאַב פון אונדזער דיוויזיע. מעדאָטשקין האָט פאָרגעשלאָגן, אַז קעדיי צו קאָנען עפעקטיווער און וואָס גיכער דערשלאָגן די באַנדיטן,—זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן אַ צוויי פולע באַטאַליאָנען, וועלכע זאָלן זיך אונטערגאַנוועען הינטער יענע, און פון דאָרט, פון הינטער זיי, עפענען פייער אין זייערע רוקנס אַריין...

דער דאָזיקער פאָרשלאַג—כאָטש אַ גאַנץ געפערלעכער—איז גלייך אָנגענומען געוואָרן. עס זענען אפן פלאַץ אויסגעטיילט געוואָרן צוויי באַטאַליאָנען אונטער מעדאָטשקינס פּערזענלעכער קאָמאַנדע און זיי—קריכנדיק אַף די בייכער—האָבן זיך פאַרזיכטיק און שטיל, נאָר ווי די קעץ, גענומען גאַנוועען צו זייער אויפגאַבע.

מיר, די אַנדערע באַטאַליאָנען, אונטער גרישוניס קאָמאַנדע, זענען דערווייל געלעגן אַף דער פּאָזיציע און האָבן מיט פאַרטייעטע אָטעמס געוואַרט אפן באַשטימטן סיגנאַל, אַז די מאַנעווערע איז געלונגען. די נאַכט איז אַזויאַרום דערווייל דורכגעגאַנגען אַרהעלטעניסמעסיק שטיל, מיט גאַנץ ווינציק אַקציע פון ביידע זייטן.

איבער דער צייט זענען גרישונין מיט דאַווידאָוון קימאַט קריכנדיק אַף אַלע פיר געגאַנגען פון איין ראָטע צו דער צווייטער און האָבן אין קורצן דערקלערט פאַר די סאָלדאַטן די צילן און די אויפגאַבן פון דער פאַרשטייענדיקער שלאַכט. זיי האָבן דאַן גערופן די סאָלדאַטן צו קעמפן דרייסט, אַקשאָנעסדיק און אומדערשראָקן קעגן אָט די סאָנים פון דער רעוואָלוציע און פון דער פרייהייט. גרישונין האָט געזאָגט:

— האָט איינזינען, ברידער, אַז מיר קאָנען זיי גאָר לייכט באַזיגן,— ווייל די באַנדיטן זענען אין דער עמעסן פּאַכדאָנים!...

די סאָלדאַטן האָבן געשוואוירן צו שטיין פעסט און זיכער...

גאַנץ פרי, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן פונדערווייטנס אָפּגעהילכט עטלעכע שאָסן, וואָס האָבן געדאַרפט סיגנאַליזירן, אַז די אויפגאַבע איז פולשטענדיק געלונגען און אַז...

דאָס שיסעריי איז דאַן אַוועק מיט גאָר אַן אַנדערן טעמפּאָ. יענע, די באַנדיטן, — פאַרכאַפּט צווישן צוויי פייערן,— זענען מאַמעש ווילד געוואָרן און האָבן זיך, ווי פאַרצווייפלטע, געוואָרפן אין אָנגריף אף אונדז. אָבער דערויף טאַקע האָבן מיר ערשט געוואַרט. גרישונין האָט באַפוילן זיי צוצולאָזן גאַנץ נאָענט צו זיך און — ווען מען האָט שוין קימאַט קלאָר געקאָנט זען זייערע פּנימער — ערשט געהייסן עפענען פייער פון די פולעמיאָטן, וואָס האָט געקאָסעט אף רעכטס און לינקס די אָנלויפנדיקע, אַבער צעטומלטע באַנדיטן...

יענע, די באַנדיטן, — טאַקע ווי פּאַכדאָנים, ווען זיי געפינען זיך אין אַן אומגעריכטן קלעם,— האָבן זיך האַסטיק אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, ניט וואַגנדיק אַ קאָפּ אויפצוהויבן. דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט און פאַר עטלעכע מינוטן איז אַזוי זייער שטיל געווען. גרישונין האָט דערווייל איבערגרופּירט די ליניעס, צעוואַרפן די פולעמיאָטן־גרופּעס איבער די ראָטעס און קאָאָרדינירט זייער שיסן מיט קורצע אינטערוואַלן, קעדיי צו געבן די סאָלדאַטן פון זייערע גרופּעס אַ געלעגנהייט אף צום איבערלויפן ווען מען וועט דאַרפן. מיטאַמאָל האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וואָס האָט זיך שטיל, אָבער שנעל, אַ צעטראָג געטאָן איבער דער גאַנצער ליניע:

— אין אַטאַקע! אַלע אינאיינעם— פאָרויס!...

מיר אַלע, צוזאַמען מיט גרישונינען, האָבן זיך אַ הויב געטאָן פון אונטער די וואַגאָנען און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן מיט אַ שטורמישן הוראַ־געשריי אַנטקעגן די באַנדיטן. אָט איז אַ לויף געטאָן איין גרופּע וואָס פון רעכטס, און איז דערווייל אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון דער פולעמיאָטן־גרופּע וואָס אף לינקס. און אָט איז אַ לויף געטאָן אַ טייל סאָלדאַטן פון לינקס, וואָס איז דערביי אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון אַ פולעמיאָטן־גרופּע אף רעכטס. אָט די דאָזיקע סיסטעמע האָט געאַרבעט אויסגעצייכנט. ערשט איצט האָט מען געקאָנט זען גרישונינס פּראַקטישע איינפאַלן און פייאיקייטן...

עס איז ביכלאַל געווען צו באַוואונדערן זײַנע, גרישונינס, רואיקע דרייסטקייט און איינפּאַלערישקייט בעאייס דער־אָ אַקציע. ער — פּונקט ווי ער וואָלט ווער ווייסט ווי לאַנג שוין שטודירט די מיליטערישע קונסט — האָט זיך גיך אָריענטירט און זייער געלונגען מאַנעווּרירט מיט די קרייכעס צו די סאַמע גינסטיקסטע פּאָזיציעס. פאָרויס, אָן שום מורע,

איז ער געלאָפן מיט זיין קאַראַבין קאַרעגליך מיט אַלע אַנדערע סאָלדאַטן און האָט מיט זיין געוואַגטקייט באַגייסטערט די יאַטן פון אונטער זיין קאָמאַנדע. מען האָט קלאָר געזען, אַז די יאַטן — באַגייסטערטע — האָבן זיך געוואָרפן פאָרויס אָן מורדע. עס האָט זיך גלייך געמערקט עפּעס אַן אַנדערשקייט פון דער איצטיקער אַרמיי ביז דער פריערדיקער. מען האָט געזען, אַז די סאָלדאַטן — וויסנדיק און אַפּאָנים דערפילנדיק, אַז דער קאָמאַנדיר איז ניט קיין פרעמדער, קיין העכערער, וואָס ליגט ערגעץ טיף און אָפּגעזונדערט אין אַ זיכערן שוץ, ווייט הינטער דער ליניע, — נאָר אַז ער גייט טאַקע צוזאַמען מיט אַלעמען, ביין, פאָרויס פון אַלעמען, — האָבן זיך מיט גאָר אַן אַנדערן ווילן, מיט מער האַרץ, קאָן מען זאָגן, געוואָרפן פאָרויס. עס האָט זיך באַ זיי ניט געפילט קיין מידקייט, קיין הונגער, קיין שרעק. דאָס איז געווען די ערשטע שלאַכט פאַר די גאַנצע פיר יאָר, וואָס יעדער איינער פון די יאַטן האָט געגבוי און קלאָר גע-וואוסט פאַרוואָס און איבער וואָס ער שלאָגט זיך. דאָס ערשטע מאָל, אַז אַ קאָמאַנדיר האָט זיך צונויפגערעדט מיט זיי, מיט די סאָלדאַטן, ווי מיט גלייכע, און זיי דערקלערט די סיבעס אין די אויפגאַבן, — גאָרניט ווי פריער, ווען מען האָט זיי בלינדערהייט, אונטער דראָאונג פון טויט שטראָף, געשיקט צום טויט... צום ערשטן מאָל ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך דערפילט ווי מענטשן, קעמפער פאַר דער אייגענער פרייהייט און... דערפאַר איז דאָס פייער געווען אָפּטער, פינקטלעכער, אַקשאָנעסדיקער. און ווייל די געגנער זענען געלעגן טיף איינגעגראָבן אין פעלד — האָט גרישונין באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס פייער און דערווייל אַליין גענומען פּלאַנעווען די ווייטערדיקע אַקציע...

די באַנדיטן, ווידער, אָנגעמענדיק אונדזער שווייגן פאַר אַ סימען פון שוואַכקייט, האָבן ווידער געעפנט פייער פון זייערע פּולעמיאָטן און די שלאַכט האָט זיך ווידער צעפלאַקערט מיט ברען און אַקשאָנעס מיצאַד ביידע צדאָדים. דער איבערלויף איז געוואָרן שווערער, געפערלעכער. עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן פאַרוואונדעטע. מיר האָבן זיך אָבער פאָרט צו ביסלעך געוואָרפן פאָרויס און זענען מיט יעדן איבערלויף צוגעקומען אַלץ נעענטער צו דער הויפּט-ליניע פון די באַנדיטן-מאַכנעס. מען האָט זיך געקאָנט מעשאַער זיין, אַז צווישן אונדזער און זייער ליניעס, איז שוין ניט געבליבן מער ווי אַרום אַ הונדערט לויף-שפּאַן... מיר זענען געווען אַנטשלאָסן זיך צו דערשלאָגן צו אָ זיג אין די נאָענטסטע שאָ, אָדער צוויי, און דעריבער געהאַלטן אין איין אַטאַקירן...

מיטאַמאָל, שוין איינמיטן לעצטן אַריבערלויף, האָב איך דערפילט אַ שמאַרצלעכן ברי אין מיינס אַ פוס און... מיין קערפּער איז גלייך אין

דער רעגע געוואָרן עפּעס אַזוי ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. איך האָב זיך דערפילט אַזוי שווער און אָן קויעך. איך האָב געפּרואווט אַ טראַכט טאָן וואָס מיט מיר איז געשען, אָבער דער שניידנדיקער ווייטיק האָט מיך מאַמעש צעטומלט. און נאָך איידער איך האָב באַוויזן אַרונטערצורוקן זיך אַף דער ערד, אַ קוק צו טאָן אַף דער וואונד און, אויב מעגלעך, זי באַנדאַזשירן, — איז מיר שטאַרק פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך האָב בלויז מיטאַמאָל דערשפּירט ווי די ביקס פאַלט מיר אַרויס פון דער האַנט און... איך בין שווער אַוועקגעפאַלן...

*****

**געקומען** בין איך צו זיך אין אַ טונקעלן, אָבער גרויסן צימער. די גרויסקייט פונעם צימער, ווייל אומבאַלויכטן, נאָר רעפלעקטירט פון עפּעס אַ דרויסנדיקער, זייטיקער ליכט,— האָב איך מער דערפילט ווי געזען. אַרום מיר איז געווען אַ מאָדנע שווערע שטילקייט. איך האָב זיך געפּרואווט דערמאָנען וואָס עס איז געשען מיט מיר און וואו איך געפין זיך, אָבער בעשום אויפן ניט געקאָנט אָנכאַפּן דעם מינדסטן פאָדים. איך האָב זיך פּראָבירט אויפזעצן, אויסדרייען זיך מיטן פּאָנים צו אַ פענצטער, אָבער איך האָב דערביי גלייך דערפילט אַזאַ מוירעדיק-שניידנדיקע ווייטיק אין מיין פוס, אַז איך האָב זיך שוין אַלץ דערמאָנט. איך האָב זיך גענומען איינהערן, אָבער קיין שיסעריי האָט זיך ניט געהערט. איך האָב זיך פּרובירט אַ דריי טאָן, אָבער איך בין געלעגן מאַמעש ווי צוגעקאָוועט צום פּלאַץ. דער מינדסטער באַוועג מיינער האָט מיר פאַרשאַפט די גרעסטע יעסורים. איך האָב אָנגעהויבן קרעכצן און רופן, אָבער קיינער איז ניט צוגעקומען. איך האָב אַ ציטער געטאָן:

„די באַנדיטן... זאָל עס זיין, אַז זיי... אַז איך געפין זיך איצט בא זיי אַ געפאַנגענער און...”

פון שרעק האָט זיך אַזש אַ געשריי אַ ריס געטאָן פון מיר...

גלייך איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן אַ סאָלדאַט. איך האָב אַ קוק געטאָן אַף זיינע פּאָגאָנעס און, אין דער שוואַכער שיין, האָב איך דערזען, אַז דער נומער איז געווען פון אונדזערס אַ פּאָלק. איך האָב אָפּגעאָטעמט אַ דערלייכטערטער. איך האָב עפּעס געוואָלט פרעגן ביי אים, אָבער דאָס לאָשן איז בא מיר עפּעס נאָר ווי אָפּגענומען געוואָרן. בלויז מיט די אויגן מיינע האָב איך געקוקט אַף אים און...

דער סאָלדאַט האָט אָפּאָנים פאַרשטאַנען. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינס אַ האַנט צו מיר אַפן אַקסל און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשטייסט... דיין קני, כאַוּוער... דיין קני איז צעשמעטערט און...מען וועט מוזן דעם פוס...

איך האָב פאַרמאַכט מיינע אויגן, פאַרביסן די ליפּן און אָנגעהויבן אַזש ציטערן. דער סאָלדאַט האָט מיך געזוכט צו באַרואיקן און טרייסטן. ער האָט געזאָגט, אַז איך געפין זיך אין דעם פרויען-צימער פון דעם וואקזאַל, וואו עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ציטווייליקער שפּיטאָל, און אַז אונדזערע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט נאָכיאָגן די פאַרבליבענע פון דער צעשמעטערטער באַנדע און אַז עס איז צו דערוואַרטן, אַז אָט-באַלד וועט אַלץ פאַרענדיקט זיין און מען וועט קאָנען פאָרן ווייטער...

ער איז אָפּגעטראָטן פון מיר, אַרויפגערוקט די שווערע, טונקעלע גאַרדינען פון די צוויי פענצטער, וואָס האָבן זיך געפונען הינטער מיין צוקאָפּנס, און אַרום מיר איז גלייך ליכטיק געוואָרן. איך האָב דערזען, אַז איך ליג אויף אַ גרויסן, גלאַט-פּאָלירטן טיש, און אַז אַרום מיר, אויף דער ערד, ליגן נאָך עטלעכע קרעכצנדיקע סאָלדאַטן.

איך האָב זיך געשטאַרקט, זיך אָנגענומען מיט מוט און — מאַמעש שטיקנדיק זיך — אַ פרעג געטאָן באַם סאָלדאַט:

— איז זאָגסטו, כאַוּוער, אַז...מען מוז טאַקע...אַמפּו-טי-רן?...

— צום באַדויערן.— האָט ער טרויעריק אַ מורמל געטאָן. — אָבער דאַרפסט זיין צופרידן, וואָס מען האָט דיך געפונען און געבראַכט אין צייט. אַנדערש וואָלסטו זיכער געוועזן אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און...

דער סאָלדאַט איז אַוועק פון מיר. איך האָב צוגעמאַכט מיינע אויגן און אַ צעווייטיקטער זיך איבערגעגעבן די מאַכשאָוועס. עפּעס אַזאַ מאָדנע שווערע אומרואיקייט האָט מיך פּלוצים אַרומגעוויקלט. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך גענומען אויסמאָלן שרעקעוודיק-טרויעריקע בילדער פון מיין צוקונפט; פון אַ לעבן — אַ צעקאַליעטשעטס, אָן אַן אויססיכט צו קאָנען אַרבעטן און זיך באַטייליקן אין דעם קאַמף... איך האָב זיך דערזען אַ באַדויערטן, באַראַכמאָנעסדיקטן און אַן אויסגעמיטענעם, פאַרלאָזענעם... איך האָב זיך אַזש גענומען איינקורטשען פון פאַרדראָס און...די טרערן האָבן שטראָמענווייז זיך אַ גאָס געטאָן פון מיינע אויגן...

אינסטינקטיוו האָב איך זיך אַ טאַפּ געטאָן אויף דער רעכטער זייט, אַ זוך געטאָן דעם רעוואָלווער, אָבער דער קאַבור איז געווען ליידיק. די רעטער מיינע האָבן זיך אַפּאָנים געריכט אויף אַזאַ פאַרזוך פון מיין זייט און זיי האָבן אים באַצייטנס, ווייזט אויס, אַוועקגענומען. איך האָב אין גרויס צעקלעמטקייט און פאַרלוירנקייט גענומען רייסן די האָר פון זיך און געגומען קנאַקן דעם קאָפּ אין האַרטן טיש אַריין. אָבער מער ווי שאַרפע ווייטיקן האָב איך ניט געקאָנט אַרויסרופן. איך בין געווען ווי

פאַרצווייפלט. די איינציקע האָפנונג אין אָט־דעם מאָמענט איז געווען, אַז עפשער וועט די אָפעראַציע ניט געלינגען און...

מיטאַמאָל האָבן זיך פון דרויסן, פון היינטערן פענצטער, דערהערט פריילעכע רעוואָלוציאָנערע לידער. איך האָב זיך איינגעהערט און האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוזן אַוואַדע אונדזערע יאַטן זיך שוין צוריקקערן פון נאָכיאָגן די באַנדיטן. דאָס געזאַנג איז געוואָרן האָפערדיקער און איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן דער רעוואָלוציע, וועגן דעם זיג, וואָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן און די קאַמפן וואָס שטייען נאָך פאָר... עס האָט מיך אָנגעהויבן פאַרדריסן, וואָס איך אַליין וועל שוין מער ניט קאָנען צוטראָגן מיין טייל אַרבעט אין אָט די קאַמפן, אַזוי ווי איך וואָלט עס געוואָלט און געדאַרפט. איך האָב מיטאַמאָל דערפילט אַ שטאַרקן ווילן כאָטש אַ קוק צו טאָן דורך דעם פענצטער אויף די יאַטן און זען וואָס עס טוט זיך דאָרט, אינדרויסן...

איך האָב צוזאַמענגענומען אַלע מיינע קויכעס, זיך אָנגעשטרענגט און זיך געגומען אויסדרייען. אָבער נאָך איידער איך האָב זיך געקאָנט אָנכאַפן מיט די הענט אָן עפעס, האָב איך זיך אַ גליטש געטאָן פונעם גלאַט־פאָלירטן טיש און בין ווי אַ שטיין אַ פאַל געטאָן אויפן צעמענטירטן דיל אַראָפ און...

אין פאַל האָב איך זיך אַ קלאַפ געטאָן דעם פאַרוואונדעטן פוס און אַרויסגעלאָזט אַ צווייטיקן געבריל. גלייך זענען אָנגעלאָפן עטלעכע סאַניטאַרן און האָבן מיך אַרויפגעהויבן צוריק אויפן טיש אַרויף. פון דער צערודערונג האָט דער פוס אָנגעהויבן שטאַרק צו בלוטיקן און שמאַרצן. איינער פון די סאַניטאַרן איז אַוועקגעלאָפן רופן עמעצן צו מיר.

אין אַ ווייל אַרום איז שוין איבער מיר געשטאַנען אַ דאָקטאָר. ער האָט אַ טאַפ געטאָן מיין פוס, אַ קוק געטאָן איבער זיינעברילן אויף מיר און מיר שטרענג פאָרגעוואָרפן:

— שעמען וואָלט איר זיך געמעגט, כאַווער, אַזאַ זאַך צו טאָן!... וואָס איז, עס איז עפשער נאָך ווינציק פאַר אייך?...

און גלייך באַפעלעריש צוגעגעבן:

— אָדער איר ליגט רואיק, יונגערמאַן, און וואַרט ביז מיר וועלן זיך צוגרייטן צו דער אָפעראַציע און דעמלט וועט איר בלויז פאַרלירן אַ פוס, אָדער איר מאַכט ווידעראַמאָל אַזאַ קונץ ווי פריער און איר וועט מיר איינגאַנצן איינשפּאָרן די אַרבעט...

איך האָב פאַרביסן מיט די ליפּן און געשוויגן. דער דאָקטאָר האָט עפעס אָנגעזאָגט דעם פעלדשער און אַליין איז ער צוריק אַריין אין דער טיר פון וואַנען ער איז נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעקומען. דער פעלדשער

און די סאַניטאַרן האָבן פאַרקרעמפּעוועט מיין פוס מיט אַ טורניקעט, אַז ער זאָל אַזוי ניט בלוטיקן, און באַלד האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו עפּעס אַ קעראָסין־מאַשינקע, אַף וועלכער ער האָט אָרויסגעשטעלט אַזאַ קליין קעסעלע מיט אינסטרומענטן אַף צום סטעריליזירן.

די וויטיקן אין פוס זענען וואָס אַ מינוט געוואָרן אַלץ שאַרפער און שניידנדיקער, אַז איך האָב אַזש גענומען שרייען. דער פעלדשער איז צוגעקומען און האָט מיר עפּעס אַריינגעשפריצט אונטער דער הויט אַף צום באַרואיקן. אינעם קאָפּ איז מיר גלייך שווער געוואָרן און איך האָב דערפילט אַביסל לייכטער. עס האָט מיך דאָן עפּעס אַזוי מאָדנע גענומען ציען צום שלאָפן...

*****

**אין צימער** צו מיר זענען מיטאַמאָל אַריינגעלאָפן גרישונין מיט גריגאָריעוון. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט ווי זיי וואָלטן געזוכט עמעצן און, דערזעענדיק מיך אַפן טיש, זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו מיר. גרישונין האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, ווי פילסטו זיך עפּעס, ברודערל?...

און איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו ענטפערן, האָט ער, גרישונין, אַפּאָנים קעדיי מיך אויפצוהייטערן, אַ צעשטרייטער צוגעוואָרפן:

— דערפאַר, אָבער, הערסטו, האָבן מיר זיי אַזוי צעשמעטערט, אַז עס איז פון זיי קיין זייכער ניט געבליבן!... יאָ־יאָ, מיר האָבן זיי שוין אָפּגעצאָלט אויך פאַר דיר...דער וועג איז איצט פריי און...

— אַ שאָד בלויז, וואָס דו וועסט ניט קאָנען גלייך מיטפאָרן מיט אונדז צוזאַמען,— האָט גריגאָריעוו אים איבערגעשלאָגן, — פאַרשטייסט דאָך אַוואַדע, אַז מיר מוזן גלייך ווייטער פאָרן, קעדיי... נאָר נישקאָשע, וועסט מיסטאָמע אונדז שפּעטער אָניאָגן, אַזוי גיך ווי...

און מייַנענדיק מיסטאָמע, אַז איך ווייס נאָך ניט דעם עמעס וואָס מיט מיר איז און וואָס מען גייט מיר טאָן, צוגעגעבן:

— פאַרשטייסט... דער ביין איז בײַ דיר צעבראָכן. מען וועט דיר אַוואַדע מוזן אָנטאָן אַ גיפּס אַפן פוס און דיך אַוועקלייגן אין שפּיטאָל אַריין אַף עטלעכע וואָכן...אָבער נישקאָשע, וועסט גיך געזונט ווערן און...נאָר ניט געזאָרגט... נאָר ניט געזאָרגט...

איך האָב אַ ביטערן שמייכל געטאָן און געשוויגן.

גרישונין און גריגאָריעוו האָבן אַרונטערגעלאָזט די אויגן און אויך

געשווינגן. זיי האָבן אַפּאָנים באַמערקט, אַז איך ווייס שוין...

מיטאַמאָל האָט זיך אין דרויסן, אונטער דעם פענצטער, דערהערט אַ „סבאָר”־סיגנאַל. עס האָט זיך אָנגעהויבן — האָב איך געהערט — אַ געלאַף פון מאַסן פיס. גרישונין און גריגאָריעוו זענען געוואָרן ווי אומרואיק. גלייך איז אָנגעקומען דער דאָקטאָר מיט אַ געהילף. ער האָט אַ וואונק געטאָן צו מיינע באַזוכער, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין, און אַליין האָט ער גענומען אַוועקלייגן איבער מיין פּאָנים אַ כלאָראָפאָרם־זיפּל.

גרישונין האָט אים געבעטן וואַרטן אַ ווייל און זיך געטומען מיט מיר געזעגענען:

— בו, זיי געזונט, יאַטעלע, — האָט ער, מיט טרערן אין דער שטימע, אַ זאָג געטאָן, — און שטאַרק זיך... געדענק, אַז וואָס עס זאָל ניט האָבן געשען מיט דיר, איז עס אַלץ געווען פאַר דער רעוואָלוציע...

ער האָט מיר אַריינגערוקט זיין וואַרעמע האַנט, זיך צוגעבויגן צו מיר און זיך צעקושט מיט מיר. אַז ער האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט, האָט ער געווישט די אויגן זיינע און אַ זאָג געטאָן:

— בו, זיי געזונט, ברודער דאַווידאָוו, און שטאַרק זיך. איצט מוז איך דיך פאַרלאָזן, ברודער. איך וויל דיר אָבער פריער אויסדריקן מיין דאַנק און דיך פאַרזיכערן, אַז איך וועל מיין גאַנץ לעבן געדענקען, אַז איך האָב אַלץ געלערנט פון דיר און אַז בלויז אַ דאַנק דיר שטיי איך איצט דאָ וואו איך שטיי. איך וועל דיר טאָמיד דאַנקבאַר זיין פאַר דעם לערנען מיך דעם גרויסן עמעס, און איך פאַרזיכער דיך, אַז איך וועל ביז מיינע לעצטע מינוטן זיך שלאָגן אַף צו באַפעסטיקן אָט דעם דאָזיקן גרויסן עמעס. איך בין שטאָלץ און גליקלעך מיט דיין לערע און עס איז מיר בלויז אַ שאַד, וואָס דערווייל וועל איך ניט האָבן ווער עס זאָל מיר געבן די פּאָליטישע אויפקלערונג און ריכטונג, אַזוי ווי דו האָסט עס ביז איצט געטאָן...

איך האָב אַ קוק געטאָן אין גריגאָריעווס זייט:

— אָ, זאָרג זיך ניט, ברודער. ער וועט איבערנעמען מיין אַרבעט, און ער וועט דיך ניט לאָזן בלאָנדזשען...

גריגאָריעוו האָט זיך אויך צעקושט מיט מיר, אַ דריק געטאָן מיין האַנט און איז — צוזאַמען מיט גרישונינען — אין איילעניש אַרויס פון דעם צימער...

איך האָב זיי נאָכגעקוקט מיט פאַרטרערטע בליקן. באַם האַרצן האָט מיך מיטאַמאָל שטאַרק אַ פאַרכאַפּ געטאָן. עפּעס האָט מיך אין אָט יענעם מאָמענט ניט אַזויפיל געאַרט שוין דער פוס מיינער, ווי דאָס, וואָס איך פאַרליר איצט אויך מיינע כאַווײרים. איך האָב זיי איצט אַזוי שטאַרק

געוואָלט האָבן לעבן זיך און קוקן אף זיי און רעדן מיט זיי... אָבער זיי זענען שוין ניט געווען מער. זיי זענען אַוועק, אַוועק... פֿון יענער זייט פענצטער האָבן זיך נאָך בלויז געהערט גרישונינס און גריגאָריעווס איילנדיקע, פעסטע טריט. איך האָב די דאָזיקע טריט זייערע געפילט, אָט אַזוי ווי מען פילט געוויינטלעך די טריט פון אייגענע און באָענטע...

דער דאָקטאָר האָט גענומען וואַשן זיינע הענט און דערביי, פון דער זייט, געוואָרפן בליקן צו מיר. איך האָב זיך געבעטן ביי אים:

— כאַווער דאָקטאָר...דעם טיש... זייט אַ גוטער, הייסט דעם טיש אויסדרייען, אַז איך זאָל אויסקומען מיטן פּאָנים צום פענצטער... איך... איך וויל אַרויסקוקן, זען מיינע אָפּפאָרנדיקע כאַווירים און...

דער דאָקטאָר האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט און אַ וואונק געטאָן צו די סאַניטאַרן. זיי האָבן מיך אָנגענומען בּאַ די הענט און פריינטלעך, אָבער גאַנץ פעסט, צוגעהאַלטן. דער פעלדשער האָט אַרויפגעלייגט אף מיין פּאָנים דאָס זיפּל און אויפגעהויבן עפּעס אַ קליין פלעשל... דער דאָקטאָר איז צוגעקומען און מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— נו, איצט, כאַווערל, ליג נאָר רואיק און ציילן... שרעק זיך ניט. אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג... מיר וועלן טאָן דאָס בעסטע און...

אינדרויסן, איבער און הינטער מיין קאָפּ, איז געוואָרן טומלדיקער. די טריט דאָרט זענען געוואָרן איילנדיקער און האָבן פּאַרטויבנדיק אָפּגעהילכט אפן הילצערנעם טראָטואַרל פון דער סטאַנציע. עס האָט זיך דערהערט דאָס סאָפּען פון דעם לאָקאָמאָטיוו און דאָס קלינגעריי פון די בופערן. און איך, איך האָב פּאַרלוירן געציילט:

— איינס... צוויי... דריי...

אינדרויסן — האָב איך געהערט — האָט אַ לאָקאָמאָטיוו אַ פייף געטאָן. אין מיין קאָפּ האָט אָנגעהויבן האַמערן און מיין אָטעם האָט מיר אַזש פאַרכאַפּט. איך האָב אַלץ ווייטער געציילט:

— צוועלף... דרייצן... פערצן...

מיין אָטעם איז געוואָרן שאַרפער און געהאַקטער. אין די אויערן און אין מויעך בּאַ מיר האָט גענומען אַזוי ריטמיש רוישן... איך האָב מיטאַמאָל דערהערט אַ געזאַנג:

„שטייט אויף, איר אַלע, אַלע שקלאַפן...״

איך האָב איבערגעהאַקט דאָס ציילן, געוואָלט מיטזינגען, אָבער ניט געקאָנט. עפּעס האָט מיך אַזוי ווי געשטיקט. איך האָב אָנגעהויבן צו שוועבן אין דער לופטן און זינקען אין טיפעניש. עס איז מיר געוואָרן ענגער און שווערער. דער דאָקטאָר האָט מיך אַלץ אונטערגעטריבן:

— צייל, כאַווער, צייל ווייטער, וועט פאַר דיר בעסער זיין!...

אַ צוג, אינדרויסן,— האָב איך דערפילט,— האָט אָנגעהויבן פּאַרן. די רעדער האָבן גענומען קנאַקן איבער מיין קאָפּ, און מיר איז עפּעס אַזוי מאָדנע שווער געוואָרן. מיינע שלייפן האָבן גענומען האַמערן גיך, גיכער, ווי אין גייעג נאָכן אַוועקפאָרנדיקן צוג. אין מיין ברוסט האָט עפּעס אַזוי אויסטערליש געדריקט. אין מיינע געדאַנקען האָט זיך אַלץ אַזוי ווי צונויפגעפלאָנטערט, צוזאַמענגעפלאָנטערט:

„...אונפּערציק... זיבנאונ...

...דאָס — איז — שוין —- אונדזער— לעצטער— — — —

...נייַנ —- אונ — פער — ציק...

פּופ

ציק...

איין

און

פּופ

ציק......................

.................מיט

דעם

אינ

טער

נאַאַ

ציאָ

נאַל —

שטייט אויף!.........................”

....................................................

איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער, פאַרנעפּלטער, פאַרגעסנקייט...

....................................................



1) קאַלינע — לעבעדיק



2) ביים שאַדכן — מעסיק



3) וואַרשאַוויאַנקע — מאַרש טעמפּאָ



4) דרייסטע, כאַווייררים. — מאַרש טעמפּאָ



5) מאַרסעלעזע — מאַרש טעמפּאָ






## פֿון זעלבן מחבר:

„געשלאָסענע רייען“ דערציילונגען 1935

„אין אַזאַ צייט לעבן מיר“ דערציילונגען 1938

„בייטשלאַנד“ דערציילונגען 1939

גרייט צום דרוק:

1) שימשון האַגיבער
2) ראָזענבערג דזשוניאָר
3) דראַמע און איינאַקטערס
4) מאָנאָלאָגן און הומאָרעסקעס
5) אַ באַנד דערציילונגען

# פון מעכאַבער

מיט געמישטע געפילן גיב איך איצט אַרויס דעם דריטן (לעצטן) באַנד פון אָט דעם ווערק מיינעם. מיט גרויס פרייד — דערפאַר, וואָס ניט געקוקט אף אַלע דירעקטע און אומדירעקטע שוועריקייטן, — סיי פערזענלעכע, סיי אַלגעמיינע, — האָב איך דאָך באַוויזן אָנצוזאַמלען גענוג קויעך, מוט און אַפילע די נויטיקע פינאַנסן אף צום פאַרענדיקן אָט די אַרבעט און צופרידנשטעלן די געטרייע לייענער מיינע, וועלכע האָבן געהאַט דעם געהעריקן צוטרוי צו מיר, צו מיין וואָרט, און האָבן — כאָטש מיט אומגעדולד זיך אָפט נאָכגעפרעגט און געפאָדערט — דאָך די גאַנצע צייט פון צווישן צווייטן און דריטן באַנד (קאָרעוו צו צוויי יאָר) ניט אויפגעהערט גלויבן, אַז איך וועל זיי ניט אַנטוישן און ניט בלייבן שטיין אין מיטן מיט אַן אומפאַרענדיקטער אַרבעט.

אין דער זעלבער צייט מוז איך אָבער פאַרצייכענען דעם האַרבן פאַרדראָס און האַרצווייטיק, וואָס מיר האָט פאַרשאַפט די אַלגעמיינע אַרומיקע באַציאונג צום אידישן בוך... ניט דאָ איז דער פלאַץ אָנצעווייזן מיטן פינגער אף די אַלע פאַקטאָרן, וואָס האָבן פאַרצויגן דעם איניען און געשטעלט אין געפאַר די מעגלעכקייט פון דערגאַנצן די אַרבעט און זי ווי געהעריק אָפשליסן ביכלאַל. גענוג איז צו פאַרצייכענען בלויז, אַז ניט נאָר האָבן אָט יענע האַנדלונגען געשאַפן היפשן געלט-שאָדן ביכלאַל, נאָר עס האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז די קאָסטן פון פראָדוצירן דאָס בוך זענען געווען אָן ערעך פיל העכער ווי גערדאַרפט.

עס זענען אָבער געווען אַ צאָל כאַווירים און פריינט, וועלכע האָבן מיך ניט דערלאָזן זיך אונטערצוגעבן די רעזיגנירנדיקע שטימונגען. זיי האָבן געטרייסט, דערמוטיקט, געמונטערט און פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל פאָרזעצן און פאַרענדיקן די אַרבעט. ווער מיט סטאַם גוטע רייד, ווער מיט ברייוו און ווער אַפילע מיט פינאַנציעלע האַלוואָעס און אַנדערע מיטהילף, אַבי די אַרבעט זאָל געטאָן ווערן און דאָס בוך זאָל דערשיינען...

וויל איך דעריבער דאָ אויסדריקן מיין האַרציקסטן דאַנק צו די כאַווירים און פריינט מיינע: אישעס אָפנבערג, מאַקס סילווערסטיין, ג. שערמאַן, רובי עדיד, פאַר זייערע פריינטלעכע האַלוואָעס; די כאַווירים געדאַליע סאַנדלער, ראוון יוקלסאָן, אַרן בערג, סאָלאָמאָן גאָלדמאַן, טשאַרלז קעלבערג, אָסקאַר שניידער און נ. שייפער, פאַר זייער טייל פון אַקטיווער מיטהילף אין אַנדערע וועגן.

אַ ספּעציעלן דאַנק מיין גוטן פריינט, דעם געטרייען בויער פון דער אידישער ליטעראַטור, כאַווער ר. (יאָסל) בראָנשטיין פון פילאַדעלפיע, ווי אויך די ליבע כאַווערטעס מיני סמאָלער פון לאָס-אַנזשעלעס און סאָפיע קאָרסון פון ברוקלין, פאַר זייער דערמוטי־קונג, בוך-פאַרשפרייטונג און פינקטלעכער קאָ-אָפּעראַציע...

איך וויל נאָכאַמאָל באַדאַנקען דעם אָרדן-ברענטש 132, וועלכער האָט געהאַט „שעפּטום״ איבערן אַרויסגעבן פון ערשטן באַנד, פאַרן פאַרשפרייטן אַ צאָל ביכער; דעם קאַלמען מאַרמאָר ברענטש 170 פון טשעלסי, מאַס., וועלכער האָט געהאַט „שעפּטום״ איבערן צווייטן באַנד, און וועלכער האָט דורך זיינע פירנדיקע טוער, די אַקטיוויסטן און געטרייע בויער פון דער אידישער ליטעראַטור, די טייערע פריינט און כאַווירים בען גודמאַן און טשאַרלז קליינפעלד, פאַרשפרייט אין און אַרום זייער ברענטש אַליין נאָענט צו 60 פולע „סעטס״ פונעם גאַנצן ווערק, וואָס דאָס מיינט אַרום 180 ביכער.

און צו לעצט גייט מיין דאַנק צו די 3 וואַרשעווער (פראַגער) אָרדן-ברענטשעס 9, 147 און 309, פאַר אָנטאָן מיר דעם קאָוועד פון נעמען צוזאַמען „שעפּטום״ איבער דעם דריטן (לעצטן) באַנד. קיין צווייפל, אַז זיי וועלן דעם „סיעם״ פון אָט דעם דאָזיקן ווערק פאַרוואַנדלען אין אַ געהעריקער קולטור-אַקציע און זי דערפירן צו פאַסיקע רעזולטאַטן...

כאַים מאַרגאָליס-דאַווידזאָן